שמעון האראנטשיק

אין גערויש פון מאשינען

שמעון האָראָנטשיק

# אין געררויש פון מאשינען

ראָמאַן אין 2 טיילן

פאַרלאַג „קולטור-ליגע“, וואַרשע

# א

דער געדעקטער וואָגן האָט זיך שווער און לאַנגזאַם געשלעפּט אין וועג און זיין איינציקער פּאַסאַזשיר דער 15־יעריקער בנימין, האָט געבערנט פון אומגעדולד; ער האָט זיך שוין נישט געקאָנט דערוואַרטן אָנצוקוקן די נייע שטאָט, וואו זיין היים געפינט זיך איצט — און ענדלעך דעם דריטן טאָג פאַרנאַכט, איז דער וואָגן אַהין אָנגעקומען און זיך אָפּגעשטעלט אויף דער פאָרשטאָט.

דעם גאַנצן לעצטן טאָג פון דער נסיעה, זיצנדיק אין וואָגן אַ נישט אויסגעשלאָפענער און שאָקלענדיק זיך אַהין און אַהער, האָט בנימין געזען אין זיך די שטאָט. ער האָט זי „געזען״ אַן אויסגעחלומטע מיט ברייטע פיין־געפלאַסטערטע גאַסן; פון ביידע זייטן גייען, שיינע הייזער, וואו די אַלע פאַבריקן געפינען זיך, אין וועלכע עס אַרבעטן זיינע געשוועסטער־קינדער און אויך זיין ברודער ישראל נח, וואָס איז ערשט צוועלף יאָר אַלט.

בנימין האָט זיך פאָרגעשטעלט די זיך דערנענטערדיקע שטאָט אַ יום־טובדיקע און אויך דאָס אַלץ, וואָס מיט אים וועט דאָרט פאָרקומען, בעתן זוכן דער מוטערס וואוינונג האָט געדאַרפט זיין רייך מיט זעלטענע פּאַסירונגען... אַזעלכער איז ער שוין געווען דער 15־יעריקער בנימין, אַז אַלץ וואָס ער האָט געגערן געוואָלט, האָט זיך אים דאָס פאָרגעשטעלט אין אַ יום־טובדיק ליכט... און דערפאַר האָט ער „געזען״ זיין אָנקומען אין שטאָט אויף אַט אַזאַ אַרט:

ער גייט איבער די גרויסאַרטיקע גאַסן, זוכט זיין מוטערס וואוינונג, פרעגט איינעם, פרעגט א צווייטן איין קיינער ווייסט נישט אים צו זאָגן. נאָר אָט באַגעגנט ער א ריין=אָנגעטועגעם ייד מיט אַ הדרת=פנים. בנימין גייט צו און פרעגט זיך נאָך וואו עס געפינט זיך דאָ די שפיטאָל=גאַס. פרעגט אים יענער: צו וואָס דאַרפסטו די שפיטאָל=גאַס? ענטפערט ער: דאָרט וואוינט מיין מאַמע. פרעגט דער ריינאָנגעטועגער ווייטער: אַזוי, און ווי הייסט דיין מאַמע? ענטפערט בנימין צוריק: מיין מאַמע הייסט, חיה רבקה גריף. זי וואוינט הי ערשט עטלעכע חדשים... און אַזוי אַ וואָרט אויף אַ וואָרט, ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז דער דאָזיקער פאָרנעמער הער, איז... דער פעטער לייב חיים דער פאַבריקאַנט.

און געוויינטלעך גיט מען בנימינען באַלד אַ פיר אַהין צום פעטער לייב חיים אין שטוב. מ'לאָזט אים שוין גאָרנישט אַוועקגיין. ער שיקט נאָך זיין מאַמען. זי קומט מיט ישראל נחן מיט מלכהן און מיט דער קליינער 4 יעריקער סימעלען. ס'קומט זיך צוזאַמען די גאַנצע משפחה... דער פעטער לייב חיים פאַרהערט בנימינען דעם לעצטן „שיעור". בנימין קאָן אים ווי א וואַסער מיטן שווערן תוספות און מיטן חריפותדיקן „פשטל", מ'פרייט זיך צוזאמען, מ'לאָזט אים, ביניאמינען שוין נישט אַרויס. דער פעטער לייב חיים וויל אים אָפגעבן א באַזונדער חדר צו זיצן דאָרט און לערנען איין קעסט, די מומע העניע קוקט אים הינטער די אויגן... בנימין אָבער וויל נישט אנדערש, ווי וואוינען אין דער היים ביי דער מאַמען און מיט די זייניקע.

און אָט די שיינע פאָרשטעלונגען האָבן אַזוי ליב און גוט געווירקט אויף דעם יינגלס געמיט, אַז עס איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון זיין האַרץ דער האַס צום פעטער יאָסל און זיין ווייב חנה, וואָס זיי האָבן בנימינען אַזוי אומברחמנותדיק געפייניקט דאָרט אין שטעטל נאָך דער מוטערס אַוועקציען זיך, אים געשיקט עסן „טעג" אין פרעמדע הייזער, געלאָזט שלאָפן אין דער קאַמער ביי די מייז און, ווייל ער איז געווען נישט שיין אָנגעטון—נישט דערלויבט זייערע קינדער מיט אים זיך צו חברן.

בנימין האָט זיי איצט דאָס אַלץ מוחל געווען, נישט געטראָגן אויף זיי קיין שום שנאה פאַר די אים אָפּגעטוענע אומרעכטן — אַזוי צערטלעך געשטימט איז בנימין געווען איידער ער האָט דערזען די אמתע שטאָט, ווען ער האָט זי געזען בלויז אין דעם שיין פון זיין דמיון.

אָבער שטייענדיק איצט פּנים אל פּנים מיט דער ווירקלעכער שטאָט, איז דאָס ייִנגל אָפּהענטיק געוואָרן. פון דעם אָרט, וואו דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט פאָראויס אַראָפּ, האָבן זיך געזען צוויי גאַסן, רעכטס און לינקס, איינע אַ טונקעלע, מיט הויכע מרה־שחורהדיקע הייזער, די צווייטע גאס, אַן אַביסל פרייליכערע. די אויבערשטע שטאָקן באַגאָסן מיט שטראַלן פון דער סוף־זומערדיקער פאַרנאַכט־זון — איןביידע גאַסן זענען מענטשן געגאַנגען אַהין און צוריק; פרעמדע גאַסן, פרעמדע אומהיימלעכע הייזער, און ווילד־פרעמדע אומבאַקאַנטע מענטשן. און דאָס אַלץ איז דעם קליינשטעטלדיקן, נאָך קיינמאָל פון דער היים נישט ארויסגעפאָרענעם ייִנגל, געווען אומפארשטענדלעך און פיינלעך פרעמד, אַז שיער אַ מורא, האָט זיך אין זיין געמיט באַזעצט צו די אומבאַקאַנטע גאַסן און ווילד־פרעמדע מענטשן; דייער גיין אַהין, גיין און גיין און איילן זיך, איז אים פאָרגעקומען, איז עפּעס צו אַ געהיימען ציל. דאָרט ווייט אין די גאַסן, מוז איצט אַוודאי עפּעס פאָרקומען, אפשר איז דאָרט אַ גרויסע שרפה, אָדער אַ געשלעג מיט גזלנים מעסער־שטעכער... בנימין האָט זיך געפילט אין זיין וואָגן מיט דער געדעקטער בויד, ווי אויף אַ זיכער אינזעלע אין מיטן דעם ווילד פרעמדן שטורמישן טייך. דער שמייסער בערל קאַרטאָפּלאַזש, וועמען ער קאָן נאָך פון זיין שטעטל, איז אים איצט געווען ליב און נאָנט; כאָטש איין באַקאַנט היימיש פּנים — און ער האָט גאָרנישט קיין חשק געהאַט זיך אַראָפּצורירן פון וואָגן.

דער בעל־עגלה אָבער — אַ האָרפּאַשנער ייד מיט אַ געל האָריק געדיכט באַוואַקסן פּנים, פון וועלכן ס'זעט זיך ארויס בלויז נאָר די נאָז — ווייסט אַפּנים נישט, אָדער חיל

גישט וויסן פון דעם ייִנגלס אומהיימליכקייט. ער איז אומגעדולדיק און טרייבט אונטער:

— א סוף אַ סוף, קריך אַראָפּ פון וואָגן! כ'דאַרף צופאָרן אין דער אייזן־פאַבריק.

דערנאָך איז בנימין געגאַנגען גאַס אויס גאַס איין. ער האָט זיך געחזרט דעם אַדרעס: „שפּיטאָל־גאַס קעניגסבערגערס הויז" — אין אַ גאַס פאַר אַ שול, אין דער לענג ביים פּלויט, זענען געזעסן ווייבער מיט גרינס און אויבסט. איינע פון זיי, האָט בנימין אָנגעוויזן אין אַ דערנעבנדיק געסל — שפּיטאָל־גאַס.

אויך דאָ האָט בנימין איבערגעלעבט אַן אנטוישונג: ער האָט זיך פאָרגעשטעלט די „שפּיטאָלגאַס", לויט דער גאַס ביי זיי אין שטעטל, וואו דאָס שפּיטאָל געפינט זיך — א שטיל, ציכטיקע גאַס מיט ביימער אין גאָרטן. דאָ אָבער — אַ קרום געסל מיט הייזער ווי אויף דער גיך צוזאַמענגעשטעלט: הויכע הייזער און נידעריקע איינגעפאַלענע דאָרפישע כאַטעס; פאַר די יאַטקעס שטייען קצבים אין פאַרבלוטיקטע שפּענצערס; הינט רייסן זיך אין מיטן גאַס אַ ביין און אַ דיקער קיילער פאַרמעסט זיך אין דער האַפטע הינט מיט א שטיק האָלץ; יידענעס מיט קוישן גייען אהין און צוריק, קינדער אין צעפליקטע הויזעלעך און אין די בלויזע העמדעלעך, שמוציקע און צעריסענע זיצן אויף די שוועלן שפּילן זיך אין רינשטאָק — סאיז גאַנץ ווייט פון דער ציכטיקייט, וואָס בנימין האָט זיך פאָרגעשטעלט דאָ צו געפינען.

דערפאַר, דאָס הויז אין וועלכן מ'האָט אים אָנגעוויזן אַריינצוגיין, דאָס הויז האָט ביי בנימנען יאָ אויסגענומען — אַ ניי געמויערט צוויי־שטאָקיק הויז מיט באַלקאָנען און מיט גרויסע פענסטער. דאָס פעדער־הויז געפלאַסטערט און ברייטע שטיינערנע שטיגן אַרויף. „נו — האָט ער אין זיך שלום געמאַכט — איז שוין די גאַס ווי זי איז, אַבי דאָס הויז איז, ווי עס דאַרף צו זיין.

אָבער דער סטרוזש ביי וועמען בנימין האָט געפרעגט, וואו זיין מוטערס וואוינונג געפינט זיך האָט אים גאָר געוויזן אַרויס צום הויף. דאָרט האָט בנימין לאַנג געזוכט, ביז ער האָט

דערזען אין אַ ווייטן ווינקל, נישט ווייט פֿון קלאָזעט — אַ געבויט הייזל אַ קליינס און אַ געבעכדיקס מיט קרומע פֿענצטערלעך און אין דער הייך אין אַ פֿענצטערל דורכן שייבל, האָט בנימין דערבליקט אַ געזימס פֿון אַ בעט, וואָס איז אים באַקאַנט געווען — האָט ער זיך מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ געלאָזט אַהין אַרויפֿגיין.

נאָר אויבן, דאָס דלותדיקע שטיבל דורכגעטיילט אויף צוויי, מיט אַ ווענטל פֿון קאַסטן־ברעטלעך און מיט בעלקעס אַהין און צוריק איבערן באַלטן און מיט דעם אָרעמען ביסל איבערבלייבעכץ פֿון מעבל, איז געווען אַזוי ווייט פֿון זייער שטיבן־שטאַנד דאָרט אין שטעטל—שוין אַפֿילו נאָכן טאַטנס טויט — ווי אָט די איינגעבויגענע איינגעשרומפּענע פֿרוי מיט די גראָלעכע האָר, וואָס קריכן איר אַפֿיר — איז געווען ווייט פֿון בנימינס מאַמע פֿאַר עטלעכע חדשים צוריק.

און אָט, דאָ, איצט, שטייענדיק פּנים אל פּנים מיט דער רויער ווירקלעכקייט אַ פֿאַרלוירענער, אַ בדלות געוואָרענער פֿון אַלע גאָלדענע פֿאַנטאַזיעס, וואָס האָבן זיך די לעצטע חדשים געשפּינען אין אים און זיין עלנט לעבן פֿאַרשענערט — האָט אים פּלוצלינג אַזאַ ביטערניש אַרומגעכאַפּט. ער האָט זיך מיט אַמאָל דערפֿילט אָרעם און באַרויבט. דאָס ערשט־פֿאַרלאָזטע היים־שטעטל, האָט זיך אים מיט אַמאָל אַ שטעל געטון פֿאַר די אויגן, ווי אַ גן־עדן, אַ גן־עדן וועלכן ער האָט פֿאַרלוירן, שוין אייביק פֿאַרלוירן. אַלע ווייען און ביטערנישן, וואָס ער האָט דאָרט לעצטנס איבערגעלעבט, אַפֿילו דער בייזער פֿעטער יאָסל און די שלעכטע מומע, זענען אים איצט פֿאָרגעקומען שיין און גוט. און דאָ, אַך! די גראָקייט און אָרעמקייט. די דאָזיקע אָרעמע אַלטיטשקע, איז זיין מאַמע און דאָס עלנטע שטיבל—זיין היים.

ס'איז געווען איבער די כּוחות פֿון דעם קוים פֿופֿצעניעריקן יינגל — און נאָך איידער די מוטער, האָט באַוויזן צו אים אַ וואָרט אויסצורעדן, איז ער צוגעפֿאַלן מיטן פּנים צו דער וואַנט מיט אַ הייס געוויין און אויף אים קוקנדיק האָט אויך די מאַמע געוויינט.

## ב

ס'איז, הייזט אויס, שוין אזוי באַשערט געווען, אז דעם יינגל בנימין זאָל נאָך איידער ער האָט געענדיקט פולע פופצנ־יאָר — זיין וועלטל חורב ווערן דאָ אין דער פאַבריק־שטאָט און ס'זענען אים געבליבן צוויי ברירות: אַרומגיין פאַרטרויערט מיט חורבן אין האַרץ, אָדער זיך צופּאַסן צום נייעם לעבן מיטן באַוווסטזיין, אַז אַזוי מוז זיין. דאָ גייט דאָס לעבן אַזוי־ערגאָך — און שוין! מער נישט טראַכטן פונעם אמאָליקן באַלעבאַטישן שטייגער לעבן אין שטעטל.

און פאָרט — נאָך אַלע „אָפּמאַכונגען" אין זיך און באַמיונגען צו קוקן אויף אַלעם רויק און ניכטער, איז בנימינען — דערהויפּט די ערשטע צייט — דאָס לעבן דאָ פאַרגעקומען אויסטערליש און אומהיימלעך.

למשל: רואיק צו קוקן, ווי דער צוועלפיעריקער ישראל נח שטייט אויף מיטן באַגינען־ליכט, פרעפלט אָפּ אויף דער גיך דאַווענען, כאַפּט אַ שטיקל ברויט אין טאַש און לויפט אין דער פאַבריק צו דער אַרבעט, צו פאַרדינען פאַר דער שטוב.

יאָ, מיט דער צייט איז די אומהיימלעכקייט פאַרווישט געוואָרן, מיט דער צייט איז בנימין געוואָרן דער זעלבער, וואָס ישראל נח. אָבער אין אָנהייב — בפרט די ערשטע טעג פון אַהיימקומען, איז געווען פיינלעך צוצוהערן, ווי די מאַמע וועקט ישראל נחן יעדן פאַרטאָגס, ווען ס'נעמט קוים טאָגן, וועקט אים מיט טרערן אין קול — ציטערט ער זאָל נישט פאַרשפּעטיקן

צו דער אַרבעט און פּונקט אַזוי חלשט זי, ער זאָל נאָך אַ מינוטקעלע שלאָפן: — ליג דיך נאָך אַביסל צוריק — זאָגט זי טיילמאָל ווען ער טוט זיך שוין אָן — די ערשטע פייף איז עס געווען, פעלט נאָך גאַנצע צען מינוטן צו פינף. — אַזוי פלאַטערט די מאמע צווישן די צוויי געפילן: אַכזריות פון דער האַרטער נויטווענדיקייט, דער צוועלפיעריקער פּרנסה געבער זאָל אויפשטיין, גיין פאַרדינען — און צעווייטיקט מאמע־געפיל, איר פאַרמאַטערט קינד נעבעך זאָל נאָך אַ קאַפּ זיך אויסרוען.

און פּ גדעסטוועגן — בנימין האָט דאָס באַלד באַנומען — די דאָזיקע שטאָט, וואָס פאַרשלינגט אַזוי גיריק יונגע קינדער איינשפאַרנדיק זיי אין די פאַבריקן אויף אַ זעכצנשעהדיקן אַרבעטס־טאָג, די דאָזיקע נישט פרייע שטאָט, פאַרמאָגט אויך גוטע זייטן.

אָט למשל, — מנשה דעם פעטער לייב חיימס זון, וואָס איז מיט עפּעס מער ווי אַ יאָר עלטער פון בנימינען — נישט געווען קיין לייט דער דאָזיקער מנשה. אייגמאָל, מיט צוויי יאָר צוריק, באַלד נאָכן טאַטנס טויט — איז מנשה מיט אַמאָל געקומען צולויפן צו דער מומע חיה רבקה, ווייל דער פאָטער האָט אים געהאַט אַרויסגעטריבן פון דער היים צוליב עפּעס אַ מיאוסער מעשה, אַ גנבה, אָדער עפּעס אַנדערש, וואָס מ׳האָט גערעדט דערפון שושקענדיק זיך. די מומע חיה רבקה, בנימינס מוטער, האָט פון מנשהן אויך נישט קיין גרויס נחת געהאַט, אויסגעשטאַנען פון אים צרות — און היינט איז מנשה אַ לייט, לערנט זיך „צייכענען" און אַז וועט דאָס פאַך שוין קאָנען, וועט ער פאַרנעמען אַ פּאָסטן, אַלס מוסטער־צייכנער, אין פאָטערס פאַבריק אין קאַנטאָר פון דער פירמע „וואָלבערג און ראָזנבלום".

אָדער אַ צווייטער אַזעלכער — אַבאָ, אַבאָ תם דער קיילעכדיקער יתום, דער זון פון דער מאמעס קרוב. איז ער נישט געווען קיין לייט דער דאָזיקער אַבאָ, א תם אַ טיפּעש, אין חדר נישט געקאָנט גאָרנישט אין אים אַריינברענגען און צו זייגער־מאַכעריי, וואו דער פאָטער האָט אים אָפּגעגעבן, אויך נישט

געטויגט. היינט איז אַבאַ א פרימער בעל-מלאָכה, פון די בעסטע שטיקער-אַרבעטער. דער פעטער לייב חיים וויל אים גערן האָבן ביי זיך אין פאַבריק און אַז אבאַ קומט אמאָל אין א שבת אריין, בעט אים די מאַמע זיצן. זי גיט אים גוטע עצות, ווי ער דארף זיך צו פירן און זי קלייבט אַלץ צו מאַכן אַ שמועס, ער זאָל צונעמען ישראל נחן צו זיך פאַר אַ פעדלער.

* * *

אין שטוב האָט מען נאָכאַנאַנד גערעדט: פאַבריק און פאַבריק... — אַ נייגיריקער איז בנימין, דאָס ערשטע מאָל געגאַנגען אָנקוקן די פאַבריק און די אַרבעט, וואָס דאָרט קומט פאָר.

און ס'איז געווען, ווען בנימין האָט נאָר איבערגעטרעטן די שוועל פון פאַבריק-חדר — באַלד אַזוי גרויס ווי אַ מאַרק — אין דערהערט דעם טומל, געררויש און געקלימפעריי פון די מאַשינען, וואָס יעדער פון זיי איז גרעסער און העכער פון אַ קליין שטעטלדיק הייזל — איז דאָס אַלץ פאָרגעקומען אין זיינע אויגן, ווי עפּעס אַ זעאונג אין חלום...

און נישט מיט געווייגלעכער וואָכעדיקער באַוואונדערונג, האָט בנימין צוגעקוקט, ווי אבאַ, אָט דער אמאָליקער אבאַ תּם, איז עכ דער הערשער איבער איינעם פון אָט די אייזערנע ריזן.

...עס איילן און טומלען די מאַשינען; לויט דעם דרייען די קאָלבע באַוועגן זיך הויכע, אייזערנע, ווי האַלב רונדיקע ווענט, לויפן אויף רעדלעך אַהין און צוריק, אָנגעזעצט אין רייען דרייפאַכיק מיט פעדעם... און לעבן יעדער מאַשין — אַ טישל. ביים טישל, זיצן יינגלעך און מיידלעך, פאַר יעדן פון זיי — אַ בערגל גלאַנציקע שטאָלערנע נאָדלען אַזעלכע און פאַסמע גאַרן... גיך, גיך באַוועגן זיך די קינדערשע הענטלעך, ציען אַריין א דרים גאַרן אינם נעדעלע, וואָס פאַרמאָגט צוויי שפּיצן און אַ לעכעלע אין דער מיט — אַרייַנגעצויגן דעם פאָ-

דעם, ווערט ער גיך קוים מיטן אויג צו דערבליקן — פאַר־שלייפט מיט אַ קניפּל, אַריינגעשטעלט די נאָדל־פּאָדעם אין אַ „קי־שעלע" און שוין האַלט עס ביי אַ צווייטער נאָדל, ביי אַ דרי־טער — און אַלץ גיך־גיך, מיטן אויג נישט צו דערכאַפּן.

און אָט דעם בנימינס קרוב, אבאַ איז עס דער געוועל־טיקער איבער איינער אַזאַ מאַשין, ער זיצט לעבן אַ ברעט, צו דעם ברעט איז צוגעשלאָגן אַ פּאַפּיר אויסגעמאָלט מיט רעדע־לעך, בלעטלעך און ציקלעך; מיט איין האַנט דרייט אבאַ אַ קאָלבע, מיט די פיס טרעט ער אויף צוויי לאַנגע דרעטלעך, וואָס לויט זיי קערעוועט ער די צוויי אייזערנע „וועגן" אַ הין און צוריק, פאָרנט און הינטן; גיבן זיי איבער די נאָדלען מיט פּעדעם איין „וואָגן" דעם צווייטן; טוט ער אַ לויף מיט די פּאַ־כיקע רייען פּעדעם, אַ לויף אַ הין און אויף צוריק און גיט זיי איילינק איבער זיין חבר דעם צווייטן „וואָגן" — און פּאָ־רויס און הינטן מאַשינען און מאַשינען און אַלץ באַוועגט זיך, רוישט און בראַזקעט...

בנימין איז געשטאַנען און געקוקט. ער וואָלט אַזוי גע־שטאַנען און געשטאַנען און אַלץ געהאַט צו אַנטדעקן נייע חידושים און דעם קרוב איז גאָרנישט איינגעפאַלן צו שטערן בנימינען דאָס צוקוקן. אדרבא!..

נאָר געווען איז אַזוי: ווען די מאַשין האָט געריט און אבאַ איז געשטאַנען אינעווייניק און מיט אַ שער פאַרפּיצט די טיילווייז אראָפּהענגדיקע צוויטלעך פון דעם אויסגעאַרבעטן האַפּט — איז צוגעקומען דאָ אַ צווייטער שטיקער — מן הסתם אבאָס אַ חבר פון אַ ווייטערדיקער מאַשין — ער איז געווען אָן היטל און מיט אַרויפגעשאַרצטע אַרבל, געהאַלטן אין האַנט אַ אָפענע פלאַש ביר און אַזוי גייענדיק, האָט ער געזיפּט פון דער פלאַש. דערנאָך האָט ער אַ קוק־געטאָן אויף בנימינען און זיך פלוצלינג געוואָנדן צו אים מיט אזא מין פרעג:

— בחור וואָס איז בעסער: אַ גוט שטיקל גמרא, אָדער־שלאָפן מיט אַ מיידל?

דער דאָזיקער נארישער פרעג פון דעם צוגעקומענעם מיט

דער פלאַש ביר אין מויל, איז ווייזט אויס געזאָגט געוואָרן סתם אַזוי זיך, כּדי אַביסל די צונג אין מויל צו איבערקייען. קיין רושם האָט דאָס אויך גאָרנישט געמאַכט; די אַרום דער מאַשין זיך פאָרנדיקע, אַפילו דאָס דערוואַקסענע מיידל, וואָס האָט איצט אַרייַנגעזעצט אין די פּאַכן נאָדלען מיט פרישע פעדעם — האָבן דערביי צו מאָל נישט די קעפּ דערהויבן פון זייער אַרבעט, גאָרנישט. נאָר אין בנימינען איז אָט דער פּרעג יענעמס, ווידער געוואָרן אַ פרישׁ רינגעלע אין דער חורבן-קייט. וואָס געשעט מיט אים דאָ אין דער שטאָט אויף טריט און שריט זייט ער איז אַהערגעקומען.

ס'איז בנימינען מיט אַמאָל אַראָפּ די יום-טובדיקע פאָרהאַנג פון פאַר די אויגן, אָט דער אַבאָ מיט די איבעריקע דאָ, זע-נען דאָך אין אמת פּראָסטע יינגען. אָט יענע יינגען אויף וועמען ער, בנימין, האָט לערנענדיק אין בית-מדרש געקוקט מיט אַ ביטול צום עם־הארץ דעם פּראָסטן יינג.

און נאָך אַ וואונד האָט דאָס גראָבע ווערטל אין בנימינען געעפנט:

„הייסט עס — האָט ער זיך מיט ווייטיק געטראַכט — אַז, ישׂראל נח הערט זיך אָן ביי דער אַרבעט אַזעלכע מיאוסע ווער-טער; ער זיצט ביי איין טישל מיט מיידלעך און הערט רעדן נבול-פה. ער, דער קליינער ישׂראל נח, וואָס האָט ווייניק גע-לערנט און ווייסט נאָך נישט, אַז אַזעלכע ווערטער, ווען זיי דרינגען אַריין אין אויער, זענען זיי געפערלעכער און האַרבער ווי די עבירה גופא...

און דער חורבן וואָס איז טיף געלעגן באַהאַלטן אין בנימינס געמיט, איז אין אָט דער מינוט נאָך גרעסער געוואָרן.

## ג

שבת נאָכמיטאָג איז די מאַמע געגאנגען מיט בנימינען באַזוכן דעם פעטער לייב חיים דעם פאַבריקאנט. און דאָרט האָט בנימינס פאַרשטעלונג וועגן דעם רייכן פעטערס וואוינונג, מער ווי ניקער צוגעטראָפן דערווירקלעכקייט.

גרוימע, שיינע חדרים, פיין געמעבלירט; קינדער גרויסע און קליינע; איידעמס און שנירס, יינגלעך און מיידלעך — אַלע מיט נגידישע פּנימער און שיין אָנגעטוענע.

ס׳איז געווען גאָר אַנדערש, ווי דאָרט אין שטעטל בײַם פעטער יאָסל און זיין ווייב חנה; אינגאַנצן אַנדערש.

מ׳האָט בנימינען נישט פאַרהערט אין לערנען. דאָס פּשטל, איבער וועלכן ער האָט די לעצטע וואָכן געהאָרעוועט, האָט ער נישט געהאַט פאַר וועמען אויסצופּאַקן. און ס׳איז בנימינען שוין קלאָר געווען, אז זיין גאַנצע האָרעוואַניע פון די לעצטע וואָכן אין בית-מדרש דאָרט אין שטעטל איז געווען אויף גאָר-נישט; לחלוטין אויף גאָרנישט.

דער פעטער איז געזעסן בײַם טיש אין אַ זיידן קאַפּעלע אויפן שפּיץ קאָפּ, אין אַ פיינעם שלאָפראָק; לעבן אים איז געלעגן א גוישע צייטונג. מיט בנימינען האָט ער זיך גאָרנישט איבריק געפרייט. ער האָט בלויז אָפּגעשטעלט אַ בליק אויף בנימינען אין די ישיבה בחורישע מלבושים — און זיך אָנגערופן:

— איצט מוזטו זעען ווערן אַ שטיקל מענטש, אַביסל ארויסהעלפן דער מאַמען.

בנימין איז רויט געוואָרן און גאָרנישט געענטפערט. נישט געוואוסט, וואָס ער דאַרפט דרויף ענטפערן.

דערנאָך האָט די מומע הענע אים און דער מוטער גע־בעטן זיצן. מ׳האָט גע־רונקען וויין אין דער פעטער מיט דער שוואַרצער צוגעשוירענער באָרד, האָט לאַנג און פאַרדעכטיק געקוקט אין זיין גלעזל וויין, געהאַלטן דאָס קעגן דער זון, געקוקט און געקוקט, געשמאָטשקעט דערביי מיט דער צונג און לסוף אַ מורמל געטאָן:

— דער וויין געפעלט מיר עפּעס נישט...

די מאַמע האָט זיך פלוצלינג אָנגערופן צום ברודער:

— און זעסטו, לייב חיים, מיך קאָן מען אין אַזעלכע זאַכן פאַרקויפן — ביי מיר קומט אויס, אַז די בעסטע משקה איז אַ גלאָז טיי.

דער מאַמעס זאָג האָט זיך בנימינען געדאַכט, איז אַ נישט־פּאַסיקער. אַלע אַרום טיש, האָבן געשוויגן און אים האָט דאָס פּנים ווידער גענומען כלאַמען.

בנימינען איז פון אָט דעם וויזיט ביים פעטער לייב חיים גאָרנישט געבליבן. בלויז נאָר, אַז ווען די מומע הענע, האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר אירע קינדער מיט אַ ווייז אָן מיטן בליק: דאָס איז בנימין דער מומע חיה רבקהס — בעת בנימין, האָט דערביי אַביסל דערהויבן דעם קאָפּ אָנצוקוקן זיינע גע־שוועסטער־קינדער, האָט אויף א׳ם איין מיידל — דאַכט זיך: טעמערל — אַ בלישטש געטון מיט אירע צוויי שוואַרצע אויגן, אַ פינקל געטון, ווי מיט צוויי אָפּגעפּוצטע שפּיגעלעך... בנימינען איז פון איר אויגן־בלישטש געוואָרן מאָדנע ביים האַרץ. פאַר די אויגן האָבן אים גענומען גיין טונקעלע רעדער און ער האָט זיך געפילט נאָענט צום חלשן — אָט דער דאָזיקער פינקל פון טעמערלס אויגן, איז בנימינען געבליבן פון דעם גאַנצן וויזיט ביים פעטער. און ס׳איז פאַר אים גענוג געווען.

* * *

די מאַמע האָט געזאָגט:

— גענוג שוין, אַז ישראל נח מוז נעבעך פינצטערן אין דער וויסטער פאַבריק.

בנימינען האָט די מאַמע באַשלאָסן נישט צו שיקן אין פאַבריק. נאָר צו לאָזן אים לערנען אַלס מוסטער־צייכנער.

אָבער דאָס אַדורכצופירן איז געווען נישט אַזוי גרינג. די צייכנערס, צו וועלכע די מאַמע האָט זיך געוואָנדן מכח לערנען בנימינען, האָבן געוואָלט געלט און צונעמען אויף אַ לאַנגן טערמין. און די ביידע זאַכן, האָט די מאַמע נישט געקאָנט באַכגעבן: געלט צו באַצאָלן, האָט זי נישט און אויף אַ לאַנגן טערמין, האָט זי בנימינען נישט געקאָנט אוועקגעבן, ווייל די שטוב האָט אַרויסגעקוקט אויף זיין פאַרדינסט.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ געלויפעכץ צום פעטער לייב חיים, אַ געבעטעכץ און אַ געוויינעכץ, ער זאָל זען אַ שטיקל טובה צו טון, דער צייכנער זאָל באַשטיין אויף לייכטערע באַדינגונגען.

בנימין האָט נישט געוואוסט פון אָט דעם אַלעם, וואָס טוט זיך הינטער זיין רוקן. נאָר מלכה, בנימינס זיבצניעריקע שוועסטער, וואָס אַרבעט ביים פעטער אין קאָנטאָר ביים אויסבעסערן „פלאַכטעס" — פלעגט דער מאַמען דערמאָנען אין אַ פאַרשטעלטער פאָרם, נישט באַרירנדיק דערביי דעם עצם ענין— די מאַמע זאָל זיך נישט דערנידעריקן און אַזוי פיל לויפן דאָרט, וואָרום, זי, מלכה, קאָן „זיי" שוין זייער גוט. די מאַמע אָבער האָט דאָס מאָל אויף גאָרנישט געקוקט. זי איז ווייטער טאָג טעגלעך געלאָפן צום פעטער לייב חיים אַהיים און אין קאָנטאָר און לסוף האָט זי אויסגעפועלט, אַז אַ דאנק דער פּראָטעקציע פון דער פירמע „וואָלבערג און ראָזנבלום", איז בנימין אָנגענומען געוואָרן צום לערנען צייכנען ביי דעם זעלבן צייכנער, וואו עס לערנט זיך מנשה דעם פעטער לייב חיימס זון, דער אַמאָליקער טויגעניכטס.

ס'איז אוועק אַ וואָך, צוויי וואָכן און מער. בנימין איז יעדן אינדערפרי געגאַנגען צו דער לערע. ער פלעגט אַהיים־

ברענגען שטיקער הארטע פאפיר מיט זיין אייגענער מלאכה — אויסגעצייכנט רעדעלעך און דריידעלעך. די מאמע האט זיך געקוויקט מיט איר זונס איידעלער האנט־ארבעט און דערנאך, אז מלכה און ישראל־נח האבן עס אויך שוין געהאט באקוקט און געזאגט זייער מבינות, האט מען די פאפירן אוועקגעגעבן סימעלען צום שפילן זיך. און שוין! ווייטער איז בנימין נישט אריין אין דער מלאכה. ס'האט זיך געשלעפט און קיין נאנטער תכלית, האט זיך נישט געזען.

א לאנגווייליקע צייט איז דאס געווען פאר בנימינען. אינדערהיים האבן אלע געארבעט, געהארעוועט, די מאמע — אין שטוב, ישראל־נח אין פאבריק, מלכה אין קאנטאר — און אויף חיונה, איז סיי ווי נישט געווען. און בנימינס לערנער דער „צייכנער", א געפוצט יינגמאנטשיקל א געלס און אין ברילעכלעך, אים איז אפנים גארנישט געגאנגען דרין, אז זיינע תלמידים — מנשה און בנימין — זאלן זיך גיך אויסלערנען די מלאכה.

ער האט משמעות פארשטאנען, דער יינגערמאנטשיק, אז ווען מנשה וועט קענען די מלאכה, וועט ער אליין צייכענען מוסטערן פאר דעם פאטערס פאבריק... ווידער בנימין, וועמען ער האט אנגענומען צו לערנען בלויז נאר צוליב דער פראטעקציע פון דער אנגעזעענער פירמע, ווייל ער האט נישט געקאנט אפזאגן — זאל ער זיך טאקע דא אפזיצן!

דער געלער יינגערמאן איז וויניק אין דערהיים געזעסן. ער האט אליין אפגעטון זיין ארבעט נאך איידער די תלמידים זענען געקומען און ווען זיי זענען אהיימגעגאנגען... איז מען זאלבע צוויי — מנשה און בנימין — געזעסן שעהנווייז און נישט האבנדיק וואס צו טון — געכאפט פליגן, און זיי ארייגעשטעקט שטרויעלעך הינטערן עקל. מנשה האט גערעדט נבול־פה, אנטפלעקט „ער־זי" סודות...

דאס האט אבער לאנג אזוי נישט געקאנט געדויערן.

מילא, מנשה האט נאך געקאנט באשטיין אויף אזא מין לערע, אז דער רייכער טאטע, האט נאר גארנישט דערקענן

געהאט, איז מנשה שוין אויך צופרידן געווען. בנימין אָבער איז היינט שוין נישט געווען דער וואָס מיט א פּאָר חדשים צוריק — אַ ישיבה-בחורל. ער איז געווען אַ מענטש מיט אַן אחריות... אָט איצט־קע מינוט, ווען ער זיצט דאָ פּוסט און פּאַס — הארעוועט דער קליינער ישראל-נח אין פאַבריק ביים פּעדל־טישל, אין אָוונט שלאָפט ער איין פון פאַרמאַטערטקייט, ביים טיש מיטן ביסן ברויט אין מויל. „ניין — האָט בנימין אין זיך באַשלאָסן — אַזוי טאָר דאָס ווייטער נישט גיין".

און איינמאָל פּלוצלינג, ווען די מאַמע האָט זיך גאָרנישט געריכט דערויף און איז געווען זיכער, אַז אָט-אָט שפּרינגט בנימין אַרויס „אַ פּאָלנער צייכנעוו" — האָט בנימין מיט אַמאָל צוויסן געטון, אַז... אויס! מער גייט ער נישט צום צייכענען, ער וועט גיין אַרבעטן, אַזוי ווי ישראל-נח.

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָט בנימינס באַשלוס אין דער-היים ביין בלוט פאַרשאַפט. בנימין האָט נישט געזאָגט פאַרוואָס ער טוט דאָס, וואָרום ער האָט נישט געוואָלט דעם צושטאַנד נאָך פאַרציען — ער האָט געזאָגט קורץ, אַז אַזוי און נישט אַנדערש ווילט זיך אים.

די מאַמע האָט געוויינט. ישראל-נח דערהערנדיק וועגן בנימינס באַשלוס, צו גיין אַרבעטן אין פאַבריק, האָט ער אויף אים אַ פאַרוואונדערטן בליק אָפּגעשטעלט; מלכה האָט אויפגע-רעגט זיך אָנגערופן:

— וואָס ווינט די מאַמע? — אים ציט די פאַבריק...

בנימין אָבער האָט זיך ווייטער געהאַלטן ביי דאָס זייניקע און אַזוי איז געבליבן.

ד

גראָ און שווער, ווי אַ וואָלקן מיט קוים עטוואָס ליכטי־קערע פינטעלעך פון קורצע, מאָגערע שבתים — האָבן זיך געצויגן טעג און וואָכן.

אייזיק שיניאַק — אַ דארער יינג מיט אַ הויכן רוקן — צו וועמען בנימין איז, לויט אבאָס פּראָטעקציע, ארײנגעגעבן געוואָרן אַלס פעדלער צום איינציען פעדעם — האָט טאַקע גע־האַט די מעלה, וואָס ער אַרבעט ביים פעטער לייב־חיים אין פאַבריק און בנימינס פאָר גילדן א וואָך זעגען אַזויערנאָך גע־זיכערט געווען — אַזוי אָבער איז דער דאָזיקער שיניאַק גע־ווען נישט בעסער און נישט ערגער פון אַ סך אנדערע שטיקער־אַרבעטער. אַ גאַנצע וואָך האָט ער געהאָרעוועט ביי דער מאַשין, געיאָגט די פעדלער און זיך אַליין, געיאָגט און געראַסלט פון פינף פאַרטאָגס ביז האַלבער נאַכט, פרייטאָג האָט ער אין קאַנ־טאָר אָפּגענומען דאָס פאַרדינסט פון דער וואָך, שבת — פאַר־טרינקען און פאַרבומלט אַלץ ביז אַ גראָשן, זונטאָג איז ער געקומען צו דער ארבעט פארכמורעט, בייז און ווידער בענו־מען יאָגן.

ער איז געווען נישט בעסער און נישט ערגער פון אַ סך אַנדערע שטיקער.

...דער אַרבעטס־טאָג ציט זיך לאַנג — אַן אייביקייט; שוין לאַנג ברענען די לאָמפּן און צום אַרבעטס־סוף, איז נאָך העלטן־ווייט. ס'ווערט שפּעטער און שפּעטער, דער גאַנג פון די

מאשינען ווערט שוואַכער, די קאָלבע פאַלט אַרויס פון די מידע הענט; די פעדלערס ווערן די הענט שווער ווי בליי, מיט מאַטערניש כאַפּן די פינגער דעם געוועקסטן פאָדעם, ציען אים אַריין אין דער נאָדל און פאַרשלייפן, די אויגן קלעפּן זיך; יעדעס איינציקע גליד לענצט נאָך רו.

ערגעץ דאָ נישט ווייט ביי אַ פעדל־טישל, זינגט אַ מיידל מיט אַ פאַרשלאָפן מיד קול; בייטאָג בעתן גרויסן מאַשינען־גערויש, וואָלט זיך דאָס זינגען גאָר נישט געהערט, איצט ביי דער נאכלעסיקער שפעטנאַכטיקער אַרבעט, כאַפּט אויף דאָס אויער נישט־וואו־נישט־ווען אַ פּאָר ווערטער פונם ליד. — עס רעדט זיך דאָרט וועגן איינעם, וואָס האָט צוגעזאָגט בריוו צו שרייבן און האָט נישט קיין וואָרט...

און אומעטיק קלינגט די דערמאָנונג:

געדענק נאָר, ווי די ליבע האָט געברענט
און היינט איז זי געוואָרן פאַרלאָשן —

פון דעם אומעטיקן טאָן, האָט ביים דערוועקן זיך אַ סטרונע אין בנימינס געמיט, נאָר פון פאַרמאַטערטקייט, נעמט עס דאָס אויער גלייכגילטיק אויף און דאָס האַרץ, וויל זיך גאָר נישט דרויף אָפּרופן און נאָר שלאָפן, שלאָפן ווילט זיך.

און קאַלט מוטנע, ווי אַ רעגן אין אַ שפּעטער נאַכט אין האַרבסט, פליסט צו נאָך אַ שטיקל פון דעם מיידלס ליד:

און געדענק נאָר, וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט:
צו הייראַטן אָן אַ גראָשן. —

און די מאַשינען קלאַפּן צו, אָפּגעהאַקט, נישט מיט דעם רעגולערן גאַנג ווי בייטאָג...

סוף כּל סוף ענדיקט זיך די אַרבעט. בנימין, אַלס דער מינדסטער פעדלער — רוימט אַוועק די מכשירים, פאַרלעשט די לאָמפּן, וואָס הענגען אַראָפּ פון יעדער זייט מאַשין — כאַפּט אויף זיך דאָס רעקל און גייט אַ היים.

אין דרויסן איז אַ ווייסע ווינטער־נאַכט. די לונגען זיינע,

וואָס האָבן אַ גאַנצן טאָג געאָטעמט די שטויביקע פֿאַבריק־לופֿט — ברייטערן זיך אויס, עטעמען אָפּ טיף און לאַנג, דאָס אויג קוויקט זיך מיטן שניי; ס'איז ווייס און ס'ברענען גאַז־לאָמפּן... אַן איינציקער אָנגעפּעלצטער סטראַזשניק שפּאַצירט זיך באַזאַכט אין מיטן גאַס, אַהין און צוריק.

און מיט אַמאָל גיט פֿון בנימינען אַ פּלי אַוועק דער אין גראָקייט אין שטויב און אייל פֿאַרבראַכטער טאָג. די איינגע־שלאָפֿענע לעבנסלוסט, גיט זיך אין אים ראַפּטים אַ כאַפּ אויף און, ווי אויסצופּרווון די כּוחות זיינע, צו געבן זיי אַ סך באַ־וועגונג פֿאַרן גאַנצן טאָג ביז איצט, נעמט ער לויפֿן „פּענדזשען"; נישט כּדי וואָס גיכער אַ היימצוקומען, נאָר אָט, גלאַט אַזוי! עס טוט אים הנאה: ער לעבט און איז יינג. לויפֿט ער ווי אַ זשרעבעקל צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ און מאַכנדיק דערביי מיט די הענט ארויף און אַראָפּ, אַזש די נאַכט־סטרוזשעס קוקן אים נאָך.

אין דער היים הייבט זיך איצט, נאָך דער ארבעט, ערשט אָן דער טאָג. די מאַמע האָט אָנגעגרייט אויף נאַכטעסן אַ הערינג, עסט מען אים שטיקלעכווייז מיט ברויט און מען פֿאַר־טרינקט מיט טיי.

די קליינע משפּחה זיצט אַרום טיש. די מאַמע דערציילט, ווי קלוג, קיין עין הרע, סימעלע איז, גייט אַ גאַנג אין גע־וועלבל, קויפֿט איין וואָס מ'הייסט איר און ברענגט ריכטיק אַ רעשט...

מלכּה דערהייבט דעם קאָפּ פֿונם בוך וואָס זי לייענט מיט התמדה, זי דערציילט, אַז אין קאָנטאָר ביי זיי, איז היינט צו־ריקגעקומען אַ „חזרה", עטלעכע שאַכטלען סחורה, ווייל זי טויג נישט, איז פּעלערהאַפֿט, ראָזנבלום — דעם פֿעטער לייב חיימס פֿאַבריק־שותּף — האָט אָנגעגעבן מעשׂים... ישׂראל־נח, וואָס שמט פֿאַר אַ פֿלינקן פֿעדלער — פֿרעגט זיך נאָך ביי בנימינען, ווי די ארבעט גייט אים, צי ער שטייט נישט אָפּ מיטן איינציגן באָדלען פֿון דער הויפּט־פֿעדלערין — און רואיק.

געמיטלעך פארברענגט מען דעם אָוונט ביז די מאַמע דער־מאָנט, אַז ס'איז צייט צו גיין שלאָפן.

נישט שטענדיק אָבער גייט אַלץ גלייך. ס'טרעפט — און גאָר אָפט — דער נאָרמאַלער גאַנג אין שטוב ווערט פון עפּעס געשטערט—די מאַמע, סימעלע, צי עמעץ אנדערש, איז עטלעכע טעג נישט געזונט געווען און ס'זענען דאַדורך געווען גרעסערע הוצאות. אָדער ישראל-נחן האָט אַ שטיקער אָנגעזעצט דאָס פאַר־דינסט פון כמעט צוויי וואָכן — אין שטוב איז נישטאָ פאַר וואָס צו קויפן הייצונג און עסן פעלט אויך אויס. לייגט מען זיך האַלב הונגעריק, דער פוסטער מאָגן לאָזט נישט איינשלאָפן. אין אומרואיקן דרימל, דאַכט זיך בנימינען אויס, אַז ער זיצט איצט אין פאַבריק ביים טישל און פאַר אים ליגט אַ בערגל נאָדלען — כאַפּט אים מיט אַמאָל אָן אַ שרעק: „וואָס שטיי איך עפּעס מיט די הענט"? — און ער נעמט אַרבעטן, אַרבעטן באַוועגן מיט די הענט, ווי ביים איינציען נאָדלען... ישראל-נח קאָן אַפּנים אויך נישט שלאָפן צוליבן פוסטן מאָגן. אלע ווײַלע וואַכט ער אויף און פלוצלינג זעצט ער זיך גאָר אויף אין בעט און מיט אַ דערשראָקן קול רעדט ער פון שלאָף:

— אוי, מ'דאַרף אויפשטיין!... מאַמע, ווי שפּעט איז שוין? — ביז ער שלאָפט ענדלעך פעסט איין.

און ווי אויף צו להכעיס האָבן זיך איצט געמאַכט גרויסע קרירות. אין עלנטן דינוועטלדיקן שטיבל, שלאָגט אַ דורך דער פראָסט. די ווענט זענען ווי באַצויגן מיט גלאָז, אזוי זעען זיי אויס. די מאַמע לייגט אונטער יעדן אָוונט אין בעט ביי דער וואַנט-צו פאַרשידענע מלבושים, די קינדער זאָלן זיך נישט דערקילן.

פאַרטאָגס ביים אויפשטיין, איז אין שטוב אַזוי קאַלט, אַז ער עס קלימפּערן די ציין. ביים עפענען דאָס מויל זעצט ארויס א פּאַרע, ווי פון אַ זידיקן קעסל. די מאַמע קוקט אויפן פאַרפראָרענעם פענסטער, וואָס די שייבלעך זיינע זעען אויס, ווי באַצויגן מיט אַ קלאָר ווייס האָריק פעלעכל און מיט פינקל־

דיקע בריליאַנטן — זי קוקט צום פענסטערל און האַלטן אין איין אונטערזיפצן...

נאָר אָט זענען ביידע שוין אָנגעטון, זיי נעמען אויפן האַלז יעדער אַ „פּלאַכטע" פון די פּלאַכטעס וואָס מלכּה ברענגט אהיים „אויסצובעסערן". זיי הילן זיך איין אין דער נאָך מיט רויע שטיקערייען אויסגעאַרבעטער אַכט איילנדיקער פּלאַכטע, וועלכע גייט זיי עטלעכע מאָל אַרום און אַרום, לעשן אויס דאָס לעמפּל און גייען יעדער מיט אַ שטיקל ברויט אין טאַש, אָפּגעשפּאָרט פון נעכטיקן נאכט-עסן.

אין דרויסן קערט זיך די וועלט, אַ זאווערוכע בושעוועט און פייפט, טראָגט אָן גאַנצע זיילן שניי-שטויב...

בנימין און ישראל־נח שלעפּן זיך איינגעבויגן, ווי די זקנים. אויפן האַלז און אַרום די פּלייצעס, וואַרעמט די פּלאַכטע, היצט אַזש, אין דער נאָז קריכט דער גרוך פון שיטערע זייף — מיט וואָס די פעדעם וועלן געשמירט איידער זיי קו-מען אין דער מאַשין אַריין — ס'ווילט זיך פון דעם גרוך ניסן און אויפן ניכטערן הונגעריקן מאָגן איבלט עס ביים האַרץ.

מ'רעדט צווישן זיך ווייניק, קוים געציילטע ווערטער און די ווערטער זענען סאמע נייטיקע, ווייניקע און ערנסטע... די שווערע פּראַצע און דחקות, האָבן אין וואָסערע פּאָר וואָכן געמאַכט פון די יינגלעך ערנסטע באַזאָרגטע זקנים, באַלאָדנט אין זיך מיט שווערע דאגות.

ישראל נח זאָגט:

— ביי אונז, איז היינט אַ שלעכט מוסטער. פרעסט אַריין אַ סך גאַרן. מ'וועט מוזן יאָגן.

בנימין וואָס איז נאָכגישט אַזאַ פלינקער פעדלער, באַ-מערקט דרויף:

— יאָגן מוז מען זיך שטענדיק, אַלע טאָג.

און אַז זיי קומען צום אָרט, וואו זייערע וועגן שיידן זיך, צעגייען זיי זיך שווייגנדיק, יעדער זיין וועג.

אין פאַבריק האַלט מען לאַנג די פאַרשטאַרטע הענט אַרום

די וואַרעמע לאָמפּנגלעזלעך. די פון קעלט שטייפגעפראָרענע פינגער, באַוועגן זיך שווער, טייען זיך זאַכטע אויף, דער שטיקער האָט לייכטער: ער דרייט די קאָלבע נישט בלויז נאָר מיט די פינגער, נאָר מיט דער גאַנצער האַנט. ער דערוואַרעמט זיך גיך. און זעענדיק, ווי די פעדלערס שטייען מיט די הענט אַרום דעם לאָמפּ-גלעזל, קומט ביי אים אויס, אַז זיי זענען פויל, ס'גליסט זיך זיי נאָכנישט צו זעצן צו דער אַרבעט, הייבט ער באַלד אָן מיט ירוגזון:

— אַ סוף, אַ סוף, גענוג שוין געוואַרעמט זיך!...

* * *

ציִען זיך די איינטאָניקע טעג, ווי לאַנגע גראָע שנירן. דאָס ליכטיקע פינטעלע, צו וועלכן די מידע אויגן ציִלן, איז דער פרייטאָג צו נאַכט און שבת-טאָג...

אַמאָל טרעפט, אַז עס קומט דער פעטער לייב חיים. ער זיצט אַ פּאָר מינוט, ווי יוצא צו זיין, אָפּצופּטרן עפּעס אַ חוב און גייט באַלד אַוועק, צוזאָגנדיק ווידער צו קומען און טייל-מאָל קומען די קינדער, די אויסגעגעבענע טאָכטער לאָה און אַמאָל אויך די כּלה טאָכטער אסתּר מיט די רויטע באַקן.

אין שטוב ווערט מיט זייער אַריינקומען, ווי ליכטיקער. די מאַמע ווערט הייטערער, שאַרט זיך אַרונטער די גראָע האָר, בעט זיי זיצן. זי רעדט צו זיי דיצנדיק, ווי צו ברידערנקינדער, נאָר פאָרט מיט רעספּעקט און גרויס דרך-ארץ.

און אַזוי לאַנג ווי זיי זענען דאָ אין שטוב, פילט זיך עפּעס ווי זיי וואָלטן מיט זיך מיטגעבראַכט אַהער, אַ ליכט שטראַל פון יענער גליקלעכער שטוב פון וואַנעט זיי קומען.

דערפאַר, ווען זיי גייען אַוועק, בלייבט מען ווי אָפּגע-נאַרט און ס'פאַרדריסט עפּעס, צו וואָס זיי זענען גאָר איינגאַנצן אַהער געקומען. נאָך זייער אַוועקגיין פילט זיך דאָ נאָך מער און נאָך פיינלעכער די אָרימקייט. און די גויט דריקט דאַכט זיך, נאָך מער. ווי פאַר זייער קומען.

און אָט איז שוין ווידער וואָך. דער שבת — אַוועק;
עפּעס געדויערט דער שבת-טאָג אַ סך ווייניקער, ווי אַן אנדע-
רער טאָג... ווידער איז וואָך און ווידער גייט מען איינגעהילטע
אין די פּלאַכטעס שווייגנדיק צו דער אַרבעט.

## ה

סוף כּל סוף איז דער ווינטער אוועק. ס׳איז אָנגעקומען פּסח. בנימין און ישראל־נח האָבן זיך אַ כאַפּ־געטאָן צו די אַכט טעג — פרייע טעג, אינגאַנצן פריי, אָן פאַבריק — אַזוי גיריק, ווי דער להוטער שכּור כאַפּט זיך צו צום פלעשל בראָנפן.

די מאַמע האָט נישט געקאָנט מאַכן קיין נייע מלבושים אויף יום־טוב און אין די אַלטע רעקלעך — אויסגעוואַקסענע, אָפּגעטראָגענע — נאָך פון שטעטל — איז געווען אַ בושה זיך אין גאַס צו ווייזן אין אַ נישט ארבעטס־טאָג. אין דער היים זיצן גאַנצע טעג האָט זיך אָבער אויך נישט געגלוסט, איז מען געלאָפן הינטער דער שפּיטאָל־געביידע. דאָרט פליסט אַ טייך, וועלכער שניידט אַ דורך די שטאָט, איז מען געזעסן אויפן ברעג, געקוקט ווי די קליינינקע, אַוודאי, ערשט נעכטן געבוירענע פישעלעך, שטיפן אַזוי אַרום אין וואַסער, אָט איז איינס, אָט נאָך איינס... טוט עס אַ הויב דאָס קעפּעלע שיף ארויף, אַ ריר דאָס עקעלע, אַ ריר אַ הין, אַ ריר אַהער — און נישטאָ שוין...

די פרייע ליכטיקע וועלט האָט אָבער נישט געלאָזט רוען. און ס׳האָט געטראָפן, אַז נישט קוקנדיק גאָר אויף די אָפּגעטראָגענע מלבושים, האָט אַזוי שטאַרק אַ ציגעטאָן, אַז די ברידער זענען מיט אַמאָל אין אַ מיטן טאָג יום־טוב אוועק אין פּאַרק. דאָרט האָבן זיי געזען אויפגעשיטע וואַלן צום שפּאַצירן גיין, קלאָרע טייכלעך, ווערלדלעך, לאַנגע געהיימע אַלייען...

חול-המועד איז געקומען אייזיק שיניאק, זיך דערוויסן צי בנימין װעט נאָך יום-טוב קומען ארבעטן. בנימין האָט פאַרגע-לייגט זיינע באַדינגונגען: בעסערן די שכירות און צולאָזן צו דער מאַשין — לערנען אַרבעטן. ס'איז אַוועק א געהאַמפּעריי, און לסוף איז געבליבן, אַז בעסערן די שכירות — דערווייל נאָך נישט. נאָר דערפאַר — לערנען אַרבעטן.

ישראל-נח האָט זיך אויך געפונען אַ „שטעל". ער האָט געקריגן געבעסערט די שכירות; אָבער וועגן צולאָזן אים צו דער מאַשין, איז נישט געווען צו רעדן. ער איז נאָך צו קליין, גרייכט נאָך נישט אַרויף צו דער קאָלבע.

זומער-צייט איז די אַרבעט געווען ווי געוויינלעך, אויך שווער, דאָך איז זי שוין נישט אַזוי אומגעהייער געלעגן אויפן געניק.

פּאַרנאַכט ביים אהיימגיין איז אָפּט מאָל נאָך געווען אַ שפּריך טאָג... איבערהויפּט איז שוין בנימין געווען מער צו-געוווינט צו דער פאַבריק. דער עול אין אים איז שוין געווען דורכגעברענט, און פון אַמאָליקן „חורבן", איז אין אים שוין נישט געבליבן קיין שפּור נישט.

ער האָט איצט נישט נאָר רואיק געהערט רעדן נבול-פּה, נאָר אויך צוגעזען זאַכן, וואָס קומען פאָר צווישן די שטיקערס און מיידלעך פעדלערינס — שרעקלעכע זאַכן און גאָרנישט; אפשר צוליב דער שווערער פאַרמאַטערנדיקער ארבעט; אפשר צוליב די שטענדיקע חיונה-דאגות פון דער היים, און אפשר האָט דערין עפּעס געהאַט צו זאָגן זיין אָפּגעהיטענע דערציונג — ער האָט געהערט רעדן רייד און נישט געוואָ.ט באַנעמען וואָס ער הערט, ער האָט צוגעקוקט זאַכן און גאָרנישט געזען.

אַט, למשל: אַז טעוול קנאָפּ, דער ראש פון די ווילע יונגען, וואָס ארבעט אין זעלבן זאַל, אַראָפּ-צו דאָרט, אויף דער מאַשין, טוט אַמאָל אַזוי פאַרבייגייענדיק, גראָב אַ פאַר-טשעפּע דאָס מיידל ביי בנימינס טישל, וואו ער זיצט און פעדלט — און נאָך מיט אַ מיאוס ווערטל אַלס צולאָג — האָט דאָס אין בנימינען גאָרנישט דערוועקט, ווי ער וואָלט געווען פון האָלץ-

און דאָס לעבן אין פאַבריק גייט זיך איינטאָניק. איין טאָג גלייך ווי דער צווייטער, איין וואָך — ווי די אַנדערע.

נאָכן שבתדיקן רו-טאָג, די ערשטע צוויי טעג פון דער וואָך, האָבן געוויינלעך די פעדלערינס זיך אָנצודערציילן, ווער עס גייט מיט וועמען, ווער עס זאָל אַ חתן ווערן, ווער עס האָט אָוועקגעוואָרפן זיין לאַנגיעריק מיידל און וועמען דאָס מיידל האָט אָוועקגעוואָרפן, און פאַרוואָס זי האָט דאָס געטאָן.

ווערן די דאָזיקע „געשעענישן" אַדורכגעשמועסט ברייט און מיט אַ סך ערנסט, אָפטמאָל מיט קנאה. טייל מאָל נעמט אויך דער שטיקער ביי דער מאַשין דרין אַ וואָרט... און דינסטאָג און מיטוואָך לעבט מען שוין מיט דער האָפענונג און מיט פלענער אויף דעם אָנקומענדיקן רו-טאָג, וועלכער גענאַרט פונקט אַזוי און פאַרפליט, ווי די פאַרגאַנגענע שבתים.

אין די פרימאָרגן-שעהן פאַרשפעטיקט זיך אָפט אַ פעדלערל, און ווען עס דאַכט זיך, אז ער וועט שוין היינט נישט קימען צו דער אַרבעט, ברענגט די מוטער מיט אַמאָל אַריינצושלעפן דעם זיבניעריק פארד נער, דאָס קינד וויינט, כליפעט, רייסט זיך פון דער מוטערס הענט, וויל צוריק אַהיימלויפן נאָך אַ ביסל שלאָפן, אָדער גאָרנישט גיין אַרבעטן, און די מוטער שלעפט אים צו צום פעדל-טישל מיט א בייזן זאָג, ווי אַ דערוואַקסענעם:

— פרעסן ווילסטו? אַז מען וויל פרעסן, מוז מען פאַרדינען!

אָפטערס טראַגן זיך דורך קורצע נייעסן; אויף דעם און דעם שטאָק האָט אַ פעדלער אַראָפּגעשלונגען אַ נאָדל; אָדער איז אַראָפּגעפאַלן פון דער מאַשין און זיך דעם קאָפּ געשפּאָלטן. קורצע נייעסן, אַלטעגלעכע און נישט אינטערעסאַנטע, דורכלויפנדיק דערציילט מען זיי און מ'פאַרגעסט עס גלייך.

אייזיק שיניאַק איז עטלעכע טעג נישט געקומען צו דער אַרבעט. די פעדלערס זענען ליידיק געגאַנגען. בנימין האָט זיך אַרומגעדרייט אין די גאַסן, אַריינגעקוקט אין די פענצטער פון

פאַבריקן, געגאַנגען אביסל צוהעלפן ישראל-נחן אַביסל צו זיין קרוב אַבאָ אין פאַבריק, און ווידער ארומגעקראָכן אין די גאסן און נישט געהאַט וואו דעם לאַנגן טאָג אַהינצוטאָן.

ס׳איז אים מיאוס געוואָרן אַרומגיין ליידיק, און ווען שיניאַק איז לסוף געקומען אין פאַבריק, האָט זיך בנימין מיט אַן אויסגעהונגערטן חשק אַ כאַפּ געטאָן צו דער ארבעט.

נאָר גרויסאַרטיק איז געווען דאָס אַרבעטן אויף דער מאַשין. דאָס איז געווען דאָס העכסטע צו וואָס בנימין האָט געשטרעבט.

ס׳איז געווען גוט צו טראַכטן, אז אָט דער בנימין, וואָס קוים מיט איין יאָר צוריק איז ער נאָך געזעסן אין בית-מדרש, געקוועטשט די באַנק אויף גאָרנישט און איז געפּייניקט געוואָרן פון פעטער יאָסל און זיין ווייב חנה, געקליבן דאָרט ברעקעלעך און געמוזט נאָכקומען זייערע קאַפּריזן — היינט זיצט ער ביי אַ מאַשין און אַרבעט: אדאַנק זיין האַנט באַוועגן זיך אַלע רעדער; לויט זיין פירן דאָס לאַנגע אייזן מיט דעם „טייטער״ איבער דעם מוסטער, נייט זיך אויס אויף דעם אָנגעשטראַמטן שטאָף דאָס אַלץ, וואָס עס איז געצייכנט אויפן פּאַפּיר.

יאָ, ס׳איז גיט צו פילן אין זיך די מאַכט איבער אָט דער גרויסער מאַשין, אין לויט דיין קאָמענדע זאָלן די פעדלער איילן צו טאָן וואָס דו באַפעלסט.

און אָט, דאָס אַרבעטן אויף דער מאַשין מאַכט בנימינען שוין ליב אַלצדינג, די גאַנצע פאַבריק.

אָבער נישט אָפט לאָזט אים שיניאַק צו צו דער מאַשין. ס׳טרעפן טעג — און צו עטלעכע טעג — די מוסטערן זענען „שלעכטע״: דאַרפן אַ סך גאַרן, און ס׳איז נייטיק די אַרבעט פון אַלע פעדלערס ביים טישל: אַלע אַרבעטן ביי די נאָדלען און פונדעסטוועגן באַוויזט מען נישט דורך דער צייט אויסאַרבעטן די פעדעם אין דער מאַשין — פארטיק צו מאַכן דעם פרישן קאָמפּלעט פעדעם, איינצוציען זיי אין דעם גאַנצן סכום נאָדלען. די פעדלערס האָרעווען, האָבן אַפילו נישט קיין צייט אָפּ־

צווישן דעם שווייס פון שטערן, און דעמאָלט גייען אזוי אַ דורך טעג און טעג און בנימין גייט נישט צו צו דער מאַשין, ווערט ער נידריק אין בטל ביי זיך אין די אויגן, און די אַרבעט ווערט אים דעמאָלט לעסטיק.

* * *

זומער־צייט גייט געוויינטלעך די אַרבעט מיט ווייניקער ברען. אין די גרויסע היצן טרעפט אָפּטער! אַז דאָ און דאָרט שטייט אַ מאַשין אָפּגעשטעלט, ווייל דער שטיקער איז אוועק אויף אַ האַלבן, אָדער גאָר גאַנצן טאָג געניסן פון שיינעם וועטער. אין קאַנטאָר זאָגט מען געוויינטלעך אַ תירוץ: „די הויפּט פעדלערין איז מיר קראַנק געוואָרן", אָדער עפּעס אַנדערש, און סרוב גייט עס אַדורך.

אַפילו אייזיק שיניאַק, וואָס שמט פאַר אַ ראַסלער אַ יאָגער און האָט דערפאַר באַקומען דעם צונאָמען „שלעפּ־פערד"; אַפילו ער, שיניאַק, נעמט זיך אַמאָל אין אַ שיינעם טאָג אַזאַ „אורלויב" און גייט מיט קאָלעגן אַרויס קיין סטזשעלניץ הוידענען זיך אויף דער „הוזשדאַווקע", פאָרן אויף דער קאַרוזעלע.

דערפאַר אַז עס קומט אַ טאָג פאַרן אויסצאָלונג און „שטיק" זענען ווייניק פאַרטיק, און צו נעמען געלט וועט נישט זיין פאַרוואָס, און אין דער היים דאָס ווייב אָדער מאַמע און דאָ די פעדלער חעלן רייסן די פאָלעס, שרייען געלט — כאַפּט מען זיך מיטן גאַנצן ברען. אַלע זענען אויפן אָרט און אַלע מאַשינען באַוועגן זיך, לויפן גיך, גיך; אַפילו טעוול קנאָפּ, וואָס דער „אסרי־חג" נאָכן שבת געדויערט ביי אים אָפּט דריי מאָל אזוי לאַנג ווי דער שבת אַליין — איז היינט אויפן פּלאַץ און דרייט די קאָלבע מיט התמדה.

און דעמאָלט באַוועגן זיך אַלע מאַשינען. פון זיך אַליין שטעלט זיך איין אַ ריטם, די אַלע בראַזקן און געק־ימפּעריי-

ען פון „בויערערס" און „שטופלען", גייען ווי לויט אַן איינגע־
שטודירטן סדר, ווי אין אַן אָרקעסטער אַזעלכן, א הונדערט פּאַ־
כיקן אָרקעסטער מיט פויקן און באַראַבאַנעס... דאָס גאַנצע עט־
לעכע שטאָגיקע הויז מיט אירע פּופּציק מאַשינען, גרויסע און
לאַנגע ווי די הייזער — בראַזקעס, טומלט און קלימפּערט
רעשיק און פּאַרט נישט כאַאָטיש ווילד.

און דעמאָלט זיצנדיק אין דערמיטן און אָט דער ריזיקער
סימפּאָניע, פאַרגעסטו מיט אַמאָל אָרט און צייט, פאַרגעסטו אַז
די ווענט און באַלקן זענען דאָ פיל שפּינוועבס און שטויב.
ס'דאַכט זיך דיר, אַז ווייט, ווייט און ברייט, די גאַנצע וועלט
איז אָנגעשטעלט מיט רייען, רייען מאַשינען און אַלע, אַלע
מענטשן זיצן יעדער ביי זיין מאַשין און יעדער גיט צו זיין
טאָן אין אָט דעם ריזיקן אָרקעסטער.

און נישט צוליב געלט, דאַכט זיך דיר, ווערט דאָס גע־
טאָן, נישט כּדי צו פאַרדינען אויף ברויט. ניין! — דאָס איז
אַן עבודה אַזעלכע, אַ מעכטיקער הימן צום באַשעפער פון אָט
דער מאַשינען־וועלט.

ס'טרעפט אָבער, ס'מאַכט זיך אַמאָל עפּעס אַ סיבה, וועל־
כע פאַרבינדט אַ״ע ארבעטער, ברענגט זיי צוזאַמען אויף
איין אָרט: מ'וויל אין קאַנטאָר רייסן דעם פּרייז, אָדער נאָך
אַ אויסצאָלונג ,וואו מ'האָט יעדן איינעם „געשינדן די הויט", גע־
מאַכט אומגערעכטע „אָפּצוגן" און קיינער ווייסט נישט פאַרוואָס
מ'האָט אים באַריסן — קומט זיך צוזאַמען אַ הייפל אַרבעטער,
און דעמאָלט איז צו זען די פאַרשידנקייט פון אָט דעם מענטשן־
מאַטעריאַל, ווי די פאַרשידנסטע לאַטעס, וואָס טרעפן זיך צו־
זאַמען אויפן מלבוש פון ארבעטער, צוזאַמענגעהאָפטן פון פאַר־
שידנארטיקסטן נישט געקליבענעם שטאָף — אַזעלכע וואָס קו־
מען פון דער בית־מדרש־באַנק, אָדער פון דעם שווערס קעסט
און וואָלטן געפּאַסט אלס כּלי־קודש אין אַ יידישער קהילה, ביז
— אַ טעוול קנאָפּ מיט דעם בלאָנדן גזשיווקעלע, וואָס ער טראָגט ברייט־
טצ הויזן מיט געהאַקטע טאַשן און נעמט באַצאָלט, ווען אַ
פרייער וויל גיין מיט אַ מיידל.

שטיט אין א ווינקל זאַל אַ הייפל אַרבעטער, שטייען און ציילן די „וואונדן“, וואָס מ'האָט זיי געמאַכט היינט ביים אויסצאָלן — עלטערע אַרבעטער, טאַטעס פון קינדער, מיט געלע אויסגעמוטשעטע פנימער, געבויגענע רוקנס און אַראָפּהענגנדיקע הענט, און בחורים נאָך מיט אַ בלישטשל אין אויג, אָבער אויך שוין מיט בלאַסע, אָפּגעצערטע באַקן, וואָס די פּיאַווקע דער זעכצן-שעהדיקער אַרבעטס-טאָג זויגט פון זיי דאָס בלוט אויס.

און דעמאָלט אָנקוקנדיק, זייערע פנימער, ווערט גראָ און שווער אויפן געמיט, און ס'ווילט זיך, זיי זאָלן וואָס גיכער צוריקקערן יעדער צו זיין מאַשין, און אַרום און ווייט און ברייט זאָל ווידער רוישן און בראַזקען דער ריז, די פאַבריק, פאַרטרינקען אין זיין מעכטיקן הילך דעם איינצלנעם, דעם אָפּגעמאַטערטן, דערשלאָגענעם.

## ד

אין די פאַבריקן ברעכט עפּטערס אויס צווישן די אַר־בעטער געשלעגן, ס׳רוב טרוקענע — אויף פויסטן, נאָר טײלמאָל אויך בלוטיקע. און ס׳האָט שוין געטראָפן, אז מ׳האָט געמוזט ברענגען פּאָליציי, „סטראַזשניקעס", זיי זאָלן מיט כּח איינשטילן אַזאַ געשלעג.

ישראל־נח, וואָס איז שוין לענגער הי און האָט זיך שוין אויך איינגעשאַפּט חברים, ווייסט עפּטערס צו דערציילן פון אַ געשלעג, וואָס איז פאָרגעקומען ערגעץ אין א פאבריק צווישן די שטיקערס און פארוואָס עס איז אויסגעבראָכן.

אַבאָ, ווען ער קומט אויף זיין יעדן שבתדיקן וויזיט, וואָס די גאַנצע צייט פון זיין דאָ זיין רעדט ער נאָר פון פאַבריק־ענינים — דערציילט ער טײלמאָל פון אַ געשלעג, וואָס איז אויסגעבראָכן אין דער פאבריק און ווי דאָס געשלעג איז צוגעגאנגען לויט ווי ער האָט דאָס געהערט דערציילן נעכטן, פרייטאָג צו נאכט, אין פּאָליש פון שול, וואָס דאָרט איז יעדן פרייטאָג צו נאַכט, ווען דרינען אין שול איז מען מקבל־שבת — קומט דערווייל פאָר אין האַלב פינסטערן פּאָליש אַ מין אַר־בעטער־בערזע און קלוב צוזאַמען: מ׳עסט באַניעקערן, מ׳שטיפּט אַרום און מ׳רעדט אַרום פאבריק־נייעס פון דער פאַרגאַנגענער וואָך...

ווען אַבאָ דערציילט וועגן עפּעס אַ גרויס געשלעג, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַ פאַבריק צווישן די אַרבעטער, ווערט

דערבײ די מאַמע טויט בלאַס, — אַז אַזעלכע רוצחישע מעשיות זאָלן גאָר פֿאָרקומען צווישן ייִדן און אירע קינדער קאָן גאָר אַמאָל אויך אויסקומען אַזעלכעס בײַצוואוינען. מלכּה ווינקט דעמאָלט צו אַבאָן, ער זאָל שוין אויפֿהערן דערציילן, ווײַל די מאַמע קאָן דאָס נישט הערן, ס'מאַכט איר קאָפּ ווייטיק, נאָר אַבאָ תּם כאַפּט זיך נישט באַלד, וואָס מלכּה מיינט, און ביז ער באַנעמט שוין ענדלעך, האָט ער שוין דערווײַל נישט וואָס צו פֿאַרשווײַגן, ווײַל ער האָט שוין אַלץ אַראָפּגערעדט.

אין דער פֿאַבריק, וווּ בנימין אַרבעט — אין פֿעטער לייב חײמס פֿאַבריק, דערציילן די פֿעדלערס, איז אויך אַמאָל אויסגעבראָכן אַ גרויס און בלוטיק געשלעג. דאָרט אויף אַ שטאָק העכער אַרבעט אַ שטיקער, איינער אַ לאַנגער ייִנג מיט אַ שופֿר נאָז, ער הייסט קריידע און האָט אַ שם פֿאַר אַן אינטערלעקער, וווּ נאָר עפּעס, טראָגט ער דאָס באַלד צום אין קאַנטאָר. אָט דער פֿאַסקודנער קריידע האָט עס אַמאָל געקריגן די בייגער געבראָכן פֿון איינעם אַ שטיקער, וועלכער אַרבעט שוין נישט דאָ — ווײַל יענער האָט חושד געווען, אַז קריידע האָט געמסרט אויף אים, אַז ער אַרבעט נישט אויס דעם גאַנצן גאַרן, נאָר פֿאַרקויפֿט אים. — נאָר צײַט דער קאַנטאָר געפֿינט זיך אין זעלבן הויז, וווּ די פֿאַבריק, קומען מער נישט פֿאָר קיין געשלעגן. בײַ אַ ליאַדע מחלוקהלע צווישן די שטיקערס, לויפֿט באַלד איגנאַצי דער סטרוזש צווויסן טון אין קאַנטאָר, ראָזנבלום אָדער עמיץ אַנדערש קומט גלײַך צולויפֿן, און דאָס געשלעג ווערט אײַנגעשטילט בײַם סאַמע אָנהייב.

און פֿונדעסטוועגן, אַז עס זאַמלט זיך אַמאָל אָן געבווג מחלוקה־לופֿט, קאָן דער קאַנטאָר אויך נישט שטענדיק העלפֿן, און אַזוי איז איינמאָל פּלוצלינג געקומען דערצו. אַז עס האָט געהאַלטן בײַם אויסברעכן אַ גרויס געשלעג, אַן אמתע מלחמה...

אין דעם זעלבן זאַל, וווּ עס אַרבעט אייזיק שיניאַק, אַביסל ווייטער פֿון דעם טישל, לעבן וועלכן בנימין זיצט און פֿעדלט איין נאָדלען; אויף דער זעלבער מאַשין, וווּ עס האָט געאַרבעט דער מיטן בלאַסן טויטן פּנים, וואָס האָט אינגאַנצן

געמוזט אַוועקלייגן די שטיקערײַ-אַרבעט און ער גייט היינט יעדן נאָכמיטאָג מיט אַ גלאָז אין טאַש, אין שעכט-הויז, האַלט עס דאָרטן אונטער די העלזער פון די אָקאָרשט געשאָכטענע בהמות און טרינקט דאָס וואַרעמע בלוט, אַלס רפואה צו זיינע צע-פוילטע לונגען — אויף אָט דער מאשין, איז פּאַר עטלעכע וואָכן אָנגעקומען אַ־בעטן איינער הערש קופּער — אַ בחור נישט קיין היכער, אַ דארער, מיט צוזאַמענגעוואקסענע שווארצע ברעמען. דערדאָזיקער בחור, שמועסט מען, איז אַ גוטער בעל-מלאכה. ער איז אַ שווייגנדיקער; אַלס היפּט-פּעדלערין ארבעט ביי אים זיין אייגענע שוועסטער, און דער פּאָטער, וואָס ברענגט אים און דער שוועסטער יעדן אינדערפרי אָנבייסנס, איז אויך אַ דארער, אביסל איינגעבויגענער ייד מיט אַ גראָער באָרד. שווייגנדיק שטעלט ער אַוועק אויפן טישל די באנקע קאווע און דאָס קערבל עסן און גייט אוועק, אָנזאָגנדיק טאָג טעגלעך דעם זון:

— הערש, געדענק וואשן זיך צום עסן.

מאַכט זיך, אז הערש קופּער, האָט איינמאָל אָנגעטראָפן, ווי טעוול, — דער וואוילער ייִנג טעוול קנאָפּ, וואָס נעמט אָפּ-געצאָלט פון פּרייערס פאר מעגן גיין מיט אַ מיידל און טראָגט אַזא כוואטסקע גזשיוועקלע, און הויזן מיט געהאַקטע טאַשן — האָט דער דאָזיקער טעוול אין אַ ווינקל זאָל פּארטשעפּעט קו-פּערס שוועסטער, אַ טונקלהויטיק מיידל, און נישט קיין חשק געהאַט זי אַזוי גיך לויז צו לאָזן פון זיינע הענט, האָט הערש קופּער אראָפּגעלאָזט טעוולען אַ פּאָר הילכיקע פּלעם אין פּיסק און באַפרייט זיין שוועסטער.

טעוול אָבער איז מן הסתם נישט געוואוינט שווייגנדיק אַראָפּצושלינגען פּעטש און נאָך פון וועמען? פון אַ „לאַפּשוך" אין אַ קאַפּאָטע. — האָט ער זיך צוריק אַ לאָז געטון מיט די הענט אויף קופּערן.

און אַזוי ווי טעוול איז אַן „אָנגעזעענע פּערזענלעכקייט", נישט נאָר דאָ אין פּאַבריק אַליין—האָט זיך באַלד איבער דעם גאַנצן הויז, איבער אַלע שטאָקן, איבער אַלע זאַלן און מאַשי-

ען צעטראָגן דאָס בייעס, אַז אויפֿן ערשטן שטאָק קומט פֿאָר א געשלעג: טעוול שלאָגט זיך...

און דאָס דערמאַנען „טעוול" איז גענוג געווען, אַז פֿון אַלע שטאָקן אין פֿון אַלע מאַשינען זאָל אַפֿילו דער להוסטער אַרבעטער אַלץ שטיין לאָזן און לויפֿן אויפֿן ערשטן שטאָק, זען וואָס דאָרט טוט זיך.

טעוול האָט דאָ אין פֿאַבריק קאָלעגן, זענען זיי אַלע געקומען צולויפֿן, טאָמער וועט נייטיק זיין, מציל צו זיין דעם „קאַמעראַד", אָדער העלפֿן שלאָגן זיין קעגנער; זענען זיי געקומען ווער מיט די ליידיקע אַרויפֿגעשאַרצטע הענט און ווער מיט עפּעס אַ כּלי; אייזיק שיניאַק איז געקומען צולויפֿן מיטן „טרייבער" — אַזא גרויס קרום אייזן — קופּער אָבער האָט אַ חוץ דעם אַלטן האַלב־טויבן פּראָפּער מיט די שווערע ברילן אויף דער שפּיץ נאָז, וועלכער האָט געפּרובט מיט גוטן איינשטילן דעם צעקאָכטן טעוול, קיינעם נישט געהאַט, וואָס זאָל זיך פֿאַר אים איינשטעלן. נאָר אַז די שוועסטער זיינע האָט אָנגעהויבן יאָמערן און שרייען, צוזעענדיק וואָס פֿאַר אַ סוף איר ברודער וועט דאָ נעבעך האָבן, זענען אים צוהילף געקומען יואל פֿאָנטשער, וועמען מ'רופֿט „פֿילאָזאָף", ווייל ער לייענט ביכלעך, און יוסף גרינשפּאַן, אויך אַ לאַנגרעקיגער, אַ געוועזענער ישיבה־בחור. און אַ חוץ אַלע שטיקערס — אַן אָנגעלויף פֿון פּעדלערינס און אַפֿילו איגנאַצי דער סטרוזש...

צו קיין גרויס געשלעג איז אָבער פֿאָרט נישט געקומען, וואָרן ווען אַלץ איז געווען שוין גרייט, אָנגעשטרענגט איין מחנה קעגן דער צווייטער, און צווישן די צוויי מחנות, אין דערמיט, די הינטערשטע וואַנט פֿון דער מאַשין, ווי צוויי קעמפּנדיקע צדדים אָפּגעטיילט צווישן זיך דורך אַ גראָבן; ווען די לייסטן און אייזנס האָבן זיך שוין געהויבן איבער די קעפּ; די נעז האָבן שוין געסאַפּעט, דאָס געפּילדער איז געווען גרויס, און מער־נישט־ווער האָט דערווייל שוין פֿאַרזוכט אַ זעץ — איז מיט אַמאָל אָנגעלאָפֿן ראָזנבלום. דער צווייטער פֿאַבריקאַנט — מיט איין געשריי האָט ער אָפּגעשטעלט דעם ליאַרעם, מיט דעם

צווייטן — צעטריבן דעם אָנגעלויף. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַן אײיליק לויפן איבער די שטיגן. ווער ארויף אין ווער אַראָפּ. יעדער אויף זיין שטאָק, צו זיין מאַשין און דאָס געשלעג איז אזויערנאָך איינגעשטילט געוואָרן.

דאָס געשלעג האָט מער נישט אויסגעבראָכן, יעדער איז זיך צוריק געזעסן ביי זיין מאשין און געאַרבעט. נאָר טעחל, חייזט אויס, האָט דאָס זייניקע נאָך נישט געהאַט אויפגעגעבן; אין אים אינעווייניק איז נאָך געלעגן דער כּעס — אמת, שוין אַביסל אַן אָפּגעקילטער, אָבער נאָך אַ האַרטער, ווי אייזן און אַ לויערנדיקער און איינמאָל, אין אַ וואָך אַרום, ווען קופער איז געקומען, ווי געוויינלעך, אינדערפרי צו דער ארבעט, זיך אויסגעטון און צוגעגאַנגען אַרבעטן, און ווי נאָר ער האָט דעם ערשטן טריט געגעבן אויף דעם „שעמל״ און אָנגענומען די קאָרבע ארויסצופירן דעם „וואָגן״—האָט עס געטון אַ זעץ ווי אַ דונער און די קאָלבע האָט זיך אָפּגעשטעלט.

די מאַשין איז געווען „פאַרשרויפט״. אַפּנים, ביי נאַכט איז דאָס געמאַכט געוואָרן—און ווער דאָס האָט געטון, האָט מען זיך אויך משער געווען. נאָר גערעדט האָט קיינער גאָרנישט. דער סטרוש אַפילו האָט געצויגן מיט די פּלייצעס, אַז ער ווייסט נישט.

קופער איז נישט געגאַנגען וועגן אַ מאָנטיער, וואָס זאָל אים צוריקשטעלן די מאשין. ער איז אפילו נישט געגאַנגען מעלדן אין קאַנטאָר. ער האָט זיך אוועקגעזעצט ביי דער מאַשין, געזעסן, געקוקט און געטראַכט.

אַ שעה נאָך אַ שעה איז אַוועק. די פעדלערס זיינע, נישט האָבנדיק דאָ וואָס צו טון, האָבן זיך צעשפּרייט איבער די אַנדערע מאַשינען, זיך צוגעזעצט צו אַנדערע פעדלערס שמועסן אַביסל. קופער איז אַלץ געזעסן מיטן גרויסן מאַשין־שליסל אין האַנט און געטראַכט.

דער פאָטער האָט געברענגט אָנבייסן, אַנידערגעשטעלט דאָס קריגל קאווע און די שטיקלעך ברויט, — קופער איז נישט צוגעגאַנגען אָנבייסן. ער איז ווייטער געזעסן ביי דער מאַשין,

געשרויפט שרויפן, געקלאפט אהין און געקלאפט צוריק; רעגו־לירט די „וועגן" איינעם לויט דעם צווייטן, און אז ס'איז אלץ באכנישט גוט געווען, האט ער זיך ווידער אוועקגעזעצט, געריסן האר פון דעם שפראצנדיקן בערדל און געטראכט.

ס'איז אוועק דער לאנגער און הייסער זומער־טאג. ס'איז געוואָרן אָוונט. אלע זענען אהיימגעגאנגען, קופער — נישט. ער האט אָנגעצונדן א לאמפ און ווייטער געצומען מייסטרעווען אין דער מאשין.

דער מאָרגדיקער טאָג איז אויך אזוי אוועק. טעוול קנאפ איז טיילמאָל אזוי־זיך פארבייגעגאנגען מיטן פאפיראָסל אין מויל, א קוק געטון, א גלאנץ געטון מיט זיינע העלע אויגן און שווייגנדיק פארבייגעגאנגען מיט א לייכט שמייכעלע אונטער די וואָנסעלעך.

ס'איז אזוי אוועק א טאָג אין נאָך א טאָג, הערש קופער איז עקשנותדיק געזעסן א פארטיפטער און נישט ארויסגעלאָזט דעם שליסל פון האנט ארויס. ער האט נישט געגעסן, נישט געשלאָפן געזעסן און געשרויפט אין דער מאשין; געמאָסטן מיט א צענ־טימעטער, געפאסט די „וועגן" איינעם קעגן צווייטן, געשרויפט און לייכט, לייכט געקלאפט אויף די צעשרויפטע טיילן — און אָט דאָס עקשנות קופערס האט אויף טעוולען אויסטערליש א פעולה געהאט.

שוין אויפן צווייטן טאָג האט טעוול נישט געשמייכלט מער; פארבייגייענדיק אין צוזעענדיק, ווי אויפן טישל ליגט דאָס אָנ־בייסן נישט גערירט, און קופער, איינגאנצן א פארשמירטער אין אייל און מאשינען־סאזשע, זיצט א פארטיפטער, איינגאנצן א נישט־דאָ־וועלטיקער—שרויפט, רעגולירט, און שרויפט ווידער, און די „וועגן" ווערן אונטער זיינע הענט און די קלעפ פון זיין שליסל באלד געהאָרכזאמער און רירעוודיקער, איז טעוול אלץ ערנסטער געוואָרן, און א מין באדויערונג, צו וואָס ער האט אים דאָס אָפגעטון, האט זיך אויף טעוולס פנים אָפגע־שפיגלט.

און ס'איז געווען איינמאָל, דעם פערטן אָדער פינפטן

טאָג, ווען טעוול, — שוין נישט אויף צו להכעיס, נאָר חייל ער האָט טאַקע געדאַרפט — פאַרבייגעגאַנגען און פונקט אָנגעטראָפן, ווי קיפּערס מיטצר — אַ קליין איינגעדאַרט יידענעלע אין אַ קופּקעלע — זיצט איבערן זון מיט אַ טעפּל קאַווע אין איין האַנט און עטלעכע שטיקלעך ברויט אין דער צווייטער האַנט און בעט מיט טרערן אין קול: — הערש טו מיר צוליב און עס, ווערסט דאָך פון זיך אַ תל מאַכן — און ער, הערש, מיט דער זעלבער התמדה, ווי דעם ערשטן טאָג, ווי די ערשטע שעה, זיצט, שרייבט, קלאַפּט, און ווי מורא האָבנדיק צו איבעררייסן די אַרבעט מיט דעם אָנרופן זיך אַ וואָרט, ברומט ער בלויז: „ממו ממו״... וואָס דאָס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן: „באַלד, באַלד איז אַלץ צוריקגעשטעלט״ — האָט אָט דעם הפקרדיקן טעוועלע, וואָס האָט ליב לייכטע געמיינע פאַרדינסטלעך, דורכגענומען אַ באַוואונדערונג צו יענעמס עקשנות, וואָס האָט איינער אַליין אָפּגעטון אַזעלכעס: צוריקגעברענגט אין אָרדנונג די מאַשין אָן עמיצנס מיטהילף — און טעוולס האַרץ איז מיט אַמאָל פול געוואָרן מיט וואַרעמקייט, אָט ווי מ׳נעמט אַ ליידיקע טרוקענע שיסל און מ׳גיט זי אַ גיס אָן פול, און ווי אַ פאַרשעמטער, פאַרוואָס ער איז נישט אַזוי, איז טעוול אַוועק צוריק צו זיין מאַשין, געזעצט זיך אַרבעטן, און מער האָט ער שוין קיינמאָל קופּערן נישט פאַרטשעפּעט.

## ז

דוד פישמאַן דעם פעטער לייבס חיימס איידעם — אַ בידריק געפּאַקט יידל מיט אַ רויט בערדל און אַ קורצזיכטיקער — האָט נישט אַנדערש געוואָלט אַראָפּ פון די קעסט, סיידן דער שווער וועט אים צוגעבן צו די צוויי מאַשינען, וואָס ער האָט געקריגן נדן, כאָטש נאָך צוויי. וועט ער האָבן פיר מאַשינען און פירן אַ פאַבריק אויף אייגענער האַנט.

לאה פישמאַנס ווייב — מיט אַ הויקערדיק נעזל און לעבעדיקע שוואַרצע אויגן — האָט אויך צוגעהאָלפן דאָס אויסצופועלן ביים פאָטער. נאָר ווען דער פאָטער איז שוין נוטה געווען דאָס נאָכצוגעבן, איז געקומען צולויפן דער עלסטער זון בן, וואָס איז אַ קליין ביסל טויב און דערפאַר גענומען אַן אָרעם מיידל איגגאַנצן אָן נדן און האָט נאָר איין מאַשין פון פאָטער — איז ער געקומען מיט אַ ריכטיקער טענה, אַז ער וויל אויך מאַשינען, און באַלד איז געקומען דער צווייטער אויסגעגעבענער זון העניך — וואָס איז אַמאָל געווען אַזאַ לייט, ווי מנשה היינט, און דער פאָטער האָט אים דעריבער יונג חתונה געמאַכט — איז ער געקומען מיט אַ — „איך וויל אויך מאַשינען"... האָט די כלה־טאָכטער אסתר אַ דערזע געטאָן, וואָס דאָ טוט זיך, אַז די „ראַבושניקעס" ווילן אַזוי דעם פאָטער צעטראָגן דאָס פאַרמעגן — איז זי געלאָפן מיט אַ געוויין צו דער מומע חיה רבקה, זי זאָל איר העלפן ראַטעווען עפּעס, ווי לאַנג ס'איז נאָך נישט צו שפּעט. און די מומע חיה רבקה האָט

שוין אויך נישט געקאָנט צוזען דעם תּל וואָס מ׳גייט דאָ מאַכן פון איר ברודערס פּראַצע; האָט זי זיך מיט אים ערגעץ געטראָפן און אים דיפּלאָמאַטיש דערמאָנט, אַז מ׳טאָר נישט ארייגלייגן דאָס גאַנצע „דאַבּרע-מזל״ אין די אויסגעגעבענע קינדער, ווען מ׳האָט אין שטוב נאָך קינדער...

צו דער מומע חייה רבקהס אַריינמישן זיך האָט געהאַט עפּעס אַ פּעולה, איז נאָך אַ גרויסער ספק; נאָר פון דעמאָלט אָן איז די מומע געוואָרן דאָרט אַ הויז-אַדוואָקאַט: וואו עפּעס אַ משפּחה-סכסוך, אָדער אַ קינד האָט געוואָלט עפּעס אויספּועלן ביים פאָטער און נישט געפונען אין זיך די דרייסטקייט דאָס אַליין פאָרצוברענגען, איז מען געגאַנגען ווייגען פאַר דער מומע חיה רבקה, און זי האָט סרוב מאָל גערן גענומען אויף זיך דאָס שתּדלנות.

צוליב אַזאַ ענלעכן ענין — די מומע זאָל העלפן די מוטער פועלן ביים פאָטער, ער זאָל איר דערלויבן ערגעץ פאָרן אויף א פּאָר וואָכן — איז אמאָל אַרויפגעקומען טעמערל, דעם פעטער לייב חיימס טעכטערל, זיך פאַרזעסן ביז אין אָוונט, און אַז זי האָט געדאַפט אהיימגיין, איז דער גורל געפאַלן, אַז בנימין, אַלס דער עלטסטער מאַנספּיל אין שטוב, זאָל טעמערלען אַהיימבאַגלייטן.

בנימין איז שוין מער נישט געווען דאָס שעמעוודיקע בחורל, וואָס מיט צוויי יאָר צוריק; ער איז איצט מער נישט רויט געוואָרן ביי יעדן צווייטן וואָרט. ער איז איצט געווען אַ זיבנצניעריקער ארבעטער. דאָס הארטע לעבן אין פאַבריק איז פאר אים געווען אַ גוטע שול, דורך די דאָזיקע צוויי יאָר איז ער א סך דורכגעגאַנגען און אַ סך לעבנס-בויט קענען געלערנט... ער איז היינט געווען אַ מיטל הויכער, אַ דאַרער בחור מיט אַ בלאַס פּנים, טונקעלע האלב מאַטע אויגן און אויף דער אויבערשטער ליפּ האָט אים גענומען שפּראָצן א טונקל שמאָל פּאַסיקל.

אָבער די פאַבריק האָט אויף אים געהאַט א ווירקונג נאָך אין אַן אַנדער ריכטונג — ער, בנימין, איז געווען איבערצייגט,

אז דאָס גאַנצע לעבן אין פאַבריק, אַלץ וואָס דאָרט טוט זיך אָפּ. צווישן די מאַנסבילן און מיידלעך, און בכלל די רייד, וואָס מ'הערט זיך דאָרט אָן פון אינדערפרי ביז אין אָוונט — איז איין לאַנגע קייט פון פאַרברעכנס קעגן דער אָנשטענדיקייט, קעגן דער צניעות.

דערפאַר, אַז עס איז אים אַמאָל אויסגעקומען צוגעפינען זיך אין אַן אַנדערער נישט פאַבריק־סביבה, האָט ער זיך געפילט נישט פריי, מורא געהאַט, ער זאָל זיך אַמאָל נישט אַרויסכאַפּן מיט אַ פאַבריק־וואָרט; האָט זיך געשעמט, גלייך אויף זיין שטערן זענען אויסגעקריצט די אַלע רייד און מעשים, וועלכע ער הערט און זעט זיך אָן דאָרט; פלעגט ער זיך דערפאַר האַלטן געפּענטעט, צו קלויבן אַ וואָרט און עס גוט באַטראַכטן, איידער ער רעדט דאָס אַרויס, און פלעגט דעריבער מאַכן דעם איינדרוק פון אַ פלעגמאַט.

אויך איצט, באַגלייטנדיק טעמערלען און גייענדיק נעבן איר, האָט ער געהאַט דאָס זעלבע געפיל. ער איז דערפאַר — וועלנדיק זיין אַנשטענדיק — געגאַנגען מיט אַ נישט נאַטירלעכן אַ ביסל פאַראַדנעם טריט, האַרט לעבן רינשטאָק, איבערלאָזנדיק פאַר איר אַ פרייען גרוימען וועג, דעם גאַנצן איבעריקן טראָטואַר, און ער האָט נישט געהאַט די דרייסטקייט אָנצוהויבן עפּעס רעדן.

טעמערל האָט אָנגעהויבן:

— ס'מוז שוין אוודאַי זיין שפּעט איצט?

— יאָ — ענטפערט בנימין מיט אַ היסטל, ווי פאַר קוראַזש וועגן — צען אַזייגער וועט שוין זיין.

— נו, — לאַכט זי — „צען“ איז נאָך נישט אַזוי שפּעט.

זיי זענען אָפּגעגאַנגען די שפּיטאָל־גאַס, זיך פאַרקערעוועט אין אַ צווייטער. אין ראָג האָט געברענט אַ גאַז־לאָמפּ און פאַרבייגייענדיק אין דער ליכט־שיין, איז זיין בליק געפאַלן אויף דערנעבן אים גייענדיקער, איר איידעלן גאַנג און אָנגעטויעכטס — און מיט אַמאָל האָט אים הייס אַנעם ארומגעטאָן דאָס באַוואוסטזיין, אַז אָט די וואָס גייט דאָ נעבן אים איז נישט פון

יענעם סאָרט מיידלעך, מיט וועלכע ער קומט אין בארירונג אין פאַבריק, דאָס איז גאָר, גאָר אַן אַנדער מין; דאָס איז טעמערל — ער, דער פאבריק־יונג, גייט דאָ מיט אַ מיידל, וואָס פאַר־ברענגט דעם טאָג נישט אַזוי ווי ער — אין פאַבריק — נאָר אין שול צווישן איידעלע חבר׳טאָרינס, מיט לערערקעס געביל־דעטע; יענע ווייסן זיכער נישט, אַז עס זענען גאָר פארהאנען אַזעלכע גראָבע ווערטער, ווי די, וואָס ער הערט זיך אָן.

און אָט דאָס נאָנטע מיידל איז דאָך זיינס אַ קרובה, אַ נאָנטע קרובה, איר פאָטער איז זיין, בנימינס, מוטערס אַ ברודער, אַ לייבלעכער ברודער. און ווי צו איבערצייגן זיך, אז דאָס איז טאַקע אמת, אַז דאָס חלומט זיך אים נישט, נאָר איז אַ ווירקלעכקייט, האָט ער זיך אָנגערופן מיט נישט קיין דרייסט קול און נישט דיצנדיק איר, נאָר אין א פאַרשטעלטער פאָרם:

— איך טרעף אָפט טעמערלען גיין פון שול מיט די ביכער...

— ניין — רופט זי זיך אָן — איצט שוין נישט, איך גיי שוין נישט אין שול.

— שוין נישט? — חידושט ער זיך און איז נישט דרייסט צו פרעגן, פאַר וואָס זי גייט שוין נישט.

— איך האָב שוין געענדיקט דעם לעצטן קלאַס — מאַכט זי קלאָר.

— שוין געענדיקט! — רופט ער אויס איבערראַשט, און דערלייכטערט, ווייל ער ווייסט שוין — שוין אַלע קלאַסן געענ־דיקט? — פרעגט ער איבער.

— יאָ זאָגט זי — און מיט סאַמע פינפן...

דאָ האָט ער גאָרנישט געוואוסט וואָס צו רעדן: אָט זי דאָס מיידל, יונגער פון אים, איז שוין אויסגעגאַנגען די גאַנצע שול, אַלע קלאַסן, האָט אויפן קאָפּ אַלע ביכער און העפטן — דאָס איז אים אויסגעקומען שווער, זעלטן שווער, נאָך שווע־רער, ווי זיך אויסצולערנען צונויפשטעלן איינער אליין פון די באַזונדערע טיילן און אָן אַ שיר פיצלעך, אַ גאַנצע מאַשין.

און זי, אַ מיידל, אזא דינע און דריבנע!
זיי גייען ווידער אַ ווייל שווייגנדיק, דערנאָך הויבט בנימין אָן:
— טעמערל ווייסט — איך אַרבעט שוין אויף דער מאַשין.
נאָר דאָ שלאָגט זי אים איבער:
— בנימין — זאָגט זי היימיש — מיר זענען דאָך נישט קיין פרעמדע, דו ביסט דאָך דער מומע חיה-רבקה'ס — פאַרוואָס רעדסטו צו מיר עפּעס אַזוי...
זאָגט ער שוין היימישער.
— איך האָב געמיינט, אַז.. — און ער פאַרענדיקט נישט.
דערנאָך רעדן זיי פון דעם, אַז ער האָט זיך געלערנט צייכענען מוסטערן; טעמערל ווערט ערשט איצט דאָ געוווירר, אַז ער האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס לערנען זיך צייכענען. זי פרעגט:
— פאַר וואָס?
— ווייל דאָס פאַך איז מיר נישט געפעלן — ענטפערט ער קורץ.
— און מנשה — פרעגט בנימין נאָך אַ ווייל — ער איז שוין אַוודאי אַ גאַנצער „צייכנער”?
טעמערל ענטפערט נישט גלייך. ערשט נאָך אַ ווייל רופט זי זיך אָן, ווי נישט ניחא'דיק:
— פון מנשה ווייס איך גאָרנישט וואָס ער טוט.
זייער וועג פירט דורך דער שטילער פון ביידע זייטן מיט ביימער אויסגעזעצטער וואַסער-גאַס; זעלטן גייט עמעץ אַ דורך; אַ שפּאַצירנדיק פּאָרל גייט פאַר זיי. טעמערל גיט זיך אַ קוק ארום און פרעגט פּלוצלינג:
— פאַר וואָס, בנימין, ביסטו אַזוי פאַרפרעמדט, פאַר וואָס קומסטו צו אונז קיינמאָל נישט אַרויף?
— נישטאָ קיין צייט — ענטפערט בנימין כלומרשט גלייכגילטיק, און אַ וואַרעמע כוואַליע האָט אים צום האַרץ צוגעשלאָגן און איבער זיין גאַנצן קערפּער אַ דורכגעפלאָסן.
נאָך איין גאַס האָבן זיי אדורכצוגיין, אַ גרויסע און ברייי

טע גאַס, מיט אַ סך מענטשן און איילנדיקע דראָשקעס. די גאַס איז אָפּגעטינקט אין ליכט, ווי אין העלן טאָג. איידער זיי קו־מען אין אָט דער גאַס, מעסט אים טעמערל אָפּ מיט אַ קורצן אָבער געניטן בליק, און זי רופט זיך אָן:

— גייסט דאָך נאָך אין די פאַבריק־מלבושים. האָסט זיך גאָרנישט איבערגעטאָן?...

ער האָט צערודערט אויף זיך אַ קוק געטאָן און גע־פּלעפט געבליבן.

זיינע מלבושים, יאָ זיי זענען שוין טאַקע גאָרנישט ווי ס׳דאַרף צו זיין, אָט די מלבושים זיינע! נאָר דער עיקר די הויזן מיט דעם אויסגעדריוועלטעכטס אויף די סאַמע קניען. און דאָ איז אַזוי ליכטיק און העל, מענטשן אויסגעפּוצטע שטראָ־מען הין און צוריק, שפּאַצירן אַרום, ווי אין אַ חתונה־זאַל. און ער, בנימין, אַך, די מלבושים זיינע!...

ער האָט זיך געפילט אומגליקלעך. פאַר עגמת־נפש זענען אים די אויגן פול געוואָרן מיט טרערן.

טעמערל אָבער האָט, ווייזט אויס, שוין גאָרנישט גע־דענקט, וואָס זי האָט אים געזאָגט וועגן זיינע מלבושים. זי איז געגאַנגען ביי זיין זייט, פריי געפּילדערט, פראָסט און היימיש.

האָט ער זיך אויך בארויקט.

און אין דער אמתן — אפשר זענען זיינע מלבושים טאַ־קע נישט אַזוי — דערפאַר גייט ער אָבער מיט אַ שטעקעלע אין האַנט, אַ שיין שטעקעלע, שוואַרץ אָפּגעלאַקירט, און מיט אַ פיין רונדיק געטאָקט קעפּל. און אַז ער גייט, הייבט ער עס אויף אַזוי ריטמיש, איינס, צוויי... נו, צי גיט אים דען דאָס שיינע שטעקעלע נישט צו דאָס, וואָס די נישט אָרנטלעכע מלבושים מינערן פון אים?

און האַלטנדיק דאָס שטעקעלע אַזוי, אַז טעמערל זאָל עס אויך באַמערקן, איז ער רויק געגאַנגען ביי איר זייט.

זיי האָבן זיך פאַרקערוועט אין אַ רויק געסל, צוגעקומען צו איר פאָטערס הויז. דער סטרויזש פאַר דער טיר האָט, דער־

זעענדיק טעמערלען, אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטל און זיך פאַרנייגט. בנימין איז רויט געוואָרן און בישט ווינסדיק צי עס פּאַסט, האָט ער אויך אַראָפּגענומען דאָס היטל. און זיי זענען צוגעגאַנגען צו די שטיגן׳ וואָס פירן אַרויף אין אירע עלטערנס וואוינונג.

נאָר דאָ איז פאָרגעקומען עפּעס, אויף וואָס בנימין האָט זיך גאָרנישט געריכט: איידער טעמערל האָט זיך געלאָזט אַרויפגיין, ביים געזעגענען, האָט זי אויסגעשטרעקט איר דין איידל הענטל און עס אַריינגעטאָן אין בנימינס אויסגעאַרבעטער האַנט, וואָס מיט די מאזאָלעס פון דער קאָלבע.

טעמערל האָט אים געדריקט איר האַנט.

און דאָס איז געווען דאָס העכסטע וואונדער פון דעם גאַנצן אָוונט.

## ח

בנימין איז נאָכנישט געווען אינגאַנצן שטיקער פּאַר זיך. אָבער ער איז שוין געווען אַ גוטער אַרבעטער, און מ׳האָט זיך געקאָנט פאַרלאָזן אויף אים, איבערלאָזן אונטער זיין האַנט די מאַשין אויף טעג גאַנצע און ס׳האָט כמעט נישט געטראָפן, ער זאָל אַמאָל קאליע מאַכן די אים אָנפאַרטרויטע אַרבעט.

אין דערהיים איז זיך אַזוי לאנגזאַם און אומבאַמערקט אַלץ אַנדערש געוואָרן. די אַמאָליקע באַלעבאַטישע שטוב-פירונג האָט פון זיך אַליין זיך אויסגעוועבט און פאַרשוואונדן, איבער-לאָזדיק אויף איר אָרט דאָס נאַטירלעכע לעבן פון אַן ארבעטער-משפחה.

מ׳האָט מער נישט אָפּגעהיטן דאָס וואַשן זיך „שאו ידיכם״ צום ברויט און דאָס בענטשן נאָכן עסן. דאָס דאַווענען אין דער פרי, אין די תפילין, איז אָפּגעפּרעפּלט געוואָרן גיך-גיך, ווי עפּעס לעסטיקס, איבעריקס, און אפילו שבת, ווען מ׳האָט נישט געדאַרפט זיך איילן — האָט דאָס דאווענען אינדערהיים אויך געהאַט אַ פּנים ווי חוזק, און מ׳האָט גלייך זיך אַנידערגעזעצט צום אָנבייסן.

פון זיך אַליין איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דאָס לערנען חומש, וואָס בנימין פלעגט קנעלן מיט ישראל-נחן יעדן שבת און יום-טוב נאָכן מיטאָג. ישראל-נח האָט שוין באַוויזן זיך איינצושאפן חברים, פאַבריק-יינגלעך, פעדלערס אזעלכע ווי ער און דעם פרייען טאָג האָט מען אויסגענוצט אויף צו גיין שפּאַצירן.

בנימין, וואָס אַן אמת האָט נאָך נישט געהאַט קיין שטענ־דיקע חברים. נאָר דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל ער איז איצט געווען נאָכנישט „שטיקער“ און שוין נישט „פעדלער“. פון פעדלער־פאַך איז ער שוין געווען אַרויסגעוואַקסן, און צום דרך־ארץ־דיקן שטיקער־פאַך — נאָך נישט דערוואַקסן.

שבת פלעגט ווי געוויינלעך קומען אַבאָ, דער זון פון דער מאַמעס קרוב, און ביים אַוועקגיין — אַמאָל מיטרופן בנימי־נען, אַביסל זיך איבערגיין. בנימינען האָט דאָס געשמייכלט, וואָס אַבאָ, וועלכער האָט אַ נאָמען פון אַ אָנגעזעענעם און גוטן שטיקער, האַלט אים פאַר זיינס גלייכן און רופט אים גיין שפּאַצירן, פלעגט ער זיך סטאַרען נישט אַראָפּצופאַלן אין אַבאָס אויגן; געגאַנגען לעבן אים, נישט יינגלדיק, נאָר מיט געלאַסענע טריט, מעשה שטיקער, און גערעדט פון פאַבריק־ענינים, בלויז פון פאַבריק־ענינים, און מיטן ספּעציעלן פאַך־לשון; דערציילן זיך איינער דעם צווייטן, ווי צוויי גלייכע — פאַרשידענע געשעענישן, ווי מ׳האָט שיער קאַליע געמאַכט אַ „שטרייף“ צוליב עפּעס אַ סיבה, נאָר די לעצטע, לעצטע מינוט זיך אַרומגעזען און נאָך באַוויזן צו פאַרהיטן.

דאָס אַרויפברענגען אויף אָט די שמועסן איז פון אַבאָס זייט געווען אַ מין נישט אָפּיציעלער און נישט דירעקטער עק־זאַמען צו דערטאַפּן אויף ווי וויט בנימינס קענטעניש גרייכט שוין.

— „ליאַלקע“ — זאָגט אַבאָ — איז אַ שווער מוסטער. האָסט עס אַליין אָפּגעאַרבעט? און דאָס געוויקלעכץ, ווי איז דיר געגאַנגען?

בנימין דערציילט, ווי אַזוי ער האָט עס געמאַכט. ער שיט מיט פאַך־ווערטער און טערמינען, אומפאַרשטענדלעכע פאַר אַ נישט־פאַכמאַן. ער צייכנט מיטן פינגער אין דער לופט דעם „גאַנג“. אַבאָ האָט עפּעס אויסצוזעצן דערקעגן... ס׳ברעכט צווישן זיי אויס אַ שטיקל געהאַמפּעריי, קיינער וויל נישט נאָכלאָזן פון דאָס זייניקע, פון זיין חריפותדיקן גאַנג. לסוף לאָזט יעדער

עפּעס נאָך, און אַבאַ מוז זיך מודה זיין, אַז בנימין פאַרשטייט שוין די אַרבעט גאָר נישקשהדיק.

אין פאַבריק, אַז מ'שיקט אַמאָל אַריין פון קאַנטאָר אַ נישט געוויינלעך מוסטער, מיט דעם באַפעל באַלד דאָס צונע-מען אַרבעטן, און דער שטיקער איז נישטאָ, נעמט בנימין דאָס מוסטער אין האַנט, פאַרוויקלט ווי אַ מגילה, מיטן געצייכנטן אינעווייניק און גייט פרעגן אַ „גאַנג" צו הערש קופער.

זעצן זיי זיך ביידע אַוועק ביים טישל — די פעדלערס טוען דערווייל „אויפשטעקן" נייע נאָדלען אין דער מאַשין — ווי צוויי לומדים איבער אַ ספר. קופער, ווי זיין שטייגער איז ווען ער וויל איינבייסן עפּעס גאָר האַרבס, שכלדיקס — בייסט זיך די אויבערשטע ליפּ, טראַכט אַ ווייל פאַרטיפט און נעמט באַלד דרייען מיטן גראָבן פינגער, ווי אַמאָל, ווען ער איז נאָך געווען ישיבה-בחור, ביי אַ האַרב שטיקל מהרשאָ...

און אָט, מיט קיפּערס צוהילף, ווערט דאָס נישט באַגרייפ-לעכע, לייכט און שכלדיק פּראָסט. ווען בנימין גייט פון דאָרט אַוועק צוריק צו זיין מאַשין, איז אים שוין אַלץ קלאָר און פאַרשטענדלעך. ער שלאָגט צו דאָס מוסטער צום „ברעט" און נעמט עס רואיק אַרבעטן.

---

ס'האָט זיך געמאַכט, מנשה דעם פעטער לייב חיימס, האָט אין דער היים עפּעס אָפּגעטון — צוגעפּאַסט אַ שליטל צום פּאָ-טערס שופלאָד — האָט אים דער פאָטער געפּאַקט דערביי און אַרויסגעטריבן פון שטוב, איז מנשה אָן שום לאַנגע טראַכטענישן געגאַנגען און זיך באַזעצט ביי דער מומע חיה-רבקה.

מנשה האָט זיך דאָרט איינגעבירגערט, און הגם דער פאָטער האָט דייטלעך געזאָגט, אַז ער וויל נישט, דער יינג זאָל ביי חיה-רבקהן געפינען אַ היים, איז אָבער די מוטער זיינע אָפּט אין די אָוונט-שעהן, דער מאַן זאָל נישט וויסן — געקומען געוואָר ווערן, וואָס איר זון מאַכט, ווי אים לעבט זיך; געוויינט אין טיכעלע אַריין: — „דער טרויעריקער מנשה,

ער האָט זיך דען אַליין אויף דער וועלט געברענגט״... זי האָט אים באַזאָרגט מיט וועש און טאַשן-געלט. און די מומע חיה-רבקה האָט דעם יינג גערן געהאַלטן ביי זיך און געמאַכט אים באַקוועם, ער זאָל זיך אין איר שטוב פילן היימיש.

די מאַמע האָט געבעטן:

— קינדער, בנימין און ישראל-נח — זייטס גיט צו מנשהן, זייטס מיט אים נאָענט. ער איז נעבעך איצט פאַרוואָגלט. אומגליקלעך, כ׳זאָל מיין מויל צו בייזס נישט עפענען.

מיט דעם „אומגליקלעכן מנשה נעבעך״ איז אָבער נישט געווען אַזוי לייכט נאָענט צו זיין. ער איז באַלד געוואָרן אין שטוב אַ פּריווילעגירט באַשעפעניש, און מ׳האָט אים אומעטום געפּילט, ווי אַ פּאַרזשאַווערטע נאָדל, ווען זי קריגט זיך אריין אין מענטשנס לייב.

ס׳איז געווען שווער צו פאַרטראָגן זיין אויפפירן זיך, מיט דער חוצפּה פון דעם רייכן וואָלבערגס פאַרדאָרבענעם זון, ווען ער געפינט זיך אין שטוב ביי קבצנים, און מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז זיין מוטער צאָלט דאָ פאַר זייבעטוועגן; ס׳איז געווען אומדערטרעגלעך זיין מכלומרשט אומשולדיק טשעפּען זיך צו מלכהן, זיין צווידייטיק רעדן צו איר, וואָס דאָס האָט שטאַרק דערמאָנט די פאַבריק-שמועסן צווישן די שטיקערס און מיידלעך פעדלערינס. — אין בנימינען האָבן מנשהס דאָזיקע רייד און לאָבוסעוואַטע האַוואַיעס צו זיין שוועסטער. דאָס בלוט צעקאָכט און אַ כעס אין האַרצן געמאַכט פלאַטערן.

די מאַמע, ווייזט אויס, האָט דאָס אויך נישט געקענט פאַרטראָגן. זי פלעגט ווערן רויט און — באין ברירה — דאָס אויפנעמען, אַלס אומשולדיקע שטיפערייען צווישן יינגע געשוועסטערקינדער. די מאַמע האָט קוים דעם מוט געהאַט אַמאָל, ווען מנשה האָט פאַרטשעפּעט מלכהן — לייכט אַ זאָג געטון:

— נו, גענוג שוין, מנשה, גענוג אויף היינט...

ס׳האָט געטראָפן, אַז ווען ישראל-נח האָט געגעסן מיטאָג, האָט אים מנשה געקלאַפּט איבער דער האַנט און נישט געלאָזט אים נעמען דעם לעפל זופּ צום מויל. ישראל-נח האָט זיך גע-

איילט צוריק צו דער ארבעט, איז ער נישט געדולדיק געווען צו מנשהס המצאות, האָט ער אָן צערעמאָניעס אים אָפּגעגאָסן מיט דעם לעפל זודיקע זופּ, פון וואָס מנשה איז שוין אויך ערנסט געוואָרן, צו ערנסט... און ווען נישט דער מאַמעס אַרייַנמישן זיך, וואָלט דעמאָלט אויסגעבראָכן אַ געשלעג.

מנשהס זיין דאָ האָט זיך געפילט שווער, אומדערטרעגלעך שווער.

## ט

— ווּעסט אפשר גיין אַביסל שפּאַצירן מיט מנשהן — האָט די מאַמע איינמאָל אין אַ שבת נאָכמיטאָג פאָרגעלייגט בנימינען.

מנשה איז שוין דעמאָלט האַלב צוריק שלום געווען מיטן פאָטער. די מאַמע האָט געגלויבט, אַז אינגיכן וועט דער שלום זיין אינגאַנצן צוריקגעשטעלט און מנשה וועט אַהיימגיין, האָט זי נישט געוואָלט, ער זאָל ארויסטראָגן פון איר שטוב עפּעס אַן אומצופרידנקייט.

מנשה האָט אויך חשק געהאַט אַביסל זיך איבערשפּאַצירן מיט בנימינען. ווארום צייט די עטלעכע וואָכן, וואָס ער איז אַוועק פון פאָטערס שטוב, האָט ער נישט געהאט די שבתדיקע מלבושים, און אָן די בעסערע מלבושים און מיט דעם ווייניקן טאַשן-געלט, וואָס די מוטער שטעקט אים אַמאָל אָפּ, האָט ער נישט קיין צוטריט צו זיינע אַמאָליקע חברים די לעבּ-ייִנגען.

— גוט! — האָט מנשה זיך אָנגעכאַפּט אָן דער מומעס פאָרשלאָג — מיר וועלן מאַכן אַ שפּאַציר צו דער באַן. מ׳זאָגט אַז עס גייען שוין אָפּ צוגן...

— צו דער באַן גאָר? — זאָגט די מאַמע אומצופרידן— ס׳איז אַזוי ווייט.

נאָר אַז מנשה האַלט זיך אָבער דערין, וויל אים די מומע צו „דער גוטער לעצט״ שוין דאָס אויך נאָכגעבן. עס ארט זי שוין נישט, וואָס בנימין וועט ביי אַזאַ מהלך צעלייגן די

שיך. זי האָט בלויז מורא, אַז דער וועג דאָרט, הינטער דער שטאָט, איז פול מיט שקצים...

— שקצים? — מאַכט מנשה וואוילעריש — איך בין מער שייגעץ פון אַלע שקצים.

די מאַמע האָט ביטער געשמייכלט אויף איר ברידערזונס תכשיטדיקע באַמערקונג, און די צוויי שוועסטער-קינדער זענען אַוועק שפּאַצירן צו דער נייגעבויטער באַן.

דער וועג אַהין האָט געפירט דורך דעם נייעם שטאָט-טייל. דאָ איז צוגעגאַנגען אַ פיבערדיקע בוי-באַוועגונג. מ'האָט געהאַלטן אין איין מויערן וואוינהייזער און פאַבריקן. מענטשן, משפחות גאַנצע, האָבן געוואוינט דערוויל אין שטעלעכלעך און שאָפּעס, ביז זייערע וואוינונגען וועלן פאַרטיק ווערן. וואָרום גרויס איז געווען דער שטראָם אייגוואַנדערער, וואָס האָט געצויגן אַהער אין דער פרנסה-שטאָט, אין דער „גאָלדענער" פאַבריק-שטאָט.

בנימין און מנשה זענען אַרויסגעקומען פון שטאָט, גע-גאַנגען אין געסלעך האַלב-שטאָטישע, האַלב-דאָרפישע—ווייט צע-רוקטע הייזלעך, טייל מיט גערטלעך אַרום, אנדערע—אין מיטן אַ גרינער לאָנקע, אָדער אויף סתם פרייע, אָפענע פלעצער, נאָך נישט פאַרבויטע, אָבער שוין מיט אָנגעוואָרפענע קופּעס שטיינער און ציגל—סמנים אַז מ'וועט דאָ באַלד בויען.

די געגנט איז בנימינען געווען פרעמד, אומבאַקאַנט.

ביי דער באַן, וואו זיי זענען נאָך אַ שפּאַר ביסל גיין אָנגעקומען, איז געווען היפּשלעך מענטשן—געלעגן צעלייגט אויף גראָז און אויף די זאמדיקע פלעצער, יידן און ווייבער, מיט האַק און פּאַק, מיט גרויסע און מיטעלע, מיט פּעקלעך עסנ-וואַרג און פלעשער צום טרינקען... בנימין און מנשה האָבן דאָ אַביסל פאַרברענגט, אָנגעקוקט דעם שוין באַלד פאַרטיקן וואָק-זאַל און די איבריקע בנינים, געזען אָפּגיין אַ צוג, געשטאַנען, לאַנג געשטאַנען, געקוקט, געזען אַלץ און גענומען צוריק אַהיימגיין.

קיין צוזאַמענשטויסן מיט שקצים האָבן זיי נישט געהאַט. דער וועג צו דער באַן איז געווען פול מיט שפּאַצירנדיקע,

אַהינגייער און צוריקגייער, שבתדיק אָנגעטוענע און אויך אַזעל־
כע, וואָס האָבן געטראָגן די געווײנלעכע וואָכעדיקע מלבושים—
נאָר ווען די שוועסטערקינדער זענען געווען שוין באַלד צוריק
אין שטאָט, ווען זיי זענען דורכגעגאַנגען איינס פון די ווילד־
פרעמדע פאר בנימינען געסלעך—האָט זיך צו זיי צוגעטשעפעט
עפעס אַ יינג אין הויכע שטיוול. אין אַ בלאָ היטעלע מיט אַ
לאַקירטן דאַשעק, און מיט אַ ברייט האַלב־געל קייטעלע, וואָס
האָט אים פון דער הויזנקעשענע אַרויסגעהאָנגען—און דער יינג
האָט אָנגעהאַלטן מנשהן, דוקא ער זאָל דאָ ערגעץ גיין מיט
אים אָנקוקן עפעס אַ זעלטענעם פויגל.

מנשה, ווייזט אויס, האָט געקענט דעם יינג. ער האָט זיך
געקווײנקלט, נישט געהאַט קיין חשק מיטצוגיין.

— איך וועל שפעטער אַהינקומען — האָט ער זיך ווי
געבעטן.

— ניין — זאָגט דער יינג — שפעטער וועט דער פויגל
מער נישט זיין. איך זאָג אייך אַ זעלטענער פויגל, אַזוינס האָט
איר נאָך נישט געזען.

— קום, מנשה — האָט זיך שוין בנימין אויך אַריינגע־
מישט — איך וויל אויך אָנקוקן דעם פויגל.

מנשה האָט אַ בליק געוואָרפן אויף בנימינען און גאָר
נישט געזאָגט. נאָר דער יינג האָט זיך אָנגערופן:

— איר וועט דערנאָך קומען, צוזאַמען נישט, מ׳קאָן נישט,
דער פויגל וועט זיך דערשרעקן.

בנימינען איז דאָס אויסגעקומען אַביסל אויסטערליש.

— נו, קומט — מונטערט דער יינג.

— איצט נישט — ווערט זיך מנשה שוואַך — איך וועל
שפעטער אַביסל אַהינקומען.

— איר זענט אַ פרייער — רעדט דער יינג צודרינגלעך—
איר דאַרפט נישט באַלד קויפן. ווער זאָגט דען? גלאַט אַ
קוק טון.

— און וואו ווילסטו דערווייל זיין? — ווענדעט זיך מנשה
צו בנימינען אַזוי צוגעלאָזן, ווי נאָך קיינמאָל נישט, און ס׳איז

קענטיק, אַז ער זוכט נאָר עפּעס אַ תּירוץ נישט צו דאַרפן גיין מיטן יינג.

— ער וועט דערווייל אהיימגיין — מישט זיך דער יינג אריין — וואָס האָט איר אַ דאגה? אַ קינד איז ער?

— ניין — זאָגט מנשה — נישט אַהיים, וואַרט אַביסל צו זעץ דיך דאָרט אויפן בענקל פאַרן הייזל, איך וועל נאָר אַ קוק טון און וועל באַלד צוריקגיין.

— אַודאי אזוי — זאָגט דער יינג און ער פירט מיט זיך אַוועק מנשהן.

בנימין האָט געוואַרט אַן ערך אַ האַלבע שעה. ער האָט צוגעקוקט, ווי קליינע יינגלעך האָבן געשפּילט „פּאַלאַנט" פאַר אַ הויז; פון אָפענע פענסטער האָט זיך געהערט שפּילן פּיאַנע און צווזינגען... ענדלעך איז אָנגעקומען מנשה און הינטער אים דער יינג.

— נו, האָסט געזען? — פרעגט בנימין.

— יאָ — ענטפערט מנשה קורץ.

— איר ווילט אפשר אויך גיין אַ קוק טון? — פרעגט דער יינג.

— דו ווילסט אויך גיין? — ווענדעט זיך מנשה צו בנימי-נען מיט אַ נישט גלייבלעך קול.

— וואָס איז אייער עסק? — זאָגט דער יינג צו מנשהן האַרט און בעל-דברדיק — יאָלד איינער, איר האָט געמעגט?...

— ער האָט דאָך נישט קיין געלט — זאָגט מנשה שטיל.

— איך האָב יאָ געלט זאָגט בנימין—אָבער צו וואָס דאַרף מען דען געלט, איך וויל בלויז נאָר אַ קוק טון.

— איר וועט שוין זען און איר וועט צופרידן זיין — מאַכט דער יינג. מנשה שווייגט, און בנימין גייט אָפּ מיטן יינג.

זיי זענען אויסגעגאַנגען דאָס געסל, דערנאָך אַריינגעגאַנגען אין אַ צעוואָרפענעם הויף, פון דאָרט אין אַ ליקל און זיך דער-נענטערט צו אַ שטיבל מיט צווי פענצטער, איינס פאַרמאַכט און פאַרהאָנגען אויף דער העלפט מיט אַ רויט שטיקל שטאָף. דער יינג האָט זיך אָנגערופן:

— דאָ דרינען איז עס. גיט נאָר אהער פריער די פּאָר גראָשן.

— וויפל? פרעגט בנימין.

— אַ האַלבן רובל.

— איך האָב נישט אַזוי פיל — זאָגט בנימין. ער טוט אריין די האַנט אין טאַש, נעמט אַרויס עטלעכע און פערציק גראָשן און ווייזט עס דעם יינג.

— נו, מילא — באַשטייט שוין דער יינג. דאָס צווייטע מאָל וועט איר צוגעבן.

ס'איז בנימינען גאָר נישט געווען קיין חידוש, וואָס עפּעס „דאָס צווייטע מאָל". צו וואָס דאַרף ער דאָ קומען אַ צווייט מאָל? ער האָט באַנומען, ווי פאַרנעפּלט, אַז דאָ איז עפּעס מער ווי בלויז אָנקוקן אַ פויגל. דאָס גיין מיט דעם יינג און זיין שווייגן האָט בנימינען איבערגעצייגט, אַז דאָ איז עפּעס גאָר אַנדערש. און וואָלט ער נישט געוואוסט, אַז מנשה איז אויך דאָ געווען און צוריק געקומען בשלום, וואָלט ער אפשר גאָר מורא געהאַט זיך אָנצופאַרטרויען דעם יינג — איז ער געהיים-ניספול, שטיל און מיט נייגיריקייט נאָכגעקראָכן דעם יינג.

דער יינג האָט צוגענומען פון בנימינען די פּאָר מטבעות, אים אָנגעוויזן די טיר. בנימין איז אַהין אריינגעגאַנגען, דער יינג — נישט.

...אַ שטיבל. אַקעגנאיבער דער טיר ביים פאַרהאָנגענעם פענסטער — אַ בעט, נישט גוט צוגעבעט, דערנעבן, אויפן טישל אַ ליידיקע „מאָנאָפּאָלקע" און נאָך אַנדערע איבערבלייבעכצן פון עסנוואַרג — אַ מיידל, לויז אָנגעטון, מיט אַ ווייס אָפּגע-מאָלט פּנים מיט גראָב אונטערגעשוואַרצטע אויגן און לאַנגע אַראָפּבאָמבלענדיקע אויער-רינגען, האָט זי זיך ביי בנימינס אריינ-קומען דערהויבן פון אַ בענקל, צוגעגאַנגען, פאַרריגלט די טיר און גלייך צוגעגאַנגען צום בעט.

בנימין איז די ערשטע פּאָר רגעס געשטאַנען פאַרבלעפט, מיט אָפענע אויגן, און נישט גלייך באַנומען, וואָס אייגנטלעך איז דאָ. ערשט אַז ער האָט אַ דערזע געטון דעם מיידלס ביי

צו צום בעט און דאָס אַראָפּוואַרפן די לעטשלעך פון די פיס — און דאָס אַלץ מיט אזאַ גלייכגילטיק געשעפּטלעכער מינע, און דערביי אַזאַ מאַך מיטן קאָפּ, ווי זי וואָלט אים אונטערגעטריבן:

— אַ סוף, גיכער! — האָט ער מיט אַמאָל קאַלט און ניכטער באַנומען, וואָס דאָ איז, וואָס מ׳פאַרלאַנגט פון אים — און אָט דער נאָכנישט אַכצניעריקער ייִנגל, וואָס דאָס לעבן אין פאַבריק און די פירונג דאָרט האָבן באַוויזן קוים צו באַרירן זיין אויסער־לעכקייט און קיינמאָל נישט אַריינגעדרונגען צו צושטערן זיין אינערלעך אויסגעטרוימט וועלטל — האָט זיך מיט אַמאָל דער־זען שטיין פאַר אַן אָפּגרונט — אַ קאַלטקייט און גראָער עקל האָבן ווי אַ כמאַרע איבער אים זיך אַ צעשפּרייט געטון, און ווי זוכנדיק אַ מיטל אַרויסצוקריגן זיך פון אַ געפאַר, איז ער אָן צוטראַכטן און קלערן אַ לויף־צו געטון צו דער טיר, האַס־טיק זי אַן עפן געטון, און אַרויסגעלאָפן פון שטיבל, ווי אַ דילער, און ערשט אָפּגעאָטעמט, ווען ער איז געווען שוין צו־ריק אין גאַס און זיך געפילט אַ געראַטעוועטער.

## י

דוד פישמאַן האָט נישט צוגעקריגן פון שווער די פאַרלאַנגטע מאשינען, כדי ער זאָל האָבן צוזאַמען פיר מאשינען און אָנהויבן פירן אַ פאַבריק פאַר זיך — ער האָט קוים אויסגעפועלט איין איינציקע מאשין נאָך; אויך נישט קיין גאַנצע. דער שווער האָט בלויז פאַר אים איינגעצאָלט די ערשטע ראַטע ביים שטאָטישן פאַרטרעטער פון דער זאַקסישער מאַשינען־פאַבריק — דעם משומד עפרעס.

דערפאַר האָט דער שווער צוגעזאָגט פישמאַנען אים אריינצונעמען אין קאַנטאָר, אַלס געשעפטס־פירער ביי דער פירמע „וואָלבערג און ראָזנבלום", און זיינע דריי מאשינען וועלן אַרבעטן „לוין" פאַר דער פירמע.

ס'איז נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען פאַרטיק צו ווערן מיט ראָזנבלומען, ער זאָל אריינעמען דעם פיפיקן פישמאַן אין קאָנטאָר. לייב חיים וואָלבערג האָט אָבער די דאָזיקע פאָדערונג געשטעלט אויפן שפיץ מעסער. אַנדערש האָט ער געסטראשעט מיט סעפּאַרירן דאָס שותפות. און דאָס האָט אַ פעולה געהאַט. וואָרום אָט דער סאַמועל ראָזנבלום, ווען ער איז געקומען פון דער שווייץ אַלס געוויינלעכער שטיקער. נאָר מיט אַ ביסל אָפּגעשפּאָרט געלט, האָט ער דעמאָלט געמאַכט דאָס געשעפט מיט וואָלבערגן. זיי האָבן גאַנץ קליין אָנגעהויבן אינגאַנצן מיט עטלעכע מאַשינען, ערגעץ אין אַ שאָפּע, און דאָס שותפות איז געווען אויסגערעכנט דערויף, אַז וואָלבערג דאַרף

נישט אַרויסנעמען פון געשעפט, און ראָזנבלום, וואָס לייגט אַריין אויך אַרבעט, אַלס שטיקער אויף אַ מאַשין — נעמט אַרויס בלויז אויף דער קאַרגער היונה — און אַזויערגאָך האָט דאָס געשעפט גענומען וואַקסן, ביז ס'איז געוואָרן דאָס וואָס ס'איז היינט — אַן אייגן הויז מיט מאשינען, און מיט א קאַנטאָר, וואָס פאַרנעמט עטלעכע חדרים, און אַן אדמיניסטראַציע פון אַ האַלבצענדליק אָנגעשטעלטע.

ראָזנבלום האָט שוין לאַנג אַוועקגעוואָרפן די אַרבעט, זיין פנים האָט זיך אויסגעאיידלט און דער געבויגענער רוקן זיך אויסגעגלייכט; אַלס זכר פון זיין אַרבעט אין פאַבריק איז אים בלויז געבליבן די פראזע, וועלכע ער פלעגט אָפט באַנוצן אין געשפרעך מיט סוחרים, אָדער פאַבריקאַנטן:

— דאַן ווען איך וואר נאָך פאַכמאַן...— מיט אַן אָנדייטונג, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ פראָסטער שטיקער און אַרויפגעאַרבעט האָט ער זיך נאָר אַ דאַנק זיינע אייגענע פעאיקייטן.—

איז נאָך וואָלבערגס אולטימאַטיווער פאָדערונג ראָזנבלום געצוווּנגען געווען מסכים צו זיין, און דוד פישמאַן איז אַריין אין קאַנטאָר.

פישמאַן האָט זיין אַריינטרעטן אַלס געשעפטס-פירער אָנגעהויבן מיט — אונטערשערן און פאַרפוצן דאָס רויטע האַרטהאָריקע בערדל און אָנטאָן זיך „היינטוועלטיק”, האַלב קורצע מלבושים, מיט אַ קראַגן, אַ שניפּס און האַרטע ווייסע מאַנזשעטן אויף די געדיכט מיט האָר באַוואַקסענע הענט.

ער איז אין קאַנטאָר נישט געזעסן ליידיק. אָדער ער איז געזעסן איבער ביכער און ציפערן, אַז נישט האָט ער דורך א פאַרגרעסער-גלעזל געקוקט אויף דער געליפערטער אַרבעט, געקוקט געזוכט פעלערס, און איינצייטיק געלערנט זיך ווערן אַ מבין.

אַזוי זענען אַוועק עטלעכע חדשים. אין קאַנטאָר האָט זיך אַלץ געפירט ווי עס דאַרף זיך פירן. נאָר מיט אַמאָל איז אַרויפגעשוואומען, אַז דוד פישמאַן פירט א טאָפּלט געשעפט: ער אַרבעט טאַקע פאַר דער פירמע „וואָ/בערג און ראָזנבלום”, נאָר

נאָך בעטרייער אַרבעט ער פאַר זיך אַליין, פאַר זיין אייגענער שוין מיט אַן אבר רירנדיקער, פירמע „פישמאַן", וועלכע איז זיך אזוי שטילינקערהייט אויף דער וועלט געקומען, ווי אַן אומגעזעצלעך קינד, ווי אַ ממזר און האָט פאָרט שוין געקאָנט באווייזן, אַז די לאַנגיעריקע קונדן פון דער פירמע „וואָלבערג און ראָזנבלום" זאָלן מיט איר פאַרקניפּן באַציאונגען...

ווען דאָס איז ארויסגעשוואומען איז געוואָרן א גרויסער סקאַנדאַל. וואָלבערג האָט זיך געשעמט, און דוד פישמאַן איז געצוואונגען געווען אָפּצוטרעטן.

אָט דעמאָלט האָט די באַן שוין רעגולער קורסירט. די שטאָט איז געוואָרן פאַרבונדן מיט דער וועלט, האָט זיך אויסגעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט, איבער פעלדער און לאָנקעס, מיט נייע גאסן, הייזער און הייזער. מחנות וואָיאזשאָרן האָבן צוויי מאָל אין יאָר זיך געלאָזט אויף דער רייזע — און זיי האָבן אָנגעשלאָגן העט, העט, אזש ביז דער בינעזישער גרענעץ און נאָך ווייטער.

נייע פירמעס זענען געבוירן געוואָרן, אויפגעקומען איבער נאַכט, קליינע אומבאַדייטנדע פאַבריקלעך זענען אויסגעוואַקסן אין גרויסע פאַבריקן און נאָר עטלעכע סאָלידע פירמעס און דערונטער אויך „וואָלבערג און ראָזנבלום" זענען געבליבן שטיין אויף איין שטאַפּל און זיך נישט געהויבן.

דעמאָלט, ווען ראָזנבלום איז דאָס דעגאַנגען, איז דאָרט מיט אַמאָל געוואָרן אַ גיהנום... ס'איז געוואָרן צוגענומען אַן עקסטרע „מענטש", איינער פעלדבערג — און דער פעלדבערג איז צווישן די ארבעטער באַלד געקרוינט געוואָרן מיטן צונאָמען „שד". זיין איינציקע באַשעפטיקונג איז באשטאַנען — אין אָנטון נגישות די ארבעטער, נאָכצוזוכן „חטאים" קעגן די פאַרשריפטן פון קאַנטאָר און פסלען אַרבעט — כדי עס זאָלן זיין אָפּצוגן...

און דער „שד" האָט פאַרשטאַנען זיין אויפגאַבע און געטאָן אַזוי, אז אין קאַנטאָר זאָל מען זען, אז ער פאַרדינט זין זיינע שכירות.

ס'איז געווען איבער די כּוחות רויק צו קוקן, ווי אָט דער יונג מיטן פּרישטשעוואַטן פּנים און אַרויסגעזעצטע טעמפּע אויגעצעס — אַליין ערשט פּאַר עטלעכע וואָכן געווען דאָ שטיקער, געאַרבעט אויף אַ מאַשין — שפּאַנט זיך תּקיפֿדיק אַרום די מאַשינען, קוקט נאָך, קאָנטראָלירט דעם גאַרן, און קאָנטראָלירט ווידער און צייכנט עפּעס ביי זיך אין ביכל — ס'איז געווען איבער די כּוחות געדולדיק און שווייגנדיק דאָס צוקוקן.

אים, דעם דאָזיקן שד פּעלדבערג, האָבן דאָס די אַרבעטער אַמאָל, נאָך אַן אויסצאָלונג, וואו מ'האָט זיי געשווינדן די הויט מיט אָפּצוגן — אָפּגעוואַרט אין אָוונט מיט אַ מעסער. נאָר זיי האָבן אים פּונקט נישט געקאָנט קריגן. און צומאָרגנס, נאָכן איבערשלאָפן זיך, האָט זיי שוין אויסגעפּעלט מוט ווידער דאָס אונטערצונעמען.

נאָר איינמאָל איז געווען שיין: פּעלדבערג האָט גראָד באַגעגנט אַראָפּגיין טעוול קנאָפּ און פון טאַש האָט אים אַרויסגעקוקט אַ פּעקל גאַרן...

זאָגט פּעלדבערג:

— דעם גאַרן האָסטו געוואָלט אַוועקטראָגן פאַרקויפן. קום מיט מיר אין קאַנטאָר!

טעוול טענהט: ניין! —

דעם גאַרן בין איך שולדיק, כ'האָב גענומען געבאָרגט אונטן אויפן ערשטן שטאָק, טראָג איך איצט אָפּ.

פּעלדבערגן ווילט זיך זייער נישט טעוולען לויז לאָזן, ער שרייט צום סטרוזש, ער זאָל אים קומען צו הילף... דערווייל אָבער, איידער דער סטרוזש באַווייזט זיך נאָך, גיט זיך טעוול אַ קוק אַרום און איבערצייגנדיק זיך, אַז אין דער נאָענט געפינט זיך נישט קיין לעבעדיק באַשעפעניש, איז ער נישט פויל, לאָזט פּעלדבערגן אַראָפּ די אמתע פּאָר פּלעם אין פּרצוף אַריין, און ווען יענער האָט נאָך צו טאָן מיט זיך, פליט טעוול גיך אַרויף און זעצט זיך אַרבעטן ביי דער מאַשין, ווי קיינמאָל גאָרנישט.

געדויערט נישט לאנג, קומט דער סטרוזש מיט א באפעל:

— שוין, די מינוט אַרויפגיין אין קאנטאָר!

באפעלט טעוול צוריק:

— די מינוט — איז אוממעגלעך, כ׳האַלט אינמיטן אַן אַרבעט, װאָס קאָן מיר קאַליע װערן, און כ׳װעל נאָר דאָס פּאַרטיק האָבן, קום איך גלייך אַרויף.

האָט דאָס אַזוי געדויערט אַ שעה, דאָס „פּארטיק מאַכן”. דערנאָך — טעוול איז ארויפגעקומען אין קאַנטאָר, און מ׳האָט אים אקעגנגעשטעלט פעלדבערגן, מיט אַלץ נאָך אַ צעפלאמט פּנים, קוקט אים טעוול אָן תמעוואַטע, ווי אַ נעכטיקער:

— ווער, איך? איך האָב אים געפּאטשט? איך זע אים דאָך איצט ערשט דאָס ערשטע מאָל היינט!

אָט אַזוי האָט עס טעוול אָפּגעאַרבעט, און די הייסע פלעם זענען געבליבן ביי פעלדבערגן אַלס ,ריינער ריוח פון זיין הינטישער פּרנסה.

## יא

קורצנס איז מען אין קאַנטאָר צוגעטרעטן קלענערן די פרייזן פון „שטיק", און ווער עס וויל, נישט דערויף אײַנגיין, קינדיקט מען אויף פערצן טעג.

ס'איז דעמאָלט געווען אַ גרויסע בהלה, נישט נאָר דאָ אַליין, נאָר אין אַלע פאַבריקן, ווייל מ'האָט געוואוסט, שוין גאָר גוט געוואוסט, אַז רייסן פרייזן איז אַן אָנשטעקנדיקע קרענק...

נאָר איין איינציקער אין דער גאנצער פאַבריק האָט גע-עצהט זיך נישט אקעגנצושטעלן און מקבל זיין באהבא די קלענערע פרייזן — דאָס האָט געראָטן דער אַלטער פראָפער, וועלכער האָט זיך שוין דאָ געפילט, ווי אַן אָפּגעאַרבעט אַלט פערד, וואָס נאָר פון לאסקע וועגן האַלט מען עס און לאָזט עס נאָך גיין אין שפאַן.

און כאָטש פראָפער איז געווען דער שטענדיקער קרבן אין קאנטאָר — האָט ער אָבער מורא געהאַט, ער זאָל דאָס וייניקע אויך נישט אָנווערן און מוזן זיך באַזעצן אין הקדש, האָט ער געעצהט: פארבייסן די ליפּן און שווייגן.

דער יונגערער עולם האָט אָבער נישט געוואָלט שווייגן. מ'האָט אויסגעקליבן דריי מענטשן: יואל פאָנטשער, קריידע — כדי ער זאָל דאָס נישט אוסגעבן אין קאנטאָר — און פעטל קנאָפּ (זינט ער האָט פעלדבערגן מקיים פסק-געווען, איז זיין

אַזוֹיעֶן שטאַרק געשטיגן...) און מ׳האָט זיי געשיקט צום אינ־ספּעקטאָר זיך באַקלאָגן.

זיי האָבן זיך דאָרט געזוימט דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג, דערנאָך האָבן זיי דערציילט, אַז דער אינספּעקטאָר האָט זיי געלאָזט לאַנג וואַרטן הינטער דער טיר, און אַז ער האָט שוין לסוף אויפגענומען, איז ער זיי באַפאַלן, וואָס מ׳קומט אים דרייען א קאָפּ, זיי אָנגערופן „בונטאָווטשיקעס״ און „מערזאַווצעס. נאָר פונדעסטוועגן האָט ער צוגעזאָגט, אַז ער וועט קו־מען זיך איבערצייגן.

און ער איז טאַקע געקומען.

אין אַ נאָכמיטאָג איז עס געווען, בליץ שנעל האָט זיך די בשורה פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן הויז, איבער אַלע שטאָקן איבער אַלע זאַלן און מאַש־נען... ס׳האָט זיך נישט באַלד גע־לאָזט גלויבן. ערשט, אַז מ׳האָט באַשיינפּערלעך געזען דעם אינספּעקטאָרס געשפּאַנט קעטשל שטיין פאַר דער טיר, איז גע־וואָרן קלאָר פאַר אַלע, אַז ס׳איז אמת — ר׳איז טאַקע דאָ דער אינספּעקטאָר!

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן א באַוועגונג, א לויפן איינער צום אַנדערן, און א שושקען זיך. מ׳האָט געשיקט „שטאַפּעטן״, זיך אריינקריגן זיך אין קאַנטאָר מיט עפּעס א תירוץ, כּלומרשט מען איז וועגן עפּעס געקומען, און זען און אויפכאַפּן אַ וואָרט, וואָס „ער״ טוט און וואָס „ער״ רעדט.

אין קאַנטאָר אָבער איז די טיר געווען פאַרשלאָסן. האָט עולם אַרבעטער צוגעלייגט די אויערן צו דער שפּאַרע און אָנ־געשטרענגט געהאָרכט...

מ׳איז זיכער געווען, אַז דעם אינספּעקטאָרס זיצן דאָרט איז נישט גלאַט אַזוי זיך, און מ׳האָט געמורמלט מיט אַ בקמה־באַפרידיקונג:

— איצט וועלן זיי שוין וויסן, ווי צו רייסן פּרייזן...

אַן ערך אַ האַלבע שעה האָט זיך דער אינספּעקטאָר גע־זוימט אין קאַנטאָר, אַז ער האָט זיך ענדלעך פון דאָרט באַ־וויזן, זענען די אַרבעטער אַרויסגעקומען ווי די מייז פון די־

לעכער, אַ קוק טאָן אויף דעם „טאַטן" זייערן... נאָר אַז זיי האָבן דערבליקט אַז ראָזנבלום אין מלאַזשענעם קאַנטאָר־רעקל מיט די גאָלדענע ברילן אויף דער נאָז, מיטן צעשמייכלטן צופרידענעם פּנים און פולע בעקלעך באַגלייט דעם אינספּעקטאָר אַראָפּ צום קעטשל, און דער אינספּעקטאָר רעדט מיט אים פריינטלעך, גאָר פריינטלעך, ווי צוויי גלייכע, וואָס האָבן אָט ערשט צווישן זיך פאַרהאַנדלט עפּעס, און זענען ביידע דערפון צופרידן — איז זיי די גאַנצע האָפענונג פון די פנימער אַראָפּ, אויף דעם געמיט האָט זיך זיי געלייגט אַ וואָכעדיקע שווערקייט; נאָך שווערער און וואָכעדיקער, ווי ביז היינט, און זיי זענען אַוועק, יעדער אין זיין ווינקל, צו זיין מאַשין, און יעדער איינער מיט אַ מורא אין האַרץ, צי ראָזנבלום האָט אים כאָטש נישט באַמערקט.

---

יענעם אָוונט, נאָך דעם אינספּעקטאָרס באַזוך, איז ביז שפּעט ביינאַכט ליכטיק געווען אין קאַנטאָר. נאָכן שליסן די פאַבריק איז דאָרט פאָרגעקומען אַ שטרענג פאַרטרויליכע באַראַטונג.

פון די קאַנטאָר־אָנגעשטעלטע האָט זיך קיינער נישט באַטייליקט אין דער דאָזיקער באַראַטונג. אַ חוץ די צוויי שותּפים אייגנטימער פון דער פירמע, האָט זיך נאָך בלויז באַטייליקט מאָריץ וואָלבערג, לייב חיימס שטיף־ברידער.

מאָריץ איז געווען לייב־חיימס יונגערער ברודער, פון איין פאָטער, און האָט געשמט פאר אַ גרויסן קאָפּ און קענער. מ'האָט דערציילט, אַז ער האָט אַמאָל באַלייגט עקזאַמען, און חשק געהאַט שטודירן אַלס אַדוואָקאַט, נאָר דער פרומער, פאָטער האָט דאָס נישט דערלאָזט. איז מאָריץ וואָלבערג געבליבן עפּעס אַ נישט דערבאַקענער, פון אַלטן דור אַרויס און צום נייעם נישט צוגעקומען...

ער האָט געטראָגן אַ קורץ העל אָפּגעבלאַקעוועט בערדל, טונקעלע ברילן, אַלט פרענקישע דייטשע מלבושים; האָט זיך

באשעפטיקט מיט בוכהאלטעריי אויף „שטונדן“ און האט ליבגעהאט אפצולאכן פון די היינטיקע געבילדעטע...

ער, מאריך, האט אויך אנטיילגענומען אין דער געהיימער בעראטונג. ווארום כאטש ער איז נישט געווען אפיציעל אנגעשטעלט דא, איז ער געווען די נשמה פון געשעפט, און סיי לייב חיים, סיי סאמועל ראזנבלום האבן נישט געטאן די קלענסטע זאך אן זיך צו בעראטן מיט אים.

אויף דער היינטיקער בעראטונג איז באשלאסן געווארן, אז אפיציעל רייסן די פרייזן זאל מען נישט. נאר מ'זאל דאס אזוי איינארדענען, אז יעדע וואך זאל צראפגיין „אפצוג“ ווייניקסטנס פון פופצן ביז צוואנציק פראצענט.

אזוי איז געווארן באשטימט. קיינער האט נישט געהאט דערקעגן. לייב חיים האט יא עפעס געמאכט א נישט ביהאדיקע מינע, נאר מ'האט אים גארנישט געלאזט דאס מויל עפענען אויף קעגן, האט ער געמוזט צופרידן בלייבן כאטש דערמיט, וואס ער מישט זיך ווייניק אין דער פאבריק-פירונג און ביים אויסצאלן וועט ער נישט דערביי זיין...

ווען די בעראטונג האט זיך געענדיקט, איז שוין געווען שפעט ביינאכט. די צוויי ברידער האבן נאך געהאט עפעס צו שמועסן צווישן זיך, נישט געשעפטלעכס, נאר פריוואט, פאמיליע-אנגעלעגנהייטן, און ראזנבלום, אום זיי נישט צו שטערן, איז דערווייל אריינגעגאנגען אין דערנעבנדיקן פאבריק-זאל, אנקוקן א ביסל די ארבעט אויף די מאשינען...

דרויסן, הינטער דער קאנטאר-טיר, איז געזעסן דער סטרוזש מיט דעם פאק שליסלען אין האנט און געווארט די הערן זאלן ארויסגיין.

ראזנבלום האט אים באפוילן אויפשליסן דעם זאל. ער איז אריינגעגאנגען, און מיט אן אנגעצונדן ליכט אין האנט איז ער געגאנגען פון מאשין צו מאשין, א קוק געטאן דא, א קוק געטאן דארט, און ווייטער געגאנגען קוקן.

...עס האבן געשוויגן די צוזאמענגעשלאסענע מאשינען, געשטאנען אין דער פינסטער, ווי געפענטעטע שלאפנדיקע חיות.

און נאָר די געוויכטער אויבן, מיטן „האַמער" אין דער הויך, האָבן געוואָרפן אַן אָפּשיין אין שוואַכן לבנה־ליכט.

ראָזנבלום איז געגאַנגען צווישן די רייען מאַשינען, אַ קליינער מענטשל צווישן די שווייגנדיקע אייזערנע גולמס. אין שוואַכן ליכט־שיין האָט זיך געזען אַ פאַרטוך, אַ בלוזע, אָנגע־גרייט מ׳זאָל קומען זיי אָנטאָן און זעצן זיך אַרבעטן.

ראָזנבלום איז אַזוי געגאַנגען פון מאַשין צו מאַשין. עס האָט זיך אים בישט ווילדיק אַ מינוטקעלע געטראַכט פון די פאַרהאָרוועטע מענטשן, וואָס ליגן איצט ערגעץ אויף די עלנטע געלעגערס מיט אַ בינטל שמאַטעס הינטערן קאָפּ... ער האָט זיך דערמאָנט זיין אייגן לעבן אַמאָל, אַלס שטיקער, אַלס אַרבע־טער ביי יענעם...

ער איז אַרויסגעגאַנגען פון פינסטערן מאַשינען־זאַל און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

אין מיטן זומער איז הערש קופער געוואָרן אַ חתן, און פאַרן נדן צוזאַמען מיט זיין אָפּגעשפּאָרט ביסל געלט — איינ־געצאָלט אויף אַ מאַשין. צום ווינטער איז קופער אַוועק אַרבעטן שוין אויף זיין אייגענער מאַשין, און די פריי־געוואָרענע מאַשין ביים פעטער לייב חיים—האָט איבערגענומען בנימין.

בנימין איז געוואָרן שטיקער.

אַזוי ווי מ׳האָט נישט געקאָנט וויסן, ווי זיין פאַרדינסט וועט די ערשטע צייט אויסזען, האָט די מאַמע געראָטן, ישראל נח זאָל נאָך נישט גיין צו בנימינען, נאָר זאָל נאָך דערווייל אַרבעטן ביי אַ פרעמדן, וועט מען קודם זיכער זיין, אַז די פּאָר גילדן א וואָך וועלן כאָטש זיין.

בנימין איז געוואָרן שטיקער אַליין פאַר זיך.

ס׳איז מער נישט געווען די אַמאָליקע יינגלשע איבער־ראַשונג פון ווערן שטיקער פון „געוועלטיקן" איבער א מאַשין, פון זיין א גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד אין דער שטיקער־משפחה, פאַר וועמען פעדלערס האָבן דרך־ארץ און די מיידלעך, פעדלערינס, טוען וואַרעמען דאָס באַנקעלע קאַווע. פון אָט דער יינגלשקייט, איז בנימין שוין לאַנג געווען אַרויס. איצט האָט מער געפרייט דאָס באַוואוסטזיין פון זעלבסטשטענדיקייט, נישט צו זיין דעם גאַנצן טאָג, יעדע מינוט אונטער אַ צווייטנס באַ־פעל. בנימין האָט דאָס רויק באַנומען, און מיט אָט דעם רויקן

באוואוסטזיין האָט ער געדונגען פעדלערס און געזעצט זיך ארבעטן.

אָבער די „זעלבסטשטענדיקייט" און דאָס איינקויפן זיך אין דעם שטיקער-פאַך האָט אויך געהאַט נאָך אַנדערע זייטן, און נישט שטענדיק ריינע און ליכטיקע...

ס'איז פאָרגעקומען דאָס „באַגיסן די מאַשין": נאָך דער ערשטער אויסצאָלונג, וואָס בנימין האָט אָפּגענומען אין קאַנטאָר, האָט ער פאַרבעטן אַלע שטיקערס, וואָס ארבעטן מיט אים אין איין זאל, צווישן וועלכע ס'האָט זיך געפונען אויך טעוול קנאָפּ, געגאַנגען מיט זיי אין אַ קנייפּע, און פאַרטרונקען דאָס אָפּגענומענע געלט.

דאָס איז געווען אַ „מוז", אַנדערש זיין האָט נישט געטאָרט. ביי אָט דעם „קערמעשל" האָבן אַלע געטרונקען מיט דעם „אָנפאַנגער" ברודערשאַפט, געוואָרן מיט אים אויף „דו", און ער איז געוואָרן אַ גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד אין פאַך.

און כאָטש די דאָזיקע שטיקערישע „גלייכבארעכטיגונג" איז נישט געווען אַזאַ גרויסע און האָט זיך בלויז באַצויגן נישט אויסצודינגען אים אַ פעדלער, נישט אויסצוכאַפּן די מאַשין — פונדעסטוועגן האָט דאָס „איינקויפן" זיך געהערט צו די פעסטע רעגלען אין פאַבריק; ס'האָט זיך אַזוי געפירט פון לאנג אָן און קיינער האָט אויף דעם נישט עובר געווען.

בנימין איז געווען אַ בחור נישט קיין מיאוסער און נישט קיין גראָבער. ער האָט נאָך נישט געהאַט זיין מיידל, ווי אַלע אנדערע בחורים, נאָך געווען נישט „פאַרנומען", און דאָס מיידל, זיין הויפּט-פעדלעריך, האָט געפּרוווט, אַזוי אומבאמערקט, פאַרלייגן אַרום אים איר נעץ.

דאָס איז געווען אַן עלנט מיידל, אַ יתומה, נישט קיין איבערגעשפּיצטע, נישט קיין שיינע און נישט קיין רירעוודיקע; אַ דערשלאָגענע פון דער לאנגיעריקער פאַבריק-אַרבעט, וואָס זי האָט אָנגעהויבן אין איר סאַמע פריסטער יוגנט; און כאָטש די „נעץ" איז געווען זייער נישט אָנזעעוודיק און זי, דאָס מיידל,

איז געווען אַ פּאַסיווע נאַטור, האָט עס בנימין דאָך איינמאָל באַמערקט.

זי זענען אין אַ אָוונט, עפּעס ווי צופעליק, איבערגע־בליבן אַליין אין פאַבריק. בנימין, ווייל ער האָט געדאַרפט פאַר־ריכטן עפּעס אין דער מאַשין און זי, דאָס מיידל, כלומרשט ווייל זי דאַרף ווערקסן גאַרן אויף מאָרגן.

זי האָט דעמאָלט, יענעם אָוונט, איר שפּיל אַזוי נישט געשיקט געמאַכט, אַז זי איז אים פּראָסט אין די הענט גע־קראָכן. בנימין האָט אָבער אַזוי נישט געהאַט קיין אויגן פאַר איר, און זי האָט אַזוי נישט געקאָנט יענע קונצן, אַדאַנק וועלכע אַפילו מיאוסע מיידלעך קאָנען ווירקן, אַז דאָס אַלץ האָט איר באָרנישט געהאָלפן. ער איז געבליבן גלייכגילטיק און זיך אַזש אַביסל געשראָקן, איז זי רויט געוואָרן און האָט זיך צעוויינט.

אָבער גאָרנישט! נאָך דעם מאָל האָט דאָס אַן עק גענו־מען. זי האָט געטון איר אַרבעט, ער — זיין אַרבעט. יעדן פרייטאָג האָט ער איר אויסגעצאָלט, און ווייטער זענען זיי זיך געבליבן פרעמד.

נאָר דאָס וואָס אָט דעם מיידל איז נישט געלונגען, איז געלונגען אַ צווייט מיידל — עטל, דעם אַלטן פּראָפּערס טאָכ־טער.

זי איז געווען עפּעס עלטער פון בנימינען (און אפשר א סך—ווער ווייסט!) נישט קיין אָפּיציעלע פּעדלערקע, נאָר, איז יעדן טאָג אריינגעקומען אין פאַבריק, אַזוי זיך, אַביסל צוהעלפן דעם פאָטער — האָט געטראָגן אַ גראַנאַט קליידל מיט אַ רויט מאַטראָזן־קראַגנדל, אויפן האַלז — אַ שניר קרעלן, גרויסע געלע, דורכזיכטיקע קרעלן; דאָס בלאָנדע שיטער־האָריקע קעפּל געקאַר־בירט, און האָט פאַרשפּרייט אַרום זיך אַ ריח פון שמעק־זייף.

דאָס באַקאַנט ווערן מיט בנימינען איז ביי איר צוגע־גאַנגען אויף אַנדערש, ווי געוויינלעך. גייענדיק צום פאָטער פאַרביי דער מאַשין, וואו בנימין זיצט און אַרבעט, פלעגט זי אים באַשענקען מיט אַ „גוטמאָרגן״, תחילת סתם פאַר העפלעכ־קייט וועגן, נאָר באַלד, עטלעכע טעג שפּעטער, שוין ווי צו אַ

באַקאַנטן. אַזוי איינציקווייז האָט זי זיך געמאַכט אַ צוטריט צו' אים; אַמאָל פרעגן ווי שפּעט איצט איז, און דערנאָך שוין גלאַט אַזוי אַביסל אַהערגעקומען שמועסן. און אַזוי ביסלעכווייז, האָט דאָס מיידל — אַביסל אַנדערש געקליידט, ווי די מיידלעך דאָ, נישט קיין פעדלערקע, נאָר אַ היימיש מיידל, אָפּגעשמעקט און אָנגעטון פון אויבן און אַ מאַנטל מיט אַ פוטער־קראַגן און מיט ציגל, און קאָן מאָלן און אַריינפּלעכטן אין איר רעדן אַ סך פּאַר בנימינס אויער אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, אַזעלכע וואָס פלעגן דערוועקן אַ דרך־ארץ צו דער רעדערין — האָט אָט דאָס מיידל געמוזט ווערן דאָס איבערגאַנג־בריקל, וואָס האָט בנימינען אַרויסגעפירט פון זיין יינגליש פאַרחלומט וועלטל און אים אריינגעפירט אין דער גשמיותדיקער וועלט פון אַ שטיקער, אַ פאַרדינער און דער עיקר: אַ בחור.

— איר זענט שוין אַ יונגערמאַן מיט וואָנסעס און איר האָט נאָך נישט קיין מיידל, מיט וועמען צו גיין שפּאַצירן? — פרעגט זי און לאַכט, נישט גראָב ווי אַ פעדלערין, נאָר מיט אַזאַ קלינגענדיק זאַרגלאָז קולכל, און פרעגט גלייך ווייטער:

— איך וואָלט שווערן, אַז איר קענט נאָכנישט דעם היגן פּאַרק. איר זענט נאָך אוודאי דאָרט קיינמאָל נישט געווען?

און אַז בנימין, טאַקע אַביסל פאַרשעמט, שטאַמלט, אַז ער קאָן יאָ דעם פּאַרק און איז שוין דאָרט געווען, איז זי' גרייט זיך צו וועטן, אַז נישט, אַז ער איז נאָך דאָרט נישט געווען.

און נישט קיין סך געטראַכט, נעמט זי אוועק אירע פינ־גער פונם שפּילן זיך מיט די קרעלן אויפן נאַקעטן האַלז און' זי ציט אויס איר מיט שמעק־זייף געוואַשענע האַנט און נעמט אָן זיין האַנט. זי האַלט אַ שפּאָרע ווײַלע זיין האַנט אין אי־רער — נישט אַנדערש, זי וויל זיך מיט אים וועטן, אַז ער איז נאָך נישט געווען אין פּאַרק.

— אויב יאָ?

אויב יאָ — כאַפּט זי אונטער — איז זי גרייט אויף אַ טשעקאַוועס, כאָטש ס'איז איצט ווינטער, איבערמאָרגן, שבת, מיט

אים צו גיין אין פארק, און זאָל ער איר טאקע א ווייז טון, וואו דאָס „רעגנהויז", אָדער וואו די „רואינע" געפינט זיך דאָרט. אויב נישט, האָט ער פארשפילט דעם געוועט, וועט ער איר מוזן עפעס פונדעוועגן...

און זי רעדט מיטן מויל, שנורלט די ליפּלעך, שמייכלט מיט די אויגן און בייגט איר קערפּערל אין דעם גראנאטענעם קליידל מיטן רויטן קראגנדל אהין און אהער, און זי האָט נישט קיין חשק פריער אָפּצוטרעטן, ביז בנימין מוז איר דאָס צוזאָגן. אלזאָ א וואָרט! שבת נאָכמיטאָג, פונקט דריי א זייגער טרעפן מיר זיך—און זי לויפט גלייך אוועק צום פאָטערס מאשין און זי ווייזט זיך שוין נישט פאר בנימינען פריער, ווי פרייטאָג פאר נאכט, ביים אהיימגיין, דערמאָנען אים דעם געוועט, א שמייכל טון און גלייך ווייטער לויפן, א שטייגער ווי דאָס גיין מאָרגן מיט בנימינען צום „רעגנהויז" איז נישט ביי איר אזא וויכטיק געטועכץ. זי האָט א סך וויכטיקערע זאכן צו טון, ווי צו גיין מיט עפעס א שטיקער. זי טוט דאָס נאָר פון שפּאס וועגן, אנדערש וואָלט זי זיכער נישט געגאנגען. זי האָט, דארף פאר־שטאנען ווערן, א סך וויכטיקערע בחורים מיט וועמען צו גיין שפּאצירן.

אָט אזוי פלוצלינג און אליין נישט וויסנדיק ווען און ווי אזוי, איז בנימין באקאנט געוואָרן מיט עטלען.

## יג

און דאָס לעבן גייט זיך זיין אָנגעצייכנטן וועג, ווי געווייגלעך; די צייט פירט די טעג און מאכט פון זיי וואָכן, פון וואָכן — חדשים... יינגלעך וואקסן אויס בחורים. בחורים האָבן חתונה און ווערן באלעבאָסלעך; אָט ערשט געווען אַ זאָרגלאָזער יינג, געגאנגען מיטן קאָפּ אין דער הויך — באַכנישט קיין חודש, ווי ר׳איז פון אונטער דער חופּה אַפּער, און שוין איז ער א פארזאָרגטער, אַן אָפּגעמאַטערטער, קוקט נישט אויף זיך, צי דער ראָק איז אָפּגעמאכט פון פעדערן, צי דער קראגן איז ריין, צי דער שניפּס ליגט גלייך, און קיין פרייע מינע ווייזט זיך גאָרנישט אויף זיין פּנים.

אָט האָט זיך אָנגערוקט טעוול קנאָפּס חתונה.

דער וואוילער יינג טעוול איז אויך סוף כּל סוף אַריינגעפאַלן אין יאָך פון אַ ווייב. ער האָט ענדלעך אָנגעטראָפן אויף אַ מויד, וואָס האָט אים מיט גוואַלט געפירט אונטער דער חופּה.

יאָרן לאנג האָט טעוול לוסטיק געלעבט, גענומען אָפּגעגעצאָלט פון פראָווינצער פרייערס פאר מעגן גיין מיט א מיידל, ביז לסוף האָט ער אַליין געמוזט באַצאָלן דערפאַר מיט זיין בחורשער פרייהייט.

מ׳האָט דערציילט, אַז זי באַשע דער גענזלערקעס, האָט טעוולען אָבגעוואַרט אין א שטיל ליקל מיט אַ פלאַש, מיט יענער ברענענדיקער פליסיקייט, מיט וועלכער פרויען זענען זיך נוקם

אין זייערע פאַרפירער, נאָר ווי ס'זאָל נישט זיין — טעוול האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אומצופרידנקייט.

און הגם די חופּה אָפּצולייגן איז שוין נישט מעגלעך געווען, און ווי מ'האָט גערעדט אין פאַבריק, איז געווען מורא צו האָבן, אַז אויב די חופּה זאָל נאָר ווערן אַביסל אָפּגעלייגט, קאָן זיין אַ פאַל, אַז די כּלה וועט נישט קאָנען גיין צו דער חופּה און מ'וועט זי מוזן טראָגן אַהין מיטן קינפּעט־בעט — האָט פּאָרט טעוול געזען, אַז עס זאָל זיין אַ חתונה, ווי עס געהער צו זיין, און די געסט זאָלן צופרידן זיין.

און אין אמתן — קיין פעדלערין איז זי נישט באַשעלע, אַ טעפּל אָפּקאָכן קאָן זי גוט — געדינט בלויז אין רייכע הייזער — אַ פּאָר רובל אָפּגעלייגט האָט זי אויך, און אַליין איז זי אַ פּולע מויד מיט אַ הויכער רויטהאָריקער פריזור, און ווי אָכּצוהיטן אַ מאַן וועט זי אויך וויסן, און אַז איר מאַן טעוול איז נישט קיין כניאָק פון בית־מדרש, נאָר האָט ליב צו קוקן אויף מיידלעך, וועט זי שוין דערנאָך געוואָר ווערן — נו, טאָ וואָס האָט דאָ טעוול אָנצוווערן? איז דען שוין אַזאַ גרויסע נפקה־מינה, הייַנט, צי אַ פּאָר יאָר שפּעטער? — איז טאַקע געווען אַ חתונה מיטן גאַנצן קנאַק.

שוין דעם שבת פריער איז געווען אַ הוליאַנקע אויף וואָס די וועלט שטייט.

ביי דער כּלהס מוטער, דער געגולערקע, אין דער וואוינונג, זענען זיך שבת נאָכמיטאָג צוזאַמענגעקומען דעם חתנס קאָלעגן און די שטיקערס, וואָס אַרבעטן מיט אים אין איין פאַבריק. מ'האָט געטרונקען און פאַרביסן מיט פּופּיקעס און לעבערלעך, געטרונקען און געטרונקען, אַזש ביז צומאָרגנס, זונטיק פאַרנאַכט, און אַזוי, מיט די כּוסות אין קאָפּ, געגאַנגען צו דער חופּה.

אויף הוליאַנקע האָבן געמוזט קומען אַ חוץ די קאָלעגן, אַלע וואָס אַרבעטן מיט טעוולען אויף איין שטאָק, און די וואָס אַרבעטן מיט אים אין איין זאַל — אוודאי און אוודאי.

בנימין איז געקומען און געטרונקען, געסטאַרעט זיך

טרונקען גלייך מיט אַלע, מ׳זאָל נישט לאַכן פון אים, און דער אַלטער פּראָפעסאָר, וואָס האָט ליב שבת נאָכמיטאָג זיך לייגן שלאָפן, אויסרוען זיך פאַר דער גאַנצער וואָך — איז געצוואונגען געווען דעם היינטיקן שבת צו פאַרבייגן דאָס שלאָפן און גיין זיך משמח זיין צו טעוולען. אַנדערש האָבן טעוולס צוויי שליחים געסטראַשעט, איט מיט גוואַלט אַהין אַוועקצוטראָגן, אפילו אין די סאַמע תחתונים.

אַ קלייניקייט, טעוול קנאָפּ גייט חתונה האָבן!

אין חתונה־טאָג איז אויסגעפאַלן אַ גרויסער שניי, און צו דער חופּה איז געקומען צופאָרן אויף אַ שליטן ער, דער פאַבריקאַנט ראָזנבוים אַליין. ער איז געבליבן, ביז דער עולם האָט גענומען גיין צו דער חופּה, האָט געשענקט אַ שייבע פּאָר רובל אויף „אַ לעב״, זיך פריינטלעך געזעגנט מיטן חתן און צוריק אַוועקגעפאָרן מיט דעם זעלבן שליטן.

און ביי דער חופּה, וואָס איז פאָרגעקומען אין דרויסן, איז געווען לעבעדיק... פון פרישגעפאַלענעם שניי איז געמאַכט געוואָרן קוילן, גרויסע און האַרטע שניי־קוילן, און אין מיטן דער קדושין־צערעמאָניע זענען די קוילן געפלויגן חתן־כלה אין די קעפּ.

אָבער דאָס איז נישט געטון געוואָרן, אום דאָס ייִנגע פּאָר צו באַליידיקן. אַדרבא! — פאַר היימלעכקייט וועגן.

די ווינטער־נאַכט איז לאַנג. נאָך דער חופּה און נאָך דעם מאָלצייט, וואו דער עולם ייִנגען און מיידן האָט זיך געמוזט צוריקהאַלטן און זיצן רואיק ביי באַזונדערע טישן — זענען ענדלעך די כלי־קודש אַוועקגעגאַנגען, איינציקווייז זענען זיך אַלע עלטערע מענטשן צעקראָכן. דער אַלטער פּראָפעסאָר האָט געלאָזט דאָ עטלען, און אַליין איז ער אַהיימגעגאַנגען שלאָפן. און דערנאָך, ווען דער „עומד מצד החתן״ — אַן אַביסל הינקעדיקער דרדקי מלמד — איז אויך אַוועק אַהיים, איינרוימענדיק פריער עפּעס דעם חתן, וואָס אין נייעם טונקעלען אָנצוג און האַרטן הוט, לאַנג און שטיל עפּעס ארייַנשושקענדיק אין אים — ווען ער דער אַלטער איז שוין אויך געווען אַוועק

אהיים — זענען די צוזאמענגעשטעלטע בענק און טישן ארויס־געשליידערט געוואָרן, די קלעזמאָרים האָבן מיט פרישן חשק א נעם געטון זיך צו די אינסטרומענטן, חברה האָבן אראָפּגעוואָרפן די רעקלעך און אויסגעטון די שטייפע געקראָכמאַלעוועטע קראַגנס, און ס'האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אמתע חתונה...

אין יענער נאַכט, אין טעוולס חתונה־נאַכט, איז דער נאָך אַלץ אומשולדיקער בחור בנימין אַרויס פון ייִנגלשאַפט און געוואָרן מאַנסביל — אין דער דאָזיקער נאַכט, ווען אין בנימינען אינעווייניק איז אַלץ געווען פאַרגאָסן מיט משקה, ווען דאָס געפיל, וואָס פלעגט טיילמאָל אין אים רעאַגירן, אויף עפּעס נישט אָנשטענדיקס איז געלעגן פאַרשטופּט ערגעץ טיף, און זיין אָרט האָט פאַרנומען אַ שיכורער צושטאַנד און אַ האָפּערדיקער — האָט בנימין עפּעס ווי פּלוצלינג זיך געפונען רעדן מיט עטלען. זי האָט געטראָגן אַ העל קלייד און אויפן נאַקעטן האַלדז די געלע קרעלן; אַרום זיי האָט מען געטאַנצט, געפּלוידערט, די קלעזמאָרים האָבן געריסן די אויערן, און זי, עטל, האָט עפּעס גערעדט צו אים, זייער צוגעלאָזן גערעדט, און ער האָט געשמייכלט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ... ווי פון דערווייטנס האָט ער געהערט איר נישט ערנסט ברוגזדיק קול:

— נאָר נישט רירן מיט די הענט, כ'בעט אייך... — און אים האָט זיך דווקא געגלוסט רירן מיט די הענט, באַרירן זי מיט זיינע הענט...

דערנאָך, שפּעטער, ווען דרינען אין „זאַל" איז ווידער געווען אַ געטאַנץ, אַ געפּילדער און שיכורע קולות, האָט בנימין זיך געפונען עפּעס אין אַ טונקעלען ווינקל אויף אַ באַרג אָנגעוואָרפענע איבער־מלבושים. ער האָט געפילט לעבן זיך אַ וואַרעמען מיידלשן קערפּער, אַ ווייכן און נאָכגיביקן. און ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז עטל, עטלס קערפּער.

און אין זיין איצטיקן שיכּרות־צושטאַנד האָט זיך אַריינגעמישט אַ צווייט, אים ביז דער מינוט נאָך אומבאַקאַנט געפיל, אַ הייס און אַ פלאַטערדיקס, וואָס האָט אין אים אַלץ צעזידט, ווי אין אַ קאָכיקן קעסל. און אָט, אין דעם מישמאַש פון

שיכּרות און בחוריש-צעפּלאָמטער תּאווה, האָט ער פּלוצלינג דערפילט די העכסטע הויך פון עפּעס אַ שאַרף-זיס פּײַנלעכער שפּירונג, אַזעלכער וואָס פאַר איר איז ווערט צו לײַדן אַ גאַנץ לעבן-לאַנג, צען לעבנס, הונדערט לעבנס איז ווערט צו לײַדן — און ער איז אײַנגעשלאָפן.

ווען בנימין האָט אויפגעוואכט, האָט שוין געגראָט אויף טאָג. לעבן אים איז געזעסן עטל. זי האָט גערעדט צו אים. אויף „דו" און האָט פלומרשט געשעמט זיך די אויגן צו דער-הייבן. זי האָט גערעדט צו אים צערטלעך, און דאָך, ווי צו אַן אייגנטום, וואָס זי האָט זיך, ווער ווייסט ווי אַרום, איבער דער נאכט דאָ אײַנגעהאנדלט.

און אַז בנימין האָט גערעדט צו איר, ווי שטענדיק: נישט צו-ציענדיק און נישט צוריקגעהאלטן, נאָר צו אַ מיידל, מיט וועלכער ער איז געווען אײַנמאָל אין פּאַרק און ווייטער גאָרנישט — האָט זי מיט אַמאָל אָנגעהויבן צווייינען און געזאָגט, אַז נאָך דעם וואָס צווישן זיי איז היינט בײַנאַכט פּאָרגעקומען, האָט זי מורא אהיימצוגיין, און זי האָט ווייטער געוויינט.

דרינען אין „זאַל" איז שוין געווען שטיל און רואיק. אומעטום זענען געלעגן בינטלעך מענטשן, ווי אַוועקגעוואָרפענע, און געשלאָפן, אין די מלבושים און האלב אויסגעטועטע, טייל באַזונדער און טייל חברותאווייז.

בנימין האָט זיך פון עטלס רעדן עפּעס דערמאָנט, אַז דאָס וואָס אים האָט זיך געדאכט, אַז ס'האָט זיך אים בלויז געחלומט, איז טאַקע געשען, איז טאַקע פּאָרגעקומען. איצט האָט ער זיך עפּעס אָנגעהויבן צו דערמאנען, נאָר קלאָר וואָס האָט ער זיך בשום אופן נישט געקאָנט דערמאַנען. אים איז בלויז געבליבן ווי אַן אָפּשיין פון דער שאַרפער אויסטערליי-שער שפּירונג...

ער האָט איצט עטלען, אפשר דאָס ערשטע מאָל אין לעבן, וואַרעם און עפּעס מיטלײַדיק געגלעט איבער די צעשוי-בערטע בלאָנדע, שיטערע האָר. און אין מויל איז אים געווען ביטער פון דער אויסגעטרונקענער משקה.

## יד

לפנים האָט זיך אין דער היים אַלץ געפירט ווי אַמאָל. ס'איז אָפּגעהיט געוואָרן דער מאַמעס כּבוד; מ'האָט זיך צו איר באַצויגן מיטן געהעריקן דרך-ארץ און נישט אַקעגן גערעדט גראָבע ווערטער — אָבער אין תּוך איז שוין אַלץ געווען אַנ־דערש. בנימין איז שוין נישט געווען דער, וואָס אַמאָל, און פון ישׂראל נחן האָט די מאַמע אויך נישט קיין נחת גע־האַט.

די מאַמע האָט נישט געקענט [sic: גענוי] געוואוסט, אויף ווי ווייט בנימין איז שוין אַראָפּ פון רעכט פּאַרטיקן וועג, אויף וועלכן איר און איר מאַן עליו-השלומס משפּחה גייען פון דור דורות. זי האָט נאָר געוואוסט, אַז בנימין האָט חברים נישט אַזעלכע, ווי איר שטייט אָן, און אַז דעם טאָג וואָס ער אַרבעט נישט, גייט ער שפּאַצירן ביז האַלבער נאַכט, און פון אויסצאָלונג, וואָס ער קריגט אין קאַנטאָר, ברענגט ער אַהיים נישט אַלץ.

דערפאַר האָט די מאַמע נישט צוגעלאָזט, ישׂראל-נח זאָל גיין אַרבעטן צו בנימינען. זי האָט מורא געהאַט, ער זאָל זיך פון דעם עלטערן ברודער נישט אָפּלערנען שלעכטע מעשׂים און זאָל אויך נישט אַרויף אויף דעם גליטשיקן וועג.

ישׂראל-נח האָט אָבער אויך געהאַט חברים, און פון איי־נעם אַ חבר זיינעם, אויך אַ פּעדלער — איז ישׂראל-נח גע־וואָר געוואָרן, אַז אין דער און דער גאַס, אין דעם און דעם הויז איז פאַראַן אַ געוועלב, וואָס דאָרט קאָן מען זיך זאַמלען געלט...

אין ישראל-נח אמאָל אַהין געגאַנגען. ער האָט איינגע-
צאָלט עפּעס געלט, האָט ער געקריגן אַ ביכעלע און אין בי-
כעלע אריינגעקלעפּט מארקעס אזעלכע מיט אַ לשון קודשער
אויפשריפט.

אַזוי איז ישראל-נח יעדעסמאָל אַהינגעגאַנגען, די פּאָר
מטבעות וואָס ער האָט זיך אָפּגעשפּאָרט, זענען באַרעכנט גע-
וואָרן אין צענער גראָשנס, פאַר יעדע צען גראָשן האָט ער באַ-
קומען אַ מארקע אַריינגעקלעפּט אין ביכעלע און ער האָט אַלץ
געהאַלטן אין איין חשבונען, ווען ער וועט שוין האָבן מאַרקעס
אויף אַ סומע פון צען רובל, וועט ער קריגן אַן אַקציע און
וועט דאדורך האָבן אַ חלק אין אַ קאָלאָניע, וואָס ווערט גע-
בויט אין ארץ-ישראל.

אין דעם געוועלב, וואו ישראל-נח קויפט די ארץ-ישראל
מארקעס, איז שטענדיק פול מענטשן. נישט קונים, נאָר סתם
מענטשן, זיצן גלאַט אזוי, שמועסן און אַמפּערן זיך איבער
עפּעס אויסטערלישע ענינים, און זיי באַנוצן דערביי ווערטער,
וואָס ישרל-נח הויבט נישט אָן צו וויסן זייער טייטש, נאָר ער
איז זיכער אַז דאָס האָט אַ שייכות צו דעם ענין, וואָס ער
קויפט מאַרקעס און וועט דערנאָך קריגן אַן אַקציע.

דער באַלעבאָס פון געוועלב, אַ ליטוואַק מיט אַ הדרת-
פּנים און לאַנגער בלאָנדער באָרד, האָט זיך איינמאָל צעשמו-
עסט מיט ישראל-נחן, אים אויסגעפרעגט, צי ער האָט געלערנט אין
אַ חדר און צי ער קאָן לייענען און שרייבן. ער האָט אים
געבעטן קומען שבת נאָכמיטאָג צו אים אין וואוינונג. ישראל-
נח איז אַהינגעקומען, מיט זיינעם אַ חבר, האָט ער זיי ארויפ-
געפירט ערגעץ אין אַ דירה, וואו עס זענען געשטאַנען פולע
שענק מיט ביכער, לאַנגע טישן, און אַרום בענק צום זיצן.

דאָרט זענען זיך צוזאַמענגעקומען נאָך יינגלעך אין
ישראל-נחס עלטער, און עלטערע און יינגערע. מ'האָט זיי גע-
געבן צו לייענען יידישע ביכלעך, ביים אַהיימגיין, זיי געבעטן
קומען דעם צווייטן שבת ווידער, און אַז ס'איז געקומען דער
זומער און מ'האָט געאַרבעט גאָר ביז צו די לאָמפּן, איז ישראל-

נח יעדן אָוונט אַהין ארויפגעגאַנגען; דאָרט זענען זיך צונויפגעקומען אַסך יינגלעך, און לערערס האָבן זיי געלערנט שרייבן.

די מאַמע איז פון ישראל-נחס פירונג אויך נישט געווען צופרידן. ס'האָט זי געקרענקט די פּאָר גראָשן, וואָס ישראל-נח גיט אויס אויף מאַרקעס; בנימין גיט אויס פון איין זייט און ישראל-נח — פון דער צווייטער, און דאָ דאַרפמען אַזוי פיל געלט. מלכה, קיין עין הרעה, איז שוין אַ מיידל איבער די צוואנציק און האָט נאָך נישט אַ גראָשן נדן און קיין פּאָדעם אויסשטייער. און סימעלען דאַרף מען שיקן אין שול.

און נאָך צוליב אַ טעם איז די מאַמע אומצופרידן. כאָטש די פרומקייט אין שטוב איז געווען שוין גאָר שיטער און מער ווי איינמאָל האָט זיך די מאמע נישט געמאַכט קוקן ביים פאַרהיפערן אַ דאַווענען, אָדער שבת ביי עפּעס — האָט זי פונדעסטוועגן געציטערט, אַז איר שטוב זאָל זיך נישט אַריינכאַפּן אַפּיקורסות — די מאמע האָט געוואוסט פון פעטער לייב-חיים, אַז ישראל-נח טראָגט אוועק זיינע גראָשנס צו די ציוניסטן און ציוניסטן זענען אפּיקורסים, האָט זי מורא געהאַט, אַז פון ישראל-נחס גיין זאָל זיך לסוף נישט אויסלאָזן, אַז ער וועט אויך ארויף אויף אַ גליטשיקן וועג.

---

בנימין איז איצט שוין אַרויף אויפן שליאַך, וואָס אַלע בחורים אין פאַבריק.

דעמאָלט, נאָך דעם ערשטן אומגעריכטן פאַרקער מיט עטלען אין טעוולס חתונה-נאַכט, האָט בנימין עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד געשעמט זיך דער מאַמען אין די אויגן צו קוקן. ער איז אַרומגעגאַנגען פאַרצאָגט, אומעטיק, און די מאַמע אָנקוקנדיק זיין פאַראומערט בלאַס פּנים, האָט זי געמיינט, אַז ער האָט זיך דאָרט אויף דער חתונה, דעם מאָגן פאַרדאָרבן, אָדער דערקילט זיך — היינט איז בנימינען פון יענער בושה כמעט שוין קיין שפּור נישט געבליבן. ער האָט איצט, דורך די עט-

לעכע חדשים, שוין געקענט הינטער עטלס פלייצעס נאָך עס-לעכע מיידלעך און געפילט האָט ער זיך שוין רואיק. וואָרן ער האָט געזעען, אַז אַלע בחורים אין פאַבריק טוען אַזוי ווי ער און — גאָרנישט! איז מין הסתם דאַרף אַזוי זיין.

— בנימין פרעגט אים אַמאָל עטל — וואָס וועט זיין דער סוף פון אונזער גיין? אין דער היים פרעגט מען מיך נאָכאַנאַנד, ווען וועט שוין עפּעס ווערן.

— וואָס ווילסטו דען? — דערווידערט בנימין מיט באַ-האַלטענער אומצופרידנקייט — איך בין דאָך נאָך קיין פולע צוואַנציק יאָר נישט אַלט. נישט „געשטאַנען" נאָך צום פּריזיוו.

— נו, יאָ — איז זי לפנים מסכים — איך ווייס, אָבער וואָס זאָל איך אין דער היים זאָגן. פון נאָך יענער נאַכט ביי טעוולען, ווען דו האָסט מיך גענומען אויף ס'כח, לאָזט מען מיך אין דער היים נישט אָפּ אַ מינוט נישט.

— ווער האָט דיר דען געהייסן באַלד דערציילן אין דער היים? — זאָגט בנימין מיט קוים פאַריבל.

— וואָס הייסט? — פרעגט זי צוריק — איך האָב דען עפּעס דערציילט? זיי האָבן דערקענט, די מאַמע האָט גלייך דערקענט.

בנימין פאַרשטייט אַפילו נישט, ווי אַזוי די מאַמע האָט גלייך געקענט דערקענען. נאָר נאָך רעדן דערפון ווילט זיך אים נישט. ער ווייסט, אַז אויף זיין איין וואָרט וועט אים עטל פאַר-שיטן מיט אַ גאַנצן מבול רייד, שווייגט ער, און ער פילט, אַז ער איז נישט פריי, אַז דער צווייטער עק פון זיין „איך" ליגט ביי אָט דעם מיידל אין דער האַנט, און ביי דעם דאָזיקן עק האַלט אים נישט דאָס מיידל אליין, נאָר איר גאַנצער משפחה, און דאָס וואָס ער גייט אַרום פּלומרשט פריי, איז נאָר אַזוי אַביסל, ווי אַ געפּענטעט פערד, וואָס מ'לאָזט אַרומגיין אויף דער לאָנקע...

יאָ, דאָס דאָזיקע מאָגער-גופיקע מיידל מיט די שיטערע הערעלעך אויפן קעפּל, צוזאַמענגעדרייט אין אַ קעקסל, און

מיט ריח פון שמעק־טייך, וואָס זי פאַרשפּרייט אַרום זיך, זי פאַרשטייט גוט, גאָר גוט צו שפּילן איר ראָלע. פון יענער נאַכט אָן קלעפּט זי פשוט אָן בנימינען, מישט זיך אַריין ביי זיינע פעדלערס, זיי זאָלן נישט אָפּגענאַרן אין דער אַרבעט; אָט, ווי זי וואָלט שוין געווען זיין ווייב.

און מאַכן מאַכט זי דאָס אַזוי, נישט אָפיציעל, גלייך זי איז דאָ אויסן נאָר זיין טובה; נייט אים אָן אַ קנעפּל; פאַררעכט אים אין פאַבריק די אַרבעטס־הויזן; און אויסגעביפּט איז אָט דאָס מיידל, אַז עס קוקט שוין באַלד אויס, אַז אייגנטלעך האָלט ער, בנימין, זי צו זיך צוגעבונדן, ווייל ער קאָן נישט לעבן אָן איר, און זי נעבעך, ברענגט דעם קרבן און איז צו אים נאָענט.

און אַז זיי טרעפן זיך אַמאָל אין אָוונט אַליין אין פאַבריק איז זי כלומרשט גאָרנישט שולדיק דערין, גאָרנישט אויסן. זי איז נאָר אַריינגעקומען אַ קוק טאָן, צי דער פאָטער אירער איז שוין אַהיימגעגאַנגען און צופעליק האָט זי דאָ געטראָפן בנימינען...

בנימין האָט זי נישט פיינט, טייל מאָל, אין געוויסע מינוטן, איז זי אים אַפילו נאָענט, און נענטער ווי אַלע אַנדערע מיידלעך, איז זי אים שטענדיק. נאָר פאָרט וואָלט ער געוואָלט זי זאָל אים אַביסל אָפּלאָזן פון זיך, נישט זיין מיט אים שטענדיק. זאָל זי אים לאָזן אַביסל בענקען נאָך זיך. דאָס וואָלט פאַר איר אויך גלייכער געווע׳... זי אָבער פאַרשטייט דאָס נישט, אָדער וויל נישט פאַרשטיין, און דעריבער, טיילמאָל און אַלץ אָפטער ווערט זי אים דערווידער, און ער דערזעט אין איר חסרונות, אַלץ מער חסרונות, נישט געפערלעכע חסרונות, נאָר עפּעס אַזעלכע אינערלעכע, וועלכע ער וואָלט אפשר גאָרנישט געוואוסט, ווי אַזוי אַרויסצודערציילן. נאָר ער פילט זיי, די חסרונות אירע, און זי ווערט אים לעסטיק.

## ו

— ווי מאַכט מען זיך אביסל לויז פון עטלען? — פאַר־טרויט זיך אַמאָל בנימין פאַר זיין חבר פיניע — זי לאָזט מיך נישט אָפּאָטעמען אַ מינוט נישט.

פיניע איז אַ קצבס אַ זון און אליין אַ קצב־געזעלן, וואוינט אין זעלבן הויז, וואָס בנימינס משפּחה. ער איז אַ טונקל־פּנים־דיקער, ברייטפּלייצעדיקער, נישט הויכער יונג, און דאָס רעדן זיינס איז אויך אַזוי פעסט און פּראָסט, ווי ער איז אינגאַנצן.

— מ'שלאָגט מיט איר כפּרות און שוין! — עצהט פיניע.

און אַז בנימין ענטפערט גאָרנישט, ווייל ער פאַרשטייט, אַז סתם „שלאָגן מיט איר כפּרות און שוין", גייט נישט — מיינט פיניע, אַז זי איז בנימינען אַ שאָד, נעמט ער אים דאָס אויסרעדן:

— וואָס, עס פעלן דיר אפשר מיידן? — אַ נפקא מינה די מויד, אָדער אַן אַנדערע מויד—אַלץ איינס!

פיניע ווייסט שוין אַלץ, וואָס צווישן בנימינען און עטלען. ער ווייסט, ווי אַזוי ס'איז געקומען דערצו. פיניע האַלט גראָד נישט, אַז בנימין איז אין אַלעם שולדיק, פאַרקערט גאָר:

— דאָס האָט זי דיר דעמאָלט אונטערגעשטעלט אַ פיסל, אום דיך אריינצוקריגן — רעדט פיניע קלאָרע דבורים, אַזעלכע וואָס גיבן אַ פּיק אין בנימינס מוח — מכוח עטלס בלייבן דע־מאָלט אויף טעוולס חתונה, נאָך איר פּאָטערס אהיימגיין.

און זיכער איז פיניע, אַז בנימין איז ביי עטלען נישט דער איינציקער, דער „ערשטער" — זיכער נישט...

ס'איז געווען פיניעס אַ פּלאַן, אויסצוווייזן בנימינען באַשייגפּערלעך, אַז אַן אַנדערער קאָן פון עטלען באַקומען דאָס זעלבע, וואָס בנימין האָט פון איר. און גאָרנישט! קיינער מאַכט זיך נישט דערפון.

און פיניע האָט זיך טאַקע באַלד גענומען אויסצופירן זיין „פּלאַן"...

צי עטל האָט אין איר לעבן געהאַט עסקים נאָך מיט אַנדערע בחורים, אַחוץ בנימינען, און ווי ווייט זי איז מיט זיי דערגאַנגען — איז נישט באַוואוסט. נאָר אַז אָט דאָס מיידל איז פּיפּיק און געביפּט — דאָס איז באַלד געוואָרן באַוואוסט.

זי איז טאַקע געגאַנגען שפּאַצירן איינע אַליין מיט פיניען, געגאַנגען אין פּאַרק, און אויף זיין פאַרלאַנג געזעצט זיך אָפּרוען אויף דער „רואינע". נאָר אַז ס'איז געקומען צו עפּעס מערס, ווי סתּם זיצן און שמועסן, האָט זי אויף פיניען אויסגעשטעלט אַ פּאָר העלבלויע ווי זייף־וואַסער אייגעלעך, ממש די אומשולד אַליין:

— פיניע, ווי קאָנסטו צו מיר גאָר אַזעלכע ווערטער רעדן? איך בין דאָך דיין חברס כּלה!

און אַז פיניע האָט געפּרוווט נעמען זי מיט כּח, האָט זי זיך נישט געפּוילט און גענומען שרייען אויף הילף.

פיניע האָט שוין מיט גאָרנישט געקאָנט באַווייזן בנימינען, אַז ער איז ביי עטלען נישט דער איינציקער.

דאָך אַ שטיקל פּעולה האָבן פיניעס נאָכאַנאַנדיקע ריידפּאַרט געהאַט: בנימין האָט אַזוי איינציקווייז, אומבאַמערקט אַפילו פאַר זיך אַליין, אַביסל זיך לויז געמאַכט פון עטלס מאַכט איבער אים.

* * *

ס'איז געווען א סוף זומערדיקער שבת נאָכמיטאָג. ביים

מיטאָגעסן האָט די מאמע ווײנענדיק דערמאָנט, אַז מלכה האָט נישט קיין שטיקל קלייד אין גאַס זיך צו ווייזן, און אַז בנימין און ישראל-נח גייען נישט אין רעכטספּאַרטיקן וועג...

און אַז די מאַמע וויינט, וויינט גלייך סימעלע אויך, און באַלד האָט אויך מלכה גענומען ווישן זיך די אויגן. בנימין און ישראל-נח זענען געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און געשוויגן. דערנאָך איז געקומען הינטערן פענצטער פּיניע דעם קצבס און מיט אונטערפייפן אַראָפּגערופן בנימינען.

די מאַמע האָט ביים דערהערן דאָס באַקאַנטע אונטערפייפן באַטריבט אַ מורמל געטון: „דער בייזער יצר-הרע קושעט שוין״. בנימין האָט גאָרנישט גערעדט, שווייגנדיק און נישט דרייסט זיך דערהויבן פון טיש און אַראָפּגעגאַנגען צום קאָלעגע.

זיי זענען אַוועק אָפּוואַרטן פּיניעס אַ באַקאַנט דינסט-מיידל, געשטאַנען דאָרט פאַרן טויער, אַז זי איז ארויסגעקומען, איז מען אַוועק „אָפּהאָלן״ אירס אַ „קאָלעזשאַנקע״.

דערנאָך איז מען צוזאַמען, אין צוויי פּאָר, געגאַנגען אין פּאַרק, געקנאַקט באַניעקערלעך און פריילעך געפּלוידערט.

אַדורכגעגאַנגען עטלעכע מאָל די „טונקעלע אַלייע״ רופט זיך פּיניע אָן:

— די מאַמזעלס וועלן אפשר טרינקען סופּענדל-וואַסער?

— און נאָך עפּעס שטאַרקערס אויך — ענטפערט פּיניעס באַגלייטערין.

און די צווייטע, וואָס גייט מיט בנימינען, זאָגט מיט אַ שנעבעלע:

— פיינע קאַוואַליערן דאַרפן אַליין וויסן, וואָס זייערע פּאַננעס באַגערן.

איז מען אַוועק פאַרברענגען צו יענטל קאָזאַק אין קעלער.

אין יענטלס טאַנץ-שטוב איז יעדער פּאָרל אָנגעלייגט געסט. זי, יענטל אַליין, מיט אַ פּנים שוואַרץ ווי אַ ציגיינערין, מיט זילבערנע גרויסע אויערינגען און אין אַ שוואַרץ-גלאַנציקן שייטל מיט אַ גזשיווקע און קליינע געדרייטע לעקלעך, זיצט

פאַרן װענטל, הינטער װעלכן ס'געפינט זיך איר אַלמנה־בעט און דערלעבן, דאָס אויף אַ שלעסל צוגעשלאָסענע בופעטל מיט דער שבת־קראָם.

די שװאַרצע יידענע זיצט פאַרן װענטל, װי אַ זשאַנדאַרם אויף דער װאַך פון איר האָב און גוטס, און אַזוי דאָס בופעטל װי דאָס בעט, זײַנען די צושטעלער פון דער פרנסה, װאָס זי האָט פון די פּאָרלעך.

יענטל האָט פאַר יעדן פּאָרל אַ באַזונדערן „װעלקאָם", פאַר יעדן יינג אַ באַזונדער צװיידייטיק װערטל.

— און דאָס איז אַ באַשערט פּאָרל — זאָגט זי אויף בנימינען מיט דעם נייעם מיידל — נאָר אַ ברכה צו מאַכן — זאָגט זי מכלומרשט תמעװאַטע, מיט אַזאַ ריר דאָס פלייצעלע אין דעם געפּלימלטן גאַנצן קלייד אין דער זייט דאָרט, פון דער עפענונג אין פאַראַװאַן, װאו דאָס אלמנה־בעט געפינט זיך.

...אָנגעזאַמלט זיך היפּשלעך פּאָרלעך און דעם עולם װערט נמאס סתם זיצן ליידיק און װאַרטן אויפן טאַנץ־מייסטער, פאָ־דערט מען יענטל זאָל עפּעס דערלאַנגען.

גייט יענטל צו מיט אַזאַ מין נחת־זיפצל צום בופעטל הינטער דעם פאַראַװאַן, עפנט דאָס פאַרזיכטיק און הייבט אָן צו פאַר־קויפן סאָדעװאַסער, פלעשלער ביר און געזאָטענע אַרבעס, שטאַרק געזאַלצענע און געפעפערטע, און אַז אַ קאַװאַליער פאַרלאַנגט אַמאָל עפּעס טייערערס און דעליקאַטעס, האָט יענטל דאָס אויך.

אַזוי אין טרינקען, פּלאַפּלען און שטיפן מיט די מיידלעך פאַרגייט די צייט, עס קומט בערנאַרד פייל, דער טאַנץ־מייסטער און עס הייבט זיך אָן דאָס אמתע לעבן.

דער עולם געטיילט אין פּאָרלעך, אין רעדער און װידער אין פּאָרלעך, טאַנצט, האָפּסעט, קלאַפּט מיט די פיס, זינגט, דרייט זיך אין רעדלעך און צעפּאַלט זיך, לויט בערנאַרדס קאָמאַנדע, װאָס הילכט װי אין אַ מאַגהויז.

יענטלען גייט דאָס אַלץ גאָרנישט אָן, געטריי, װי אַ קװאָקע איבער יינגע הינדלעך, זיצט זיך יענטל פאַרן פאַראַװאַן

מיטן בליק אַרויף צום פענצטערל און דאַכט זיך, נאָך העכער, צום הימל ארויף.

זי זעט גאָרנישט, זי ווייסט גאָרנישט. וויל עמיץ עפּעס, נעמט זי פריער אָפּ די פּאָר גראָשן, הייסט צוּוואַרטן פאַרן ווענטל און דערלאַנגט אַפּער פאַר די פּאָר גראָשן.

און אַז אַ ייִנגל מיט אַ מיידל פּאַרגלוסט זיך אַהינטער גיין „אָפּרוען" אביסל אויפן בעטל, שטעקט „ער" אַזוי אומבאַ־מערקט יענטלען אָפּ די פּאָר גראָשן פאַרן באַנוצן דאָס בעטל, פּאַררוקט זי די מטבעות אויף אַזוי שטילינקע און אומבאַמערקט, צו זיך אין בוזעם און זיצט זיך ווייטער אויף איר ערטעלע, ווי קיינמאָל גאָרנישט.

און אַז אַ מיידל צעפּיעשטשעט זיך אַמאָל הינטערן טאָר־הענגל — יענטל הערט דאָס גאָרנישט; זי ווערט אויף אַ ווייל טויבלעך און זיצט זיך ווייטער מיטן אומשולדיקן מינעלע אויפן שבתדיקן פּנים.

דערפאַר, אַז אַפּאָרל פאַרזאַמט זיך אַמאָל צו לאַנג הינ־טערן פאַראַוואַן און יענטל האָט מורא, אַז אזויערנאָך ווערט דערוייל אויפגעהאַלטן א צווייט פּאָרל, ווערט זי אומגעדולדיק, דרייט זיך אויף איר בענקל, הוסטלט און הוסט העכער און אויב עס נעמט נאָך אַלץ נישט קיין סוף, גיט יענטל אַ זאָג הויך, אַזוי הויך, אַז מ׳זאָל דאָס הערן ביים גרעסטן געפּילדער פון די טענצער:

— מנאַ, וואָס האָבן זיי מיך שוין אינגאַנצן אָפּגעקויפט, אָדער ז׳זענען גאָר איינגעשלאָפן?

אָט אַזוי פירט זיך יענטל איר געשעפטל אַ גאַנץ יאָר שבתים און יום-טובים, אַחוץ יום־כפור, און אַז איר קומט אַמאָל אויס אַהינטערצוגיין צום בופעטל, ווען אויפן בעט פונקט „רוט אָפּ" אַ פּאָרל, גייט זי זיך אַזוי רויק מיט די קעציש־טריטלעך, מיט אויגן וואָס זעען גאָרנישט, מיט אַרויפגעהויבענע פון גאָרנישט ווייסנדיקע פּלייצעלעך, שליסט אויף דאָס שענקל, נעמט פון דאָרט אַרויס, וואָס זי דאַרף, שליסט געטריי צוריק

צו, באהאלט דאָס שליסעלע, און גייט זיך תמעוואטע צוריק אפער.

טרעפט אָבער, ס׳ברעכט אויס א מחלוקת צווישן די געסט ווי אַמאָל, וואָס מ׳דערציילט נאָך, טעוול קנאָפּ האָט זיך שכורערהייט צעשלאָגן מיט אַ קאָלעגע און עס זענען געפלויגן גלעזער און פלעשער און ס׳האָט געהאלטן דערביי, די שכנים זאָלן אויף די גוואַלדן רופן פּאָליציי, דעמאָלט איז מ׳ט איין מאָל געוואָרן פון יענטלען, יענטע קאָזאק. זי איז מיט אַמאָל אויסגעוואַקסן נאָך אַמאָל אַזוי הויך און נאָך אמאָל אַזוי ברייט, האָט געטיילט פלעם אויף רעכטס און אויף לינקס, און איז נישט פריער צוריק געוואָרן די אלטע יענטל, ביז די שלעגער זענען שוין געלעגן הינטער דער טיר, צעקיילטע, צעביילטע, יעדער אין אַן אַנדער ווינקל אין געשנאָרכעט.

אָט אַזוי איז יענטל, און אַזוי איז איר „טאַנץ-זאַל“.

---

ווען בנימין איז אַהיימגעקומען פון „טאַנץ-זאַל“, איז געווען שוין שפּעט אין אָוונט. ישראל-נח איז נאָך נישט אין דערהיים געווען פון די ציוניסטן, וואו ער גייט יעדן אָוונט לערנען זיך שרייבן. מלכה איז שוין געשלאָפן, אין צווייטן בעט איז געלעגן די מאמע מיט סימעלען. פאַר בנימינס וועגן איז געווען אויפן טיש אָנגעגרייט נאַכט-עסן: א שטיקל פיש, אַ ברעקל פלייש פון מיטאָג, דערלעבן ברויט, און פאַר ישראל-נחן, בלויז אַ שטיקל פיש און ברויט. בנימין האָט שווייגנדיק זיך געזעצט עסן. די מאַמע האָט זיך פלוצלינג אויפגעזעצט אין בעט, מיט ביידע הענט זיך אָנגענומען ביים קאָפּ, און אזוי פארצאָגט זיך צעשאָקלט:

— דער טאַטע אין קבר שעמט זיך, קאָן נעבעך נישט איינליגן...

און בנימין האָט אין דער רגע א דערפיל געטון, אַז ס׳איז אמת, דער טאַטע אין קבר דאַרף זיך טאַקע שעמען פאַר זיין פירונג.

אַ שווערע טרויעריקייט האָט אים אַרומגענומען. ווייער־שווער און זייער טרויעריק איז נאָך פיינלעכער איז אים געוואָרן, וואָס די מאַמע האָט זיך באַלד צוריקגעלייגט, און געשוויגן, שוין אַ וואָרט מער נישט גערעדט. ער וואָלט זיך אין דער מינוט בעסער געפילט, ווען די מאַמע זאָל אים עפּעס טון, כאָטש פּאַטשן, אָדער וואַרפן אים עפּעס אין קאָפּ.

מ'האָט אַלץ גערעדט פון אסתּר וואָלבערגס חתונה; אפילו אין פאַבריק, צווישן די שטיקערס און פּעדלערס, האָט מען נאָכאַנאַנד דערמאָנט, אז דעם פאַבריקאַנטס טאָכטער זאָל בקרוב חתונה האָבן — און אָט האָט זיך די חתונה אָנגערוקט.

ביי בנימינען אינדערהיים האָט מען זיך שטאַרק געגרייט צו דער דאָזיקער חתונה. די מאמע האָט פלוצלינג געהאַט אַ שוואַרץ זיידן קלייד און געלאָזט זיך איבערמאַכן דעם אַלטן סאַמעט-מאַנטל; מלכּה איז נאָכאַנאַנד געגאַנגען צו דער שניידערין עפּעס פּאַסן, און סימעלע אַפילו האָט שוין אויך געהאַט אַ קליידל.

עטלעכע טעג פאַר דער חתונה איז נאָך אַמאָל אַהינגעקומען זי, די כּלה אליין — אסתּר מיט די רויטע באַקן. זי האָט אָנגעזאָגט, מ'זאָל זי נישט פאַרשעמען: אַלע זאָלן קומען אויף איר חתונה, בנימין און ישראל-נח זאָלן אויך נישט אַנדערש קומען, און באַזונדער האָט די מומע הענע זיך נאָכגעפרעגט ביי דער מאַמען, כּלאחר יד, צי די יינגלעך האָבן עפּעס אָנצוטון....

אזוי האָט ער זיך געפירט, דער פעטער לייב-חיים, ביי אַלע שמחות, וואָס ער האָט געמאכט. ער האָט ליב געהאַט אַלץ צו מאַכן מיט דער ברייטער האַנט.

און וואָס נענטער ס'האָט זיך אָנגערוקט דער באַשטימטער טאָג, אַלץ מער האָט זיך די חתונה געגעבן צו דערקענען.

צום פעטער לייב חיים זענען טאָג טעגלעך געקו־מען געסט פון ווייט און נאָענט: אָרימע גלידצעשוועטער־קינדער, האַלב פאַרגעסענע קרובים, און סתם מחותנים פון די אויסגעגעבענע זין און טעכטער.

אין פאבריק, די ארבעטער האָבן שוין פון א פּאָר וואָכן זיך געלערנט צוליב דער חתונה א פאָרשטעלונג „רענאַלדע רענאַלדינע", האָבן זיך געלאָזט אויפנייען אויסטערלישע קאָס־טיומען, רויטע פעלערינעס מיט פליטערלעך, הויכע שפּיציקע היט און קרומע שווערדן — נאַכט ביינאַכט זענען זיי ערגעץ געלאָפן אָפּהאַלטן „פּראָבעס", און האָבן זיך נאָכאַנאַנד געסודעט מיט הענעך דעם פאבריקאַנטס זון...

און דעמאָלט אָט, ווען אַלע חתונה־הכנות זענען שוין פאַרטיק געווען, איז געקומען צו פאָרן פייוול דעם פעטער לייב־חיימס בחור, וואָס לערנט אין שטעטל ביי חתנס פאָטער דעם רב אין דער ישיבה.

ס'איז געווען א גרויסע חתונה, פון יענע נגידישע חתונות, וואָס לאָזן זיך הערן. עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד איז די חתונה געווען דער הויפּט־שמועס אין אַלע פאַבריקן און אַרבעטער־שטובן און אין גאַנץ שטאָט.

דעם פעטער לייב חיימס הויז,ביידע שטאָקן, איז פול געווען מיט חתונה־געסט. אין אַלע חדרים זענען געשטאַנען סערווירט טישן און ארום די טישן איז געזעסן דער פארשידנ־פארביקסטער עולם, פון רבנישע שטריימלעך און צעקנייטשטע סאַמעטענע היטלעך, ביז צילינדער־הוטן; פון פאַרפּאַטשקעטע חסידישע בערד ביז ראַזירטע געמבעס און שטייפע וואָנסעס, און אין א באזונדער חדר — געטישט פאַר אָרימעלייט.

בנימין, ווייל ער איז געווען אָרנטלעך אָנגעטון, האָט זיך דאָ גוט געפילט. ער האָט זיך באלד געפונען חברים — מנשהן, זיין ברודער פייוול, און דעם חתנס ברודער, א בחור מיט א זיידן טיכל פיין אויסגעלייגט ביים האלז — האָבן זיי זיך אריינגענומען אין דער חברותא.

ס'איז געווען אַלץ לרוב. די מומע הענע האָט אויפגעזוכט ישראל־נחן און בנימינען און זיך ביי זיי גאָכגעפרעגט:

— קינדער, פילט עץ זיך גוט, האָט מען ענק גישט באַצאָלט?

בנימין און מנשה, מיט ישראל-נחן און פייוולען, האָבן געשפּאַצירט פון איין חדר אין צווייטן. די טירן זענען אומע-טום געשטאַנען אויפגעפּראַלט, און מ'האָט זיך געשפּאַנט פון איין חדר אין צווייטן, ווי גאַס אויס, גאַס איין.

איצט — שוין נאָך דער חופּה, ביים עסן, איז נישט גע-ווען אַזוי שטרענג אָפּגעטיילט מאַנסלייט פון פרויען.

אין דער פרויען-אָפּטיילונג האָט שטאַרק געשמעקט פּאַר-פּומען. ס'זענען געווען גרויסאַרטיקע פרויען-טואַלעטן. מנשה האָט וואוילעריש א ווינק געטון און זיך אָנגערופן אויפן חשבון פון די אויסגעצירטע מיידלעך:

— הע, בנימין! ס'איז דאָ פאַרהאַנען פון וואָס אויסצו-קלייבן!

דער חתן, אַ בלאַס בחורל אין אַ גרויסן שטריימל, איז געזעסן צווישן צוויי רבנים מיט גרויע בערד און שטרענגע ברעמען, און ארום, ביי די טישן, זענען געזעסן באַקאַנטע און שטאָט-פאַבריקאַנטן — דער גרויסער פאבריקאנט פרענקל, מיט אַ פּנים ווי אַ גוי; בערל אייזנבערג, מיט אַ צעפּלאָשעטער באָרד ווי אַ דרדקי-מלמד; און ס'איז אויך דאָ געזעסן — אָנ-געטון אין אַ צילינדער, שוואַרצן פראַק און ווייסע וועש — אַראָנסאָן, דער וואָס איז ערשט פאַר צוויי יאָר געקומען אַהער פון אויסלאַנד, האָט אַ גרויסע פאבריק און ווי מ'שמועסט, קלערט ער אַהערצוברענגען שטיקעריי-מאַשינעס אויף דאַמף. די שטיקערס האָבן מורא פאַר די דאָזיקע דאַמף-מאַשינעס, אַז זיי וועלן אָנמאַכן אַ קריזיס... און מ'רעדט, אַז אויב ער וועט טאַקע אַהערברענגען די דאַמף־מאשינעס, וועט מען זיך אין אים נוקם זיין...

אין צווייטן חדר איז געזעסן אַן אַנדערער עולם; ווי אויף יעדער שמחה ביי וואָלבערגן, איז אויך הייגט געקומען

דער גראָ-וואָנסיקער באוואוסטער לעדער-פאַבריקאַנט, דער דייטש פידלער, וואָס ביי אים אין די גאַרבערייען איז שוין דער דריי-טער דור וואָלבערגס אָנגעשטעלט אַלס קאָמיסיאָנערן, און וואָס זיין, וואָלבערגס, גאַנצע באשעפטיקונג דאָרט באַשטייט אין אָפּ-נעמען די צוויי פּראָצענט פון איינקויף — רויע פעל און אויס-פאַרקויף — לעדער.

אָט דאָ, אין דעם חדר, איז שוין נישט אַזוי שטרענג אָפּגעהיטן געוואָרן די יידישקייט: מ'האָט געטרונקען וויין מיטן קריסט פידלער — דוד פישמאַן איז לעבן אים געזעסן, שוין אינגאַנצן קורץ געקליידט, מאָריץ וואָלבערג און דער אין שטאָט באַוואוסטער ציוניסט און קענער זעלצער האָבן געפירט צווישן זיך אַן אפיקורסישן וויכּוח. זיי האָבן זיך אין גוטן מוט אי-בערגעוואָרפן מיט שטעכווערטלעך, מיט אפיקורסישע רייד, און אַרום זיי דער עולם האָט געקוואָלן און געלאַכט.

עס איילט אַדורך לייב חיים וואָלבערג אין אַ זיידן קאַ-פּעלע און א זיידן רעקל, געמאַכט ענלעך צו אַ פּראַק ביז די קני. ער זוכט אויף דעם עלטסטן זון נתן, וואָס איז געזעצט איבער די סאַרווערס. ער רעדט צו אים הויך, ווייל נתן איז אביסל טויבלעך.

— נתן, — זאָגט ער צו אים גיך — הייס אַריינגעבן צום שערעדזער מחותן אַ פלאַש לייכטערן וויין — און ער שפּאַנט גלייך ווייטער, מן הסתּם אויף עפּעס צו פאַראָרדנען עמיצן.

ערגעץ אין אַ ווייטן חדר ביי די פּרויען שפּילט אַ פידל, פון צייט צו צייט העלפט איר אונטער דער גאַנצער אָרקעסטער אין דרינען, וואו דער חתן געפינט זיך ביים טיש, רעדט איצט דער בדחן. ער רעדט עפּעס חריפותדיקעס, אויסגעמישט יידיש און לשון קודש. דער עולם הערט מיט פאַרחידושטע פּנימער און ער, דער בדחן, מיטן אכט קאַנטיק קאַפּעלע אויפן קאָפּ און שוואַרץ קאַנטיק-צוגעשוירן בערדל, ווייסט אפנים זיין כּוח איבערן עולם, און דער בליק פון זיינע אויגן אויף די צוהערער איז ווי פון אַ פירשט אויף זיינע אונטערטאַנער.

אין אָט דער נאַכט האָט בנימין, אַלס גאַסט ביים רייכן וואָלבערג אויף דער חתונה, איבערגעלעבט אַ סך שיינס און אָנגענעמס. נאָר דאָס הערלעכסטע פון דער דאָזיקער נאַכט איז געווען טעמערלס דעקלאַמירן.

זי האָט דעקלאַמירט עפּעס אין פּויליש, און ווי בנימין האָט די שפּראַך נישט איבעריק פארשטאַנען, האָט פונדעסטוועגן פון דעם אופן, ווי אַזוי טעמערל האָט די ווערטער אַרויסגע־רעדט, ווי אויך פון די ווערטער אליין — אויף בנימינען אַ ווייַ געטון אַ דאָרפיש ווינטל, ווי פון פריש געשניטענעם היי...

צופעליק איז בנימין אַהער אַריינגעקומען. ער האָט מיט אַמאָל באַמערקט, ווי דורך אַלע טירן און פון אַלע חדרים שטראָמען געסט אין יענעם זאַל, איז ער אויך אַריין צוזאַמען מיט אַלע, און ווי נאָר ער איז אַהין אַריינגעקומען און אַ דער־בליק געטון טעמערלען אין ווייסן געשטיקטן קלייד אַרומגעכאַפּט מיט אַ ווייס־באַנד, אין וועלכן עס שטעקט אַ ווייסע רויז; ווי ער האָט נאָר אַ דערזע געטון טעמערלען שטיין און דעקלאַ־מירן, האָט אן אַנטציקונג אַ כאַפּ ארום געטון זיין געמיט.

זי איז גראַציעז געשטאַנען אין מיטן זאַל. אַרום איר איז געווען ליידיק, אָפּגערוקט. שיין און חנעוודיק זענען די ווערטער און קלאַנגען פון איר מיילעכל געפלאָסן.

זי האָט „דערציילט" אַ מעשהלע פון אַ דערפל מיט ווייסע כאַטקעס און מיט שטרוי־דעכלעך; אַ פּאַסטוכל פּאַרמאָגט אַ ווייס שעפעלע. יעדן אין דער פרי פירט ער דאָס שעפּסעלע אויפן גראָז, און אַ בלעקל האָט ער דעם שעפּסל אָנגעהאָנגען, און בעת דאָס ווייסע שעפּסעלע מיטן גלעקל אויפן האַלז, צופּט די לאָנקע־גרעזלעך, זיצט זיך דאָס פּאַסטוכל אונטער אַ בוים און שפּילט אויף זיין פייפל ניגונים...

לאַנג האָט געדויערט טעמערלס דעקלאַמירן. זי האָט איין געדיכט געענדיקט. דער עולם האָט געבעטן נאָך עפּעס. זי האָט צוליב געטון. און וואָס לענגער בנימין האָט זיך צוגעהערט, אַלץ טיפער האָט די פרייד געכוואַליעט אין אים.

דאָס איז געווען אַ פרייד, וואָס האָט בלויז זיין אינער־

לעכקייט אַרומגעכאַפּט און זיין אויסערלעכקייט נישט באַריירט. ער האָט אין דער פרייד און אַנטציקונג דערשפּירט עפּעס אַזעלכעס, וואָס ער האָט נאָך ביז איצט קיינמאָל נישט געשפּירט, קיינמאָל נישט געהאַט, נאָר שטענדיק געזוכט און געבענקט נאָך דעם.

איצט האָט טעמערל דעקלאַמירט וועגן אַ פויערן-טאָכטער אין איר התונה-טאָג, ווי זי געזעגנט זיך מיט די מיידל-יאָרן... גייט זי אַרויס אין האַלץ-קאַמער און זעט די אַרומליגנדיקע שפּענער, דערמאָנט זי זיך די פאַרפאַלענע מיידל-יאָרן... גייט זי אין וואַלד, און די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער פון די ביימער דערמאָנען איר ווידער די מיידל-יאָרן, וואָס וועלן שוין קיינמאָל מער נישט צוריקקומען; און אויף דער לאָנקע די בלימעלעך — די מיידלשאַפט אירע, וואָס ווערט היינט אָפּגעפּליקט, און אפילו דאָס קרענצל מירטן אויפן קאָפּ דערמאָנט איר אומעטיקס...

און וואָס לענגער און באַחנטער טעמערל האָט געזייט די אַרויסגעפּערלטע ווערטער, אַלץ מער האָט בנימין געפילט, ווי זיין געמיט וואַשט זיך אין אַ לויטער קלאָר וואַסער, און עפּעס האַרטס, ניכטערס שיילט זיך אין פאַלט פון אים אָפּ, און אַ זויבער ריין געפיל נעמט אים אַרום און ליכטיקער, ריינער בליקן זיינע אויגן.

ער איז געשטאַנען ווי פאַרזינקען אין אַ דרימל, אָבער קיין דרימל איז דאָס נישט געווען. דאָס איז געווען דאָס נייע ריינע געפיל, וואָס ער האָט אַזוי וואונדערלעך אין זיך אויפגענומען. ער האָט זיך ערשט אויפגעכאַפּט פון זיין אַנטציקונג, ווען דער עולם האָט באַלוינט די דעקלאַמירערין מיט אַ הענטגעפּאַטשעריי, דעמאָלט האָט בנימין די אויגן דערהויבן. ער האָט דערזען טעמערלס צעגלאַנצטע באַגייסטערטע אויגן און אַ שטילער ציטער איז אים דורך דעם האַרץ אַדורך, און פון געריטקייט איז אים וואַרעם געוואָרן אַרום די אויגן.

דעם איבריקן טייל נאַכט האָט בנימין שוין בלויז אויסערלעך איבערגעלעבט, זיין אינערלעכקייט איז געווען אינגאַנצן ביי טעמערלען.

די שטיקערס האָבן געשפּילט „ריינאַלדע רינאַלדינע". זיי האָבן אויסגעזען, ווי משונהדיקע גזלנים. טעוול קנאָפּ האָט גע־האַט צוגעקלעפּט אַ פּאָר וואָנסעס, וואָס האָבן אָן אימה אָנגע־וואָרפן מיט זייער שוואַרצקייט און צעשויבערטער גרויס; די גע־שפּרעכן אין „שפּיל" זענען גערעדט געוואָרן אין עפּעס אַ מאָדנע אומפאַרשטענדלעך דייטשמעריש־לשון, און העניך דעם פּאַבריקאַנטס זון, אַלס דער רויבער־הויפּטמאַן, האָט געטראָגן אַ פּאָר רויטע הויזן און אויך אַזאַ פּעלערין מיט פוטערלעך. זיינע „אונטערטעניקע", די איבעריקע „רויבער", האָבן זיך געבוקט פאַר אים און אים טיטולירט „הער מייסטער"...

פאַרטאָגס האָט בנימין ווידער געהאַט די געלעגנהייט צו זען טעמערלען.

דאָס איז געווען בעת מ'האָט די חתן־כלה־פּאָר געבערענגט אין זאַל, זיי אַנידערגעזעצט ביים טיש, און דער בדחן האָט אויסגערופן „דרשה-געשאַנק".

צום ערשט האָט דער פעטער לייב חיים געלאָזט אריינ־ברענגען אַ גרויסע טאַץ אָנגעשטעלט פול מיט זילבערנע כלים, און צו דער איבערראַשונג פון חתנס קרובים געלאָזט אויסרופן:

— דאָס שענקט דעם חתנס משפּחה „דרשה־געשאַנק"!

דערנאָך האָבן געשענקט דער כלהס משפּחה און קרובים. יעדער האָט זיך געפּלייסט אויסצוצייכענען. בנימינס מוטער האָט געשענקט אַ גרויסע זילבערנע בשמים-ביקס; דאָס איינציקע שטיקל־צירונג, וואָס האָט זיך נאָך דערהאַלטן נאָכן טאַטנס טויט און וואָס איז לויט ווי מ'האָט אין דערהיים גערעדט, שוין אַ גוזמא יאָרן אַלט געווען. ראָזנבלום, דער פאַבריק־שותף, האָט געשענקט אַ הונדערט־רובל־אַסיגנאַציע, און אַז דער פעטער לייב חיים האָט נישט געלאָזט צונעמען קיין געלט-מתנות, האָט ראָזנ־בלום רואיק געלייגט די אַסיגנאַציע צוריק אין טאַש, פאַרזי־כערנדיק צו קויפן עפּעס גאָר גרויסאַרטיקס.

דעמאָלט, ביים אויסרופן „דרשה־געשאַנק", האָט בנימין דערזען שטיין טעמערלען. דאָס האַרץ האָט אין אים גענומען קלאַפּן, ווי אַ האַמער. ער האָט זיך צו איר צוגענענטערט.

אירע האָר האָט ער ערשט איצט דערבליקט, זענען געווען פאַרשטאָכן מיט אַ ווייסער רויז, און די שווארצע האָר האָבן פאַר שוואַרצקייט אזש ווי אָפּגעשלאָגן אַ בלישטשל. ער איז צוגעגאַנגען פון הינטן, לאַנג געשטאַנען לעבן איר, זיך נישט קיין ריר געטון, און נאָר די אויגן זיינע האָבן גערוט אויף איר, געקוקט ווי אויף אַ הייליקייט. ענדלעך האָט טעמערל זיך אומגעקוקט. זי האָט אַ שפּאָרע ווילע געקוקט, ביז זי האָט אים דערקענט אין נייעם אנצוג און ווייכן הוט. איצט האָט זי אַ מורמל געטון עפּעס אַ פריינטלעך וואָרט און היימיש צו אים אַ שמייכל געטון. בנימין האָט געענטפערט מיט אַ שמייכל און אין דער רגע האָט ער א דערפיל געטון, אַז ער איז גרייט פאַר דעם ליכטיקן מיגדעסטן נאָגל טעמערלס צו לאָזן זיך אַ מעשה אָנטון.

## יז

צומאָרגנס האָט זיך די אַרבעט אין פאַבריק אָנגעהויבן אַביסל שפעטער, ווי געוויינלעך. די שטיקער זענען שפעט אויפגעשטאַנען צוליב דער נעכטיקער פאָרשטעלונג און ווייל ביז שפעט ביי נאַכט איז אין פאַבריק פאָרגעקומען אַ הוליאַנקע לכבוד דעם פאַבריקאַנטס טאָכטערס חתונה. הייַנט, ווי געוויינטלעך נאָך אזעלכע וויכטיקע געשעענישן אין גראָען פאַבריקלעבן, וואָס לאָזן לאַנג אויף זיך האָפן און וואַרטן און פאַרגייען נישט איבערלאָזנדיק נאָך זיך גאָר נישט מער, ווי אַן אומטעם אין מויל פון דער אויסגעטרונקענער ביליקער משקה, זענען די אַרבעטער געזעסן, יעדער ביי זיין מאַשין, געדרייט די קאָלבע מיט פאַרביסענער עקשנות, נישט אויפגעלייגט, אָנגעשטויסן איינער אויף דעם אַנדערן, גלייך דער שכן וואָלט שולדיק געווען דערין, וואָס דער פאַבריקאַנט האָט נעכטן צוגעוואָרפן עטלעכע רובל אויף ביער, דערמיט אָפגעקויפט די אַרבעטער, און מ׳האָט זיך דערנאָך נאַריש געמאַכט, געשפילט דאָרט אַ „שטיק״ פאַר די גראָבע בייכער, פאַר די אויסגעפרעסענע רשעים, ווי דער אַלטער פראָפער רופט זיי.

ס׳איז אין פאַבריק געווען שטיל. יעדער איז געזעסן פאַר זיך, און נאָר דער גערויש פון מאַשינען האָט זיך געהערט.

בנימין איז געקומען אַרבעטן שפעט אין טאָג. אַלע מאַשינען זענען שוין געגאַנגען. און די פעדלערס זייַנע האָבן

געמיינט, אז ער וועט שוין היינט נישט קומען צו דער אַרבעט און האָבן זיך שוין געקליבן אַהיימצוגיין.

בנימין איז אַריינגעקומען אין פאַבריק, און מער ווי אַלע מאָל האָט אים היינט אַ שלאָג געטון צו דער נאָז דער שטוי־ביקער פאַבריק־ריח. ער האָט זיך געזעצט אַרבעטן, געסטאַרעט זיך אַרבעטן פלייסיק, ווי יעדן טאָג, אָבער די אַרבעט איז אים היינט נישט גאָר געגאַנגען.

עפּעס האָט ער אין זיך געטראָגן אַ בענקעניש נאָך דער נאַכט וואָס איז פאַרגאַנגען, נאָך עפּעס, וואָס ער האָט די נאַכט איבערגעלעבט; אַן אויסמיש פון פרייד און אומעט האָט ער אין האַרץ געטראָגן, און ווי ער האָט זיך נישט מי געגעבן דאָס אומבאַקאַנטע געפיל פון זיך צו פאַרטרייבן, זענען אַלע זיינע מי געווען אומזיסט.

בנימין איז געזעסן ביי דער מאַשין שווייגנדיק. ס׳האָט זיך אים נישט געוואָלט רעדן, און מינוטנווייז האָט זיך אים פאַרוואָלט אלץ דאָ איבערלאָזן, אוועק אין פּאַרק און דאָרט אין אַן אָפּגעלעגענער אַלייע איינער אַליין שפּאַצירן אַרויף און אַראָפּ, און טראַכטן, שטיל עפּעס טראַכטן.

די חתונה ביים פעטער לייב־חיים האָט נאָך דעם צווייטן טאָג נישט געגומען אַן עק. ס׳האָבן זיך נאָך געצויגן די „שבע ברכות" און ביז איבער שבת זענען נאָך געבליבן די פאַרשי־דענע מחותנים, קרובים און פרעמדע געסט.

שבת איז דאָרט געווען אַ גאַנצן טאָג פול; אַלע פון דער דער היים זענען אַהינגעגאַנגען, בנימין — נישט. ער האָט גע־זאָגט עפּעס אַ תירוץ און אין דער היים געבליבן.

ס׳איז אין בנימינען עפּעס פאָרגעקומען. אזוי ווי אַז מ׳וואַרפט אין צעאַקערטער ערד אַ קערנדל. דעם ערשטן, דעם צווייטן טאָג, גיט עס זיך ווייניק צו פילן. נאָר ווייטער אריין, נעמט עס ערשט אָן, הייבט אָן שפּראָצן און לאָזט אַרויס בליטן— ענלעכס איז פאָרגעקומען אין בנימינען; אָט אַז מ׳שפּריצט איין פּאָקן און ערשט דערנאָך אַביסל ווייזט זיך אַרויס די ווירקונג— אזוי איז געווען מיט בנימינען. דעמאָלט, אין יענער נאַכט,

האָט טעמערל אומבאַוואוסט און נישט ווילנדיק אַריינגעוואָרפן א קערנדל אין בנימינס האַרץ, און איצט האָט דאָס ביי אים אין דער טיף דורכגעמאַכט דעם פּראָצעס פון שלאָגן וואָרצלען און שפּראָצן.

ער איז געווען געזונט און נישט געזונט; ס'איז אים געווען אומעטיק און ער האָט געבענקט, און מאָדנע — נישט נאָך טעמערלען האָט ער געבענקט, ער האָט געבענקט און אליין נישט געוואוסט, נאָך וואָס אים בענקט זיך.

ער איז אויסגעגאַנגען פון בענקעניש צו טעמערלען און קלאָר געוואוסט האָט ער דאָס נישט, און דערגאַנגען איז ער עס ערשט דורך אַ צופאַל:

איינדערהיים איינמאָל, ווען אַלע זענען געזעסן ביים טיש, האָט זיך די מאמע אָנגערופן צו מלכהן, שמועסנדיק פון דער ערשט פאַרגאַנגענער חתונה:

— טעמערל האָט הערלעך אויסגעזען.

דערויף האָט מלכה געענטפערט:

— יאָ, ביים דעקלאַמירן האָט זי נישט שלעכט אויס-געזען.

די מאַמע לייגט צו:

— די פרעמדע געסט האָבן פּשוט געקלעפּט אָן איר, די נישט אָפּגעלאָזט פון זיך...

אין דעם האָט די מאמע אַזוי צופעליק אַ קוק געטון אין דערזען, אַז בנימין זיצט רויט, ווי אַ פייער, און צעטומלט אינ-גאנצן, און אַז די מאַמע האָט אביסל דערשראָקן אַ פויעג גע-טון, וואָס אים איז, האָט ער קוים ארויסגעמורמלט „גאָרנישט" און אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

אין דעם דאָזיקן צושטאַנד בנימינס איז געווען פאַרמישט נאָך אַ געפיל. ס'איז געווען דאָס געפיל פון איינעם, וואָס האָט דורך שווערער מי זיין וועלטל אויפגעבויט און איצט, צוליב עפּעס, האָט ער זיך מיט אַמאָל אַרומגעזען, — אַז אַנדערש דאַרף עס צו זיין און ער האַלט ביי צוריק אַלץ איינוואַרפן און אָנהייבן בויען פון דאָס ניי.

אין בנימינען אינעווייניק — אומבאוואוסט גאָר פאַר זיין געדאַנק — איז שוין געלעגן אַ פּאַרטיקער באַשלוס — וועלכן ער באַוואוסטזיניק האָט גאָרנישט באַשלאָסן — נאָר פאַרט אַן אייזנפעסטער באַשלוס — צו צופּאַסן זיך אַזוי, ער זאָל ווערן אַזעלכער, צו וועמען טעמערל זאָל זיך קאָנען באַציִען, ווי צו איר'ס גלייכן — דאַרף ער, הייסט עס, איבערמאַכן זיין גאַנצע ביז איצטיקע פירונג, פאַרוואַרפן זיין גאַנצן לעבנס־שטייגער, די חברים־סביבה און אָנהייבן ווערן אַנדערש!

יאָ, בנימין האָט געהאַט מוט און חשק אָנצוהייבן אַלץ פון דאָס ניי, דאָך אין אים אינעווייניק, איז געווען אפשר איין שטיקל ווינקל, װאו ער האָט געפילט אַביסל ווי באַדויערן פון איינעם וואָס גייט דאָס גאַנצע איצטיקע איינוואַרפן און אָנהייבן אַלץ בויען פון דאָס ניי — און אַזוי ווי טעמערל איז געוועזן די סיבה פון דעם אַלעם, האָט ער טיילמאָל געפילט צו איר ווי אַ שאָטן פון פאַרדראָס, וואָס זי האָט גורם געווען, זיין רו זאָל געשטערט ווערן.

*

ס'איז געווען נאָך סוכות־צייט. דער זומער איז אַלויף געטון דאָס לעצטע שטיקל וועג, און ס'איז געוואָרן האַרבסט.

די טעג — גראָע און קורצע. אין פאַבריק האָבן כמעט דעם גאַנצן טאָג געברענט לאָמפּן. די שטויביקע פענסטער־שייב־לעך זענען שטענדיק געווען באַצויגן מיט אַ דיקן וואַסער גע־וועב, און טראָפּנס זענען געלאָפן איבער די שייבן, ווי טרערן.

דאָס איז די אומעטיקסטע צייט אין פאַבריק, די אומע־טיקסטע פון גאַנצן יאָר: ערשט אַוועק דער ליבער זומער, די פרייע סוכות־טעג... איצט גייען גראָע פאַרוויינטע קורצע טעג. מען זעט כמעט נישט אָן די גאַס אין טאָג־ליכט. מ'קומט אַר־בעטן, ווען ס'איז נאָכנישט טאָג, און ווען מ'גייט אהיים פון דעם אַרבעט איז שוין שפּעטע נאַכט.

און אָט אין דער דאָזיקער אומעטיקער צייט האָט זיך

בנימינס ליבע צו טעמערל וואַלבערג צעברענט מיט איר גאַנצן כוח.

אַהיימלויפנדיק מיטאָג עסן, האָט ער צוגעלייגט וועג כּדי צו גיין דורך יענער גאַס, וואו טעמערל וואוינט, מיט דער האָפענונג זי צו טרעפן. ער האָט געחלישט צו זען טעמערלען, און אייגנטלעך האָט דאָס אים אביסל געשראָקן: ער האָט מורא געהאט זי צו באַגעגענען, וואָרום אזוי הייס און גרויס איז געווען זיין ליבע צו איר, דאָס ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט נישט וויסן ווי זיך צו האלטן אין איר געגנוואַרט און וועט רעדן, אָדער באַגיין נאַרישקייטן.

אין די פרייע אָוונטן, ווי פרייטאָג צו נאַכט, איז בנימין אהיימגעקומען פון פאַבריק, זיך אַרומגעוואַשן, איבערגעטון, און האָסער וועטער עס זאָל נישט זיין — געלאָפן אין גאַס אריין, און אַזוי געלאָפן גאַס אויס און גאַס איין, ביז האַלבער נאַכט.

דערפאַר בייטאָג, שבת בייטאָג, איז ער גאָרנישט אַרויסגעגאַנגען, אַ גאַנצן טאָג געזעסן אין דער היים, אַרומגעקראָכן ווי אַ קראַנקער, געלעגן אויפן בעט, נישט אַרויסגעגאַנגען פאַר דער טיר אפילו. זיין גאנץ וועזן איז פול געווען מיט טעמערלען.

דאָס איז ער נישט געגאַנגען שבת ביי טאָג אין גאַס אַרויס, אום טעמערל זאָל אים נישט אַמאָל טרעפן מיט זייגע קאָלעגן פון יענטל קאָזאַקס טאנץ-שטיבל.

ער איז געווען אַ מאָדנער בחור, דער דאָזיקער בנימין.

ס'איז געווען עפּעס גאָר אויסטערליש, אַז איינמאָל אין אַ תּחילת ווינטערדיקן שבת נאָכמיטאָג איז טעמערל גראָד אביסל אַרויסגעקומען צו דער מומע חיה-רבקה, ווען בנימין האָט דערזען זי אַריינקומען אינם גראָען מענטעלע און פילץ-היטעלע, איז ער בלאַס געוואָרן, פאַר צערודערטקייט נישט געוואוסט, וואָס מיט זיך צו טון. ער האָט זיך גיך אָנגעטון און מיט אַ פול הערץ פרייד אַראָפּגעלאָפן אין גאַס, און ערשט צוריקגע־

קימען, ווען ס'איז געווען שוין אָוונט, און טעמערל איז שוין מער נישט געווען.

דעמאָלט, ווען ער האָט געזען, אַז טעמערל איז שוין נישטאָ, איז ער טרויעריק געוואָרן, גלייך ווי ער וואָלט ביי זיין אראָפּלויפן נאָכמיטאָג דאָ איבערגעלאָזט צו היטן פאַר אים אַן אוצר, און לסוף איז דער אוצר נישטאָ.

ס'איז נאָר בלויז געשטאַנען אויף זיין אָרט דער שטול, אויף וועלכן טעמערל איז געזעסן.

בנימין האָט דעם דאָזיקן שטול אוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל, דאָרט וואו קיינער זעצט זיך נישט. אין אָוונט, ווען אַלע זענען שוין געשלאָפן, האָט ער טיף און הייס געשמעקט צו דעם שטול. ס'האָט זיך אים געדאַכט צו פאַרנעמען פון אים אַ ריח פון טעמערלען, אַזאַ צאַרט שמעקנדיקן מיידל־ריח. און אַ לאַנגע צייט נאָכדעם, יעדן פאַרטאָגס, ווען ער האָט נאָר די אויגן געעפנט פון שלאָף, האָט ער אַ קוק געטון צום שטול, און טעמערלס געשטאַלט האָט אים פאַר די אויגן אַ שוועב געטון...

ס'איז זייער מעגלעך, אז די ענדערונג, וואָס איז מיט אַמאָל פֿאָרגעקומען אין בנימינס פּירונג, איז נישט געווען אינגאַנצן בלויז צוליב טעמערלען; קאָן זיין, אַז דאָס איז געלעגן אין זיין כאַראַקטער, אין זיין בלוט, נישט צו לאָזן זיך אינגאַנצן אויפֿן גליטשיקן הפקר־וועג, זיך צוריקצוכאַפּן פֿון לעצטן טרעפּל; עס קאָן זייער זיין, אַז אין אים איז דער דאָזיקער באַשלוס געלעגן אַ פּאַרטיקער שוין פֿון פֿריער, אין טעמערלס געשטאַלט איז בלויז געווען דער כּוח, וואָס האָט דעם דאָזיקן אונטער זיין באַוואוסטזיין רוענדיקן באַשלוס אויפֿגעוועקט — ווי עס זאָל נישט זיין, בנימינס פּירונג איז אין משך פֿון אַ פּאָר וואָכן געוואָרן אַנדערש, גאָר אַנדערש.

דאָס חברן זיך מיט פּיניע דעם קצבֿס איז בנימינען מיט אַמאָל געוואָרן לעסטיק. ער האָט זיך איצט נישט גוט געפֿילט ביים שפּאַצירן גיין מיט פּיניען און ביים הערן זיינע גראָבע ווערטלעך; צו יענטל קאָזאַק אין טאַנץ־שטוב, האָט אים מער נישט געצויגן. ער איז בעסער אין דער היים געזעסן שבת, איידער זיך צוזאַמענקומען מיט דער חבֿרה און פֿאַרברענגען מיט זיי אויף זייער שטייגער.

פּיניע האָט באַלד דערשמעקט, אַז בנימין מיידט אים אויס. ער האָט דערפֿון נישט געמאַכט קיין ברוגז. ער פֿלעגט נאָר בנימינען אָפּצאָלן מיט אַ שטעך־ווערטל. טרעפֿנדיק אַמאָל בנימינען, ווענדט זיך פּיניע צו אים מיט אַ שמייכעלע:

— מ'שמועסט עפּעס, אַז דו ביסט געוואָרן אַ חבר אין דער „חברה־תהילים״?

בנימין האָט אויף פּיניעס שטעכווערטל גאָרנישט געענט־פערט, ווארום אַ שטיקל אמת איז טאַקע געווען דערין: אַביסל דערנאָך, ווען דער טעמערל־טשאַד איז אין בנימינס קאָפּ זיך אָפּ־געשטאַנען, ווי אין אַ פלאַש ווען דער „מאָנט״ שטייט זיך אָפּ, גייט אַראָפּ און בלייבט ליגן אויפן דעק, איבערלאָזנדיק אויבן קלאָרן, שטאַרקן־ווײַן — איז בנימין די שבת נאָכמיטאָגס נישט האָבנדיק וואו דעם קאָפּ אַהין צוטאָן, געגאַנגען אין בית־מדרש הערן ווי דער דיין לערנט מיט די באַלעבאַטים... עפּעס אַ צווײ מאָל איז בנימין דאָרט געווען. אָבער אַרײַנקומענדיק אין בית־מדרש אין דער שבת־נאָכן טשאָלנט־לופט... צווישן בטלנים, אַל־טע ייִדן און שניידער־מייסטערלעך, איז אים דאָס באַלד נימאס געוואָרן. ער איז שוין בעסער געזעסן אין דער היים.

און ס'איז אויך שוין ממילא געקומען דערצו, אַז בנימין האָט זיך גענומען אָפּרוקן פון עטלען, מיט וועלכער ער איז אַזוי צופעליק פאַרבונדן געוואָרן דעמאָלט אין טעוול קנאָפּס חתונה־נאַכט.

עטל איז אַ פּיפּיק מיידל. אַזוי ווי זי האָט נאָר דער־שפּירט מיט איר שאַרף נעזל, אַז בנימין ווערט צו איר קאַלט און קעלטער, האָט זי נישט, ווי געוויינלעך פאַבריק־מיידלעך, נאָך מער זיך צו אים צוגעבונדן און דוקא אים געקראָכן אין די אויגן — ניין, זי האָט בנימינען אָפּגעצאָלט מיט דעם זעלבן, וואָס ער איר, נאָר נאָך אין אַ שטאַרקערער פאָרם — זי איז מיט אַמאָל צו אים געוואָרן קאַלט ווי אײַז, געגאַנגען פאַרביי זײַן מאַשין נישט קוקנדיק גאָר צו אים; נישט גערעדט צו אים; אָפּיציעל ברוגז געוואָרן, הגם זיי האָבן זיך גאָרנישט געקריגט.

דערפאַר אָבער עטלס פאָטער, דער אַלטער פראָפּער, איז מיט אַמאָל געוואָרן שטאַרק צוגעלאָזן צו בנימינען, געוואָרן מיט אים אַלץ נענטער און נענטער.

ס'איז נישט געווען דער טאָג פראָפּער זאָל נישט עטלע־בע מאָל צוקומען צו בנימינען. דאָ, אום זיך צו באַראַטן וועגן דעם

„גאנג" אין א מוסטער, דאָ ווידער — אום עפּעס צו נעמען געבאָרגט, א בערשט־זייף צום „אָפּגעצן", אַ שטיקל וואַקס צום „וועקסן" גארן, אָדער אום א ביסל אַ שמועס טאָן... און אין אָוונט איז די לעצטע צייט עפּעס גאָר אָפט אויסגעקומען, אַז ווען בנימין גייט אַהיים, קלייבט זיך פּונקט פּראָפּער אויך אַהיימצוגיין און ער בעט בנימינען א מינוטקעלע צוואַרטן, וועלן זיי צוזאמען גיין.

איינמאָל, ווען זיי זענען אַזוי צוזאַמען אַהיימגעגאַנגען, גיט פּראָפּער פּלוצלינג אַ פרעג בנימינען:

— וואָס איז דאָס פאַרגעפאַלן צווישן דיר און עטלען — צעקריגט זיך?

בנימין האָט זיך שוין לאַנג געריכט, אַז עטלס פאָטער וועט מאכן מיט אים אַזאַ מין שמועס, פונדעסטוועגן האָט אים דער פרעג אינגאַנצן צעטומלט ער האָט געשטאמלט:

— גאָרנישט איז פאַרגעפאַלן... וואָס זאָל דען זיין?

דערויף האָט זיך פּראָפּער אָנגערופן:

— זי וויל דאָך לעצטנס גאָרנישט הערן פון דיין נאָמען קענען וויל זי דיך מער נישט.

בנימין איז שוין דערווייל געווען אינגאַנצן צו זיך געקומען. ער האָט שוין געהאט וואָס צו ענטפערן. ס'איז געווען נייטיק די גאַנצע אומגליקלעכע זאַך איינמאָל פאַר אַלע מאָל קלאָר צומאַכן און זיך אדורכצושמועסן... דער ענטפער איז שוין געלעגן בנימינען אויף דער שפּיץ־צונג, אָבער ווי ער האָט אַ קוק געטאָן פּראָפּערן אין פּנים, אין דעם פאר דער צייט אלט געוואָרענעם פּנים, אין די אומצייליקע קנייטשן און גראָער בלאַסקייט, איז געלעגן די גאַנצע האָפנונגסלאָזיקייט און אונטערטעניקייט פון אַ אָפּגעמאַטערטן ארבעטער אַ שאַרבן, וואָס האַלט זיך אויף און עקזיסטירט נאָר אַדאַנק דער פלומרשטער „לאַסקע" פון פאַבריקאַנט; און אָט אויף דעם פּנים און אין איינגעהויקערטן גאנג איז אויך געלעגן דאָס גאַנצע אומגליק פון אַ טאַטן, וואָס פאַרמאָגט אַ שטוב דערוואַקסענע טעכטער און

ער האָט נישט פאַר זיי — זענען בנימינען די אָנגעגרייטע ווערטער אין מויל אָפּגעשטאָרבן.

דער אַלטער ווידער האָט אַפּנים אָנגענומען בנימינס פּלוצ־לינגדיקע שווייגן, אַלס טרויער, וואָס דאָס דערמאנען עטלס ברוגז האָט אין אים אַרויסגערופן, האָט ער צוגעגעבן:

— איך און מיין יידענע האָבן מיר גענוג געפּרוווט איר האַרץ צו דיר צוריק ווייכמאַכן און מיר וועלן נאָך פּרוּוון...

דערנאָך, ווען זיי האָבן זיך צעשיידט, האָט פּראָפּער צו־ווּיסנגעטאָן בנימינען:

— אויף דעם קומענדיקן שבת נאָכמיטאָג ביסטו פאַרבעטן צו מיר, איך וועל נאָך צו דיר קומען.

בנימין האָט דערויף גאָרנישט געענטפערט, נישט „יאָ״ און נישט „ניין״. א דערשלאָגענער, האָט ער אַ מורמלגעטאָן „גוט־נאַכט״, זיך אויסגעדרייט צו זיין גאַס און געגאַנגען זיין וועג.

## יט

תחילת האָט בנימין געטראכט אינגאַנצן נישט גיין צו־פראָפערן. ער וועט שבת נאָכמיטאָג אַוועקגיין פון דער היים, און אַז פראָפער וועט קומען, וועט ער אים נישט טרעפן. נאָר דער־נאָך האָט בנימין באַשלאָסן דווקא יאָ אַהינצוגיין און דאָרט איין מאָל פאר אַלע מאָל קלאָר מאכן, אַז פון דעם, וואָס זיי עטלע־עלטערן טראַכטן, וועט סיי ווי גאָרנישט ווערן — אָפּוויקלען דאָס און שוין!

אַזוי טאקע האָט ער געטאָן, בנימין. ער איז שבת נאָכ־מיטאָג אַן אָנגעטאָענער צום גיין, לאַנג געשטאַנען און דערנאָך געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ פאר דער טיר, און אַז פראָפער איז אַליין נישט געקומען, האָט ער פאַראומגעדולד, דעם וויזיט ווי צום גיכסטן אָפּצופּטרן, אַזש אַליין גענומען גיין צו יענער גאס, וואו פראָפער וואוינט.

אויפן וועג האָט ער אים געטראָפן; שבת האָט פראָפער אויסגעזען א ייד אַ באַלעבאָס: אין אַ ברייט היטל און אין א שוואַרצן אויבעראָק מיט א סאַמעט קאָלנער — דערזעענדיק בנימינען האָט ער געזאָגט:

— א, גוט וואָס כ׳האָב דיך געטראָפן, וועל איך מיר איינ־ברענגען א שטיקל גאַנג — און זיי זענען צוזאמען אַוועק ווייטער: בנימין מיט א ביסל האַרץ־קלאפעניש, צוליב דעם שמועס, וואָס ער וועט דארפן האָבן דאָרט.

פראָפער האָט בנימינען געברענגט צו זיך אַהיים, און ער־

איז דאָרט אויפגעגומען געוואָרן ריכטיק ווי דער טאָכטערס א חתן, וואָס נאָר צוליב דער כּלהס א קאפריז איז צווישן זיי אויסגעבראָכן אַ ברוגזל, און אירע עלטערן האָבן איצט דעם חתן פארבעטן, ווייל זיי האָבן אַ האָפנונג, אַז אויב מ׳חעט נאָר דאָס פּאָרל צוזאמענברענגען, וועט געלונגען דעם שלום צווישן זיי צוריקצושטעלן.

פראָפּער וואוינט אין אַ ענגן הויף, אויף אַ שטאָק, אין אַ דאַך־דירהלע, וואָס באַשטייט פון צוויי קליינע חדרימלעך, מיט א נידריקן באַלקן, וואָס לאָזט זיך אין דער העלפט שטיבל אַראָפּ שיף, — לויט ווי עס זעט אויס אין דרויסן דער דאַך פון דער „אָפּיציינע״ און דער אַרויפגאנג אהין, איז דורך שטיגעלעך, ווי א לייטער.

ווען בנימין איז אהינגעקומען, זענען אין ערשטן שטיבל געווען פּראָפּערס דריי מיידלעך, עטל — וואָס האָט אַפּנים ערשט געהאַט זיך געוואשן און איצט געמאכט זיך די פריזור — א יינגערע שוועסטער, און איין מיידל מיט אַן אָפּגעשוירן קעפּל ווי אַ יינגל, געלע האָר.

פּראָפּערס יידענע, אין א מאָרגן קלייד, איז געזעסן ביים טיש אין צווייטן שטיבל און עפּעס געגאַשט פון א טעפּל; און אין ווינקל, צווישן שראַנק און אויוון, איז געזעסן פּראָפּערס עלטסטע טאָכטער גוטשע, אַ דינע ווי אַ שטעקן, פון פּאַך א פריזירקע — און זיך „געפרייט״ מיט איר צוקונפטיקן חתן — א שניידער־געזעלן — אין די מוטערס אויגן.

בנימין האָט מען גוט אויפגענומען. די יידענע האָט אוועק־געשטעלט דאָס טעפּל מיטן לעפל, זיך אָפּגעווישט די ליפּן מיטן אַרבל פון רויטלעכן „מאָרגנראָק, געזאָגט „ס׳קאָצל קומט״, און געבעטן זיצן.

בנימין האָט זיך געזעצט. פּראָפּער האָט אויסגעטאָן דעם שוואַרצן אויבערראָק, געבליבן אין א שערזשענעם כאַלאַטל, זיך געזעצט מעשה באַלעבאָס אויבן אָן ביים טיש, וואָס האָט אויפן טישטוך נאָך געהאַט שטארקע סימנים פון ערשט אויפגעגעסע-נעם מיטאָג — אראָפּגענומען דאָס היטל פון קאָפּ, דאָס פּאָר-

זיכטיק אוועקגעלייגט אויפן דערנעבן שטייענדיקן בעט, און גע־בליבן זיצן אין אַ סאַמעטן קאַפּל.

גוטשע מיט איר צוקונפטיקן חתן האָבן זיך איצט דערהויבן פון זייער ווינקל. זי האָט זיך אָנגעטאָן דאָס היטעלע און מאַנטל, ער, דעם אויבעררעָק, און אָן אַ וואָרט צו רעדן, זענען זיי אַוועק־געגאַנגען פון שטוב.

קיינער האָט וועגן דעם אַוועקגעגאַנגענעם פּאָרל גאָרנישט באַמערקט. די פּראָפעסאָרס האָט זיך צעשמועסט מיט בנימינען וועגן היימישע זאַכן: וואָס הערט זיך ביי אים, וואו זיי וואוינען, צי די דירה איז באַקוועם... דערנאָך אַביסל, האָט זיך דער מאַן אָנגע־רופן צום ווייב מיט אַן אונטערטעניקע מינע:

— ראַשקע, כ׳בעט דיך, ברענג אַריין עפּעס דעם האַלז צו באַנעצן, אין מויל איז מיר עפּעס אַזוי פאַר־לאַבערט — און ער האָט דערביי געמאַכט אַ גרימאַסע, וועלכע האָט געדאַרפט באַ־שיינפערלעך אָפּמאָלן, ווי אומבאַטעמט אין מויל זעט איצט אויס.

ראַשקע האָט זיך אַביסל פאַרכמורעט:

— וואָס איילסטו דיך אַזוי אַלטער נאַר? —

און צו בנימינען האָט זי זיך געווענדעט גאָר ליבלעך און פאַמיליער, נאָר אַרייַנבויערנדיק אין אים אירע קליינע גראָבע אייגעלעך:

— נישט וואָר, יינגערמאַן, פון איילן זיך קומט קיין גוטס נישט אַרויס — און דאָס באַגלייט מיט אַזאַ שמייכעלע, וואָס האָט צו אירע יאָרן נישט איבעריק געפּאַסט.

בנימין האָט נישט פאַרשטאַנען גענוי וואָס זי מיינט, נאָר ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז איר זאָג האָט עפּעס אַ שייכות צו אים... איז ער אַביסל רויט געוואָרן און געשוויגן. אַ ווײַלע שפּע־טער האָט די יידענע אַרייַנגעשריגן אין קיך:

— עטקע, גיב אַריין ביר און צובייסן!

קיינער האָט זיך פון דרינען נישט געוויזן און קיינער האָט גאָרנישט אַרייַנגעבראַנגט. די אַלטע האָט נאָך אַמאָל גערופן „עטל־באַר עטל האָט זיך נישט געוויזן.

פּראָפעסאָר האָט דערווייל געמאַכט אַ שמועס מיט בנימינען

מכח פאַך-אינטערעסן, אַ פאַבריק-שמועס. די יידענע האָט אָפּגע־פאסט, ווען איר מאַן מיט בנימינען זענען געווען פאַרשמועסט, האָט זי זיך דערהויבן פון טיש, אַריינגעגאַנגען אין קיך, פאַר־מאכנדיק הינטער זיך די טיר, און דריבען לאַנג און שטיל עפּעס גערעדט.

ווען זי איז צוריק אַריינגעקומען און זיך צוריקגעזעצט צום טיש, גלייכמאַכנדיק זיך דעם קאָלירטן מאַרגנראָק אי־בער די קניען, האָט זי נאָכאַמאָל אַ רוף געטאָן „עטל", און איצטיק מאָל האָט עטל אָן אויסגעפּוצטע אַריינגע־בּרענגט אַ צעשניטענעם הערינג אויף אַ טעלער, מאָנקיכלעך־עטלעכע פלעשלעך ביר, און גלייך צוריק אַריינגעטענצלט אין קיך.

פּראָפּער האָט אָנגעגאָסן ביר, געטרונקען „לחיים". פאַר עטלס וועגן איז אויך געוואָרן אָנגעגאָסן אַ גלאָז ביר. די מוטער האָט גערופן:

— עטל, קום אַריין!

דאָס קליינע מיידל מיט אָפּגעשוירענעם קאָפּ האָט זיך באַוויזן:

— עטל וויל נישט אַריינגיין טרינקען, זי זאָגט, די מאַמע זאָל איר נישט פאַרדרייען דעם קאָפּ.

די פּראָפּערן גיט אַ קוק אויף בנימינען, ווי אייבער זאָגט: „זעסט אַ ביסל, ווי שטאַרק איר ברוגז איז".

און פּראָפּער, מיט איינגעזעצטע וואָנסעס פון ביר, מאַכט פריער אַ נחתדיק באַטעמטן „אַהאַ" פון דער געטרינקענער משקה, דערנאָך זאָגט ער וועגן עטלען:

— זי וועט שוין ווייכער ווערן — אַ שמייכל טוענדיק דער־ביי צו בנימינען.

די מוטער האָט נאָכאַמאָל אַ רוף געטאָן:

— עטל, דיין קאַוואַליער וואַרט אויף דיר מיטן טרינקען, קום אַריין.

דאָס געלע מיידל האָט זיך ווידער באַוויזן:

— זי וויל, ער זאָל איר אַליין זאָגן.

פאָטער און מוטער האָבן אָנגעשטעלט די אויגן אויף־

בנימינען. בנימין האָט געזען, אַז זיין פּלאַן, צוליב וועלכן פאַר איז דאָ אַהערגעקומען, נעמט אָן אַן אַנדער גאַנג און אַנדער ריכטונג. ער איז דאָך געקומען, אום אָפּצוּוויקלען, אַלץ אָפּצוּוויקלען, און דאָ האַלט עס גאָר ווערן צוריק חבר. אָבער עס איז שוין פאַרפאַלן געווען. ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, אריינגעשטעקט אַהין דעם קאָפּ, און געזאָגט:

— עטל, טו צוליב די עלטערן און קום אריין טרונקען מיט אונז אַ גלאָז ביר.

עטל האָט געזאָגט „באַלד", נאָר אַריינגעקומען איז זי נישט.

די מוטער האָט נישט געוואוסט, וואָס בנימין האָט דרינען גערעדט צו דער טאָכטער, נאָר אַז זי האָט געזען, אַז עטל קומט אַלץ נישט אַריין, האָט זי זיך אָנגערופן כיטרע:

— זי האָט נעבעך האַרצווייטאָג: גוטשע האָט היינט ווידער בעקריגן פון אירן אַ פרעזענט, שטאָף אויף אַ קאָסטיום, האָט זי נעבעך האַרצווייטאָג — און הויך האָט זי אַריינגעשריגן:

— דיינער וועט דיר אויך עפּעס קויפן פאַרן גוט ווערן מיט אים אַ בראָנזעלעט וועט ער דיר קויפן, ער האָט מיר ערשט צוגעזאָגט.

דער אַלטער פּראָפּער האָט זיך געוואָלט קעגנשטעלן דעם ווייבס יצר-הרע:

— וואָס טויג אויסגעבן געלט אויף שמאָכטעס, בעסער האַלטן דעם גראָשן.

נאָר באַגעגענענדיק דעם ווייבס ביינן בליק, האָט ער פאַרקערעוועט מעשה מאַנסביל, מיט אַ צעבראָכן שמייכעלע:

— ער וועט איר, נאָכן אָנטאָן דאָס גוטע פינגערל, שענקען שוין די אמתע מתנה...

...די „אויפנאַמע" איז מן הסתם געווען אויסגערעכנט בנימינען אויף איינמאָל צו פאַרשלייערן. בנימין אָבער האָט זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן אמת פריינטלעך, אָבער אַזוי, אַז זיי, עטלס עלטערן זאָלן פילן, אַז זיי האָבן אים נאָך נישט „אין זאַק"... ער האָט שוין געהאַט באַשטימט אין זיך, זיצנדיק דאָ, אַז אַ מתנה וועט

ער טאַקע קויפֿן עטלעך, נאָר מיט אָט דער מתנה וועט זיך שוין ענדיקן זייער חברשאַפֿט.

און דערפֿאַר, אַז די פֿראַפּעראַן האָט בנימינען כמעט אָפֿן געזאָגט, אַז זי האַלט, אַז ס'איז שוין געקומען די צייט, בנימין מיט עטלעך זאָלן ווערן אָפֿיציעל חתן כּלה, האָט בנימין נישט געפֿונען אויף דער רגע קיין בעסערן תּירוץ, ווי צווייסנבערגעטאָן, אַז קודם איז ער נאָך נישט פֿריי פֿון מיליטער און די מוטער און שוועסטער לעבן פֿון דעם וואָס ער פֿאַרדינט, נאָר בפֿרט האַלט ער, אַז וועגן אַזאַ וויכטיקן ענין דאַרף מען זיך פֿריער ווענדן צו זיין מוטער, און ערשט ווען די מוטער וועט האָבן געגעבן איר הסכּמה, וועט ער בנימין זיין וואָרט זאָגן.

און געערעדט איז דאָס געווען אין אַזאַ נישט פֿאַמיליערן טאָן, אַז זיי דאָ זאָלן פֿאַרשטיין, אַז ביז צום „האָבן אים אין זאַק" איז נאָך אַ ווייטער מהלך.

## כ

ס'איז אַזוי אַוועק אַ פּאָר וואָכן. די אַלטע חברים האָט בנימין אַוועקגעוואָרפן און קיין נייע האָט ער נאָך נישט באַוויזן זיך איינצושאַפן; מיט דער אַלטער סביבה האָט ער איבערגעריסן און קיין נייע — נאָכנישט געהאַט. אין די פרייע טעג האָט ער נישט געהאַט וואו זיך אַהינצוטון, וואו דעם טאָג צו פאַרברענגען — און מעגלעך, אַז אויב ס'וואָלט לענגער אַזוי געדויערט, וואָלט ער סוף כל סוף צוריק שלום געוואָרן מיט פיניע דעם קצבס און ס'לעבן וואָלט אים אַוועק אויף דעם פריערדיקן וועג: די שבתים ביי יענטל קאָזאַק אין קעלער.

טעמערל'ען, וואָס האָט בלויז מיט איר הערלעך געשטאַלט געמאַכט אים איידעלער און ריינער, האָט ער שוין לאַנג נישט געזען. איר בילד, פון דעמאָלט, אויף איר שוועסטערס חתונה, האָט געלעבט אין אים. נאָר געזען האָט ער זי שוין לאַנג נישט, און ביסלעכווייז, קאָן זיין, וואָלט איר בילד אין זיין געמיט געוואָרן אַלץ בלאַסער, ווי מיט אַ נעפּל פאַרצויגן — ער וואָלט זיך צוריקגעקערט צו זייַנע קאָלעגן, און ס'וואָלט אַלץ צוריקגעוואָרן, ווי געווען.

* * *

יואל פּאָנטשער ברענגט זיך אָפּ מיט אין פאַבריק ביכער. ווען די פעדלערס זייַנע „שטעקן אויף" נייע פעדעם אין דער מאַשין, פלעגט זיך פּאָנטשער דערווייל אַוועקזעצן ביים פעדל-

טישל אַביסל אַריינקוקן אין בוך. ווען ער האָט נאָר אַ מינוט צייט, זיצט ער באַלד איבערן בוך.

די ביכער האָבן אים געשטערט אין דער אַרבעט, און אין פאַבריק איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל, אַז ווען פאַנטשערס ווייב האָט אַמאָל צו אים טענות, פאַרוואָס ער פאַרדינט אַזוי ווייניק — טוט ער זיך, אום זי איבערבעטן, אַ זעץ אַוועק און לייענט איר פאָר עפּעס פון אַ בוך, צו פאַ־גיטיקן דערמיט פאַר זיין קנאַפּן פאַרדינען. —

דאָס איז געווען גוטמוטיקע ליצנות. אַזוי אָבער האָט מען פאָר פאַנטשערן געהאַט דרך־ארץ, און כאָטש ער איז נאָך געגאַנגען לאַנג געקליידט און האָט ביכער אויסגעזען אויף אַ קעסט־איידעם אַ באַנק־קוועטשער, איידער אויף אַ פאַבריק־אַרבעטער, האָט מען אין פאַבריק געוואוסט, אַז פאַנטשער איז אַ קענער. מ'האָט אים גערופן „פילאָזאָף" און געהאַט פאַר אים דרך־ארץ.

איינמאָל, פאַרבייגייענדיק פאַנטשערס מאַשין, האָט בנימין געזען דאָרט אויפן שענקעלע איבערן פעדל־טישל ליגן אַ דיק בוך.

— וואָסער בוך האָסטו דאָ? — פרעגט בנימין און עפנט דאָס בוך און גיט אַ קוק אַריין, און אַזוי ווי ער געדענקט נאָך אַביסל פון אַמאָל העברעאיש, זענען אים די ווערטער מער ווייניקער באַקאַנט.

— וועגן וואָס רעדט זיך דאָ? — פרעגט בנימין ווייטער — אַ מעשה־בוך, צי עפּעס אַנדערש?

— ניין — זאָגט פאַנטשער — ס'איז נישט קיין ראָמאַן, אַ וויסנשאַפטלעך ווערק איז עס.

— וויסנשאַפטלעך, האַ?... — בנימין האָט אַפילו ריכטיק נישט געוואוסט, וואָס איז דער טייטש „וויסנשאַפט" — פרעגן האָט ער זיך געשעמט. ער האָט געבעטן פאַנטשערן אים דאָס בוך אַהיים־בּאָרגן אויף אַן אָוונט, צוויי, ער האָט חשק דאָס אַדורכצולייענען.

די מאַמע איז געווען פאַרוואונדערט, זעענדיק בנימינען אַהיימברענגען אַ בוך און נאָכן נאַכטעסן זיך זעצן לייענען. דער מאַמען איז אַ שאָד געווען דער נאַפט, וואָס בנימין ברענט אויס און וואָס זי קען נישט איינשלאָפן, ווייל ס'איז ליכטיק; אויך

האָט זי מורא געהאַט, צי עס איז נישט אַמאָל פון דעם סאָרט ביכע״, וואָס לייב חיים רופט אַפּיקורסות.

דעם ערשטן אָוונט האָט זיך די מאַמע פונדעסטוועגן נאָך איינגעהאַלטן און גאָרנישט געזאָגט. אָבער דעם צווייטן אָוונט האָט זי שוין נישט געקאָנט מער שווייגן. זי האָט כּלאחר יד אַ זאָג געטאָן, אַז ס'איז אַן עבירה די אויגן זיך צו בלענדן, מאָרגן וועט אים שווער זיין אויפצושטיין צו דער אַרבעט, און נאָפּט קריגט מען אויך נישט אומזיסט אין געוועלהל.

עטלעכע אָוונטן איז בנימין געזעסן איבער דעם בוך, גע־לייענט, געלייענט, און נישט איינגאַנצן פאַרשטאַנען. דאָרט האָט זיך גערעדט וועגן זאַכן, פון וועלכע בנימין האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן באַגריף.. אַז די וועלט, אונזער ערד, איז מיט מיליאָנען מיליאָנען יאָר צוריק געווען אַ פייערדיקע קויל, וואָס האָט אַרום־געבלאָנדזשעט אין כאַאָס פון וועלטאַל...

בנימין האָט זיך דעם קאָפּ געבראָכן צו באַנעמען דאָס און האָט עס פאָרט נישט פאַרשטאַנען. ער האָט געפרעגט מלכהן. זי, מלכה וואָס לייענט ביכער פּויליש און רוסיש,— האָט בנימין געמיינט, אַז זי וועט דאָס גיכער פאַרשטיין. מלכה אָבער האָט אָפּנים, אויך נישט צופיל פאַרשטאַנען.

נאָך עטלעכע נעכט מוטשען זיך איבערן בוך, האָט עס בנימין, אָפּגעגעבן פאַנטשערן און אים אָפּנהאַרציק מודה געווען אַז ער האָט ווייניק וואָס פאַרשטאַנען.

— וועל איך דיר ברענגען אַ צווייט בוך אַ לייכטערס.

— ניין — זאָגט בנימין — דערווייל וויל איך נאָך נישט.

אַז כ'וועל דאַרפן וועל איך דיר זאָגן.

אין בנימינען איז דעמאָלט שוין פאַרטיק געווען אַ באַשלוס: ער זאָל אָנהייבן זיך לערנען שרייבן און לייענען, און זיך ווענדן צו טעמערלען, זי זאָל אים לערנען.

נישט אַזוי גיך איז דער דאָזיקער באַשלוס רייף געוואָרן אין בנימינע״, און אַ חוץ דעם חשק צו לערנען זיך, איז דערין אפשר בעלעגן אַ נישט קלענערע שטרעבונג נאָענט צו ווע״ן מיט

שמערלען. און ווי ער האָט דעם באַשלוס נאָר געהאַט בעפּאַסט, האָט ער באַלד גענומען אים אויסצופירן.

איין אָוונט האָט אָפּגעוואַרט טשמערלען, געוואַרט פאַרן הויז ביז שפּעט אין אָוונט און זי נישט געטראָפן. דעם צווייטן אָוונט האָט ער זיך אַביסל יום־טובדיקער אָנגעטון, ווידער געוואַרט, און אַז ער האָט זי ווידער נישט געטראָפן, האָט ער זיך אָנגענומען מיט קוראַזש און אַרויפגעגאַנגען צו זיי אין שטוב, מיט אַן אויסרייד, כלומרשט אַ קוק טון, צי זיין מוטער איז נישט אַמאָל דאָ.

די מומע הענע האָט בנימינען פריינטלעך אויפגענומען:

— אַזוי, זי האָט דען געזאָלט היינט דאָ זיין? וועט זי מן הסתם נאָך קומען, וואַרט אַ ביסל צו — און זי האָט בנימינען אַריינגעבעטן אין עס־חדר, ער זאָל זיך דאָ אַביסל צוזעצן.

אין עס־חדר איז געזעסן פּייוול, דער ייִנגערער ברודער פון מנשהן — און געגעסן. פּייוול איז שוין מער נישט געװען בית־מדרש בחור. ער איז געגאַנגען קורץ געקליידט און געווען אויף פּראַקטיק ביים פֿאָטער אין קאַנטאָר. זעענדיק בנימינען אַריינקומען, זיך אָנגערופן:

— מ׳שמועסט בנימין, אַז דו ביסט אַ גוטער בעל־מלאכה. נאָר קיין לייט ביסטו נישט.

און ער האָט באַלד פאַרטייטשט, וואָס ער מיינט מיט דעם „נישט קיין לייט".

— ס׳איז אמת — פרעגט ער אַביסל שטילער און גיט דערביי אַ ווינק מיט די אויגן, ווי אַ בחור וואָס איז שוין לאַנג נאָך דער ערשטער עבירה און ווערט שוין נישט נתפּעל דערפון — האָסט שוין אַ מיידל? ס׳לוינט זיך כאַטש?

און אַז בנימין האָט אים דערויף נישט געענטפערט, נאָר גערעדט פון עפּעס אַנדערש, פון קאַנטאָר־זאַכן, וואָס זענען אים, בנימינען אויך נוגע — האָט אים פּייוול וואוילעריש געגעבן אַ קלאַפּ אין פּלייצע און זיך אַ בייג־צו געטון צו זיין אויער.

— טרעפסט זי כאָטש אַמאָל אָפּ אַ גוטן ברודער, הע, בנימין?...

פּייוול איז אַוועקגעגאַנגען. בנימין איז נאָך אַביסל געזעסן.

דרינען, אין קיך, האָט מען געקאָכט און געפּרעגלט. ריחות האָבן זיך אַהער אַריינגעריסן. ס'האָט זיך דערטראָגן אַ רוישן מיט פייער-קעס און רוקן טעפּ... ערגעץ, אַפּנים די קעכין, האָט געפּרעגט צי זי זאָל פאַר דער פריילין אויך שוין גרייטן עסן. די מומע העגע האָט געענטפערט: „יאָ, פאַר דער פריילין אויך שוין. זי וועט היינט פרי אַהיימקומען פון שפּאַציר".

די „פריילין" האָט מען געמיינט טעמערלען, און אַזוי ווי בנימינען איז געווען באַקוועמער זי צו באַגעגענען אין גאַס, איז ער אַראָפּגעגאַנגען, זאָגנדיק אַ תּירוץ דער מומען, אַז זיין מוטער וועט שוין אַוודאי היינט אַהער נישט קומען.

בנימין איז עטלעכע מאָל געגאַנגען הין און צוריק, לענג אויס דעם טראָטואַר, ביז לסוף האָט ער דערזעען אָנקומען טע-מערלען.

און אַז ער האָט זי באַגעגנט און"באַגריסט, ווי נאָר ער האָט אַ קוק געטון אין איר טונקל ברוינלעך פּנימעל מיט די צוויי פינקלדיקע אויגן — האָט ער דעם גאַנצן קוראַזש פאַרלוירן, אַ שוואַכקייט האָט אים אַרומגענומען און ער איז נישט בכוח געווען איר פאַרצוליייגן זיין בקשה.

— טעמערל — האָט ער נאָך אַ ווײַלע שווייגן אָנגעהויבן צו רעדן — איך האָב מיך דאָ געדרייט און געוואַרט אויף דיר.

— אויף מיר? — פרעגט זי אַפּ פאַרוואונדערט — וועגן וואָס דען? — און זי קוקט אים אָן מיט דערוואַרטונג.

— ס'איז נישט אַזוי וויכטיק — זאָגט ער און טוט פאַרלייגן אַ שמייכל.

— פאַרט וואָס? — איז זי אַביסל אומדולדיק.

— דו איילסט דיך אַוודאי, טעמערל — מאַכט בנימין — וועט מען דאָס אָפּלייגן אויף אַן אַנדערשמאָל.

— ניין — זאָגט זי — איך איייל מיך נישט אַזוי שטאַרק — קאָנסט זאָגן איצט.

ס'האָט געדויערט, ביז בנימין האָט איר אַנטפּלעקט זיין פאַרלאַנג.

זיי זענען געגאַנגען מיטן טראָטואַר אַראָפּ, ווייטער פון אי-

רע עלטערנס הויז. בנימין האָט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ פאַרגע־לייגט טעמערלען זי זאָל אים לערנען, געבן יעדן אָוונט אַ לעקציע.

טעמערל האָט תחילת אָפּגעזאָגט:

— זי איז נישט דערצו, איבערהויפּט וועט זי קורצנס אַחדאי אוועקפאָרן אויף קורסן...

נאָר דערנאָך, אַז זיי זענען לענגער בעגאַנגען און גערעדט פאַרשידנס, האָט טעמערל מיט אַמאָל גענומען צוריקציען איר אָפּזאָג.

— זי וועט נאָך זען, זי וועט אים זאָגן ענטפער.

ערשט ווען זיי האָבן זיך שוין געהאַלטן ביים צעשיידן, ער האָט אַ דריק געטון טעמערלס האַנט און זי האָט גענומען זיך דערווייטערן, האָט זי זיך מיט אַמאָל אומגעדרייט, אים צוריקגע־רופן, און שטייענדיק אים קעגנאיבער, האָט זי אים כמעט צו־געזאָגט:

— אין אַ צוויי דריי טעג, ווען איך ווער צייט מיך אָפּ־וואַרטן, וועל איך דיר זאָגן אַן ענטפער. איך וועל מיך באַמיען כ'זאָל קאָנען דיין וואונטש נאָכקומען — און זי האָט צו אים אַ שמייכל געטון.

## כא

דאָס געבן בנימינען די לעקציע, וואָס טעמערל האָט אָנגע־שריבן קינטיק נישט מיט גרויס חשק, נאָר ווייל זי האָט זיך גע־האַט אַרויסגעכאַפּט און צוגעזאָגט — האָט זיך ווייטער אַריין בע־סער איינגעשטעלט.

אין אָנהויב האָט זיך געפילט ביי טעמערלס דאָ זיין אַ אָנ־געשטרענגטקייט. — בנימין האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן פון דעם באַוואוסטזיין, אַז לעבן אים זיצט טעמערל. און דערפאַר וואָס זיין געדאַנק איז צופיל געווען פאַרנומען מיט טעמערלען אַליין, האָט דאָס אים געשטערט זיך צו פאַרטיפן אין לערנען. ער האָט אָפט געמאַכט פעלער און דאָס האָט אין אים דערוועקט אַ כעס קעגן זיך אַליין, פאַרוואָס ער איז אַזעלכער, — איז ער ס׳רוב גע־זעסן אַביסל פאַרמרוקעוועט, נישט ניחאדיק. טעמערל איז אויך נישט געווען זייער פינקטלעך. זי פלעגט עפּטערס פאַרשפּעטיקן, און טיילמאָל אינגאַנצן נישט קומען.

אָבער ווייטער אַריין האָט זיך די לאַגע געבעסערט: בנימין איז געוואוינט געוואָרן מיט דעם באַוואוסטזיין, ווער זיין לערערין איז. ער האָט זיך באַרויקט און פלייסיק זיך אַריינגעטון אין די לימודים. מיט זיין רויקייט האָט זיך אויך טעמערל אָנגעשטעקט. בנימין האָט גוט באַנומען דאָס לערנען, און טעמערל, זעענדיק זיין פלייסיקייט, האָט גענומען ערלעך דערפילן איר פליכט, און די לעקציעס זענען אַוועק ווי עס געהער צו זיין.

די מאַמע האָט דאָס תחילת אויפגענומען מיט אַ פאַרחידושט

פנים, זעענדיק ווי טעמערל קומט יעדן אָוונט, טוט זיך אויס היט און מאַנטל און זעצט זיך לערנען מיט בנימינען, ווי אַ מלמד מיט אַ חדר-ייִנגל. די מאַמע מוז זיך האָבן געשעמט דערמיט, און זי פלעגט די ערשטע אָוונטן נאָכאַנאַנד רעדן צו בנימינען, מיט דער דירעקטער כּוונה טעמערל זאָל עס הערן.

— אַזוי אַזוי, מיין זון — האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ — אַלס ייִנגל האָסטו נישט קיין חשק געהאַט צו דעם, מוזטו איצט זיצן אויפן שול-בענקל — פאַרגעסנדיק, אָדער מאַכנדיק זיך פאַרגעסן, אַז אַחוץ גמרא האָט זי באַר קיינמאָל נישט געלאָזט בנימינען לערנען עפּעס אַנדערש.

די גוטע פּעולה פון די לעקציעס אויף בנימינען איז געווען ער זאָל ווערן רויקער און זעלבסטווירדיקער. מיט פּיניע דעם קצבֿס האָט ער שוין לגמרי נישט געהאַט קיין חברשאַפט און מיט די וואוילע ייִנגען אין פאַבריק, זיינע געוועזענע קאָלעגן פון יענטל קאָזאַקס טאַנק-קעלער, איז ער געווען באָר אויף אַזוי פיל נאָנט, אויף וויפל בכלל אַרבעטער וואָס אַרבעטן אין איין פאַבריק, שכנים אין איין זאַל, דאַרפן נישט זיין בעריסן צווישן זיך, נישט פראָווען ברוגזן.

מיט עטלען איז ·בנימין אויך ווייטער נישט געווען נאָענט. זי קענען אים האָט איצט! געפירט דעם ברוגז נאָך אָפּענער און נאָך שאַרפער, ווי ביז זיין באַזוך, דעמאָלט שבת ביי אירע עלטערן אין דער היים. אַביסל אַנדערש איז געווען זיין באַציונג צו איר, בנימין, ווי ניכטער און קאַלט ער האָט זיך איצט גישט באַצויגן צו עטלען, און הגם ער איז איצט שוין נוטה געווען צו גלויבן, וואָס פּיניע פלעגט אין אים נאָכאַנאַנד אריינרעדן, אַז דעמאָלט אין טעוולס חתונה-נאַכט איז עטלס איבערגעבן זיך אים געווען אַן אונטערגעשטעלט פּיסל, אום אים אַריינצוקריגן, אים כאַפּן פאַר זיך אַלס חתן, אַלס מאַן און פאַרדינער, אַלס שלעפּ-פערד — פונדעסטוועגן איז אין זיין האַרץ געבליבן אַ קליין אינטים ווינקל פאַר עטלען, אַלס צו דער ערשטער פרוי, וואָס האָט אים געגעבן צו געניסן פון דעם שאַרף-זיסן גע-

טראַנק, און — בײַז אָדער גוט, אַביסל ליבע אָדער האַס — אין גאַנצן גלײַכגילטיק איז ער צו איר קײנמאָל נישט געווען.

איבערגעריסן דעם לעצטן פאָדעם, אים אינגאַנצן דערווײַטערט פון עטלען, זי לחלוטין אָפּגעמעקט פון זײַן האַריזאָנט האָט ערשט דאָס, וואָס איר משפּחה האָט געפּרוּווט אויסצופירן דאָס איריקע מיט גוואַלט, אים נײטן, ער זאָל מיט עטלען שטעלן חופּה.

ס'איז געווען אײנמאָל אין אַ גראָען ווינטיקן טאָג. בנימין איז אַהײמגעקומען פון פאַבריק, און געפונען די מאַמע שטאַרק אויפגערעגט. זי איז געזעסן אויף אַ בענקל מיט אַ פאַרפלאַמט פּנים און אויסגעווייינטע רויטע אויגן, געהאַלטן די הענט פאַרבראָכן אויפן האַרץ, און געקוקט אויף אים, שאָקלענדיק דעם קאָפּ פאַרזאָרגט.

בנימינען האָט געגעבן אַ קלאַפּ אין האַרץ.

ער האָט ווי אינסטינקטיוו זיך באַכאַפּט אַ קוק אַרום געטון אין שטוב; אַ חוץ דער מאַמען און סימעלען, וואָס האָט געמאַכט די לעקציע אויף מאָרגן אין שול — איז קײנער מער נישט געווען. ער האָט גאָרנישט געפּרעגט, גאָרנישט גערעדט, זיך אויסגעטון דעם אויבערראָק, אָפּגעוואַשן די הענט, נאָר נאָך אײדער ער האָט זיך געזעצט צום טיש, האָט די מאַמע אָנגעהויבן מיט אַ זיפץ:

— בנימין, וואָס האָסטו געוואָלט פון דעם מײדל נעבעך. אַזוי טוט דײַן טאַטנס זון?

— וואָסער מײדל? — פרעגט בנימין.

— די מוטער האָט אים לאַנגע רגעס שאַרף געקוקט אין די אויגן, און זעענדיק זײַן מבולבלקייט, איז איר טאָן געוואָרן אַביסל לײַכטער:

— אַזוי, דו ווייסט גאָרנישט, וואָסער מײדל איך מײן? — פרעגט די מאַמע צוריק, און אין איר גיט אַ לײַכט אויף אַ פונק האָפענונג, אַז אפשר מאַכט מען גאָר אויף איר קינד אַ שקר בלבול — אויב אַזוי מײן זון — זאָגט זי ווײך — בעט איך דיך, זאָג מיר דעם גאַנצן אמת, אויב ס'איז חלילה וואָר, איז נאָך אויך פאַראַנען אַן עצה, נאָר מײן קינד — אַלץ דערצײל, גאָרנישט באַהאַלט פון דײַן מאַמען...

א וואָרט אויף אַ וואָרט, איז בנימין קלאָר געוואָרן, אַז „דאָס מיידל" מיינט די מאַמע עטלען.

— מאַמע — האָט בנימין אָנגעהויבן רעדן אָפּגעהאַקט, נאָר מיט אַמאָל איז ער שטאַרק רויט געוואָרן און גענומען רעדן פעסט, ווי איינער וואָס מאַכט זיך הארץ, קוקט אויף גאָרנישט און גייט פעסט מיט אַן אָפּן מעסער אין האַנט זיך אויפצושניידן אַ שווערע שמערצלעכע מכה — אויב די מאַמע מיינט דאָס מיידל, וואָס איך האָב אין זין, איז די זאַך אַזוי... ערשטנס דאַרף די מאַמע וויסן, אַז איך בין שוין נישט קיין ייִנגעלע און נישט קיין בחורל פון בית-מדרש, איך בין אַן אַרבעטער אין פאַבריק...

— און דעריבער — שלאָגט אים די מוטער איבער די רייד — האָסטו געמעגט אומגליקלעך מאַכן אַ מיידל, אַ ייִדיש קינד.

— ניין, מאַמע — זאָגט בנימין און סטאַרעט זיך צו רעדן רויק, ווי אַ דערוואַקסענער מענטש — נישט איך האָב זי געמאַכט אומגליקלעך, אומגליקלעך געמאַכט האָט זי אַן אַנדערער נאָך פאַר מיר... נאָר איבערהויפּט מיין איך, דאַרף זיך די מאַמע נישט מישן אין די דאָזיקע אינטערעסן...

ס'האָט זיך דערהערט אַ געוויש אין צווייטן חדר. סימעלע האָט דערהויבן דעם קאָפּ און אָנגעשטעלט די אויגן מיט אַ שאָטן פון אַ שמייכל.

די מאַמע האָט פּלוצלינג אַ כאַפּ געטון די פּאַרמאַכטע פויסט צום מויל, ווייזנדיק שטום, בנימין זאָל אַזוי נישט רעדן, און זי האָט אַ פיר געטון מיט די אויגן צו דער טיר אין צווייטן חדר, אַז דאָרט געפינט זיך עמעץ. נאָר נאָך איידער בנימין האָט באַנומען, וואָס די מאַמע מיינט מיט איר ווינקען, איז פון הינטער יענער טיר געקומען אַריינצופליען ראַשקע, פּראָפעסאָרס ייִדענע — עטלס מוטער, וואָס האָט זיך דרינען געהאַט באַהאַלטן, מיט דער מאַמעס הסכמה, אום זי, די מאַמע, זאָל דאָ דערווייל נעמען איר זון אויפן פאַרהער, איצט איז זי אַריין האַסטיק און זיך אַ וואָרף געטון מיט אַ מבול זידלערייען אויף בנימינען.

— דו !... די אַזוינער און אַזוינער !... דו האָסט אפשר נישט פאַרפּאַסקודזשעט מײַן מיידל ?... האָסט זי אפשר נישט גענומען מיט כח?... זי האָט זיך געבעטן בײַ דיר, די הענט געקושט, זאָלסט זי נישט אומגליקלעך מאַכן, און דו האָסט אויף גאָרנישט געקוקט ווי אַ מערדער אין וואַלד האָסטו זי גענומען, איר די קרוין אַראָפּגעריסן, באַפאַלן זי, ווי אַ ווילדער אָגער...

די יידענע האָט געזידלט, געשריגן, געסטראַשעט בנימינען, אַז ער וועט ערשט געוואָר ווערן, מיט וועמען ער האָט צו טון. און אַז בנימין, אום איר אַביסל דאָס מויל צו פאַרמאַכן, האָט זיך אָנגערופן, אַז ער ווייסט גוט, אַז דעמאָלט האָט זי איר טאָכטער אונטערגעשיקט, כדי אַזוי אַרום אים ארײַנצוקריגן, אַרײַנצוכאַפּן אים אין זאַק, האָט די יידענע דערויף גאָרנישט מער געטון, נאָר מיט אַמאָל זיך אַ זעץ אַנידער געטון אויף דער ערד און גענומען שרייען געוואַלד, ווי מ'וואָלט זי דאָ באַפאַלן און מ'וויל זי קוילען.

די מאַמע האָט זיך דערשראָקן, געמיינט, אַז די יידענע איז געוואָרט, פון זינען אַראָפּ. די מאַמע האָט געבעטן, געקושט איר די הענט, זי זאָל זיך באַרויקן, מ'וועט קלערן אַן עצה... סימעלע האָט פאַר שרעק געהעשעט. אין מיטן בעסטן איז דער מאַמען אַליין נישט גוט געוואָרן; אין הויף, הינטערן פענצטער, האָט זיך געזאַמלט מענטשן, שכנים און נײַגעריקע, און די יידענע האָט אַלץ נאָך געוואַלדצוועט און געשריגן, מענטשן זאָלן קומען זען איר אומגליק, זיך אָננעמען איר קינדס בושה, איר טאָכטערס עולה.

בנימין איז אַרויסגעלאָפן פון דערהיים. ס'איז געווען אַ טריבער, פייכטער פאַרנאַכט. די לאָמפּן אין גאַס זענען געווען אײַנגעהילט אין טומאַן און דאָס גאַז-פלעמל געצאַפּלט אַהין און צוריק אין ווינט, ווי ס'וואָלט זיך געשראָקן פאַר עמעצן.

בנימין איז געווען דערשלאָגן פון דעם, וואָס ער האָט ערשט איבערגעלעבט. אין זיך האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס וואָס איז איצט פאָרגעקומען האָט אים אייגנטלעך געבראַכט מער טובה,

זוי רעה: איצט וועט די מעשה־עטל שוין פאָרט אַ סוף נעמען.
פּונקט ווי אַ טליִענדיק פאַרדעקט פייער, אַז עס ווערט אויפגעריסן
ברענט עס אויס און אַ סוף. דאָס האָט ער פאַרשטאַנען בנימין.
אָבער דאָס געמיט איז אים געווען שווער, זייער שווער.

# כב

איצט האָט שוין דער אַלטער פּראָפּער אויך גענומען פֿירן קעגן בנימינען אַן אָפּענעם ברוגז; אויסגעמיטן צו גיין פֿאַרביי דער מאַשין, וואו בנימין אַרבעט, נישט געענטפֿערט אויף בנימינס „גוט־מאָרגן", און אַרומגעגאַנגען פֿאַרכמורעט.

עטל — ניין. עטל איז נישט אַרומגעגאַנגען פֿאַרכמורעט. קעגן בנימינען האָט זי איצט געפֿירט דעם זעלבן ברוגז, וואָס פֿריער, נאָר פֿאַרכמורעט איז זי נישט געווען; נישט אַ פּיצל; זי איז געווען גאָר לוסטיק און פֿריילעך. זי האָט זיך לעצטנס אָפּגעזוכט אַ פֿריינט, איינעם גימפּל, וועלכער אַרבעט אויפֿן דריטן שטאָק; גימפּל בלאַשקער מיטן געשטיפּלטן פּנים, וואָס איז „הויפּט" איבער אַלע וואוילע יונגען, נאָך מער ווי אַמאָל טעוול, און וואָס הגם ער, גימפּל, אַרבעט דאָ אין פֿאַבריק ערשט דאָס צווייטע האַלבע יאָר — האָט ער עס שוין אַזוי ווייט געבראַכט, אַז ווען ער עפֿנט בשתיקה עמעצנס שענקל און גנבעט פֿון דאָרט אַרויס אַלץ, וואָס קאָן נאָר האָבן אַ ווערט צו פֿאַרקויפֿן, האָט נאָך דער באַעולטער מורא זיין חשד אויף גימפּלען פֿאַרן מויל צו ברענגען.

אָט מיט דעם דאָזיקן גימפּל איז לעצטנס עטל געוואָרן גוטע פֿריינט. אָבער מיט בנימינען האָט זי מער גאָר קיין שייכות נישט געהאַט, געווען מיט אים ונדערווייטנס, אַזוי פֿון דער ווייטנס, ווי זיי וואָלטן זיך גאָר קיינמאָל נישט געקענט. איר פֿאָטער איז אויך ברוגז געווען, און בנימין האָט דאָס אָנגענומען פֿאַר גאַנץ נאַטירלעך.

אין פאַבריק האָט מען תחילת געשמועסט, אַז פּראָפּער, ווע בנימינען אָנגעבן אין געריכט, אַז ער האָט פאַרפירט זיין טאָכטער. אָבער ס'איז געווען אומגלויבלעך, און מ'האָט דאָס נייעס אויפ- גענומען בלויז מיט פאַרשידענע שפּאָט-ווערטלעך. מ'האָט געוואוסט אַז נישט בנימין איז ביי עטלען געווען דער „שהחינה-מאַכער" — און אַפילו בנימין אַליין האָט דאָס נייעס אָראָפּגעשלונגען מיט אַ טשעקאַוון שמייכל.

...משה בינשטאָק וואָס אַרבעט אויפן דריטן שטאָק אין שלבוות און גימפּלען, האָט אַמאָל בשעת, זיי זענען צוזאַמען אַהיימגעגאַנ- גען, צוּוויסנגעטאָן בנימינען:

— מיר דאַכט זיך — האָט ער געזאָגט — אַז די וואוילע יונגען פלאַנעווען עפּעס מיט דיר זיך אָפּצורעכענען.

משה בינשטאָק איז אַ בחור אין בנימינס יאָרן. ער איז, שמועסט מען, אַ ציוניסט, און ווען נאָר ער טרעפט בנימינען, האַלט ער אים פאָר פאַרוואָס ער שרייבט זיך נישט איין אויף די בחינמדיקע אָוונט-קורסן ביי די ציוניסטן. בנימין ענטפערט גע- וויינלעך, אַז אים פּאַסט נישט צו זעצן זיך קנעלן ביי איין טיש מיט נאָדל-פעדלערס. אָבער איצטיק מאָל האָט בינשטאָק גערעדט נישט וועגן ציוניזם און נישט וועגן די בחינמדיקע אָוונט-קורסן. איצטיק מאָל האָט בינשטאָק איבערגעגעבן בנימינען, אַז אויפן דריטן שטאָק, ביי זיין שכן גימפּל בלאַשקער, וואו פּראָפּערס טאָכטער פאַרברענגט איצט צו האַלבע טעג, ווערט גערעדט, אָפּגע- לאַכט און געשושקעט נאָר פון בנימינען... דאָרט, ביי גימפּלס מאַ- שין, איז שטענדיק אַ „זיאַזד" וואוילע יונגען, נישט נאָר שטי- קערס, נאָר אויך סתם יונגען פון גאַס — בנימינס נאָמען ווערט דאָרט דערמאָנט אָפט, צו אָפט — און בינשטאָק האָט בנימינען געראַטן, ער זאָל זיך דאָס נעמען אין זין אַריין.

בנימינען אָבער איז דאָס נישט שטאַרק געקראָכן אין קאָפּ אַריין. וואָרן, וואָס אַ שטייגער האָט צו אים עפּעס אַ געשטופּל- טער גימפּל, מיט וועלכן ער איז קיינמאָל נישט געווען נאָענט און האָט נאָך מיט אים קיינמאָל קיין צען ווערטער נישט אויסגערעדט?

— ניין! — בנימין האָט בינשטאָקס רייד נישט ערנסט גענומען, ס'האָט אים גאָרנישט געאַרט.

אינגיכן אָבער האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עפּעס אַ ממשות האָבן בינשטאָקס רייד שוין יאָ:

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט פרייטאָג, איז דער געשטופּלטער גימפּל געקומען ירגזונדיק צו לויפן צו בנימינען מיט פּ'עטענציעס, אַז בנימין זאָל עפּעס האָבן געזאָגט אין קאַנטאָר, אַז ער, גימפּל, האָט אים אַרויסגעגנבעט פון שענקל גאַרן. און נאָך איידער בנימין האָט באַוויזן אַרויסצורעדן אַ וואָרט, אַז ער ווייסט פון גאָרנישט צו זאָגן, האָט שוין גימפּל גענומען באַפּעסטיקן זיינע טענות מיט די פויסטן — גענומען בנימינען שלאָגן.

אויף קלעפּ האָט בנימין געענטפערט אויך מיט די פויסטן. ס'איז געוואָרן אַ טומל און אַ צוזאַמענלויף; אַ חוץ גימפּלס חברים האָס האָבן זיך באַלד געשטעלט, זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן אויך אַנדערע, וואָס האָבן נישט געוואָלט צולאָזן דאָס געשלעג. ס'האָבן זיך אַהער געפּאַקט נייגעריקע, ווי פויערן אויף אַ יאַריד. באַלד איז אויך געקומען צולויפן דער אויפזער פעלדבערג, און זיך צע־שריגן... דערזעענדיק פעלדבערגן האָט גימפּל מיט אַמאָל גענומען עפּעס אַנדערש טענהן. איצט שוין נישט, אַז בנימין האָט אים חשד געווען אין גנבענען גאַרן, נאָר עפּעס אַז בנימין האָט אים אָפּגע־עדט אַ פעדלער. און ער האָט געפּרוווט נאָך אַמאָל זיך אַ לאָז צו טאָן אויף בנימינען מיט די פויסטן, — צו קיין גע־שלעג האָט דער אָנגעזאַמלטער עולם נישט דערלאָזט. גימפּל איז בערופן געוואָרן אין קאַנטאָר, און ראָזנבלום אַליין האָט אים אויס־געזידלט און מסרעה געווען, אַז אויב ער וויל נישט מ'זאָל אים קיבדיקן, זאָל ער אָפּזיצן.

גימפּל האָט זיך לפּנים באַרואיקט, און בנימין האָט גע־האַלטן די זאַך פאַר געענדיקט.

אין אמתן אָבער איז די זאַך נאָך ווייט נישט געווען פאַר־ענדיקט.

אַ דריי פיר וואָכן שפּעטער איז איינמאָל אויסגעקומען בנימינען אַהיימצוגיין שפּעט אין אָוונט פון דער אַרבעט. ער האָט

געדאַרפט עפּעס פאַרריכטן אין דער מאַשין און איז געבליבן דער לעצטער אין פאַבריק.

אַז ס'איז איצט שוין שפּעט, נישט ווייט פאַר האַלבער נאַכט, האָט באַוויזן דאָס וואָס די העלפט גאַסן-לאָמפּן זענען שוין געווען פאַרלאָשן. זייער שיטער האָט דאָ און דאָרט, אַ מהלך אָפּגערוקט איינער פון דער צווייטער, צוגעלויכטן אַ לאַמטער, און אין ברייטן גרויסן שאָטן איז געווען פינסטער, ווי אין אַ זאַק; די באַוועגונג אין גאַס איז שוין געווען אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. און עס האָבן אָפּגעהילכט די טריט פון זעלטענעם איינציקן פאַרבייגייער.

כאָטש עס איז נישט געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס בנימי-מינען קומט אויס אַזוי שפּעט אַהיימצוגיין פון פאַבריק, איז אים איצט עפּעס פלוצלונג באַפאַלן אַן אומהיימלעכקייט, און אַ קוק געבנדיק הינטער זיך און פאַר זיך אין דער שטילער נאַכטיקער טויטקייט פון פינצטערניש, האָט ער מיט גרויל אַ טראַכט געטאָן: „מ'קאָן דאָ עמיצן דערהרגענען, און אַ האָן וועט נישט אַ קריי טאָן".

נאָר נאָך איידער דער דאָזיקער אומהיימלעכער געדאַנק איז אין בנימינען קיל געוואָרן, איז מיט אים עפּעס אויסטערלישעס געשען: פון הינטן האָט עמעץ אויף אים ארויפגעוואָרפן אַ שמאַ-טע צי אַ זאַק, און נאָך איידער בנימין האָט באַוויזן אַ קול אַרויס-צולאָזן, איז ער געלעגן אויף ד'ערד און ס'האָבן זיך אויף אים געשיט קלעפּ...

ווי פון גאַנץ ווייט ערגעץ, האָט צו אים דערגרייכט אַ באַ-קאַנט-אומבאַקאַנט קול: „נאָר טרוקענע קלעפּ אין די זשעבערס"... באַלד האָט זיך דאָס שלאָגן געשטאַרקט. אויף פאַרשידענע ער-טער זענען אים געפאַלן די קלעפּ, און ווי געטאָן האָבן זיי, שטאַרק ווי געטאָן. ווי אַ שווערער אייזערנע, ציינענדיקע רעדער וואָלט אים איבער'ן גוף געפאָרן. און מיט אַ מאָל האָט ער אַלץ אויפ-געהערט צו פילן. ער איז ווי אויסגעלאָשן געוואָרן — געפאַלן אין אַ טיפער חלשות.

## כג

אויפגעכאַפּט פון חלשות האָט זיך בנימין ערשט צומאָרגנס, אין יידישן שפּיטאָל. דער ערשטער איינדרוק איז געווען, אַז אַרום די ווענט, זענען עפּעס אויסטערליש ווייס (אין אמתן זענען די ווענט גאָר נישט געווען אַזוי זויבער־ווייס). אין דער לענג און אין דער ברייט, איבערן גאַנצן גרויסן חדר, זענען געשטאַנען בעטלעך, און אין די בעטלעך זענען געלעגן פרעמד פּנימדיקע מענטשן, צוגעדעקט מיט גראָע דערעס און מיט מיצלעך אויף די קעפּ.

בנימין האָט כמעט נישט געדענקט, וואָס מיט אים איז געשען ביינאַכט (אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז געווען נישט געשען, נאָר שוין לאַנג לאַנג צוריק) פאַרגעקומען. ער האָט בלויז געדענקט, אַז עמעץ האָט אים פון הינטן אַרויפגעוואָרפן עפּעס אויפן קאָפּ — מער האָט ער גאָרנישט געדענקט, נאָר די הענט און פיס, וואָס זענען אים געלעגן שווער, ווי קלעצער; דער צע־קיילטער גוף, וואָס האָט אים געשמאַרצט, און דער באַנדאַזשיר־טער קאָפּ — האָבן אים געגעבן צו פילן, אַז אַ חוץ אַרויפוואַרפן אויפן קאָפּ דעם זאַק, האָט מען אים נאָך גוט, אָבער גאָר, גאָר גוט, מקיים פּסק געווען אויך.

מער ווי צוויי וואָכן איז בנימין געלעגן אין שפּיטאָל. פון דער היים איז אַ חוץ ישראל־נחן קיינער נישט געקומען זען, וואָס ער מאַכט; זיי האָבן געוואוינט אין זעלבן געסל, וואו דער שפּיטאָל געפינט זיך, און פונדעסטוועגן איז קיינער נישט געקומען

צו אים. נאָר טיילמאָל האָט אים דער קראַנקן-וועכטער — אַ בײ־זער ייד מיט אַ פאַרשוירן בערדל, אין אַ בלאָער בלוזע — גע־בּרענגט עפּעס אין אַ טעפּל, זאָגנדיק, אַז מ'האָט אים דאָס אַריינ־געשיקט.

בנימין האָט פאַרשטאַנען, אַז דער נכבּודיקער מאַמען איז דאָס אַלץ נישט צום האַרץ און זי שעמט זיך מן הסתם צוקומען און געבן זיך צו דערקענען, אַז דער, וועמען מ'האָט ביינאַכט גע־פונען אין גאַס אַ צעשלאָגענעם אַ האַלב טויטן — אַז דער איז איר זון.

די צווייטע וואָך איז בנימין שוין אַביסל אַראָפּגעגאַנגען פון בעט, אַרומגעקראָכן אָנגעלענט אויף אַ שטעקן, אין גראָען שפּיטאָל־כאַלאַט, און לאַטשן אויף די פיס און מיטן שפּיציקן מיצל אויפן קאָפּ.

דער טאָג אין שפּיטאָל איז פאַרגאַנגען לאַנגווייליק און פּוסט, איין טאָג גלייך ווי דער צווייטער און ווי דער דריטער...

צוויי מאָל טעגלעך, אינדערפרי און פאַרנאַכט, איז אַריינ־געקומען שעפטל שפּירע דער שפּיטאָל „באַלעבאָס" — אַ יידל מיט אַ גראָ בערדל און אַ רויטער נאָז — ער איז אַריינגע־קומען אין בנימינס אָפּטיילונג — פון די האַלב געזונטע — מיט אַ רימען אין האַנט, און געטריבן דעם עולם אין די שפּיטאָל־כאַלאַטן — גיין דאַווענען אין שולעכל, וואָס געפינט זיך אין זעלבן קאָרידאָר, אין סאַמע עק:

— שקצים — האָט שפּירע געשריגן, פאָכנדיק מיטן רי־מען און אַראָפּלאָזנדיק אים אויף עמיצנס פּלייצעס — פרעסן ווילט עץ? טאָ גייטס דאַווענען!

און דער האַלבמשוגענער דאָקטאָר, מיט אַ פּנים פון אַ ישיבה-בחור אַ כיטראַק, האָט נישט אַנדערש גערעדט צו אַ חולה, נאָר מיט באַליידיקנדיקע אויסדריקן, און טיטולירט די קראַנקע: לומפּן־באַנדע.

אַהיימגעקומען פון שפּיטאָל איז בנימין אין אַ קאַלטן פאַרמיטאָג. די מאַמע האָט געהאַלטן אין מיטן קאָכן. דערזע־

ענדיק אים האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און זיך גע־וואונטשן דעם טויט:

— הלוואי וואָלט איך דיין טאַטנס קבר פאַרלייגט און דעם נחת פון דיר נישט דערלעבט — האָט זי געיאָמערט און זיך מיטן פאַרטוך פאַרדעקט דאָס פּנים.

בנימינען איז אויפן געמיט אויך נישט געווען אַ סך פרייִלעכער, ווי דער מאַמען, און שוואַך איז ער נאָך געווען, ער האָט זיך קוים אויף די פיס געהאַלטן.

אין אָוונט, ווען עס זענען זיך צוזאַמענגעקומען די ברי־דער און שוועסטער פון דער אַרבעט, איז אין שטוב געווען אַ טרויעריק שווייגעניש. סימעלע האָט געקוקט אויף בנימינען שיער מיט שרעק, ווי אויף אַ שלעגער, וואָס שלעפּט זיך אַרום מיט אַ באַנדע מעסער-שטעכער, און מלכה, וואָס אַרבעט דאָרט אין קאַנטאָר, האָט מורא געהאַט אַז מ׳וועט שוין בנימינען מער נישט צוריקנעמען אין פאַבריק אַריין, וואָרן מ׳האָט שטאַרק אויף אים אויסגערעדט פאַר ראָזנבלומען. די מעשה מיט עט־לען, אַז בנימין האָט זי פאַרפירט, ווייסט מען שוין אויך. פראָ־פעסר האָט געוויינט אין קאַנטאָר פאַר ראָזנבלומען, און מ׳האַלט, אַז אום אויסצומיידן מחלוקות צווישן די אַרבעטער, מוז בנימין באַזייטיקט ווערן פון דער פאַבריק.

די אַרבעט האָט מען בנימינען נישט אָפּגעזאָגט, נאָר ראָזנבלום האָט אים געזאָגט אַ קורצן נאָר שטרענגן פּסוק, און אָנרופנדיק אים „דו, וואוילער יינג״, האָט ער אָנגעזאָגט פעלד־בערגן, ער זאָל בנימינען באַזונדער אויפן אויג האָבן. אין פאַל עפּעס וואָס, וואַרפט ער בנימינען אַרויס פון דער אַרבעט.

טעמערלס לעקציע האָט אויך אַן עק גענומען, כּלומרשט האָט זי נישט געהאַט קיין צייט, זיך געגרייט ערגעץ אַוועק־צופאָרן.

פון דעם, וואָס מען איז בנימינען באַפאַלן באַיינאַכט אין גאַס און מ׳האָט אים קראַנק געשלאָגן, איז אַרומגעגאַנגען אַ מעשה גאָר אינגאַנצן אַנדערש: אַז דאָס איז בנימין מיט אַ

חברה אַנגעפּאַלן אויף אַ צווייטער חברה גנבים און אַלפּאַנסן פון איין זייט, און אויך אַזעלכע פון דער צווייטער זייט.

ווער ווייסט, ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו, בנימין איז עפּעס מיט אַמאָל געוואָרן אַ פאַרשטויסענער פון אַלע. אַפּילו די חברה פון יעטלס טאַנץ־קעלער, די וואוילע יינגען, וואָס בנימין האָט זיי לעצטנס אויסגעמיטן, נישט געוואָלט מיט זיי נאָענט זיין — אַפּילו זיי האָבן זיך איצט אָפּגערוקט פון בנימינען, געקוקט אויף אים מיט ביטול, ווי אויף אַ שלומיאל־דיקן רייטער, וואָס איז פון זאָטל אַרויסגעפאַלן.

בנימין איז איצט געווען ריכטיק עלנט; אינדערהיים, ווי אין פאַבריק, האָט ער נישט געזען קיין פריינטלעכע מינע.

און פון איינזאַמקייט, פון עלנט, פון נישט האָבן זיך וואו אהינצוטון, צו ווענען אַ וואָרט אויסצוריידן, האָט זיך בנימין דערפריייט, ווען משה בינשטאָק האָט אים צוגעזאָגט, אַז עס האָט זיך געעפנט אַ קלוב פון יינגע ציוניסטן, נאָר שאַ, קיינער טאָר דערפון נישט וויסן, וואָרן דער קלוב איז נישט לעגאַליזירט. בנימין האָט זיך דערין אַנגעכאַפּט און ער האָט אָנגעהויבן צו זיין אַן איינגייער אין דעם האַלב געהיימען ציוניסטישן קלוב.

## כד

ווען ישראל-נח האָט געענדיקט זיבנצניאָר, איז ער גע־ווען אַ הויך דאַר בחורל מיט שוואַרצע אויגן, אַ רירעוודיקער אַ פלינקער. אַרבעטן און אומגיין ביי אַ מאַשין האָט ער שוין גאָר גוט פאַרשטאַנען. ער האָט זיך געקליבן איבערצונעמען אַ מאַשין. די מאַמע האָט לאַנג געבעטן דעם ברודער אירן, לייב־חיימען, ביז ס'איז איר געלונגען צו פועלן, מ'זאָל ישראל-נחן אָנפאַרטרויען אַ מאַשין — לייב-חיים האָט צוגעזאָגט. נאָר אום דאָס צוזאָגן זאָ, האָבן מער ממש, האָט ער איר געראַטן צו רעדן נאָר מיט ראָזנבלומען. זי האָט דאָס לסוף אויסגעפועלט, און ישראל-נח איז אויך געוואָרן שטיקער, אַזוי ווי בנימין.

ישראל-נח איז געווען אין כאַראַקטער אַביסל אַנדערש, ווי בנימין. דאָס ווערן שטיקער האָט כמעט גאָרנישט געענדערט זיין פירונג. מיט דער מאַמען האָט ער געלעבט אין שלום, נישט געהאַט קיין סכסוכים. בלויז איינמאָל איז געווען, אַז ישראל-נח האָט זיך פאַרעקשנט קעגן דער מאַמעס ווילן.

דאָס איז געווען מיט אַ צייט צוריק, אין דער היים האָט אויסגעפעלט געלט, און מלכה האָט געמוזט האָבן אַ מאַנטל אויפן ווינטער. אַ'ן אַז די מאַמע האָט געזען, ווי מלכה פרירט געבעך אין דינעם מענטעלע, האָט זי זיך באַשלאָסן און איז געגאַנגען אַהין אין געשעפט, וואו ישראל-נח זאמלט זיך אויף אַן אַקציע — און געפאָדערט, מ'זאָל איר צוריקגעבן די פאָר רובל, וואָס איר יינגל האָט דאָ ליגן: זי קאָן נישט לאָזן ליגן

געלט אויף אַן ארץ־ישראל־אַקציע, ווען די קינדער פירן אָן אַ שטיקל ווארעם מלבוש...

נישט אַזוי לייכט איז דער מאמען אָנגעקומען צוריקצו־קריגן דאָס געלט. זי האָט אָבער געוווסט, וואָס צו רעדן און ווי אַזוי צו רעדן, און געקאָנט האָט זי רעדן, אז עס האָט געריירט. און דער בכבודיקער ייד דאָרט אין געשעפט האָט איר — הגם נישט איבעריק פריינטלעך — צוריקגעצאָלט דאָס געלט, וואָס ישראל־נח האָט זיך אָנגעזאַמלט.

אַז ישראל־נח איז דאָס געוואָר געוואָרן, האָט ער תחילת געוויינט. וואָרן נאָך איין אײנציקן רובל, וואָלט ער שוין גע־האַט אַן אַקציע. נאָר אַז דאָס וויינען האָט אויך נישט געווירקט די מאַמע זאָל אים צוריקגעבן דאָס אָפּגענומענע געלט, האָט ער נישט געוואָלט גיין אַרבעטן. ער האָט גאָרנישט גערעדט, נישט געטענהט, נישט געבעטן, נאָר געזעסן אין דערהיים און נישט געגאַנגען אין פאַבריק, אַזוי לאַנג נישט געגאַנגען, ביז ער האָט זיינס אויסגעפירט. די מאַמע האָט צוריקגעגעבן די פאָר רובל. און ער האָט זיי צוריק אַהינגעטראָגן אויף דער אַקציע. — דאָס איז געווען דאָס אײנציקע מאָל, וואָס ישראל־נח האָט זיך איינגעעקשנט קעגן דער מאַמען.

אַזוי אָבער איז ישראל־נח געווען אַ רואיקער בחור. די פרייע נישט אַרבעטס־צייט איז ער דאָס רוב געזעסן אין דער היים. ער האָט שוין געהאַט אויסגעקויפט אַן אַקציע, און איצט געזאַמלט געלט אויף נאָך אַן אַקציע, זיך אַהיימגעברענגט בי־כער צום לייענען...

ישראל־נח איז געווען אין כאַראַקטער אַנדערש פון בנימינען.

אַצינדערט, ווען ביידע זין זענען געווען שטיקע־ס און די פאַרדינסטן אין שטוב זענען געווען גרעסערע, האָט מלכה אויפגעהערט צו גיין אַרבעטן אין קאָנטאָר. די מאַמע האָט איינגעזען, אַז פאַר אַ דערוואַקסן מיידל איז נישט אַזאַ גרוי־סער כבוד צו גיין אַרבעטן אין דער פרעמד. מלכה האָט איצט געאַרבעט אין דער היים. מ׳האָט איר אַרויסגעגעבן אַרבעט פון

קאַנטאָר. און דאָ האָט זיך ווידער אַרויסגעוויזן ישראל־נחס כאַ־
ראַקטער, אַז ער איז צוגעבונדן צו די שטוביקע מער ווי בנימין.
די „פּלאַכטעס" פון קאַנטאָר און די פּאַרטיקע צוריק אָפּטראָגן
אין קאַנטאָר, איז געווען ישראל־נחס זאַך. ער האָט געזאָרגט
דערפאַר, מלכה זאָל נישט דאַרפן שלעפּן איבער דער גאַס דעם
פּאַק „פּלאַכטעס".

---

אין דעם נייעס קלוב, וואו בנימין איז לעצטנס געוואָרן
אַן אייגענער, איז ישראל־נח נאָך נישט געווען קיין מיטגליד.
דער דאָזיקער קלוב, וואָס האָט זיך איינגעאָרדנט אין זעלצערס
שול, ווען דאָרט זענען נישט פאָרגעקומען קיין למודים, און
איז באַשטאַנען פון — אַזוי האָבן זיי זיך גערופן — „פּאָרט־
געשריטענע ציוניסטן" — דער דאָזיקער קלוב האָט אָנגענומען
א באַשלוס, אז יינגער פון צוואַנציק יאָר קאָן מען דאָ נישט
אָנגענומען ווערן אלס מיטגליד — און ישראל־נח איז ערשט
געווען קוים זיבעצניאָר אַלט.

דער קלוב פון די „פּאָרטגעשריטענע ציוניסטן" האָט נישט
געהאט קיין קלאָרן פּרצוף, נישט געוווסט, וואָס ער וויל און
צו וואָס אייגנטלעך ער איז געגרינדעט געוואָרן, און זיך אָפּ־
געטיילט פון די אַלטע. קיין גרויסער שלום האָט דאָרט נישט
געהערשט פון דער ערשטער מינוט אָן.

זעלצער, וואָס ביי אים אין שול האָט זיך געפונען דער
קלוב — האָט זיך אַליין גענומען אַ גבאות, געשפּילט די ראָ־
לע פון א באַלעבאָס און מדריך. יעדן שבת נאָכמיטאָג האָט
ער געזאָגט פאַרן עולם. ער האָט אויסגעקליבן עפּעס אַ פּסוק
פון דער פּרשה פון וואָך, אָדער פון דער הפטורה, אים דעם
פּסוק צענומען, צעגלידערט און אַזוי לאַנג געטייטשט, אויף־
דייטשמעריש, ביז ער איז אַרויסגעקומען שטענדיק אויף דעם
זעלבן, ווי נויטיק עס איז פאַר יידן אַן אייגנלאַנד, און אַז
דער „פּאָרטשריט" איז נישט גאָר נישט קעגן דער תורה —
גאָר פאַרקערט, גאָר די תורה ווינקט אָן אויף טריט און שריט,

אז דער פּאָרטשריט איז פאַר דער וועלט אַ נויטווענדיקייט.

אַהין, אין אָט דעם קלוב, האָט באַלד זעלצער אריינגע־נומען זיינע פריינט און באַקאַנטע. מאַריץ וואַלבערג האָט זיך דאָרט אויך אָפט געוויזן. ער איז נאָר אַרומגעגאַנגען, געקוקט מיט די אויגן, וואָס אונטער די טונקעלע בריל־גלעזער, און גע־צויגן די פּאַרריסענע נאָז אויף די אַרבעטער, וואָס געפינען זיך דאָ.

משה בינשטאָק איז דאָרט געווען אַ אָנגעלייגטער מיט־גליד. דערקעגן אויף יואל פּאָנטשערן האָט מען קרום געקוקט און ס'איז געווען אַ מעשה, אַז פּאָנטשער האָט אַמאָל אַריינגע־ברענגט אהין אַן אַמעריקאַנער יידישן זשורנאַל, האָט זיך דאָרט דערהויבן אַ גוואַלד. זעלצער האָט געשריגן, אַז מען איז אויסן אים אומגליקלעך צו מאַכן, פּאָליציי וועט אים די שול פאַר־מאַכן און אים אַליין פאַרשיקן אויף קאַטאָרגע, ווייל דער זשור־נאַל איז אָן צענזור און ער שמעקט מיט... באַהיט זאָל מען ווערן. זעלצער האָט מורא געהאַט דאָס וואָרט פאַרן מויל צו ברענגען.

דערנאָך האָט איינמאָל געטראָפן, ווען זעלצער האָט שבת נאָכמיטאָג, ווי זיין שטייגער, צעגלידערט אַ פּסוק און אים לאַנגזאַם צוגעפּירט צום וואָך ביי וואָכיקן אויספיר, וועגן דער נויטיקייט פון פּראָגרעס און אַן אייגן לאַנד פאַר יידן — איז נאָך זעלצערן ארויף רעדן יואל פּאָנטשער. ער האָט גערעדט וועגן גאָר עפּעס אַנדערש, אַז אַרבעטער מיט באַלעבאַטים קאָ־נען נישט געהערן צו איין פאַריין און קאָנען בכלל נישט זיין צוזאַמען, ווי פייער קאָן נישט זיין צוזאַמען מיט וואַסער.

פּאָנטשע־ האָט גערעדט לאַנג און אַלץ אין דעם זין, גערעדט הייס און אַזעלכע ווערטער, וואָס זענען דאָ נאָך קיינ־מאָל נישט געהערט געוואָרן. און דער סוף איז געווען, אַז פּאָנ־טשערן האָט מען נישט געלאָזט ענדיקן. מ'האָט אים אין מיטן דאָס מויל פאַרמאַכט. ס'איז געוואָרן אַ גרויסער טומל. און נאָך אָט דער רעדע איז דער קלוב זיך צעפאַלן. דער גרעסטער טייל איז צוריק אַריין אין אַלגעמיינעם ציוניסטישן פאַריין, און

עטלעכע — צווישן וועלכע עס איז געווען אויך בנימין — האָבן זיך געהאַלטן ארום פאָנטשערן און זיי האָבן זיך אָפּגעקליבן פאַר זייער צוזאַמענקום־אָרט אַן אָפּגעלעגן ווינקל אין פּארק.

דאָרט אין פּארק אויף אַ באַהאַלטענער באנק צווישן ביי־מער, פלעגן זיך צוזאַמענקומען, זיך זעצן פוןביידע זייטן פאָנ־טשערן. ער, פאָנטשער, אין די לאַנגע מלבושים, מיטן שוואַרצן בערדל, האָט זיי אויפגעקלערט די „אַרבעטער זאַך". אין אַ שטיקל צייט שפּעטער האָט בנימין שוין מיט זעלבסטווערדע געטראַכט, אַז ער איז אויך איינער פון דער גרויסער קייט פון דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער־אַרמיי. און מער ווייניקער האָט ער שוין פאַרשטאַנען די אַרבעטער־שטרעבונג און די גרויסע מחוצה, וואָס שטייט ווי אַן אייזערנער וואַנט צווישן אַרבעטער און אַרבעטס־געבער...

אַזוי פונדעסטוועגן איז בנימין מיט ישראל־נחן נישט גע־ווען נאָענט צווישן זיך.

דאָס איז נישט געווען בלויז דער אונטערשיד אין די יאָרן, אין עלטער. דאָ איז געווען נאָך אַן אַנדער סיבה.

ישראל־נח איז אַריין אין פאַבריק כּמעט אין צעניעריקן עלטער און האָט אָפּגעאַרבעט אַלס פעדלער אַן ערך זיבן יאָר; די פעדלער־אַרבעט, פּאַרקויפט, שקלאַפיש פּאַרקויפט צום שטי־קער — האָט געווירקט נישט נאָר אויף דער פיזישער אַנט־וויקלונג, נאָר אויך אויף דעם גייסט פון יינגל אויף זיין פּסי־כאָלאָגיע; אויסגעאַרבעט אין אים אַ מאַטעריאַל אויף אונטער־דריקונג; אַנדערש אָבער בנימין, וואָס איז אַריין אין פאַבריק שוין אין זעכצניעריקן עלטער, נישט לאַנג געזעסן ביים פעדל־טישל, באַלד צוגעקומען צו דער מאַשין און געוואָרן שטיקער.

ניין, דער אונטערשיד אין די כאַראַקטערן, וואָס האָט זיך אין זיי אויסגעאַרבעט אַדאַנק די פאַרשיידנאַרטיקע לעבנס־באַדינגונגען, איז געווען צו גרויס, אום זיי זאָלן זיין נאָ־ענטע חברים.

כאָטש צווישן זיך אַ שמועס פלעגט פונדעסטוועגן אויס־קומען.

מלכּה, למשל האָט אמאָל דערציילט, אַז די „אחדות" יינגען אין לאָדזש האָבן, שמועסט מען, אָנגעטאָן א היגט א פּאָר תפילין און האָבן צעריסן דעם קייזערס פּאָרטרעט.

די מאַמע האָט זיך אָנגערופן:

— נו, — האָט זי געזאָגט הייטער — די קאָזאַקן לערנען זיי שוין דרך-ארץ, נאָכאמאָל אַזוי נישט צוטאָן — און זי קוקט אָן בנימינען, ווייל זי האַלט אים אויך אַביסל פאַר געכאַפּט אין די זאַכן.

בנימין זאָגט:

— נישט אַלץ, וואָס מ׳דערציילט, איז אמת.

— נאָר וואָס איז יאָ אמת? — ציט מלכּה אים ביי דער צונג.

— אַז די אַרבעטער אין לאָדזש פירן א קאַמף פאַר גרעסערע שכירות און לייכטערער אַרבעטס-באַדינגונגען.

— טאָ, וואָס האָבן זיי, כ׳בעט דיך, צו גאָט? — קומט די מאַמע ארויס פון גלייכגעוויכט, ווייל בנימין פאַרטיידיקט נאָך די דאָזיקע לייט און צום קייזער — וואָס האָבן זיי. דער קייזער אין פּעטערבורג ווייסט דען?

דערויף ווייסט שוין נישט בנימין וואָס צו ענטפערן. ער מוז דאָס ערשט פריער אַדורכרעדן מיט פאָנטשערן — און אַז בנימין שווייגט אין פאַרלעגנהייט, רופט זיך אָן ישראל-נח:

— דאָס האָט גאָרנישט צום קייזער און אפילו צום פאַבריקאַנט אויך נישט. ווער עס איז א לייט, נישט קיין הולטיי און נישט פויל, קוקט נישט ווי שפּעט ס׳איז, נאָר אַרבעט, יאָגט — דער פאַרדינט און האָט...

און ער באַווייזט עס באַלד מיט א ראיה, אַז אַזוי איז עס:

— הערש קופּער! ווי לאַנג איז גאָר, ווי קופּער איז נאָך געזעסן און געאַרבעט אַלס שטיקער...

אַזוי אויך ישראל-נחס אָנגעהעריקייט צום ציוניזם.

דאָס איז געווען מער געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו די וואוילטעטער די ציוניסטן, איידער באַנעמען דעם ציוניזם.

זיי, די ציוניסטן האָבן דעם דערשלאָגענעם עלנטן פּעדלער, דעם פאַרשוואַרצטן שקלאַף — נישט נאָר פון פאַבריקאַנט נאָר אויך פון פאַבריקאַנטס שקלאַף, דעם שטיקער — זיי האָבן אים געלערנט לייענען און שרייבן, אים באַהאַנדלט ווי א מענטש, אים געגעבן צו לייענען ביכער און געהאַלטן פאַר אים רעדעס... איינמאָל אין א שמועס, אין דער היים, האָט ישראל-נח דאָס אַרויסגעזאָגט אויף אַזאַ אַרט. מ'האָט געשמועסט, אַז דעם אַרבעטער איז שלעכט, ער אַרבעט ווי אַן אייזל שווער ס'גאַנצע לעבן, ביז ר'פּגרט אַוועק אַנידער און שטאַרבט.

— נו, פרעגט בנימין אויס — דעם אַרבעטער איז דען א חילוק, צי ער ליידט הי, צי אין ארץ-ישראל. ס'איז אים דען עפּעס לייכטער, ווען אים דריקט א ייד, איידער א נישט-ייד?

— ניין — דערווידערט ישראל-נח — צו ערשט מוז געהאָלפן ווערן דער יידישער כּלל — האָבן זיין אייגן לאַנד — און דערנאָך ערשט דער פּרט, דער אַרבעטער דער „איך”. דער כּלל, דאָס יידישע פאָלק, ליידט שוין לענגער, ליידט שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר; אין דער הילף פון כּלל ליגט שוין אויך די הילף פון פּרט...

די מאַמע האָט געקוואָלן פון ישראל-נחס רייד, און אויף בנימינען, וואָס האָט אויפגעוויזן, אַז אַרבעטער אונטערדריקטע איז געווען אויך פאַרצייטנס אין ארץ-ישראל, נאָך פאַרן חורבן — האָט די מאַמע אָפּגעשטעלט א טריבן בליק:

— נאָר דו גייסט שטענדיק אויף קרומע וועגן — האָט די דעם קאָפּ געשאָקלט — און ס'איז דיר נאָך ווייניק, וואָס דו אַליין בלאָנדזשעסט, ווילסטו נאָך אַנדערע אויך מיטשלעפּן, אַראָפּפירן פון וועג.

## כה

דער ליכט-שטראַל, וואָס האָט דעם אַרבעטער צוגעלויכטן אין זיין שווערן פאַרהאָרעוועטן לעבן, איז געווען די האָפנונג, אַז עס וועט אים לסוף געלונגען זיך איינצושאַפן אַביסל געלט, וועט ער קויפן אַ מאַשין און ווערן אויס „מענטש" ביי יענעם, ער וועט טאַקע אויך אַרבעטן, אָבער שוין נישט אינגאַנצן ביי יענעם, נאָר „לוי," אויף אַן אייגענער מאַשין, נעמען אַרבעט פון וועלכן פאַבריקאַנט ער וועט וועלן, פון וועמען עס וועט אים בעסער לוינען.

ס'האָט זיך אויך געחלומט פון ווערן אינגאַנצן אויס אַרבעטער — פאַבריקאַנט! נאָר דאָס איז שוין געווען אַן עבין פאַר יינגע פאַנטאַזיאָרן, היץ-קעפּ. דאָס ערשטע אָבער — קויפן אַ מאַשין און אַרבעטן „לוין" — האָט יעדער געטרוימט, און דערפאַר איז אין אַ פאַבריק אַזוי פיל אויסגעגעבן געוואָרן צו שפּילן אויף דער לאָטעריע.

דעם לעצטן גראָשן האָט אַ שטיקער אויסגעגעבן צו באַצאָלן אַ לאָס פאַר דער ציאונג, אַז אויב זיין נומער וועט „אַרויס", זאָל דערנאָך נישט זיין קיין סיכסוך וועגן דעם געווינס.

דער געלער מענדל, דער קאָלעקטאָר, האָט איינצייטיק אויך צוגעטראָגן אין די פאַבריקן ביר. ער, מענדל, אָדער ווי מ'פלעגט אים רופן: דער ייד מיט דער קאַפּאָטע — ווייל ער פלעגט האַלטן פאַרשטעקט די פלעשלעך ביר אין פאַרשידענע

קעשענעס אין אונטערשלאָק פון דער משונה ברייטער קאפּאָטע — האָט שוין געוואוסט, אז גיכער וועט אים אַ שטיקער אָנ־זעצן געלט פאר אויסגעטרונקענעם ביר, איידער פאַר אַ לאָ־טעריע־צעטל. פלעגט ער טאַקע קונציק פאַרבייטן די יוצרות און אַרויפרעכענען דעם חוב, וואָס ער באַקומט פאַר א לאָס — אַלס חוב פאַר ביר...

און כמעט רירנד האָט עס אויסגעזעען, ווי דער אַלטער פּראָפעסער אפילו שטעלט אָפּ די מאַשין און לויפט אַרום באָרגן אַ פּאָר קאָפּיקעס, וואָס פעלן אים צו צו באַצאָלן פאַר אַ פערטעלע לאָס, וואָרן באַלד וועט ער קומען, דער קאָלעקטאָר מאָ־ען פאַרן לאָטעריע צעטל, און מאָרגן איבערמאָרגן איז די ציאונג.

— רב מענדל — קלערט טעוול קנאָפּ אויף דעם געלן ייד — וואָס זענט איר, משוגע, צי וואָס? פארן לאָס האָב איך אייך דאָך שוין איינגאַ־צן באַצאָלט. דאָס וואָס איר מאָנט, איז דאָך גאָר פאַר ביר; די אַנדערע וואָך, נאָך דער אויסצאָלונג, וועט איר דאָס אויך קריגן.

יענער אָבער גיט בלויז אַ צי מיט די פּלייצעס, מיט דער מינע פון א תמעלע:

— איך ווייס גאָרנישט מער, נאָר אז מיר קומט צו געלט צום לאָס. פאַרן ביר האָב איך אָפּגעקריגן אלץ.

און קאָן זיך טעוול קאָכן וויפל ער האָט נאָר חשק, און מעג ער סטראַשען דעם ייד און אים באַשיטן מיט יידישע און רוסישע קללות — סוף כל סוף איבערלייגט ער זיך, אז ס'לוינט זיך נישט מיט דעם קאָלעקטאָר איינצורייסן, לויפט אים נאָך, און איז צופרידן, אז ער טרעפט אים, באַצאָלט וואָס יענער מאָנט, און איז נאָך גליקלעך, ווען ער באַקומט פון אים צו־זאַמען מיטן צעטעלע די סקאַרבאָווע ברכה:

— זאָל זיין מיט מזל.

מוסטערן, אויף ווערמען זיך צו פאַרקוקן, וועמען צו האלטן פאַרן ליכטיקן פונקט, צו וועלכן מ'צילט, זענען דאָ אַ סך. ראָזנבלום איז אַמאָל געווען אַ געוויינלעכער שטיקער, פאַר־

האנען נאָך עטלעכע פאַבריקאַנטן, וואָס מ׳שמועסט, אַז זיי זענען אמאָל געווען ארבעטער.

דאָס איז אָבער געווען שוין לאַנג צוריק, און צי ס׳איז אמת, ווייסט מען נישט; קיינער געדענקט נישט, ווען אָט די זענען געזעסן ביי דער מאַשין און געאַרבעט, מ׳רעדט, מ׳שמועסט...

בלויז הערש קופער און יוסף גרינשפאַן — זיי געדענקט נאָך יעדער; אַפילו יינגע שטיקערס געדענקען, ווי זיי האָבן ביידע געאַרבעט אין וואָלבערגס פאַבריק, און היינט זענען זיי פאַבריקאַנטן, קופער אַפילו אַ גרויסער פאַבריקאַנט.

פון גרינשפאַנען רעדט מען ווייניק. גרינשפאַן איז אַ קליין פאַבריקאַנטל, און אַ געמיינער יינג, מען שמועסט נאָר אַ געמיינער. די, וואָס אַרבעטן ביי אים, פייניקט ער מיט אָפּצוגן, טוט זיי אָן געבערענטע ליידן, און דאָס וואָס זיין ווייב, די געוויזענע פעדלערין, מישט זיך אין געשעפט — איז דאָס סאַמע ערגסטע.

נישט אַזוי פירט זיך קופער.

ער, קופער, פאַרמאָגט שוין אייגענע מאַשינען און גיט נאָך אַוועק צו אַרבעטן אַ סך „לוין". האָט אַ קאַנטאָר מיט אָנגעשטעלטע, אָבער אַליין, איז ער געבליבן דער זעלבער פשוטער וואָס אמאָל. מיט זיינע אַמאָליקע חברים פון פאַבריק איז ער ווייטער אויף „דו", און אַז עמעץ פון זיי מאַכט אַמאָל אַ שמחה, בעט מען אים, און ער קומט.

זיי, קופערס אַמאָליקע חברים, שטאָלצירן מיט אים און זיי צעטראָגן זיין גרויסקייט אומעטום, וואו זיי קומען נאָר.

— אונזער הערש האָט ווידער געקויפט אַ מאַשין — דערציילט עמעץ פון זיי מיט פרייד, גלייך ווי ער, דער דערציילער — אַן אָפּגעמאַטערטער אַרבעטער פון קוים עטלעכע און דרייסיק יאָר, מיט אַ גראָען אויסגעקראָכענעם קאָפּ און שוואַכע פיס — האָט אויך עפּעס אַ חלק אין דער מאַשין, וואָס „אונזער" הערש האָט געקויפט.

ס׳איז געווען אַן איבערראַשונג און אַ פרייד פאַר אַלע

שטיקערס, ווען ס'האָט זיך אַמאָל אין אַ מיטן טאָג צעטראָגן אַ נייעס אין וואָלבעגרס פּאַבריק, אַז קופּער איז איצט צוליב עפּעס אַרויפגעקומען אין קאַנטאָר און ראָזנבלום האָט אים בכבודיק אויפגענומען, געבעטן זיצן און רעדט מיט אים ווי מיט זיינס גלייכן.

אַלע זענען שטאָלץ געווען, און ווער ס'איז נאָר געקומען פון קאַנטאָר, האָט מען זיך ביי אים נאָכגעפרעגט: נו, ר'איז נאָך אויבן, הערש?"

נאָר דער עיקר האָט זיך קופּער קונה שם געווען מיט דער נדבה, וואָס ער האָט געגעבן פאַר מאיר זלאָטשעווער.

מאיר זלאָטשעווער — אַ מיטליעריקער מענטש אַ טאַטע פון קינדער, האָט געאַרבעט ביי זאַלצמאַנען אין פּאַבריק און פּלוצלינג, אין מיטן דער אַרבעט, געקריגן אַ בלוט-שטורץ און נישט געקאָנט מער אַרבעטן.

ס'איז נישט געווען פון די זעלטנהייטן, אַז ביי אָט דער קאַטאָרגע-אַרבעט אין די שטויביקע חדרים, זאָל אַן אַרבעטער קריגן אַ בלוט-שטורץ. און געוויינטלעך, פלעגן עטלעכע טעג דערנאָך אַ צוויי פון דעם קראַנקנס באַקאַנטע זיך לאָזן איבער דער שטאָט מיט אַ טיכל, קלויבן נדבות פאַר דעם חולה און זיין אָן אַ פאַרדינער געבליבענער משפחה — און דעמאָלט האָט קופּער איינמאָל געוויזן, וואָס ער איז בכח צו טאָן פאַר אַ געוועזענעם חבר. און ער האָט אַ גיב געטאָן אַ נדבה, וואָס האָט אַלעמען די אויגן פאַרבלענדט.

דער טויטער אַברהם — ער האָט אַמאָל אין פאַבריק אַזוי שטאַרק געחלשט, אַז מ'האָט אים שוין געהאַלטן פאַר טויט, איז אים געבליבן דער צונאָמען „טויטער" — אַלס איינער פון די נדבות-קלייבער פאַר מאיר זלאָטשעווערס וועגן — האָט דערנאָך דאָס דערציילט אין פּאַבריק.

צום ערשט האָט ער צו פאַרשטיין געגעבן, ווי אַזוי ער וואָס פאַרנעמט זיך קיינמאָל נישט מיט אַזעלכע עסקים, ווי קלייבן נדבות — האָט פונדעסטוועגן דאָסמאָל יאָ עס געטאָן.

— כ'האָב געוואוסט — דערציילט דער טויטער אַברהם —

בשעת זיינע שכנים די שטיקערס זיצן אַרום; יעדער מיט זיין טעפּעלע קאווע אין האַנט, און עסן אָנבייסן — כ'האָב זאָגט ער, געוואוסט, אז קיין גרויס עשירות וועל איך דאָרט ביי מאירן נישט אָנטרעפן; אַרבעט שוין נישט באַלד צוויי וואָכן, און די קרענק קאָסט... און העלפן קאָן איך אים נישט — בין איך דעריבער א צייט נישט אהיימגעגאנגען. נאָר שבת האָט עס מיך שוין אַ טראָג געטאָן; פאָרט אַ באַקאַנטער קאָלעגע. קום איך אַריין, ס'איז שוין באַלד מיטאָג, און קיין פייער איז נאָכ־נישט געמאַכט; די קינדער וויינען, די מוטער שעלט זיי און זיך. און ער, דער קראַנקער מיטן קאָלעך ווייסן פּנים, ליגט אין בעט, אויפן רוקן, און שלינגט אייז.

— ס'דאָט מיך אַנעמגעטאָן ביים האַרצן. הע, ברודער האַר־ציקע, ס'איז פאָרט אונזערס איינעם א גוטער שפּיגל פאַר די אויגן, זיך אָנצושפּיגלען, ווי מ'קאָן אַ ליאַדע מינוט אויסזען. אַזא מאיר טאַקע, האָט אָפּגעאַרבעט ביי די אָפּגעזפּרעסענע ביי־כער אַזוי פיל יאָרן, און איצט — דאָס איז דער סך הכל, דאָס איז דער סוף פון דער פּראַצע.

— אָבער מער ווי אַ קאָפּ רחמנות קאָן איך פאָרט נישט העלפן, כ'בין פּונקט אַזאַ נגיד — לאָמיך חלילה אַ וואָך צוויי נישט אַרבעטן, וועט זיין דאָס אייגענע וואָס דאָ, ווי זאָגט מען דאָס: צוויי מתים גייען טאַנצן — שווייגן אָבער, אָפּזיפצן אַביסל אַוועקגיין און גאָרנישט, האָב איך אויך נישט געקאָנט...

און אַזוי ווי דאָס געוויסן האָט אברהמען נישט געלאָזט שווייגן און לאָזן אַ נאָענטן מענטש אויסגיין, האָט ער אָפּגעזוכט אַ באַקאַנטן און זיי האָבן באַשלאָסן מאָרגן, זונטאָג, אָפּצושטעלן אויף אַ פּאָר שעה זייערע מאַשינען און גיין קלויבן פאַרן חבר נדבות.

איצט האָט ער גענומען דערציילן, ווי דאָס קלייבן נדבות האָט אויסגעזען.

— אונזערס אַ ברודער אַן אַרבעטער — קאָנסט עפּעס פון אים געהאָלפן ווערן? וואָס, מ'שטיינס געזאָגט, קאָן ער דיר געבן, וואָס האָט ער דיר צו געבן? סיידן די נשמה!.. איינער

האָט בײַ זיך דעם גראָשן און צען — נישט. און זײ שעמען זיך נאָך אויסצוזאָגן, אַז זײ האָבן נישט. „קום שפּעטער", אָדער „כ'האָב פּונקט נישט בײַ מיר"... װײסן װײס איך דאָך אָבער, אַז צוזײ „שפּעטער" װי „אין דער הײם" — איז נישטאָ קײן פּרוטה בײַ דער נשמה.

און טאַקע —

— האָסט שוין געזען, אַז צומאָרגנס, נאָך אויסצאָלונג זאָל נאָך עמעץ פאַרמאָגן אַ קאַרגן גראָשן? מ'איז צופרידן, אַז מ'קאָן כאָטש אָפּצאָלן די חובות פון דער װאָך.

זענען די צװײ נדבות־קלײבער אַװעק איבער די קאַנטאָרן. ס'איז טאַקע אַ בושה, מען מוז דאָך אָבער ראַטעװען אַ מענטשן, אַ טאַטע פון קינדער.

— דער פאַבריקאַנט זאַלצמאַן, װאָס בײַ אים אין פאַבריק איז מאיר קראַנק געװאָרן, געקריגן דעם בלוט־שטורץ — פאָרט ער זאַלצמאַן, אויף אונז אַרויס מיט דעם גרויסן ירגזון, אַז דער רויטער קאַרק איז אים בלוי געװאָרן — צי האָבן מיר אַ באַפולמעכטיקונג? װער האָט אונז דערלויבט. גײן בעטלען פאַר זײַנס אַן אַרבעטער?

רוף איך מיך אָן:

— הער זאַלצמאַן, אַדרבא, גיבן זי עפּעס, װעלן מיר פאַרשפּאָרן צו גײן בעטלען פאַר אײנס אַן אַרבעטער.

צינדט ער זיך ערשט רעכט אָן. „ער האָט — שרײַט ער — בײַ מיר גוט פאַרדינט. ער האָט געלט, ער האָט בײַ מיר שײן פאַרדינט".

אין אַ צװײטן קאַנטאָר האָט מען זײ גאָר אַרויסגעטריבן מיט אַ חשד, אַז זײ קלײבן געלט אויף אַ „לעבטאָג", אויף אַ קערמעשל; און װאו ער האָט זײ שוין יאָ עפּעס געגעבן, האָט דער נדבה־געבער די נאָז אַראָפּגעלאָזט, װי מ'װאָלט אים באַראַבעװעט.

נאָר אַז דער „טויטער אַבֿרהם" קומט צו מיטן דערצײלן צו קופּערן און זײַן נדבה, װערן די פּנימער פון די צוהערער

ליכטיקער, און אויך דעם דערציילערס קול ווערט ווי דורכגע-נומען מיט אַ נחת-סטרונקעלע.

תחילת, ווען זיי זענען אַריינגעקומען און געטראָפן קו-פערן זיצן אין קאַנטאָר אין זיידענעם קאַפּעלע, איז ער עפּעס נישט געווען צו זיי איבעריק פריינטלעך. ערשט אַז ער האָט דערהערט, פאַר וועמענס וועגן זיי קלויבן, אַז דאָס איז פאַר מאיר זלאָטשעווער, ביי וועמען ער קופּער, האָט זיך אַמאָל געלערנט דאָס שטיקער־פאַך, איז ער גלייך אַנדערש געוואָרן. ער האָט די נדבה-קלייבער אַריינגערופן אין אַ באַזונדער חדר, געבעטן זיי זיצן, זיך געגנוי נאָכגעפרעגט, וואָס דער קראַנקער מאַכט. און הערנדיק, אַז דאָרט איז גאָרנישט היימלעך, האָט ער פאַר זיי אָנ־דערגעלייגט אַ רויט פּאַפּירל; אַ רויט אַסיגנאַציע-פּאַפּירל, האָט קופּער געגעבן, און נאָכגעפרעגט צי ס'איז גענוג.

— פינף און צוואַנציק רובל האָט ער אַ גיב געטאָן אונזער הערש; אַז דער קראַנקער איז געוואָר געוואָרן, האָט ער זיך אַזש צעוויינט און אויף אים קוקנדיק האָבן זיך דאָס ווייב און קינדער אויך צעיאָמערט.

— יאָ, ר'איז נאָך פאָרט אַ שטיקל מענטש, קופּער — זאָגט עמעץ. אַלע שטימען צו, און מ'נעמט מאַכן הכנות זיך צוריק צו נעמען צו דער אַרבעט, נאָכן אָנבייסן.

נאָר יואל פאָנטשער איז פון קופּערס נדבה נישט נתפּעל. ער זאָגט, אַז די אַרבעטער מוזן דערפירן דערצו, זיי זאָלן נישט דאַרפן אָנקומען צו נדבות.

די אַרומיקע פאַרשטייען נישט, ווי אַזוי אַרבעטער קאָנען דערצו ברענגען. זיי קוקן אָן יואלן, ווי איינעם וואָס ווייסט נישט וואָס ער רעדט, ווי אַ ביסל אַ געררירטן. דער טויטער אַברהם, וואָס יואל האָט אים קאַליע געמאַכט זיין גאַנצע בריהשקייט און אויך קופּערס גרויסע טאַט אָוועקגעמאַכט, רופט זיך אָן מיט אַ ברוגזדיקן חוזק:

— אדרבא ברענג דערצו, לאָמיך זען דיין גבורה!

בנימין אָבער פאַרשטייט, וואָס פאָנטשער מיינט.

## כו

דער דראָזשקאזש, וואָס וואוינט ביי וואָלבערגן אויפן הויף, האָט איינמאָל נאָכמיטאָג באַמערקט, ווי מנשה, דער ייִנגער וואָלבערג דער קאַוואַליער, פאַרקריכט מיט זיין, דעם דראָשקאַזשעס פּופּצניעריק שיקסל אין איינעם פון די אָפענע שטאַלן, וואָס געפינען זיך דאָרט — און ער פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

איז דער דראָשקאַזש טשעקאַווע געווען א קוק צו טאָן, וואָס זיי טוען אין שטאַל — האָט ער זיך צוגעשלייכט, און שטילינקע, דורך א שפּאַרע, אַריינגעקוקט, דערקליבן וואָס דאָרט קומט פאָר.

און מן הסתּם איז דאָס, וואָס ער האָט דערבליקט, געווען גאָר עפּעס נישט געוויינלעכס, וואָרום דער דראָזשקאַזש איז מיט אַ געפּילדער אַרויפגעלאָפן צום פאַן וואָלבערג, און באַלד האָבן ביידע טאַטעס, דער פויער מיט די העלע וואָנסעס און לייב חיים וואָלבערג, שטאַרק גענומען קלאַפּן אין טיר פון שטאַל, מ׳זאָל זיי עפענען.

געעפנט האָט מען נישט גלייך. נאָר ווען מ׳האָט שוין יאָ געעפנט, איז דרינען געווען — נאָר דאָס שיקסל אַליין — האָט זי אָנגעהויבן צו וויינען און זיך פאַרענטפערט, אַז דער ייִנגער פאַן האָט זי אַהער פאַרנאַרט — מנשה איז שוין נישט געווען. אונטערן דאַך איז געווען אוועקגעריסן אַ ברעט, דורך

דאָרט האָט ער זיך אַרויסגעקריגן פון שטאָל, אַריבער אין צווייטן הויף — און אַוועק.

מנשה האָט זיך לאַנג אַרומגעדרייט אין די גאַסן. ס׳איז געוואָרן אָוונט. מ׳האָט אָנגעצונדן די גאַס־לאָמפּן. מנשה איז אַריינגעגאַנגען אין אַ שענק עפּעס עסן. דרינען האָט אַ חברה שקצים און יונגען געשפּילט אין קאָרטן, מנשה האָט זיך צו־געזעצט שפּילן. — ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון שענק האָט ער שוין געהאַט אַלץ פאַרשפּילט, פאַרמאָגט ליידיקע קעשענעס, און ס׳איז געווען שוין שפּעט אין אָוונט.

אַהיימגיין האָט מנשה מורא געהאַט. ער האָט אפילו אויסגעמיטן זיך צו טרעפן מיט די דראָזשקאַזשעס, וואָס שטייען אָדער זיצן נעבן זייערע נישט פאַרנומענע דראָשקעס, פאַר מורא צי ס׳איז אַמאָל יענער דראָזשקאַזש.

ס׳איז געוואָרן נאָך שפּעטער, און שלאָפן האָט זיך גע־וואָלט. מנשה איז שוין מיד געווען. וואו זיך אַהינצוטאָן איז נישט געווען, און פאַרבייגייענדיק אַ קיאָסק, וויאו מ׳קלעפּט אָן אַפישן און נעקראָלאָג־צעטלען, האָט ער פּלוצלינג דערבליקט, אַז דאָרט איז אויסגעבראָכן דאָס בלעכענע טירל צום בויך פון קיאָסק, איז מנשה נישט קיין פוילער יינג, און מיט דער זאָרגלאָזער רואיקייט פון אַ געבוירענעם טויגענישט, אַהין אַריינ־געקראָכן איבערנעכטיקן.

צוריק אַרויסגעקראָכן פונם קיאָסק איז מנשה פאַרטאָג, ס׳איז אים געווען זייער קאַלט, און ער איז נישט געווען אויס־געשלאָפן. ס׳האָט זיך אים מוראדיק געוואָלט אַ וואַרעמען טרינק — ער האָט נישט געהאַט קיין פּרוטה ביי דער נשמה.

איז ער צוגעגאַנגען צו אַ פּלומפּ אין גאַס, זיך אָפּגע־וואַשן ס׳פּנים, אָפּגעווישט מיטן טאַשן־טיכל, און גענומען שפּאַ־צירן איבער די גאַסן, זוכן אַ באַקאַנטן, ביי וועמען ער זאָל קאָנען נעמען געבאָרגט אַ פּאָר קאָפּיקעס.

ס׳האָט אים אָפּגעגליקט. ער האָט באַגעגנט אַבען — וועל־בער איז מנשהס קרוב אַזוי גוט ווי בנימינס — גיין צו דער

אַרבעט. מנשה האָט אַבען אָפּגעגעבן א פריינטלעכן, אַ משפּחה־דיקן „גוט־באָרגן" — נאָר געלט געבאָרגט האָט ער נישט גע־קראָגן. אָבער גאָר לא!

— כ'האָב נישט ביי זיך אַ גראָשן — האָט אַבע גע־זאָגט, און מנשה האָט זיך געמוזט באַין ברירה באַגנוגן לאָזן מיט דעם פּאַפּיראָס, וואָס ער האָט פון אַבען אַרויסגעקריגן.

מיט דעם פּאַפּיראָסל אין מויל, מיט דער וואוילערישער געוואוינהייט אין גאַנג — האָט מנשה ווייטער געשפּאַנט גאַס אויס, גאַס איין, זוכנדיק ביי וועמען צו כאַפּן עפּעס אַ הלוואהלע, וואָרום אין בויך האָט אים שוין אָרנטלעך געבורטשעט.

ס'איז געוואָרן שפּעט און שפּעטער. דער אינדערפרי האָט זיך געררוקט צום האַלבן טאָג. די זון איז אַפּערגעקראָכן פון הינטער די כמאַרעס, וואָס האָבן זי געשטיקט פון אינדערפרי, און ס'איז געוואָרן ליכטיק, וואַרעם.

מנשה איז געווען אין פּאַרק, געזעסן אויף א באַנק, גע־קוקט ווי די שוואַנען מיט די שיינע הויכע העלזער שווימען שטאָלץ אויפן טייך און קוקן ווי געבוירענע שנאָרערס צום ברעג, קומען צו צושווימען און וואַרטן, עמעץ זאָל זיי צו־וואַרפן עפּעס צום פאַרדייען.

ס'איז געוואָרן צוועלף אַזייגער. די פאַבריקן האָבן גע־פייפט מיטאָג. אין מנשהן האָט זיך דער הונגער מוראדיק צע־בושעוועט; כאָטש נעם און בייס אָפּ אַ שטיק מויער, אָדער כאַפּ צו אַ בייגל פון קויש ביי די זיצערקעס.

די שעהן האָבן זיך גערוקט אַלץ ווייטער. מנשה איז נישט געוואוינט צו הונגערן, און וואָלט די עבירה, צוליב וועל־כע ער איז אַוועק פון דער היים, נישט געווען אַזוי גרויס, וואָלט ער שוין לאַנג מפקיר געווען דעם גוף און אַהיימגעגאַנגען — זאָל דער פאָטער אים טאָן, וואָס ער וויל, אָבער איצטיק מאָל איז די עבירה געווען אַ צו האַרבע, און דעריבער, ווי דער הונגער האָט מנשהן נישט געמוטשעט — אַהיימגיין האָט ער נישט געפּרווט. אַפילו צו דער מומע חיה־רבקה האָט ער מורא געהאַט צו גיין...

שפעטער איז מנשהן איינגעפאַלן אַ געדאַנק, ווי אַזוי ער זאָל פאָרט קאָנען קריגן עפּעס צום עסן: אין צווייטן הויז, וואו זייער פאַבריק געפינט זיך, האַלט אַ ייד אַ געוועלבל. פון קאנטאָר קויפט מען דאָרט פּאַפּיראָסן און אַנדערע זאַכן, און מ'קען אים דאָרט, און אַ הין אין אָט דעם געוועלבל איז מנשה אַוועק קויפן עפּעס עסן אויף באָרג.

אָבער דער ייד פון געוועלבל האָט מנשהן נישט געקענט אָדער געמאַכט זיך נישט קאָנען. פאר כעס האָט מנשה ביים ארויסגיין אָנגעכאַפּט אייגעם פון די סך רימענדלעך, וואָס זע־נען געהאָנגען ביי דער טיר אין אַ פּאַק און האָבן אויסגעזען, ווי אַ צעפלאָכטענער דיקער מיידלישער צאָפּ — דער פּאַק רי־מענדלעך האָט זיך צעשיט און אַראָפּגעפאַלן, איין רימענדל איז געבליבן אין מנשהס האַנט, און מיט אָט דעם רימענדל איז ער אַרויס פון געוועלב.

דער טאָג האָט זיך געצויגן לאַנג, ווי אַ יאָר, ווי צען יאָר. דאָס צוגעכאַפּטע בייטשל האָט מנשהן אויך נישט געהאָלפן. די שמייסערס וואָס זענען געפאָרן מיט וועגן קוילן פון דער באַן — האָבן דאָס נישט געוואָלט קויפן און אַ זיצערקע מיט געבעקס האָט עס נישט געוואָלט אויסטוישן אויף איין זעמל נישט. קעגן זון־פאַרגאַנג האָט מנשה דעם הונגער מער אַזוי פיל נישט געפילט. דערפאַר האָט איצט אַ שאַרפער טרויער און מרא שחורה אים דאָס געמיט געפרעסט.

מנשה איז געזעסן אויף אַ באַנק אין דער אַלייע, דאָס בייטשל אין אים געלעגן אין טאַש, און ער האָט מיט פינצטע־רע בליקן נאָכגעקוקט די שפּאַצירנדיקע דאַמען און הערן.

די זון איז פאַרגאַנגען. ס'איז געוואָרן טונקל און טונקע־לער. אָן מאַכט און אָן ווילן, ווי אין חלום, האָט מנשה זיך דערהויבן פון דער באַנק און אָן עפּעס צו פאַרטראַכטן זיך צו איבערלייגן זיך, האָט ער גענומען גיין, און געגאַנגען גלייך אַ היים.

ערשט ווען ער איז שוין געשטאַנען ביים פאָטער אויפן הויף און דערזען דאָרט שטיין אַן אויסגעשפּאַנטע דראָזשקע —

האָט ער זיך דערמאָנט אין דעם, וואָס נעכטן איז דאָ געווען, ביי וואָס מ'האָט אים געכאַפּט...

אַ גרויסע פאַרביטערונג האָט מנשה מיט אַמאָל ארומגע־כאַפּט, און ווי אים פטור צו ווערן פון אַן אומגעוועענעם נוגש, וואָס מאַטערט און יאָגט אים שוין פון נעכטן אָן און גיט אים בישט קיין רו — האָט מנשה טעמפּ אַ טראַכט געטאָן: „איך וועל מיך אויפהענגען, וועל איך זיי אַלע פטור ווערן".

ער האָט אַ טאַפּ געטאָן דאָס רעמענדל, און גלייך — מיט דער זעלבער זאָרגלאָזיקייט, וואָס ר'איז נעכטן אריינגעקראָכן נעכטיקן אין קיאָסק — גענומען זוכן מיט די אויגן אַ פּאַסיקן אָרט, וואו ער זאָל קאָנען אויספירן זיין באשלוס — זיך אויפ־הענגען.

הינטער דעם פּאָדעס־הויז, וואָס פירט ארויף צו זייער קיך, שטייט אַ הינער־שטייג. אין דער הויך, איבער דער הי־נער־שטייג, אין דער ברעטער־וואַנט, שטעקט אַ האָק, אויף וועלכן ס'פלעגט הענגען דעם סטרוזש לייטער — מנשה האָט געפונען אַ קלעצל, וואָס דער סטרוזש האָקט דערויף האָלץ. ער האָט דאָס קלעצל ארויפגענומען אויף דער הינער־שטייג, זיך ארויפגעשטעלט, און גענומען אָנבינדן אַן עק רימען צום האָק.

עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער וועט צום האָק נישט דערלאַנגען — ער וועט זיין צו נידעריק — אַז ער האָט דעם האָק אָבער יאָ דערגרייכט און גענומען אָנבינדן דעם רימען, האָט אים מיט אַמאָל אַ ווייטיק ארומגענומען, אַ רחמנות צו זיך, דאָס האַרץ איז אים ווייך געוואָרן ווי פּוטער.

מיט אַ געמיט ווי אַ צום טויט פאַרמשפּטער; ווי נישט ער אַליין, נאָר אַן אַנדערער וואָלט דאָס אים געטאָן — האָט מנשה געענדיקט פאַרפעסטיקן דעם רימען, גענומען מאַכן אַ שלייף זיך אויפן האַלז ארומצוליגן, און פלוצלינג האָט ער באַ־נומען, וואָס ער גייט דאָ טאָן, ס'איז אים מיט אַמאָל אין קאָפּ אויפגעגאַנגען, אַ שטאַרקע קעלט, אַ פראָסט איז אים דעם גאַנצן קערפּער אַדורך, אַדורך אַלע אברים און אים נעבליבן שטעקן

אין די האָר פון קאָפּ, געמאַכט אים פרירן די האָר־יואָרצלען, אַזש אין די אויגן האָט ער געפילט דעם פראָסט, ס׳האָט אים אַלע אברים געליימט... און פון ערגעץ ווייט האָט זיך אים גע־דאַכט אין דער טונקעלער פאַרנאַכט־שטילקייט צו פאַרנעמען אַ רעדן, אָדער זינגען. נאָר ניין, דאָס איז געווען בלויז אַ רעדן. עטלעכע קולות צוזאמען האָבן גערעדט און ס׳האָט עפּעס אַ שייכות געהאַט צו דער שטאַרקער קול וואָס האָט איצט אין אים גערוט... דאָס רעדן האָט אויסטערליש קלאָר און אויסטער־ליש ריין אַריינגעדרונגען אין מנשהס אויערן... ער האָט נאָך אַלץ געבונדן דעם שלייף, די פינגער זענען אים געווען האַלב טויט פאַרשטאַרט, קוים זיך באַוועגט, אין די שטימען פון ער־געץ האָבן אַלץ געקלונגען אין זיינע אויערן. ער האָט נישט באַנומען, וואָס מ׳רעדט. ער האָט עס נאָר אויפגענומען מעכאַ־ניש, ווי עפּעס, וואָס אַקאָמפּאַנירט דאָס וואָס ער טוט דאָ... און פּלוצלינג — אונטן אין דער הינער־שטייג האָט אַ הון אַ פאַרשלאָפענעם קריי־געטאָן. איר האָבן גלייך צוגעהאָלפן די איבעריקע הינער, אַלע האָבן זיך הייזעריקלעך ווי פאַרן איינ־שלאָפן צעקראקעט.

— קריי, קריי, קריי... — האָבן די הינער געמיטלעך געזונגען. מנשה האָט אַ ציטער געטאָן, זיך ווי פון שלאָף אויפ־געכאַפּט. באַלד איז ער צו זיך געקומען. האָט ער ראַפּטאָם אַראָפּגעכאַפּט דעם רימען פונם האַק, אים אַוועקגעוואָרף ווייט. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון קלעצל, און ווי איינער וואָס האָט זיך די סאַמע לעצטע מינוט דורך אַ צופאַל געראַטעוועט פון אַ שרעקלעכער סכנה, האָט ער גענומען לויפן אַרויס פון הויז צו זיין וואָס ווייטער פון דעם אָרט.

---

מנשה איז געלאָפן איבער די גאַסן, ווי אַ דולער, טרערן זענען אים געפלאָסן פון די אויגן. ער האָט מער נישט גע־פילט דעם הונגער, וואָס האָט אים אַ גאַנצן טאָג געמוטשעט — און טרויעריק איז ער אויך נישט געווען מער. אַ פרייד,

א ווארעמע פרייד האָט אין הארצן אים געפּלאַטערט. ער האָט זיך איצט געפילט ווי ניי געבוירן, און ער האָט געזוכט מענטשן, מיט וועמען ער זאָל קאָנען טיילן זיין זעלטענע, זיין נייגעבוי־רענע קינדישע פרייד.

ער האָט געאיילט צו דער מומע חיה־רבקה. נעבן הויז האָט ער באגעגנט בנימינען אַרויסגיין אין גאַס.

מנשה איז אויף אים אַרויפגעפאַלן און אים גענומען קושן איבערן פּנים.

— בנימין — האָט מנשה געהעשעט און טרערן זענען אים געפלאָסן איבער די באַקן — יומע, ברודער מיינער! כ׳ווייס כ׳בין נישט קיין לייט געווען. אָבער מנשה וועט אנדערש ווערן, שוין איצט איז ער אַנדערש, עסט זען בנימין!... — און לאָזנ־דיק שטיין בנימינען א פאַרוואונדערטן, איז מנשה ווייטער גע־לאָזן אַרויף צו דער מומע חיה־רבקה, איר ברענגען די בשורה פון זיין באַנייאונג, פון זיין ניי געבוירן ווערן.

## כז

די „אַרבעטער-זאַך" — די לערע, וואָס בנימין האָט באַ-קומען פון פאָנטשערן אין פּאַרק אויף דער איינזאַמער באַנק, אָדער אין פאַבריק, אַז זיי פלעגט געלונגען אמאָל אין אָוונט איבערצובלייבן די לעצטע אין זאַל — די דאָזיקע לערע האָט בנימינען די אויגן געעפנט, און ער האָט איצט שוין גאָר אַנ-דערש געקוקט אויף אַלץ וואָס קומט פאָר אַרום אים.

ס'איז געווען גוט צו טראַכטן, אַז איך בנימין — און אָט די אַרום מיר, אונטערדריקטע, עקספּלואַטירטע שטיקערס, זענען נישט סתם הפקר פאַרן בלוטזויגער דעם פאַבריקאַנט, הפקר ווי די בלעטער פון די ביימער פאַרן בייזן האַרבסט-ווינט; ס'איז געווען גוט צו לעבן מיטן באַוואוסטזיין, אַז מיר אַלע, וואָס אַרבעטן און ליידן, געהערן זיך אָן ברודער מיטן אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט אָן חילוק פון נאַציע און ראַסע — די אינטער-נאַציאָנאַלע אַרבעטער-אַרמיי, וואָס אַז עס וועט קומען די צייט, וועט זי זיך דערהייבן קעגן די אונטערדריקער, איבערנעמען די מאַכט אין איר האַנט און משפּטן די פּאַראַזיטן.

ס'איז גוט געווען אין די לאַנגע, אומענדלעך לאַנגע נאַכט-שעהן, ווען די קאַלבע פאַלט פון די מידע הענט און די ווי-בליי שווערע הייטלעך איבער די אויגן לעכצן נאָך שלאָף און רו — צו טרוימען, אַז אָט די אַלע טאָג-טעגלעכע עולות און אומרעכטן, וואָס ווערן באַגאַנגען קעגן דעם שוצלאָזן אַרבעטער — איז דאָ אַ האַנט, וואָס פאַרשרייבט זיי, און אַ פויסט וואָס וועט

זיך נוקם זיין; און ס'איז געווען גוט צו גלייבן, אז כאָטש די געגנוואַרט איז שלעכט, איז אָבער דעם אַרבעטערס צוקונפט העל און גאָלדיק, און די מאַכט וועלן האָבן מיר, די וואָס שאַפן.

און טיילמאָל איז אַזוי קינדיש פרייליך געווען אויף דער נשמה, אַז ס'האָט זיך געוואָלט צוגיין און טרייסטן אַ באַעולטן אַרבעטער, וואָס איז געשטאַנען טרויעריק און געציילט די „וואונדן" נאָך דער אויסצאָלונג.

— זאָרג נישט — האָט זיך געוואָלט אים זאָגן — נישט אייביק וועלן ווי אויף אונז הוליען, זייער סוף איז נאָנט.

צום עלנטן בעטלער, דעם קאַליקע, וואָס פרירט און ווערט דורכגענעצט אין גאַס, בעטלענדיק אַ גראָשן ביי די רייכע, האָט זיך געוואָלט צוגיין מיט דער ליכטיקער בשורה:

— פאַרצווייפל נישט, ברודער...

בנימין האָט איצט שוין אַ סך געוואוסט און פאַרשטאַנען. נאָר רעדן, ווייסט ער, טאָר מען נישט, מ'מוז זיין פאָרזיכטיק די אַרבעטער אַליין, זיינע שכנים די פינצטערע, וואָלטן אים אַזעלכע רייד נישט פאַרשוויגן.

און נישט נאָר דאָס אַליין — נאָך א סך אַנדערע זאַכן, וועלכע געהערן נישט דירעקט צו דער „אַרבעטער-זאַך", האָט בנימין געלערנט פון פאָנטשערן. ער האָט אַבאָנירט א צייטונג, און די האַרבע פּאָליטישע אַרטיקלען האָט אים פאָנטשער קלאָר געמאַכט מיט אייגענע קאָמענטאַרן, פאַרשטייט זיך.

נאָר דאָס ,יבסטע, דאָס טייערסטע זענען געווען יענע פאַרבאָטענע ביכלעך, מיט די דינינטשקע פּליס-פּאַפּיר-בלעטלעך און דריבנע, דר־בנע אותיותלעך, וואָס פון זיי האָט דער ליכטיקער אמת ווי גאָלד קלאָר אַרויסגעשיינט, און וואָס מען האָט זיך געמוזט מיט זיי היטן און לייענען זיי, נאָר ווען אַלע אין דערהיים זענען שוין געשלאָפן...

...פון עטלעך און אויך פון איר פאָטער, דעם אַלטן פּראָפער, איז בנימין איצט אינגאַנצן פון דערווייטן; דאָס גרויסע געשלעג דעמאָלט, וואָס בנימין איז געלעגן קראַנק נאָכדעם,

האָט זי באַרויקט, אָפּגעהיקלט זייערע פּרעטענציעס צו בנימינען און איצט זענען זיי זיך פרעמד, ווי זיי וואָלטן זיך גאָר קיינמאָל נישט געקענט.

אויך פון טעמערלען איז בנימין איצט ווייט. בנימין ווייסט שוין איצט, אַז טעמערל איז אַ בורזשואזע טאָכטער, איר פאָטער איז דער ארבעטער־שונא. בנימין האָט טעמערלען שוין לאַנג נישט געזען, אַפילו צופעליק אין גאַס זי נישט געטראָפן; מעגלעך, אַז זי איז טאַקע נישט הי.

ס'האָט זיך אים אָפטמאָל געבענקט נאָך איר, שטאַרק געבענקט, און איינמאָל, ווען די בענקעניש אין האַרץ איז געווען צו שווער צו לאָזן זי שטיקן אין זיך, האָט בנימין אין דער אָוונט־שטילקייט אין פאַרק דאָס פאַרטרויט פאָנטשערן. ער האָט אַרויסגעבערנגט אויף אַ שמועס וועגן זיך. אַז אין אָנהייב, באַלד ווען ער איז געוואָרן שטיקער, איז ער נישט געווען קיין לייט, געגאַנגען מיט גראָבע אומוויסנדע חברים, פאַרבראַכט די שבתים ביי יענטל קאָזאַק... און אַזוי לאַנגזאַם, איינציקווייז, האָט אים בנימין פאַרטרויט וועגן טעמערלען, ווי ער איז נאָך איר אויסגעגאַנגען, געבענקט (אַז ער בענקט נאָך איצט אויך, האָט ער נישט דערציי׳לט).

— כ'ווייס — ענדיקט בנימין מיט אַ שעמעוודיקן שמייכל, ווי אַ יינגער בעל־תשובה, ווען ער רעדט פון זיינע אַמאָליקע זינד — איצט ווייס איך, פאַרשטיי איך שוין, אַז זי איז אַ בורזשויס אַ טאָכטער, נאָר דעמאָלט בין איך נאָך געווען נישט באַוואוסטזיניק. — און ער קוקט אָן פאָנטשערן, וואָסער איינדרוק אויף אים מאַכט דער דאָזיקער אַנטפּלעקטער חטא.

פאָנטשער אָבער שמייכלט, שמייכלט גוטמוטיק, ווי פון אַ יינגל. לסוף זאָגט ער:

— גו מילא — זי קאָן אַמאָל זיין אַ גאַנץ וואויל מיידל.

— און זי איז עס טאַקע! — שרייט בנימין אויס מיט היץ.

און איז זי דען נישט אַ וואויל מיידל, אָט די ליכטיקע טעמערל? —

און עס דערמאָנט זיך אים איינער אַ סוף ווינטער אָוונט...

ער האָט טעמערלען אָפּגעפירט אַהיים נאָך דער לעקציע, ווי געווײנטלעך. ס'איז געווען אַ לינדע לבנה־נאַכט. טעמערל איז געגאַנגען, און ער לעבן איר. דער שני איז צעגאַנגען אונטער די טריט, און עפּעס פון ערגעץ האָבן אין דער אָנגעגעמער שטילקייט אָפּגעהילכט ווייטע טענער. עס האָט זיך געפילט, אַז באַלד וועט זיין וואַרעם, זוניק, די פרייע פסח־טעג... טעמערל האָט געטראָגן דאָס גראָע מענטעלע מיטן פוטער־קראַגנדל, און אין דאָס שטילע ווינטל האָט אַ ווײ געטון, איז צו זיין נאָז דערגאַנגען אַ ריח פון טעמערלס האָר, אַזאַ איידל שמעקעדי־קער ריח...

די „אַרבעטער־זאַך" און טעמערל — צוויי פלאַמען רוען אין בנימינס האַרץ. נאָר אין דער צייט, ווען דער ערשטער בר־תמיד — דער סאָציאַליזם — וואַרעמט אין גלעט דאָס גע־מיט מיט זיין ליכטיקער צוקונפט, איז דער צווייטער — טע־מערל — נישט אַזוי: עס טוט אָפּט ווײ און עס ציט, ס'ציט די נשמה, און בענקט נאָך איר...

...טעמערל איז אַפּנים טאַקע נישט הי: אַ נומעלטן האָט מלכּה דערציילט דער מאַמען: — די מומע הענע קאָן זיך שוין נישט דערוואַרטן, זי בענקט נאָכן יינגסטן טעכטערל... דערנאָך האָט מלכּה עפּעס גערעדט וועגן מנשהן, אַז ער פירט זיך אויף אַלץ ערגער. דעם פעטער לייב־חיים האָט געקאָסט אַ היפּשע סומע, דער דראָזשקאַזש זאָל נישט גיין צום פּראָקוראָר מיט אַן אָנקלאָגע קעגן מנשהן... איצט האָט דער זעלבער מנשה ווידער אָנגעטון דעם פאָטער אַ „נחת". ער איז אַוועק און אָנ־גענומען אַ פּאָסטן, אַלס מוסטער־צייכנער ביי קופערן אין קאַנטאָר...

— און נאָך דערצו — ענדיקט מלכּה — ביי קופערן, וואָס האָט אַליין ערשט פאַר אַ פּאָר יאָר געאַרבעט ביים פע־טער לייב חיים אין פאַבריק אַלס שטיקער.

און אָט, מיט דעם דאָזיקן מנשה האָט בנימין מיט אַ שטיקל צייט צוריק געהאַט אַ טשעקאַווע צופאַל:

מ'האָט געהאַט געבערענגט מיט דער באַן אַ פּאַרטיע פּאָ־

ליטישע (פּאָנטשער זאָגט, אז זיי זענען אַרעסטירט געוואָרן אין לאָדזש בעת אַ דעמאָנסטראַציע...). ווען מ׳האָט זיי געפירט אי־בער דער שטאָט צו דער טורמע, איז געוואָרן א געפּאַק, אַרויס נייגיריקע פון אַלע הייזער און פאַבריקן. ס׳איז געווען אַ גרע־סע״ע פאַרטיע. זיי זענען געגאַנגען צו צוויי אין אַ ריי, באַ־וואכט פון זעלנער מיט ביקסן. אין דער לעצטער ריי זענען געגאַנגען צוויי פרויען, מיט פאַבריק־קענדלעך אין די הענט; אַזעלכע קענדלעך, ווי עס ברענגען זיך מיט די שטיקערס מיט קאַווע אויף אָנבייסן — בנימין איז זיי נאָכגעגאַנגען אַ שפּאָר שטיק וועג, ביז צו דער טורמע, און ס׳האַרץ האָט אים געבלו־טיקט, ווי עס ווערן געפּייניקט די קעמפער פאר דער אַרבע־טער־זאַך, דערפאַר וואָס זיי שטרעבן צו ברענגען גליק פאַר אַלעמען.

דערנאָך, ווען מ׳האָט די אַרעסטירטע אַריינגעפירט אין צעעפנטן טורמע־טויער, און דער עולם נייגיריקע האָט גענומען צעגיין זיך, איז פּלוצלונג אונטערגעקומען מנשה און פון דער העלער הויט אַ פרעג געטון:

— בנימין, דו האלסט מיט זיי? — און דערביי געוויזן מיטן קאָפּ צו דער תפיסה, וואו מ׳האָט אַריינגעפירט די אַרעס־טירטע, — און אַז בנימין האָט אים געגלאָצט אין פּנים מיט אַ שטומער פאַרוואונדערונג, האָט מנשה, ווי זיין שטייגער, וואוילעריש הויך אַ זאָג געטון:

אין איך האַלט מיט זיי! זעסטו, איך האַלט דווקא מיט זיי, ווייל איך ווייס, וואָס זיי פאַרלאַנגען, צו וואָס זיי שטרעבן.

אזוי האָט ער גערעדט, מנשה.

## כח

דאָס, פאַר וועלכן אַלע האָבן זיך געשראָקן, איז געקומען; דאָס, פון וועלכן מ'האָט מיט אנגסטן גערעדט אַ צייט לאַנג, איז ענדלעך מקוים געוואָרן: דער פאַבריקאַנט אַראָנסאָן האָט געבּרענגט מאַשינען, וואָס וועלן זיך באַוועגן נישט מיט דער הילף פון אַ קאָלבע, וועלכע ווערט געטריבן פון אַ מענטשלעכער האַנט, און שעמלען, וואָס ווערן געקערעוועט דורך מענטשלעכע פיס — נאָר מאַשינען, וואָס באַוועגן זיך מיט דער הילף פון אַ מאָטאָר און טראַנסמיסיעס.

אַ פינסטערע אימה האָט ארומגענומען אַלע גאסן און געסלעך, וואָס זענען באַוואוינט פון אַרבעטער. דער גאַנצער אַרבעטער-קוואַרטאַל האָט געציטערט אָנצוווערן דאָס שטיקל בּרויט, און נישט נאָר שטיקערס און פעדלערס האָבן געלעבט אין פחד, נאָר אויך די היימישע מאָנטירן, וואָס האָבן זיך אויסגעלערנט מאָנטירן מאַשינען נישט ערגעץ אין זאַקסן אָדער שווייץ, נאָר אינדערהיים — קאַליע געמאַכט איין מאשין און נאָך איינע, ביז מ'האָט „געכאַפּט" דעם פאָרטל — און אפילו זיידל דער הויפּט-מאָנטיער איז ארומגעגאַנגען פאַרמרהשחורהט, און ער האָט אָנגעצייגט, שמועסט מען, דעם ווייב, זי זאָל אַביסל שפּאָרן אין דער באַלעבאַטישקייט, נישט רודערן אַזוי מיטן גרויסן קאָכלעפל..

און אַז מ'איז געוואָר געוואָרן, אַז ביי אַראָנסאָנען אין דער גייער געביידע זענען שוין דאָ די קראַפט-מאַשינען און

ווערן שוין צונויפגעשטעלט, און ס'איז אויך מיטגעקומען אַ גאַנצע מחנה דײַטשע מאָנטירן, שטיקערס און אויך געהילפן — פּעדלערס, און אַ ליאַדע וואָך וועלן די מאַשינען שוין אָנהייבן צו אַרבעטן — איז די יללה אין אַרבעטער־קוואַרטאַל געווען מוראדיק. אין אַלע שטובן האָט מען רק געאָכצט און געקרעכצט. די שטיקער־ווײַבער, צונויפֿמענטרעפנדיק זיך אין די געוועלבלעך, האָבן פֿון עפּעס אַנדערש נישט גערעדט, נאָר פֿון דעם פֿינס־טערן וואָלקן, וואָס קלײַבט זיך זיי אויף די קעפּ אַראָפּצולאָזן, אַז באַלד וועלן זייערע מענער בלײַבן אָן אַרבעט, און ס'וועט נישט זײַן קיין ביסן ברויט צו געבן די קינדער.

און די קרעמער הערנדיק פֿון די שטיקערס אומזיכערער לאַגע, האָבן זיי שוין באַצײַטנס זיך צופֿגעזאָגט צו געבן אויף באָרג, און דורך דעם איז די נאָך ווײַטלעכע צרה געוואָרן נאָענט, און מ'האָט שוין דערשפּירט דעם חלף אויפֿן האַלז.

די קראַפּט־מאַשינען־סכּנה איז געווען דער הויפּט־שמועס אומעטום, אַפֿילו אין נישט שטיקער־קרייזן. בײַ בנימינען אין דערהיים, פֿאַרשטייט זיך, אויך ווי אומעטום. די מאַמע האָט געציטערט פֿאַר די אָנקומענדיקע טעג, פֿאַר די פּאַרע־מאַשינען, און די דײַטשן, וואָס קלויבן זיך אַרויסצורײַסן דעם ביסן ברויט פֿון מויל. זי פֿלעגט נאָכאַנאַנד קרעכצן, און אָפֿטער ווי פֿריער גיין צו איר ברודער לייב־חיים, אַ שמעק־טון וואָס מ'רעדט דאָרט וועגן דעם.

ס'איז אַמאָל אויסגעקומען אַ שמועס, האָט בנימין אַרויס־געזאָגט זײַן מיינונג, פֿון פּאָנטשערן, אַז קראַפּט־מאַשינען, וועל־כע דערפֿילן אַ פֿינקציע פֿון אַ מענטשלעכער האַנט, זענען נישט צום שאָדן פֿון די אַרבעטער, נאָר צום נוצן, נישט מער מען מוז צופּאַסן צום בעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען, לויט דעם נוצן, וואָס מ'האָט פֿון דער מאַשין.

ישראל־נח ווידער האָט געטענהט, אַז די קראַפּט־מאַשינען זענען אַן אומגליק פֿאַרן אַרבעטער, זיי פֿאַרגרעסערן די אַר־בעטסלאָזיקייט, און דעם נוצן פֿון די מאַשינען האָבן בלויז די

פאבריקאנטן, און דעריבער מוז מען מיט כח די דאָזיקע משחיתים, די קראַפט-מאַשינעס, צעשטערן.

— װעט מען ברענגען אַנדערע — זאָגט בנימין.

— װעט מען פון די אַנדערע אויך אַ תל מאַכן, אַזוי לאַנג ביז די ברענגער װעלן מיד װערן צו ברענגען.

ישראל-נח דערמאָנט דערבײַ אַ מעשה, װען ער איז נאָך געװען א קלײן ייִנגל, האָט בײַ זײַ אין שטעטל דער בעל-עגלה משה אָקס געפּלעגט מיטצוברענגען פון ערגעץ מיסיאָנערישע ביכלעך... אײנמאָל און נאָך אַמאָל. מ'האָט מיט אים געטענהט, ער זאָל נישט ברענגען, ער אָבער — „װאָס װײס איך, מ'באַצאָלט מיר, ברענג איך" — אַזוי לאַנג און אַזוי ברײט, מ'האָט אים אמאָל אָפּגעװאַרט היגטער דער שטאָט, אָפּגעשטעלט דעם װאָגן, גאַר אָרנטלעך אים מקיים פּסק געװען, האָט ער אויפגעהערט צו ברענגען די „סחורה".

— אַזוי איז עס מיט די מאַשינען אויך — פירט אויס ישראל-נח — אַז מ'קאָן נישט אַנדערש, מוז מען גײן מיט דער פויסט.

און אַבאָ, װאָס זיצט גראָד בײַ דעם שמועס, איז מסכים מיט ישראל-נחן:

— נאָר אַזוי — שטימט אַבאָ צו — צעברעכן די מאַשינען און די דײַטשן אָנרײַבן אַ מאָרדע, װעלן זײַ פון הי אַנטלויפן.

בנימין איז נישט אײנשטימיק מיט ישראל-נחן, בשום אופן נישט אײנשטימיק. די מאַמע איז יאָ נוטה מסכים צו זײַן מיט ישראל-נחן, נישט מער:

— צום ערשט דאַרף מען אָנהויבן מיטן גוטן, גײן צו אַראָנסאָנען, אים צו פאַרשטײן געבן, סאַראַ אומגליק ער ברענגט מיט זײַנע נײַמאָדישע מאַשינען, און ערשט אַז מיטן גוטן װעט מען נישט פועלן, זאָל מען דעמאָלט גײן מיט כוח.

...שבת אין די ביר-שענקען איז נאָר װעגן דעם גערעדט געװאָרן, און אין ביר-הײַזל בײַ נטע מאַקאָװער, װאָס איז אַלײן אמאָל געװען אַ שטיקער און האָט געמוזט אַװעק-

ליגן די אַרבעט צוליב זיין שוואַכן געזונט און דערפאַר געמאַכט אַ בלינד ביר-שענקל ביי זיך אין איינציקן שטיבל — איז דעם שבת נאָכן מיטאָג פאָרגעקומען אַזאַ מין נישט אָפיציעלע באַראַטונג.

די באַראַטונג איז נישט צונויפגערופן געוואָרן, נאָר פשוט פון זיך אַליין זיך צוזאַמענגעקומען. יעדער האָט געפילט פאַר נייטיק די זאַך אַרומצורעדן; דער איז געקומען מיט אַ פול האַרץ און שווערן מוח; און אַזוי ווי מאַקאָווערס באַזוכער זענען ס'רוב עלטערע שטיקערס, גוטע פאַכלייט און מענטשן מיט אַ נאָמען אין אַרבעטער-וועלט — האָט די באַראַטונג פון זיך אַליין אָנגענומען דאָס אויסזען פון אַ אָפיציעלער באַראַטונג, באַטראַכט מיטלען קעגן דער סכנה פון די קראַפט-מאַשינען.

יואל פאָנטשער, וואָס איז אויך דאָ געווען, טרינקען אַ גלאָז ביר, האָט געזאָגט דאָ דאָס זעלבע, וואָס בנימין אײַנ-דערהיים — אַז נישט אין די קראַפט-מאַשינען שטעקט אַ סכנה פאַרן אַרבעטער, נאָר גאָר אין אַן אַנדער אָרט און טאַקע אין די אַרבעטער אַליין — איז געוואָרן אַזאַ טומל, האָבן זיך די סאָלידע אַלטע אַרבעטער מיטן אויסזען פון אַלטע אָפּגעאַרבעטע שקאַפעס, אַזוי אויפגערעגט אויף פאָנטשערן, אַז עס האָט זיך געקאָנט חלומען, אַז אים דראָט אַ סכנה צו באַקומען דאָ געבראָכן די ביינער.

כאַסקל פּימס, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע פאַכלייט, און פונדעסטוועגן האָט ער נישט געהאַט אויף זיך קיין אָרנטלעך שטיקל מלבוש און די קינדער זיינע האָט ער געשיקט לערנען אין תלמוד-תורה. ער, כאַסקל פּימס, האָט פאָנטשערן גראָב דאָס מויל פאַרמאַכט:

— וואָס, — האָט ער זיך דעם גאָרגל געריסן — דער קייזער געפעלט דיר אפשר נישט, דו וואָלסט בעסער געווירט-שאַפט?

און קריידע, וואָס אַרבעט אין וואָלבערגס פאַבריק, אַ שטאָק העכער פון פאָנטשערן — אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט שוואַרצ-

ראַנדיקע אויגן, מיט אַ שטיל קול, ווי אַ קאַץ און מיט אַ שופר נאָז — האָט פּלוצלינג, ווער ווייס צוליב וואָס, גענומען אויפוויינען, אַז די ערגסטע הינט זענען די פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט פון שטיקערס, און אַלע איבעריקע האָבן געפּילדערט, יעדער האָט גערעדט, וואָס ער האָט געוואָלט, אַלע האָבן גערעדט צוזאַמען, זיך געבייזערט, רויק געוואָרן און באַלד זיך גענומען ווידער קאָכן (אַפּנים דער אויסגעטרונקענער ביר האָט אויך געווירקט), און אייצער האָט נישט געהערט, וואָס דער אַנדערער האָט רעדט.

פאָנטשערן האָט מען דאָס מויל פאַרמאַכט, און ער האָט זיך באַלד אָפּגעטראָגן, און אַז ס'איז אַביסל רויקער געוואָרן, האָט עמעץ אַ שטיקערל מיט אַ שוואַרץ-גראָלעך בערדל, וואָס מ'רופט אים מאיר קאַלב, פאַרגעלייגט, מ'זאָל טאַקע גרינדן אַ שטיקער-חברה, ווי פאָנטשער וויל, נאָר מ'זאָל אַהין אַריינשטעלן אַ ספר-תורה, מ'זאָל דאָרט דאַווענען, און יעדן שבת נאָכמיטאָג זאָל אַ באַצאָלטער מלמד לערנען מיטן עולם אַ פּרשה חומש.

אַביסל שפּעטער איז אַרויפגעקומען אין ביר-שענקל פעלד-בערג, דער אויפזעער אין וואָלבערגס פאַבריק; דערבליקנדיק פעלדבערגן, האָט זיך דער אַלטער פּראָפּער אומבאַמערקט אָפּ-געטראָגן (פעלדבערג זאָל נישט האָבן צו דערציילן אין קאַנטאָר אַז אים פּראָפּערן, בלייבט נאָך פון פאַרדינסט אויף ביר...) קריידע האָט זיך אויך גענומען עפּעס אומהיימלעך פילן. דער עולם שטיקערס איז שטיל געבליבן.

אַראָפּגייענדיק פון ביר-שענקל, האָט מען זיך אָפּגעשמו-עסט, אַז ס'איז נייטיק צוזאַמענצורופן אַ פאַרזאַמלונג אין אַ עפנטלעך אָרט, למשל אין אַ בית-מדרש און מאַקאָווער, מיטן מאָגערן בערדל און אויף די נאָז דיברילן מיט משונה גראָבע גלעזער אין דרעטלעך איבער די אָפּגעשטאַנענע אויערן — האָט פאָרגעלייגט, מ'זאָל גיין צום רב און בעטן, ער זאָל שיקן נאָך אַראָנסאָנען און אים איבעררעדן, ער זאָל צוריקשיקן די קראַפט-מאַשינען און די דייטשן

אהין פון וואנען ער האָט זיי געבּרענגט; ער זאָל אַ שטאָט אַרבּעטער נישט צונעמען דאָס בּרויט.

נאָר אויב אויף אָט דער „בּאַראַטונג" צווישן די עלטערע אַרבּעטער, האָט מען גאָרנישט בּאַשלאָסן און יוצא געווען מיט אַבּיסל אַ־ומאַמפּערן זיך, האָט מען אויף אַ צווייט אָרט, צווישן יינגוואַרג אַפּנים מער בּאַשלאָסן. וואָרום ס'איז נישט אַחוץ עטלעכע טעג, איז מען אין אַ אָוונט, בּשעת די דייטשן זענען אהיימגעגאנגען פון דער געבּיידע, וואו זיי שטעלן אויף די קראַפּט־מאַשינעס, אויף זיי אָנגעפאַלן און זיי גאָר אָרנטלעך מקיים פּסק געווען, ווי עס געהער צו זיין.

די דייטשן האָבּן טאקע בּאקומען געשלאָגן, אָבּער צומאָרגנס האָט מען פון אַלע פאַבּריקן געפירט צו צוויי און צו מער שטיקערס צום פּאָליצמייסטער.

פּאָליציי איז געגאַנגען איבּער די פאַבּריקן און וואו נאָר אַ יינג אָדער איינער מיט אַ וואוילעריש פּנים, האָט מען צוזאמענגעבּרענגט אויף איין אָרט און בּאַוואַכטערהייט זיי אָפּגעפירט אין פּאָליציי־אַרעסט.

אַ שרעק האָט אַלעמען אַרומגענומען. אַלע פּנימער זענען בּלאַס געווען און די הערצער האָבּן געפלאַטערט, אַזוי ווי עס פלאַטערן בּלעטלעך אויף די בּיימער אין ווינט... גימפּל דעם געשטופּלטנס מוטער, די עפּל־זיצערקע, איז געקומען מיט אַ יאָמער צולויפן אין קאַנטאָר, ראָזנבּלום זאָל זיך בּאַמיען און איר פארדינער, דעם בּרויטגעבּער אירן ארויסראַטעווען פון דער פּאָליציי, און מעוול קנאָפּ איז אויך פאַרהאלטן געוואָרן, מחמת איינער פון די סטראזשניקעס האָט אים געדענקט פון אַמאָל, ווען ער איז נאָך געווען דער אמתער טעוועלע.

אַן אימה האָט געשוועבּט איבּער די פאַבּריקן. קיינער איז נישט זיכער געווען, אַז מ'וועט נישט קומען אים אַרעסטירן. אָנהייבּן מיט דער פּאָליציי איז נישט קיין קאַטאָוועס. „נאָר נישט פאַרטשעפּען זיך מיטן רויטן קאָלנער", גייט אַרום אין פאַבּריק אַ ווערטל פון לאַנג אָן. און דער עלטערער דור אַרבּעטער, די בּאַזוכער פון מאַקאָווערס בּיר־שענקל, אום זיך אָפּצוגרענעצן

פּין די יינגען, אום צו ווייזן, אַז זיי זענען נישט איינשטימיק מיט די מעשים פון די יינגען די שקצים און זיי פירן זיך אַזוי אָנשטענדיק, ווי זייערע טאַטעס און זיידעס האָבן זיך געפירט, האָבן זיי זיך עטלעכע צוזאַמענגענומען און ארויפגעגאַנגען צום הער אראָנסאָן אראָפּרעדן זיך זייערע צעשראָקענע הערצער און בעטן, ער זאָל רחמנות האָבן און צוריקשיקן די קראַפּט-מאַשינען.

אראָנסאָן — האָבן זיי דערנאָך דערציילט — האָט זיי אויפגענומען אין קאָרידאָר, ער האָט זיי אָנגערופן אידיאָטן און מתרה געווען, אַז זיי זאָלן נאָכאַמאָל פּאָרויכטיקער זיין און נישט אָנפאַלן אויף די דייטשן, און וואָס שייך זייער שרעק, אַז די דייטשן וועלן זיי אַוועקנעמען די ארבעט, איז עס נישט מער, ווי צום לאַכן, ווארום יעדער איינער וועט זיך קאָנען אויסלערנען אַרבעטן אויף אַ קראַפּט-מאַשין, די דייטשן מיינט ער גאָרנישט צו האַלטן אויף שטענדיק, נאָר בלויז אויף דער-וויל, ביז עס וועלן זיך אויסלערנען היימישע אַרבעטער, וועלן זיי איבערנעמען די מאַשינען, און די דייטשן וועלן זיך צוריק אַוועקפאָרן; און איבערהויפּט וועלן די דאַמף-מאַשינען גאָרנישט אַרבעטן דאָס זעלבע וואָס די האַנט-מאַשינען... זיי וועלן גאָר אַרבעטן אויף טיול און אַפּליקאַציע... נאָר איבערהויפּט — האָט דער הער אַראָנסאָן געענדיקט דעם שמועס — איז עס דאָך „ווארער אידיאָטיזמוס" זיך קעגנצושטעלן דער אַנטוויקלונג פון דער מעכאַניק...

אין די פאַבריקן האָט מען אויסגעהערט דעם באַריכט פון די, וואָס זענען געווען ביי אראָנסאָנען. מ'האָט נישט קלאָר פאַרשטאַנען אַלץ, וואָס ער האָט דאָרט גערעדט, און נישט גע-וואוסט, צי מ'דאַרף צופרידן זיין, אָדער גאָר טרויעריק ווערן. נאָר ווי נישט ווי, מ'איז געוואוינט געוואָרן מיט דער נייער צרה. אז ס'זענען דאָ קראַפּט-מאַשינעס, זיך מער ווייניקער באַ-רויקט, און נישט געטראַכט מער פון נקמה.

# כט

דערנאָך איז איינמאָל געווען, אַז בנימין האָט אין גאַס פּלוצלינג געטראָפן טעמע־לען.

דאָס איז געווען אין אַ פרייען נישט ארבעטס־טאָג, אָבער אויך נישט יום־טוב טאָג — חול־המועד איז עס געווען.

ביי דעם האַנט־שטיקער פּאַך, ביי דער דאָזיקער אוממענטשלעכער פּראַצע, וואו דעם מענטשנס האַנט האָט געמוזט ברענגען אין באַוועגונג אַ מאַשין, אַזוי גרויס ווי אַ הויז, און די פיס און די צווייטע האַנט האָבן דערביי אויך געהאַט זייערע פונקציעס; ביי אָט דעם ביטערן יאָך, וואו דער אַרבעטער, וואָס האָט שוין יאָ די זעלטענע זכיה געהאַט צו דערציען ביז 45 יעריקן עלטער — האָט ער דעמאָלט שוין אויסגעזען, ווי אַן אַלטיטשקער מיט ציטערדיקע הענט, שוואַכע פיס און כמעט בלינדע אויגן — ביי דער דאָזיקער קאַטאָרגע האָבן זיך די אַרבעטער אָנגעכאַפּט אין א ליאַדע וואָס אַבי צו האָבן אַ פרייען טאָג; און פאַרשטייט זיך, אַז חול־המועד בכלל איז געווען אַ גאָר אָנגעלייגטער און גרויסער פאַבריק־יום־טוב, און חול־המועד סוכּות, וואָס באַלד דערנאָך באַגראָבט מען זיך אין פאַבריק אויף אַ גאַנצן ווינטער, נישט אָנזעענדיק כמעט די טאָג־שיין, ווי א קרעט אין לאָך — איז אַוודאַי און אַוודאַי געווען יום־טוב. און טאַקע אין איינעם פון אָט די חול־המועד טעג, ווען בנימין האָט באָכמיטאָג געאײַלט אין פאַרק זיך צו טרעפן מיט פאָנטשערן — האָט ער אויפן וועג באַגעגנט טעמערלען.

אין אַרבעטער־קוואַרטאַל זענען די גאַסן געווען פול. שטיקערס אין די יום־טוב מלבושים האָבן געשפּאַצירט גרופּעס־הייז, געקנאַקט באַניעקערן, שפּייענדיק די שאָלעכץ מיט פּאַראַד, און געפירט אויף אַ קול וואַ־ילערישע בחורישע שמועסן; עלטערע שטיקערס, אָנגעטאָן יידיש־באַלעבאַטיש, סרוב אין לאַנגע מלבושים, מיט טוכענע און אויך סאמעטענע היטלעך — זענען געשטאַנען אין קיפּקעלעך און שטיל, געלאַסן געשמועסט צווישן זיך, און סתם שטיקערס, וואָס האָבן זיך נאָך נישט צוזאַמענגעשאַפּט דעם קאָמ־לעט פּעדלערס אויף נאָך יום־טוב — האָבן זיך געדרייט אַרום די בינטלעך מיידלעך — פּעדלערקעס, וואָס זענען דאָ אויך געווען היפּשלעך פאַרזאַמלט.

זיי, די מיידלעך, וואָס די מאַמע האָט זיי מן חסתם געטריבן פון דער היים, גייען זיך שאַפן אַ „שטעל" אויף נאָך יום־טוב — האָבן זיך געדרייט אַרום די בחורים שטיקערס, כלומרשט מען איז גאָרנישט אויסן, אין אמתן אָבער, האָט איין צד שטאַרק געדאגהט וועגן קומען אין אַ דערנענטערונג מיטן צווייטן צד. וואָרום נאָך צוויי, דריי טעג — און מ'וועט זיך נעמען צוריק צו דער אַרבעט...

און סוף כל סוף האָט מען זיך טאַקע דערנענטערט: יעדער שטיקער האָט זיך אָפּגעזוכט אַ פּעדלערין, דורכגעשמועסט צווישן זיך די אַרבעטס־באַדינגונגען, שכירות צייט... אַביסל געאַמפּערט זיך, דערנאָך דורכגעקומען — און אַוועקגעגאַנגען פון דער שטיקער־בערזע.

לייכט איז דאָס שאַפן פּעדלערס אָנקומען די בחורים און שווערער — די באַלעבאַטים, חתונה־געהאַטע. וואָרום אַזוי איז דאָס שוין: אַ מיידל וועט גיכער עפּעס אָפּלאָזן פון איר געבאָטענעם פּרייז, איינגיין אויף האַרבערע אַרבעטס־באַדינגונגען, נאָר אום צואַרבעטן ביי אַ בחור; צו אַ באַלעבאָס ווילט זיך אַ מיידל נישט איבעריק גיין אַרבעטן, זי ברענט זיך און ציט אָן אַ זויער שנעבעלע, דערהערנדיק אַז דער וואָס וויל זי דינגען איז אַ באַלעבאָס, אַ שוין אַ חתונה געהאַטער.

בנימין האָט אויף דער שטיקער־בערזע נישט געהאַט וואָס

צו טאָן. קיין פעדלערס האָט ער נישט געדאַרפט — זיי זענען בײַ אים פון פּאָר יום־טוב. די „בערזע״ איז ער סתם דורכגע־גאַנגען מיט דער נײַגעריקייט פון אַ סוחר אָנצוקוקן, ווי די פעדלער און שטיקער „סחורה״ שטייט אויפן מאַרק, און צי ס׳איז אַ גרויסער אָנבאָט... אָן זיך אָפּצושטעלן איז ער דורכגעגאַנגען דעם שטיקער־און־פעדלער יאַריד; דעם מאַשין־מעקלער מיטן שטעקעלע אין האַנט, וואָס איז צוגעקומען אים פרעגן, צי ער דאַרף נישט אַמאָל אַ מאַשין, האָט ער געענטפערט מיט אַ האַנט־מאַך, אַז ניין. דער מעקלער האָט זיך אָפּגעטראָגן, גע־אײַלט צו אַ צווייטן שטיקער פּרוון גליק. בנימין איז אַראָפּ פון דער בערזע, אַרויס פון אַרבעטער־קוואַרטאַל, דורכגעגאַנגען אַ שטיקל וועג, און אַרײַן אין דער פּאַרק־גאַס.

און אָט, אין דער שטילער אַריסטאָקראַטישער פּאַרק־גאַס־ווען בנימין איז געגאַנגען אויפן טראָטואַר צום פּאַרק־אַרײַנגאַנג, האָט זיך אים געדאַכט, אַז עמעץ, הינטער אים האָט נישט הויך אָנגערופן זײַן נאָמען. און ווען ער האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער זיך באַגעגנט פּנים אל פּנים מיט טעמערלען, וואָס איז אויך געגאַנגען אין דער זעלבער ריכטונג, אין וועלכע ער איז, מוז זײַן, פאַרבײַגעגאַנגען, נישט באַמערקנדיק זי גאָר.

— גוט־מאָרגן — האָט זי געזאָגט, אים אָנגעקוקט פרײַנט־לעך און אויסגעשטרעקט צו אים איר האַנט.

— גוט־מאָרגן האָט בנימין געענטפערט אַ ביסל צעטומלט, אָנגענומען איר האַנט און געשטאַנען אין פאַרלעגנהייט.

— נו, וואָס מאַכסטו, בנימין, ווי גייט עס דיר? — פרעגט זי, קוקנדיק אים אין פּנים.

— אָט, אַזוי זיך — ענטפערט ער אַלץ נאָך אין דער פאַרלעגנהייט — אַ דאַנק פאַר נאָכפרעגן, גישקשה.

— און... הויבט זיך אָן און בלײַבט שטיין בײַ דעם ערשטן וואָרט און רעדט נישט מער, נאָר שמייכלט, אַזוי אַז אים דאַכט זיך, אַז זי וויל אים פרעגן וועגן דעמאָלט. וועגן אָנפאַל אויף אים מיט אַ פּאָר חדשים צוריק — צי ער איז שוין

געזונט פון יענע קלעפּ. זי האָבער פּאַרקערעוועט דעם אָנגעהויי־בענעם „און" אין אַ אַנדער ריכטונג:

— אין די מאַמע און אַלע אין דער היים, וואָס מאַכן.

— אַ דאַנק זאָגט ער ווידער, און אַ ווייל שווייגן זיי, שטייען זיך קעגנאיבער אין שווייגן.

— דו איילסט זיך אין פּאַרק? פרעגט זי.

— איך אייל מיך נישט — זאָגט ער — איך גיי אַביסל אין פּאַרק.

זי קוקט אים אָן. ער באַמערקט מיט אַמאָל, אַז דורך די עטלעכע חדשים, וואָס ער האָט זי נישט געזען, איז זי אויס־געוואקסן, שענער געוואָרן, און בכלל מער אַרויס פון די קינ־דער־ש כלעך. פאַר אים שטייט אַ יינג־פרוי.

אַ לייכטע פרייד ליפּט בנימינען אַריבער אונטער דער הויט.

— דאַרפסט זיך מיט עמעצן דאָרט טרעפן? פרעגט טע־מערל כלומרשט לייכט און זייטיק.

— יאָ — זאָגט ער פּראָסט און אומגעטראַכט — איך דאַרף זיך אין פּאַרק מיט עמעצן טרעפן — נאָר אַז זי שווייגט מיט אַזאַ ערנסט שווייגן, גיט ער צו גלאַט אַזוי, נאָר אום דאָס שווייגן איבעררייסן:

— מיט אַ באַקאַנטן האָב איך אָפּגעשמועסט זיך צוטרעפן.

דאָ גיט זי עפּעס ווי מיט אַ נצחון אַ זאָג אַרויס:

— און אויף מיר ווארט מען שוין אוודאי דאָרט, אַ באַקאַנטער — באַטאָנענדיק דאָס וואָרט „באַקאַנטער".

בנימין גיט פּלוצלינג אַ קוק איר אין פּנים כמעט דער־שראָקן. אירע פּלוצלינג אויפגעלעבטע אויגן נאָכן אַרויסזאָגן דאָס וואָרט „באַק.נטער" — האָבן אים אַביסל צעטומלט. ער ווערט רויט און לאָזט אַראָפּ די אויגן.

און זי גיט גלייך צו, רואיקער, ווי אַ ביסל צו איבער־בעטן אים.

— עפּעס אַ שטיקל באַקאַנטער.

אין באַלד זאָגט זי גלייכגילטיק אַרויס איר צווייפל, צי

יענער וואַרט נאָך. ווײַרום פון דער צייט, וואָס זיי האָבן זיך געזעגנט טרעפן, איז שוין מער ווי צוויי שעה אַריבער.

און זיי זענען צוזאַמען אַריין אין פּאַרק.

אין פּאַרק איז געווען הערלעך שיין. דער מילד ליכטיקער פרי־האַרבסט האָט געשמייכלט אין גאָלד און רויט, און די אָראַנזשפאַלנדיקע בלעטער פון די ביימער — שאַרלאַך רויטע און געלע — האָבן ווי גרויסע זומער־פייגל אין דער לופט געפלאַטערט, איידער זיי זענען צו דער ערד געפאַלן.

בנימין און טעמערל זענען געגאַנגען אַ פּן „וואַל". ס'זענען זיי אַקעגנגעקומען פאַרשידענע מענטשן, פּאָרלעך און איינצלנע, יינגע און אַלטע, און בנימינס צעשטראַלטע אויגן האָבן אַלעמען באַקוקט מיט אַן אויפגעלעבטן בליק. אויף אַ נישט ווייטן שטעגל איז צווישן אַנדערע דורכגעגאַנגען, ישראל־נח מיט עטלעכע חברים. זיי האָבן הויך גערעדט און געאַמפּערט זיך, עפּעס וועגן ציוניסטישע ענינים — וואו דער פאָרשטייענדיקער קאָנגרעס דאַרף פאָרקומען...

בנימין האָט זיי באַלד געהאַט הינטער זיך און — נישט געטראַכט פון זיי.

דעם „באַקאַנטן" האָט טעמערל נישט געטראָפן. זיי זענען געגאַנגען דאָ און דאָרט, כּלומרשט אים געזוכט און אים אין ערגעץ נישט באַגעגנט. טעמערל האָט זיך אָנגערופן:

— איך האָב טאַקע געמיינט אים נישט צוטרעפן, דערייבער האָב איך זיך אַמישנע פאַרשפּעטיקט — און האָבן זיך ביידע צעלאַכט.

בנימין איז געגאַנגען נעבן טעמערלען, און דאָס האַרץ זיינס איז אים פאָרגעלאָפן, געפלאַטערט און באַרוישט געווען פון פרייד, ווי אַ פייגעלע פון דער פרימאָרגן־זון.

זיי האָבן געשפּאַצירט היימיש, ווי צוויי לאַנג שוין באַקאַנטע. דער שמועס האָט זיך אָן שום אָנשטרענגונג געקייטלט, לייכט און פריי. בנימינס באַקאַנטע פון פאַבריק, וואָס זענען אים אַקעגנגעקומען און געזען, מיט וועמען ער שפּאַצירט דאָ, האָבן אויף דעם פּאָרל אָפּגעשטע/ט פאַרוואונדערטע בליקן.

בנימין איז געווען צו פיל פאַרטאָן אין זיך און מיט דער וואָס גייט נעבן אים, אום דאָס צו באַמערקן — נאָר טעמערל מוז זיין, האָט יאָ באַמערקט די פאַרבייגייערס פאַרוואונדערטע בליקן: זי האָט אים לייכט אָנגענומען ביי דער האַנט און אַזוי, פאַר אים אומבאַמערקט, אַראָפּגעקערוועט פון „וואַל” אַראָפּ אויפן ברייטן וועג, וואָס פון דאָרט צעלויפן זיך אונצייליקע שטעגלעך אין אַלע זייטן פאַרק.

פאַרבייגייענדיק די באַקאַנטע באַנק פון דער ווייטנס, האָט בנימין באמערקט, ווי פּאָנטשער — מן הסתם דערזעענדיק אים — האָט זיך אויפגעהויבן, אריינגעלייגט דאָס העפטל, וואָס ער האָט געלייענט, אין בוזים, גענומען גיין געלאַסן אים אקעגן, און פאַרבייגייענדיק נעבן אים מיט טעמערלען, האָט ער זיך געגריסט מיטן היטל.

בנימין און טעמערל האָבן געענטפערט אויף דעם גרוס. טעמערל האָט אָנגעקוקט בנימינען, ווי זי וואָלט אים געפרעגט מיט די אויגן, צי דער איז זיינס אַ באַקאַנטער. בנימין איז דערביי אַ ביסל רויט געוואָרן, און אים וואָס האָט שוין פון א צייט געטראָגן קורצע מלבושים, איז פּלוצלינג געוואָרן אַ ביסל אַ בושה, וואָס פּאָנטשער גייט נאָך אין לאַנגע מלבושים און טראָגט א בערדל.

...און אָט דער טאָג, דאַכט זיך אין פלוג א טאָג, ווי אַלע טעג; געקומען אויף דער וועלט, ווי יעדער טאָג פון דער אייביקייט, און וועט באַלד צוריקקערן אין דער אייביקייט. — דאָך, ניין! — דאָס איז געווען גאָר, גאָר אַן אנדער טאָג, דאָס איז געווען אַ וואונדערלעכער טאָג, א טאָג אַפירשט איבער אַלע אַנדערע טעג, אַ טאָג אין אַ קיניגלעכער קרוין מיט א סצעפּטער. טעמערל האָט פון דעם טאָג געמאכט דאָס, וואָס ס'איז געוואָרן, איר כּישוף־חן האָט איבערגעמאכט אָט דעם טאָג.

און לאַנג לאַנג דערנאָך האָט בנימין, ווי אַ טייערן אוצר, דאָס געדעכעניש פון דעם טאָג אין האַרץ געהיט, אין יענעם באַהאַלטענעם קדשי־קדשים פון האַרץ, וואָס אהין לאָזט זיך דאָס

געמיט אַראָפּ, און פון דאָרט מוט און שטאַרקייט צו שטיין אין די באַזונדערס שווערע מינוטן, וואָס טרעפן אין גראָען אַרבעטער-לעבן — דאָס איז געווען אַ טאָג, וואָס יעדע רגע איז אים אַ ז אַ הערלעכע אייביקייט, וואָס לאָזט נאָך זיך איבער אין דער נשמה עפּעס ליכטיקס.

טעמערל האָט אָפּן און אויף אַ נישט באַליידיקנדיקן אופן געפרעגט בנימינען, וואָס איז געווען דערמאָנט מיט דעם געשלעג, ווען מ'האָט אים געפונען אין גאַס אַ פאַרחלשטן — בנימין האָט איר אָפּנהאַרציק אַלץ דערציילט, נישט דערמאָנענ-דיק פונדעסטוועגן דערביי איר טעמערלס נאָמען, אַז זי איז געווען די עיקר סיבה, וואָס האָט אים געגעבן דעם ערשטן שטויס-אָנזעץ צוזוואַרפן דאָס מגושמדיקע לעבן און אָנצוהויבן פירן אַ ריינערס.

בנימין האָט איר אַלץ דערציילט. טעמערל האָט אים אויס-געהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, אָפט האָט זי אים גע-שטעלט פראַגן, און ער האָט מיינסטנס געענטפערט ערלעך אויף די געשטעלטע פראַגן, זעלטן זיך פאַרהאַקט און רויט געוואָרן.

ווען ער האָט געהאַט געענדיקט דאָס דערציילן, איז שוין געווען פאַרנאַכט, און טעמערל האָט געוואָלט אַהיימגיין.

ס'איז נאָך פונדעסטוועגן די גאַנצע הערלעכקייט פון די דאָזיקע זעלטענע שעהן נישט געווען געענדיקט. ער האָט זי אָפּגעפירט אַהיים איבער די געסלעך. דערנאָך ווען ער האָט זיך מיט איר אָפּגעשטעלט, נישט ווייט פון איר היים, האָט זי זיך אָנגערופן, אַז עס פרייט זי זייער, וואָס בנימין האָט זיך ביי איר נישט הי זיין אויך ווייטער געלערנט, און דאָס לער-נען שוין היפּשלעך הויך געברענגט. עס פרייט זי טאָפּלט אַלס זיין... (דאָ האָט זי זיך אַ ביסל פאַרהאַקט) באַקאַנטע און טאַקע קרובה אויך, און ווייל זי איז געווען די, וואָס האָט אים געוויזן דעם טריט אין לערנען זיך. און צום סוף האָט זי, אַזוי געזאָגט: — ווען דו וועסט דאַרפן עפּעס צו פרעגן אין לער-נען, אָדער אַ בוך, וועל איך מיט פאַרגעניגן דיר זיין דערין ביי-הילפיק — יעדן שבת-צונאַכט, אָנהייב אָוונט וועסטו מיך דאָ

אָפּזאַרטן, אָדער מיר װעלן באַשטימען, װאו זיך צוטרעפן.

טעמערל האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ װאַרעמען בליק, אַ שאָקל געטאָן מיטן מלכותדיקן קעפּל, און אװעקגעגאַנגען מיט איילקע טריט.

---

בנימין האָט נאָכדעם לאַנג נאָך געשפּאַצירט אין די גאַסן. אין דער יידישער געגנט איז געװען רויִשיק און איילק װי אויף אַ יאַריד. יידישע װײַבער האָבן געאײַלט אײַנקױפן אויף די צװייטע טעג סוכּות, װעלכע הױבן זיך אָן מאָרגן אין אָװנט. בנימין איז געגאַנגען, און אין האַרצן האָט אים געזונ־גען אַ ניגון אָן װערטער. דאָס האָט די נשמה געזונגען אין אים. ער האָט קיין הונגער נישט געפילט, כאָטש ס׳איז שוין געװען אַ סך, אַ סך שפּעטער נאָכן מיטאָג. ער איז לײַכט גע־גאַנגען צװישן טומלדיקן עולם װײַבער מיט אָנגעפּאַקטע קױשן: ער איז געגאַנגען װי אין אַ בית־המקדש; אין האַרץ בײַ זיך האָט ער געטראָגן דעם בית־מקדש און כּוהן־גדול איז געװען ער אַליין — און װי אַ קינדער־שפּיל איז געװען דאָס, װאָס קומט דאָ פאָר צװישן די טומלדיקע װײַבער. בלױז נאָר אום אים צו װײלן אַ ביסל, די ליכטיקע שטילקייט אין זיין האַרץ נאָך טיפער צו מאכן — זייער טומל און קולות — אין די קראָמען אין יאַטקעס — איז אים ליב און לײַכט אין די אױערן אַרײַנ־געדרונגען, און ער איז געגאַנגען און קינדיש יינג געשמייכלט.

ז

ווייזט אויס, אַז די פירמע „וואָלבערג־ראָזנבלום", איז אויך ווייטער נישט פויגלדיק געשטאַנען, נישט געקאָנט בייקומען, די קאָנקורענץ פון די אויפגעקומענע יינגע, רירעוודיקע פירמעס, און ס׳האָט זיך אַ שיט געטון אַ האָגל גזירות אויף די אַרבעטער. פעלדבערג האָט געקריגן די גאַנצע מאַכט איבער די שטיקערס, און פאַר אַ ליאַדע וואָס איז מען באַשטראָפט געוואָרן מיט א געלט־שטראָף.

און טאָמער איז דאָס נאָך ווייניק געווען, איז פּלוצלינג ארויס פון קאָנטאָר אַ גזירה, אַזאַ אויסטערלישע, וואָס האָט צערודערט נישט נאָר די אַרבעטער דאָ, נאָר די גאַנצע שטאָט שטיקערס, פון אַלע פאַבריקן.

אין וואָלבערגס פאַבריק איז אין איינעם אַ טאָג איינגעפירט געוואָרן, אַז ביים אהיימגיין פון דער ארבעט, און אַפילו אין מיטן טאָג, ווען עמעץ פון די אַרבעטער האָט אַמאָל געדאַרפט אַרויסגיין אין גאַס, זענען אַלע באזוכט געוואָרן אין די קעשענעס...

אין קעמערל, וואָס מ׳מוז אַדורכגיין, אום אַרויסצוקומען אין גאַס, איז געשטאַנען פעלדבערג (אין מיטן טאָג, דער סטרוזש), און דער ארויסגייער איז באטאַפּט געוואָרן אין אַלע קעשענעס און הינטערן וועסטל, צי ער טראָגט נישט אַרויס קיין גאָרן.

ס׳איז געווען נישט אַזוי ווייט די חרפה פון באַזוכן אַר־

בעטער ווי אַרעסטאנטן אין די גאָלד גרובנס — ווי די פאָלגן, וואָס דאָס באַזוכן האָט מיט זיך געבראַכט; באַזוכן אליין — באַטאַפּן, אויסשאָקלען די קעשענעס און לאָזן ווייטער גיין, וואָלט די ארבעטער, און בפרט די עלטערע, נישט אַזוי שטאַרק אויפגערעגט. זיי, די עלטערע שטיקערס, זענען אין זייער פאַבריק־לעבן שוין אַדורכגעגאנגען פארשידענע באַליידיקונגען און דערנידערונגען, זיי זענען שוין געווען אזוי פארשטיינערט און די רוקנס זייערע אזוי געבויגן, אז דער באַגריף „בושה", האָט שוין ביי זיי אינגאנצן נישט עקזיסטירט. פאַר זיי איז געווען דאָס ערגסטע נישט דאָס באַזוכן גופא, ווי דאָס, וואָס ביי וועמען פעלדבערג האָט געוואָלט געפונען געגנבעטן גאַרן, ביי דעם האָט ער „געפונען", האָט יענער געמעגט זיין אַפילו דער ערלעכסטער; אָפּלייקענען, אויפווייזן, האָט גאָרנישט געהאָלפן, אין קאָנטאָר האָט מען געגלייבט נאָר פעלדבערגן, און אַז פעלדבערג האָט צווויסן געטאָן, ביי וועמען ער האָט געפונען, האָט מען יענעם געקינדיקט די שטול.

דער סוף פון דעם קינדיקן פלעגט כמעט שטענדיק זיין דער אייגענער: דער אָפּגעזאָגטער אַרבעטער האָט אין ערגעץ נישט געקאָנט קריגן קיין אַרבעט, ווייל מען האָט נישט געוואָלט געבן פון קאָנטאָר קיין „רעקאָמענדאַציע" (ער איז דאָך אַ גנב!) איז ער סוף כל סוף געקומען בעטן, מ'זאָל אים צוריקנעמען. נאָך לאַנגע בקשות, האָט אים ראָזענבלום צוליבגעטאָן, צוריק אַריינגענומען אין פאַבריק, נאָר שוין אויף אַ קלענערן פרייז פארשטייט זיך, און אויף אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס ראָזנבלום האָט דיקטירט.

און אַז די אַרבעטער האָבן געשיקט אין קאָנטאָר דריי פון די עלטסטע שטיקערס, וואָס אַרבעטן דאָ פון דעם ערשטן טאָג, וואָס די פירמע עקזיסטירט, מיט אַ בקשה, מ'זאָל אָפּשאפן די באַזוכונגען פאר אלע, אחוץ די, וואָס אויף זיי איז אַ חשד פאַראַן, האָט זיי ראָזנבלום קורץ און גראָב געענטפערט:

— אייך אַלע בין אין חושד! — און דאָס באַזוכן איז נאָך שטרענגער געוואָרן.

אַ שווערע אָנגעכמורעטקייט, אָנגעפּילט מיט איינגעהאַל־טענע זיפצן און דערשטיקטע קללות ווי די הימל־שוואַרצקייט פאַר אַ שטורעם, האָט זיך איבער דער פאַבריק צעלייגט; די לופט איז געוואָרן אָנגעשטרענגט, שטיל, פול מיט חשדים און אומצוטרוי; אַלטע באַקאַנטע, גוטע פריינט אַפילו, האָבן מורא געקריגן איינער פאַרן צווייטן, צי יענער שפּיאָנירט נישט אַמאָל פאַרן קאַנטאָר, פאַר פעלדבערגן; אַן איבעריק וואָרט אַרויסצורעדן האָט מען זיך געהיט. און האָט איינער געפרעגט דעם צווייטן, וויפל גאַרן דאָס מוסטער דאַרף צו האָבן, האָט דער געפרעגטער מורא געהאַט אויסצוזאָגן, יענער זאָל דאָס נישט איבערגעבן אין קאַנטאָר און דערנאָך וועט מען אים כאַפּן אויף דער ווענטקע, פאַרלאַנגען חשבון...

די פאַבריק איז געוואָרן, ווי אַ טורמע, און די קאַנטאָר־לייט, ווי די תפיסה־וועכטער. פאַר פעלדבערגן האָט מען גע־ציטערט, מער ווי פאַר ראָזנבלומען אַליין, און נישט נאָר אין פאַבריק, בשעת דער אַרבעט, נאָר אויך אין גאַס, און שבת אַפילו, אַז מ'האָט געטראָפן פעלדבערגן, איז די מנוחה שוין געווען געשטערט.

ראָזנבלומען האָבן די שטיקערס געזוכט אויסצומיידן, נישט צו קומען אים אונטער די אויגן: „בעסער—האָט מען זיך געזאָגט—זאָל ער אין מיר אַבי'סל פאַרגעסן, צי איך לעב גאָר אויף דער וועלט".

דערפאַר אָבער אין גאַס אַמאָל, אַז עס איז שוין צו שפּעט געווען אַריינצולויפן אין אַ הויז, צו באַהאַלטן זיך פון ראָזנ־בלומס אויגן; מ'האָט אים שוין נישט געקאָנט אויסמיידן, געמוזט זיך מיט אים באַגעגענען, איז דער פאַרשטיינערטער דרך־ארץ און פורכט פאַר אים געווען אין לשער; דער כאַפּ אַראָפּ דאָס היטל, די פאַרגליווערטע אויסגעצויגנקייט, און באַלד דער טיפער בייג אַראָפּ דעם קאָפּ און דער באַגלייט מיט די אונטערטעניקע אויגן ראָזנבלומס זיך דערווייטערנדיקן רוקן. עס האָט דער־מאָנט, שטאַרק דערמאָנט הינטישע קריכערישקייט, ווען דער הונט פוזעט און קריכט אויפן בויך פאַרן בייזן באַלעבאָס צו־

ליב אַ ברעקל ברויט, צוליב אַן אָפּגעגריזשעטן ביין, באַהאַלטנדיק דערביי זיינע שאַרפע ציין, און אָנשטאָט זיי ווייזט ער די גאסע, אונטערטעניקע, נאָך אַ פרעס־לעכצנדיקע מאָרדע.

אפילו דער בחור פייוול, וואָס האָט זיך איצט שוין גערופן פעליקס — פעליקס וואָלבערג — און איז געזעסן אין קאַנטאָר איבער די געשעפטס־ביכער און נאָכגעקוקט די מיידלעך פעדלערקעס — אַפילו פאר אים האָבן שוין די עלטערע שטיקערס אָנגעהויבן אַרויסצוּווייזן זייער פאָרכט, און באַגעגנדיק זיך מיט אים אין פאַבריק־קאָרידאָר, אָדער אויף די שטיגן, — אים אונטערגעטראָגן דעם גרויסאַרטיקן „גוט־מאָרגן" און מיט גרויס רעספעקט אים דעם וועג אָפּגעטראָטן.

און אז ס'איז געקומען דער טאָג פון אויסצאָלונג, ווען דער סטרוזש גייט אַרום איבער די מאַשינען נאָך די אַרבעטס־ביכלעך און טראָגט זיי אין קאַנטאָר צום איינשרייבן די רעכנונגען, זענען אַלע אַרבעטער געווען נערוועז שוין פון אינדערפרי און מיט אַ גרויל האָט מען געהאַרט אויפן סטרוזשס גלעקל — אַריינצוגיין נאָכן געלט.

און אַז מ'איז צוריקגעקומען מיטן ביכל און געלט, האָט מען אויסגעזען, ווי אַז מ'קומט פון אַ שרעקלעכער סכנה, פון אַ לעבנס־געפאַר... אונטן פאַרן טויער האָבן געוואַרט ווייבער און מאמעס, אַז עמעץ אַ שטיקער איז אַרויסגעקומען פון טירל אין גאַס, איילנדיק אין געוועלבל קויפן אַ פעקל פאַפיראָסן — זענען אים באַפאַלן די ווייבער און מאַמעס האַרצפלאַטערדיקע פראגן:

— און מיינער, און מיינער, ווי האָט היינט אָפּגעשניטן?

נאָר באַקומענדיק דעם אַלגעמיינעם ענטפער: ס'האָט קיינער נישט גוט אָפּגעשניטן — האָבן די ווייבער גענומען זיך ווישן די אויגן און שעלטן פעלדבערגן.

און אָט אין דער דאָזיקער אָנגעשטרענגטער לופט, אָנגעזאַפּט מיט אומעטיקן האַס פון איבער פופציק שטיקערס, ווי טרוקן גראָז, וואָס האָט גענוג נאָר איין פונק, בלויז אַ קליינעם פונק, אום זיך אָנצוצינדן — איז אָנגעשוואוּמען א

טאָג; פרייטאָג איז עס געווען — פאַרנאַכט, ווען די ארבעטער זענען אין אַ גרעסערער צאָל צוזאַמען אַהיימגעגאַנגען. אין קעמערל, ביים אַרויסגיין, האָט זיי פעלדבערג באַזוכט. באַטאַפּט פון אויבן ביז אַראָפּ, און נאַטירלעך גאָרנישט געפונען. ווען זיי האָבן זיך געריכט, אַז אָט וועט מען עפענען דאָס טירל צו דער גאַס און זיי וועלן אהיימגיין, און זענען שוין געווען אומגעדולדיק, וואָס מ׳האַלט זיי דאָ אויף, און געפאָדערט, איגנאַצי דער סטרוזש זאָל שוין אַמאָל עפענען — האָט זיך פעלדבערג אין גרויסן געדרענג איינגעבויגן צו דער שטיינערנער דיל און אַ דערהייב געטון פון דאָרט אַ פעקל גאַרן, אַ צעטראַטעוועטס און טרעטן דערויף מיט די שטיוול. פעלדבערג האָט דאָס פעקל גאַרן אַ וויַיל געהאַלטן אין דער הויך, אין דער אויפגעהויבענער האַנט, אַלע זאָלן דאָס זען — און באַלד געגומען זיך טשעפּען צום רוּאיקסטן און שטילסטן פון אַלע — צו משה בינשטאָק, אַז ער האָט דאָס פעקל גאַרן ארויסגעוואָרפן פון קעשענע, פאַר מורא, אַז מ׳וועט דאָס ביי אים געפונען...

— פאַרוואָס פונקט איך? — פרעגט בינשטאָק, ווי זיין שטייגער, רואיק.

— ווייל דו האָסט עס אונטערגעוואָרפן! — שרייט שוין פעלדבערג מיט זיין אויפגעריסענעם חוצפּהדיקן פּיסק.

ס׳איז אויסגעבראָכן אַ העפטיק געטעמהכץ. בינשטאָק האָט זיך בשום אופן נישט געוואָלט אנערקענען צום געפונענעם פעקל גאַרן. ער האָט אָפן געזאָגט, אַז דאָס איז נישט אַנדערש, נאָר פעלדבערג האָט עס אַליין אונטערגעוואָרפן, כדי ער זאָל האָבן חאָס צו געפונען. — פעלדבערג האָט געפאָדערט, בינשטאָק זאָל מיט אים ארויפגיין אין קאַנטאָר, בינשטאָק האָט נישט געוואָלט. די איבעריקע אַרבעטער האָבן תחילת געשוויגן, נאָר זעענדיק, אז פעלדבערג וויל קיינעם נישט אַרויסלאָזן פון קעמערל — אום בינשטאָק זאָל נישט מיט־ארויסלויפן — זענען זיי אומגעדולדיק געוואָרן; און אזוי ווי בינשטאָק האָט נישט געשריגן, נישט צוריק געזידלט, נאָר רואיק און פעסט איבערגעחזרט, אַז דער גאַרן איז נישט זיין — זענען זיי אייגציקווייז אַלע אַריבער

אויף זיין זייט, קענען פעלדבערגן, און זיי האָבן אויך געטענהט, אַז אַנדערש קאָן עס גאָרנישט זיין, נאָר אַז פעלדבערג האָט אומישנע אונטערגעוואָרפן דעם גארן, כדי ער זאָל אין קאַנטאָר באַווייזן זיין טוי..ערישקייט...

ווען בנימין איז אַראָפּגעקומען, איז איגנאַצי דער סטרוזש נישט אונטן געווען; אויף פעלדבערגס באַפעל איז ער אַרויפגעגאַנגען אין קאַנטאָר מעלדן ראָזנבלומען, וואָס אונטן קומט פאָר — ווען בנימין איז אַראָפּגעקומען, האָט די מחנה שטיקערס מיט כוח געהאַלטן פעלדבערגן צוגעשפּאַרט אין אַ ווינקל, איינגעפּרעסט צווישן צוויי ווענט, געזוכט ביי אים דעם שליסל פון טירל, און אַז מ׳האָט ביי אים דעם שליסל נישט געפונען, — דער סטרוזש האָט אים געהאַט ביי זיך — האָבן אַנדערע — אַ צען פאָר הענט — מיט אומגעדולדיקן געפּילדער אויפגעריסן דאָס טירל, און מיט דער פריילעכקייט פון פאַרשפּאַרטע אַרעסטאַנטן, ווען דאָס טירל צו דער פריי עפנט זיך פאַר זיי—אַרויס אין גאַס מיט אַ האַסטיקייט און גענומען איילִיק לויפן, יעדער אין זיין געגנט. —

דאָס איז פאָרגעקומען פרייטאָג פאַרנאַכט. נאָר נאָך שבת, ווען די אַרבעטער זענען ווי געוויינלעך געקומען אין פאַבריק און זיך געזעצט אַרבעטן, יעדער ביי זיין מאַשין, איז אין דער אָנבייסן-צייט איגנאַצי דער סטרוזש, אין די זונטאָג-מלבושים, אַרומגעגאַנגען אויף אַלע שטאָקן ביי אַלע מאַשינען, פאַרלאַנגט פון יעדן זיין אַרבעטס-ביכל און מיטן צוזאַמענגעקליבענעם פּעקל ביכלעך אין די הענט, איז ער אַרויפגעגאַנגען אין קאַנטאָר.

באַלד האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אין קאַנטאָר אויבן ווערט איצט אַלעמען געקינדיקט, און דערפאַר האָט מען עס געשיקט נאָך די ביכלעך, כדי דאָרט איינצושרייבן דאָס קינדיקן.

ס׳איז געוואָרן אַ בהלהדיק געלויף אַרויף אין קאַנטאָר; תחילת עלטערע אַרבעטער, אָבער די איבריקע האָבן שוין אויך נישט קיין געדולד געהאַט צו זיצן און וואַרטן (ס׳האָט זיך זיי געחלומט, אַז די אַלטע פאַרהאַנדלען אויבן אויף זייער חשבון).

זיי האָבן אויך גענומען פּאַקן זיך צרויף אין קאַנטאָר, זיך דערוויסן, וואָס דאָ קומט פאָר.

דאָרט אין קאַנטאָר האָבן זיי געטראָפן זייערע חברים שטיין זייער צערודערט און תחנונימדיק איינטענהן מיט ראָזנ-בלומען...

ראָזנבלום האָט איבערגעחזרט איין און דאָס זעלבע, אַז אַזוי ווי פרייטאָג פאַרנאַכט זענען די אַרבעטער אריבערגעטרעטן די פאַבריק-פאָרשריפטן: נישט געלאָזט זיך באַזוכן, פארטיידיקט אַ גנב, ביי וועלכן מ'האָט געפונען געגנבעטן גארן, געשלאָגן דעם אויפזעער, דעם אָנגעשטעלטן פון קאַנטאָר, און געטון האָט דאָס נישט איינער אָדער צוויי, נאָר אַלע צוזאַמען, ווערט אַלע-מען געקינדיקט אויף פערצן טעג.

— און דערנאָך, נאָך די פערצן טעג, וועט זיין די ברירה ביי מיר, ווען איך וועל וועלן וועל איך צוריקנעמען אר-בעטן, און ווען נישט וועל איך נישט צוריקנעמען, האָט ראָזנ-בלום געלאַסן געפּערלט ווערטער, וואָס זענען אַריינגעדרונגען אין די הערצער פון דער מחנה אַרבעטער, ווי טעמפּע שפּיזן, און דאָרט וואונדן געבויערט.

אַרויס פון קאַנטאָר, אין די הענט די ביכלעך, וואו ס'איז שוואַרץ אויף ווייס איינגעשריבן דאָס קינדיקן, זענען די פינף צענדלינג שטיקערס געגאַנגען מיט בייזע, פאַרמרה-שחורהטע פּנימער. זיי זענען נישט צוריקגעגאַנגען אין די זאַלן יעדער צו זיין מאַשין נאָר געשטאַנען בינטלעכווייז אויף די שטיגן, אין קאָרידאָר און שושקעדיק זיך געשמועסט צווישן זיך...

א גרעסער בינטל אַרבעטער איז פאַרקראָכן אין באָנטסע-זאַל, אין שכנות פון קאַנטאָר. איינציקווייז זענען צוגעקו-מען די פון די שטיגן און פון קאָרידאָר... ס'איז דאָרטן גע-וואָרן פול; אַרבעטער מיט אַרויפגעשאַרצטע העמד-אַרבל און פאַר-ביסענע פאַרצאָגטע פּנימער; פעדלערס און פעדלערקעס זענען אויך דאָ געווען. דערשפּירנדיק אַ פרייע מינוט, זענען זיי גע-שטאַנען די הענט אונטער די באַקעס, ליידיקגייעריש, און זיך געוואונטשן, דאָס זאָל וואָס לענגער געדויערן.

דעם אַלטן פּראָפער, וואָס האָט אויפגעוויזן, אַז קודם זאָל מען נישט באַלאַמוטשען, נאָר זעצן זיך אַרבעטן, האָט קיינער נישט געהערט. אַן אַנדער פּלאַן, עמעצנס, מ'זאָל גיין זיך באַקלאָגן צום אינספּעקטאָר, איז תּחילת גינסטיק אויפגענומען געוואָרן, נאָר דערנאָך אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט דער איבערצייגונג, אַז דער אינספּעקטאָר האַלט שטענדיק נאָר דעם פאַבריקאַנטס זייט. דער טויטער אברהם האָט דעם און יענעם אָפּגעשטעקט אַ סוד אין אויער, צי ס'וואָלט נישט געווען אַ פּלאַן צו באַנוצן זיך מיט געדונגענע שלעגער...

איינס זענען אַלע איינשטימיק געווען, אַז ווייטער אַזוי אַרבעטן קאָן מען נישט, און וואָס עס זאָל זיין אין צוויי וואָכן, קאָן שוין איצט געשען.

דער עולם האָט זיך גאָר פאַרגעסן, אַז זיי געפינען זיך דאָ נעבן קאַנטאָר, אָפּגעטיילט קוים דורך אַ וואַנט. מ'האָט זיך צערעדט, אַלץ וואָס איז געלעגן אויפן האַרץ, האָט זיך אַרויסגעריסן דורכן מויל, קיינער האָט גאָרנישט געוואָלט, דער צווייטער זאָל אים הערן. מ'האָט גערעדט פאַר זיך, יעדער פאַר זיינע אייגענע אויערן. און דער גערויש און געפילדער איז געווען אַזוי גרויס, אַזש דרויסן אויף די שטיגן, אָדער אונטן הינטער די פענצטער האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז דאָרט אויבן אין דעם זאַל הודזשעט עפּעס אַ מאַשין, אַזאַ ברומענדיקע און פילדערנדיקע מאַשין..

און אין מיטן בעסטן האָט זיך צווישן הודזשענדיקן, רעדנדיקן און זיך באַקלאָגנדיקן עולם באַוויזן ער — סאַמועל ראָזנבלום, מיטן פּנים און פאַרשוויצן בערדל, ווי ניקאָלאַי דער צווייטער, נאָר מיט רויטערע בעקלעך אַביסל און מיטן גראָבן בויך און גאָלדענער קייט, וואָס שלענגלט זיך איבער דער פלושענער וועסט פון טעשל רעכטס צום טעשל לינקס, דורכגעצויגן דורכן קנאָפּלאָך.

ראָזנבלום איז אַ ווייל געשטאַנען פון דער ווייטנס, אָנגעקוקט דעם צעפילדערטן עולם, ווען ער איז געוואוינט צו זען שווייגנדיק אונטערטעניק — און זעענדיק, אַז זיין אַריינ-

קומען אהער איז נאָכנישט באַמערקט געוואָרן, האָט ער א געשריי געטון:

— וואָסער קנייפּע איז דאָס דאָ! יעדער צו זיין מאשין, דאַפּאָרט!

פראָפער האָט זיך איינגעהויקערט און גענומען גיין דווקא פאַרביי ראָזנבלומען, ער זאָל זען, ווער עס האָרכט אים דער ערשטער.

ראָזנבלום האָט נאָכגעמאָלט א געשריי געטון:

— די מינוט — יעדער צו זיין מאַשין!

אַלע זענען געשטאַנען ווי פאַרגליווערט, מיט אָפענע מיילער און בלאסע, געלע דערשראָקענע פנימער; געשטאַנען ווער אנטשלאָסענער און ווער שוואַכער, וואקלדיקער, מיט א צעציטערטע האַרץ און מיט פיס, וואָס האָבן קענטיק געחלשט צו פאָלגן דעם באַפעל — נאָר גערירט פון אָרט האָט זיך נישט קיינער.

ראָזנבלום, האָט אַ רוף געטון:

— איגנאַצי!

און נאָכגעמאָלט אויף פויליש:

— זאָל איגנאַצי שוין קומען!

ס'האָט זיך דערהערט עמעצנס גיין אויף די שטיגן — קריידע האָט זיך אַ ריר געטון, מיט אַ וויבק ארוף געטון זיינע פעדלערס, און מיט די פעדלערס הינטער זיך, ערנסט און געהאָרכזאם געשפּרייזט מיט די לאַנגע פיס — געגאַנגען ארויף צו זיין מאַשין אַרבעטן.

די איבעריקע זענען נאָך געשטאַנען און נישט גערירט זיך.

איגנאַצי איז נישט געקומען. פעליקס וואָלבעריג, דער בוכהאלטער, איז אריינגעקומען און געמאָלדן ראָזנבלומען, אז דער סטרוזש איז נישטאָ, וועט אָבער באַלד קומען.

ראָזנבלום האָט שטום און שפּיענג געקוקט אויף די אָנגעזאמלטע ארבעטער. זיי ווידער זענען געשטאַנען נישט אנטשלאָסן, מיט אראָפּהענגענדיקע קעפּ, די בליקן איינגעגראָבן אין

דער ערד, און נישט גערירט זיך פון אָרט, ווי פאַרעקשנטע חדר־ייִנגלעך.

און שטיל איז געווען — שאַ! פּופּציק הערצער האָבן דעם אָטעם איינגעהאַלטן, אַ פליג וואָלט מען געהערט זשומען. אין דער שטילער שטילקייט האָט זיך געהערט ערגעץ אויף אַ העכע־ן שטאָק דאָס קלאַפּן פון אַ מאַשין, און פון אַן אַנדערן עק אויף נאָך אַ העכערן שטאָק האָט איר געענטפערט אַ צווייטע מאַשין, ווי אַ ווידער־קול; דאָס איז געווען פּראָפער און קריידע, וואָס האָבן געפּאָלגט ראָזנבלומען און זיך גענעצט אַרבעטן.

— וואָס איז דאָס דאָ? — פרעגט פעליקס מיטן מיידלשן פּנימל און קוקט אַרום זיך פאַרחידושט.

— זיי זענען משוגע געוואָרן — זאָגט ראָזנבלום מיט פאַראַכטונג.

און אומגעדולדיקער פרעגט ער:

— וואָס פאַרט ווילט איר? זאָל איינער רעדן!

אויף פעליקס וואָלבערג ליאַלעוואַטע פּנימל האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַ שמייכל, ווי אין דערוואַרטונג פון אַ סכּנה אַ ל. ער האָט באַמערקט צווישן עולם בנימינען און אים אָנגעקוקט איראָניש:

„שפּילסט אויך מיט זיי מיט"...

און — צוליב פעליקס קוק אפשר — דעמאָלט אין דער שטילסטער שטילקייט און אָטעם פאַרכאַפּנדיקער הארצקלאַפּעניש האָט בנימין זיך אָנגערופן:

— מיר פאַרלאַנגען, איר זאָלט אויסשטרייכן דאָס קינדיקן.

ביידע, ראָזנבלום און פעליקס, האָבן בנימינען אָנגעקוקט — ראָזנבלום, ווי פאַרחידושט און אַ קאַפּעטשקעלע דערשראָקן פון זיין דרייסטקייט — פעליקס ווידער, ווי עס וואָלט אים הנאה געטון, וואָס אייך בנימין איז אַביסל אַנדערש, ווי אָט אַלע דאָ.

ראָזנבלום האָט נאָכאַמאָל בנימינען אָפּגעמאָסטן מיט אַ בליק פול פאַראַכטונג און געפרעגט, נישט קוקנדיק גאָר צו בנימינען, ווי ער וואָלט ערשט גאָרנישט גערעדט. —

אלזאָ, פאַרוואָס גייט איר נישט אַרבעטן?

פון ערגעץ אַ באַהאַלטענעם ווינקל, פאַרשטעלט דאָס פנים מיט אַ מוסטער-ברעט פון אַ מאַשין, האָט זיך געהערט דעם טויטן אברהמס קול, מיט אַ משונהדיקן קלאַנג, ווי פון אַ פּאַס אַרויס:

— אָפּשאַפן פעלדבערגן און דאָס באַזוכן...

פאַנטשערס קול האָט זיך נישט געהערט גאָרנישט. און בנימינען האָט דאָס געחידושט. ער האָט געזוכט מיט די אויגן און אים אין ערגעץ נישט געזען.

און אָט נאָכן טויטן אברהמס קול, האָט זיך אָנגעהויבן אַ געפּילדער, ווי אַלע וואָלטן אין איין רגע דאָס לשון צוריקגע-קריגן; נאָר יעדער וואָס האָט עפּעס גערעדט, האָט זיך באַמיט מ'זאָל אים נישט זען.

— נישט מאַכן קיין אָפּצוגן!

— געבן בעסערע מוסטערן!

— נישט נאָכרעכענען דעם גאַרן!

— — — — — — — — — — — — — — — —

ראָזנבלום האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, ווי אַ גענז-טרייבער מיט דער בייטש, ווען ער שטייט צווישן דער פּיל-דערנדיקער מחנה גענז און ער פאַרשטייט, אַז פּרווון זיי איינ-שטילן איז אוממעגלעך, אַ מאַך געטון מיט דער האַנט ווי איי-נער זאָגט: „פאַראַן דאָ מיט וועמען צו טענהן". ער און פּע-ליקס זענען אַרויסגעגאַנגען. דער סטרוזש האָט גענומען פאַר-שליסן די זאַלן. באַלד איז ער אויך אַהער אַריינגעקומען מיטן פּאַק שליסלען. דער עולם האָט תחילת נישט קיין חשק געהאַט אים צו פאָלגן, אָפּצורוימען דעם זאַל, נאָר אַז ראָזנבלום האָט זיך באַוויזן, האָט דער עולם גענומען אַרויסגיין.

אינגאַנצן עטלעכע שפּאָקיקן הויז זענען געגאַנגען נאָר צוויי מאַשינען: פון אַלטן פּראָפּער און פון קריידע דעם חונפ-ניק. ווייטער איז געווען שטיל און טויט.

# לא

באָכמיטאָג זענען די שטיקערס אויך נישט געגאנגען צו דער אַרבעט. אין דער היים די ווייבער האָבן געפונען פאַר גאַנץ ריכטיק דאָס נישט וועלן אַרבעטן אונטער פעלדבערגס אויפזיכט. זיי, די ווייבער און מאַמעס, האָבן זיך דעם ערשטן טאָג אַרויסגעוויזן פאַר גרויסע איינשטעלערינס; אויסדריקלעך פאַרלאַנגט, מ׳זאָל עטלעכע טעג גאָרנישט אַרבעטן און נישט פאַרדינען, אַבי נאָר דערגאָך עפּעס אויסצונעמען:

— סיי ווי הונגערט מען צו — האָבן זיי געהעצט די מאַנסבילן.

בנימין האָט אַרומגעזוכט פאָנטשערן, און אַז ער האָט אים אין ערגעץ נישט געקאָנט געפינען, איז ער צו אים אהיים געגאַנגען.

פאָנטשער האָט שוין צייט עטלעכע טעג נישט געקאָנט גיין אין פאַבריק, א פוס האָט אים ווי געטון. ער האָט זיך געחידושט, וואָס בנימין קומט צו אים אין מיטן טאָג, אַרבעטס-צייט. נאָר דערהערנדיק. וואָס עס איז פאָרגעקומען, אַז די שטי-קערס האָבן פון זיך אליין געוואָרפן די אַרבעט, האָט דאָס פאָנטשערן אַזאַ נעם געטון, אַז ער האָט שוין מער נישט גע-דולד געהאַט אין דער היים צו זיצן. ער האָט אַרויפגעשלעפט אויפן געשוואָלענעם פוס עפּעס אַן אַלטן קאַלאָש, און נישט אומקוקנדיק זיך גאָר אויפן ווייבס טענות, אַז אַזוי וועט זיך דער פוס קיינמאָל נישט אויסהיילן — איז ער צוזאַמען מיט

בנימינען אַראָפּגעגאַנגען אין גאַס, טרעפן עמיצן פון פאַבריק און זיך דערוויסן, ווי די זאַך האַלט דאָרט.

אין אָוונט, דעם זעלבן טאָג, איז ביי פאָנטשערן אין דער וואוינונג, אינם נידעריקן דאַכשטיבל, פאָרגעקומען א פאַרזאַמלונג פון אַ טייל שטיקערס. פאָנטשער האָט יעדן פון זיי באַזונדער געלאָזט בעטן, דורך בנימינען, אַרויפצוקומען צו אים. ס׳האָט געהייסן, אַז ווייל פאָנטשערן טוט וויי א פוס און עס איז אים שווער צו גיין, האָט ער געבעטן אים, בנימינען, ער זאָל אַלע צו וויסן טון, מ׳זאָל היינט אין אָוונט אַרויפקומען דאָרט. נאָר אַזוי ווי דאָס שטיבל אויבן איז קליין און אַלע פּופציק שטיקערס וואָלטן סיי ווי נישט געקאָנט אריין, האָט מען אַרויפגעבעטן נאָר די וויכטיקסטע, די וואָס האָבן אַ השפּעה אויף די איבעריקע.

פאָנטשער האָט פאַר די פאַרזאַמלטע גערעדט, צו פאַרשטיין געגעבן, אַז „וואַרפן די אַרבעט" איז דאָס איינציקע געווער, וואָס דער אַרבעטער פאַרמאָגט קעגן פאַבריקאַנט. — — דעם אַרבעטער איז נישט קיין גרויסער חילוק. ער קאָן דערביי ווייניק וואָס פאַרלירן. ער הונגערט סיי ווי — — אַנדערש איז מיטן פאַבריקאַנט. דער פאַבריקאַנט, אַז די פאַבריק שטייט אים אפילו נאָר איין טאָג בלויז — ליידט שוין דערפון זיין געשעפט.

די קליינע פאַרזאַמלונג איז צוגעגאַנגען ערנסט און שטיל. מ׳האָט זיך נישט סתם געאַמפּערט, נאָר גערעדט צו דער זאַך; צו שטאַרק האָט יעטוועדער געפילט אויף זיך דאָס אחריות פון דעם, וואָס איז היינט פאָרגעקומען אין פאַבריק: אין דערהיים האָט יעדער איינציקער געהאַט זיצן עמיצן, וואָס קוקט אַרויס אויף זיין פאַרדינסט — אַן אַלטע מאַמע, אַ ווייב מיט קינדער... און מ׳האָט געשפּירט די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

פאָנטשער האָט נאָך געפונען פאַר נייטיק אויפמערקזאַם צו מאַכן די קאָלעגן, דאָס עס קאָן אַמאָל געמאָלט זיין, אַז מ׳וועט פון קאַנטאָר צוויסן טון דעם פּאָליציימייסטער און מ׳וועט רופן אין פּאָליציי, האָט ער געעצהט, זיי זאָלן טענהן נאָר איינס, אַז די אַרבעט האָבן זיי געוואָרפן, ווייל מען פאַרדינט נישט

אויפן עסן, און מיט אַ הונגעריקן מאָגן איז מען נישט אים־שטאַנד צו ארבעטן.

נאָך די חברימס אַוועקגיין, אַז בנימין האָט זיך צוריקגע־קערט צו פאָנטשערן, איז שוין געווען נישט ווייט פאר האַלבער נאַכט, דאָס ווייב איז שוין געשלאָפן. פאָנטשער האָט בנימינען געוויזן אַ בריוו, וואָס ער האָט אָנגעהויבן שרייבן נאָך נאָכמי־טאָג. דער בריוו איז געווען אַדרעסירט צו זייערס אַן אידייען־חבר אין לאָדזש, טאַלע צו יענעם, וואָס שיקט אַהער צו די דיניטשקע פליס־פאַפיר־ביכלעך, די שטרענג אומלעגאַלע. אין אָט דעם בריוו האָט פאָנטשער צווויסן געטון דעם חבר פון דעם „ערשטן רעוואָלוציאָנערן אקט, וואָס איז אויסגעבראָכן אין שטי־קער־פאַך". ער האָט מודה געווען, אַז דער „אַקט" איז נישט קיין באוואוסטזיניק אָרגאַניזירטער, נאָר סטיכיש אויסגעבראָכן, אָבער די אַרבעטער האַלטן זיך מוטיק, העלדיש און זענען גרייט אויף קרבנות, אבי עפּעס אויסצוקעמפן.

געענדיקט האָט זיך דער בריוו מיט „עס לעבע די רעוואָ־לוציאָן", מיט אַ סך אויסרוף־צייכנס.

אָבער שוין אויף צומאָרגנס איז די „מוטיק־העלדישע" האַל־טונג פון די ארבעטער געווען מער נישט ווי אַ חוזק. ראָזנבלום האָט געמאכט אַ קונצשטיק: ער האָט פראָפּערן און קריידען אויך מער נישט צוגעלאָזט אַרבעטן. אין דערפרי, ווען זיי זענען געקומען ארבעטן, האָט מען זיי צווויסנגעטון פון קאַנ־טאָר, אַז צוליב זיי צוויי בלויז לוינט נישט אָפּן צו האַלטן די פאַבריק.

האָבן קריידע און פראָפּער אויפגעזוכט די חברים און אין זיי אַזאַ שרעק איינגעפלאַנצט; זיי פאָרגעזאָגט סיביר און קאַטאָרגע, ווי אַמאָל מיט אַ סך יאָרן צוריק די אַרבעטער ביי מייזנערן אין פאַבריק, וואָס האָבן נאָך אַזאַ ענלעכער מעשה פון נישט וועלן אַרבעטן (אַ מאָנטיער פון דייטשלאַנד האָט זיי דעמאָלט אויפ־געבונטעוועט) געפוילט חדשים לאַנג אין תפיסה... און פאַרקערט, אויב אַלע וועלן שוין צוריק גיין צו דער ארבעט, איז ראָזנבלום

גרייט צו פאַרבעסערן זיי די לאַגע און וועגן דעם קינדיקן איז ער אויך ,גרייט אַדורכצוקומען.

אָט דאָס נייעס האָט אינגאַנצן צעדרייט די אַרבעטער... פאָנטשערן איז נאָך קוים געלונגען זיי אָפּצוהאַלטן דעם איינעם טאָג פון צוריקגיין אַרבעטן, איינרעדנדיק זיי, אַז ראָזנבלום וועט נאָך היינט קומען און אַלץ נאָכגעבן. אין אָוונט איז ווידער געווען אַ פאַרזאַמלונג ביי פאָנטשערן אין שטיבל. דאָס מאָל איז זי שוין נישט צוגעגאַנגען אזוי רויק ווי נעכטן. פאָנטשער האָט געעצהט צו וואַרטן כאָטש נאָך איין טאָג, האָט אים דער טויטער אברהם מיט איינגעהאַלטענעם כעס אַ זאָג געטון:

— אַדרבא, גיב אונז דו פרנסה, וועט מען דיך אַלצדינג פאָלגן.

און קריידע מיט דער בלאַסער נאָז, לאנג און קרום, ווי אַ שיפער דאַך פון אַ דאָרפישער „סטאָדאָלע", האָט מיט זיין געלאַסענעם שטילן להכעיס קולכל געזאָגט, אַז דאָס וואָס פאָנטשער וויל מ'זאָל נאָכנישט גיין ארבעטן, איז אפשר נאָר דערפאַר, ווייל אים אַליין טוט חיי אַ פוס און ר'קאָן דערווייל נאָך נישט אַרבעטן, האָט ער דערביי גאָרנישט צו פאַרלירן.

דעם אָוונט איז די פאַרזאַמלונג גרעסער געווען, ווי נעכטן.

דאָס שטיבל איז פול געווען, און אַ סך שטעכיקע אָנצוהערענישן איז אויסגעקומען פאָנטשערן אויסצוהערן. און אַז דאָס ווייב פאָנטשערס, אַ נידעריק שוואַרץ איינגעדאַרט יידענעלע, האָט זיך געוואָלט אָננעמען דעם מאַנס פארשוועכטן כבוד, איז שיער געקומען צו מחלוקות, און פאָנטשערן איז קוים געלונגען זי איינצושטילן.

און אַז בנימין האָט געפרווט צו-רעדן, מ'זאָל טון ווי פאָנטשער הייסט און וואַרטן נאָך אַ טאָג, האָט מען אים פראָסט געהייסן דאָס מויל פארמאכן; פראָפּער האָט געזאָגט, נישט רעדנדיק דירעקט צו בנימינען, אז אים, בנימינען הייסט עס, ארט גאָרנישט, אויב צר וועט אפילו נישט ארבעטן, דער רייכער פעטער וואָלבערג וועט סיי ווי נישט לאָזן זייער שטוב הונגערן.

פראָפּערס רייד האָבן אָנגעצונדן ישראל-נחן, וועלכער איז

אויף דאָ געווען, אַלס שטיקער פֿון דער פֿאַבריק. ער, ישראל-נחן, האָט זיך ווייניק אַריינגעמישט. אינדערהיים צווישן די זייניקע, האָט ער אַפֿילו געזאָגט זיין מיינונג, אַז מ'וועט טיי ווי גאָרנישט אויספֿירן, נאָר פּראָפֿעסאָר אָנגריף האָט ישראל-נחן פֿון די כּלים אַרויסגעבראַכט. ער האָט פּראָפֿערן געזאָגט אַ פּאָר האַרבע ווערטער, און דורך דעם איז ווידער שיער אויסגעבראָכן אַ געקריגעריי.

צווישן די צוויי פֿאַבריק-שותּפֿים, וואָלבערג און ראָזנבלום, איז צוליב דעם פּלוצלינדיקן קינדיקן די אַרבעטער און די פֿאָלגן וואָס דאָס האָט נאָכגעבראַכט, אויך אויסגעבראָכן אַ גרויסער סיכסוך. לייב-חיים וואָלבערג, מיט דער פֿעך-שוואַרצער באָרד און נאַיווע אויגן, ער, וואָס האָט בטבע פֿיינט רייסערייען, און וואָס ער האָט אַ חוץ דער שותּפֿותדיקער שטיקעריי-פֿאַבריק נאָך אַ געזיכערטן קאָמיסיאָנער פּאָסטן ביי פֿידלערן אין דער גאַרבעריי — ער האָט פֿאָרגעוואָרפֿן ראָזנבלומען, אַז אין דעם גאַנצן געשעעניש איז נאָר ער שולדיק, ער ראָזנבלום מיט זיין גראָשנדיקער גייציקייט... און דוד פֿישמאַן, וואָלבערגס איידעם, וואָס פֿירט שוין אַ פֿאַבריקאַציע אויף אייגענער האַנט און האָט שטאַרק חשק אָפּצורייסן דעם שווער פֿון ראָזנבלומען און אים צוצושפּאַנען צו זיין אייגענעם „רייטוואָגן"... — ער האָט איצט דאָ געפֿונען אַ גאָלדענע געלעגנהייט צו העצן דעם שווער קעגן ראָזנבלומען.

ער, לייב-חיים וואָלבערג, וואָס איז באַקאַנט אין שטאָט מיט זיין סאָלידקייט און ווייבערישער פֿרומקייט — האָט געציטערט, זיין פֿירמע זאָל זיך נישט קאָמפּראָמיטירן, ווייל ראָזנבלום באַהאַנדלט שלעכט די אַרבעטער — און זיין קעגנשטעלן זיך איז געווען די איינציקע מניעה, וואָס האָט צוריקגעהאַלטן ראָזנבלומען פֿון איבערגעבן דעם ענין דער פּאָליציי, אַז די אַרבעטער האָבן זיך צעבונטעוועט. וואָלבערג האָט קורץ און שאַרף צעוויסנגעטון ראָזנבלומען, אַז מאָרגן זאָלן די אַרבעטער צוריק זיצן און אַרבעטן, אויף וואָס ראָזנבלום האָט געענטפֿערט:

— איך אַליין וויל אויך נישט, די מאַשינען זאָלן מיר שטיין, — פונדעסטוועגן בעטן זיך ביי זיי וועל איך נישט.

און צומאָרגנס, אַז די פאַבריק איז אַלץ נאָך געשטאַנען און די צוויי וואָס האָבן נעכטן יאָ געאַרבעט (פּראָפּער און קריידע) האָבן היינט שוין אויך נישט געאַרבעט, האָט דאָס וואָלבערגן אַזוי אין כעס אַריינגעבראַכט, אַז ס'האָט שיער געהאַלטן דערביי, די פאַבריק־שותפים זאָלן סעפּאַרירן דאָס שותפות. און נאָר מאָריץ וואָלבערג, וואָס איז אויך געווען גערופן אויף דער זיצונג — האָט אביסל געלינדערט דעם ברודערס אָנגעגליטקייט, אַז דאָס וואָס די פאַבריק אַרבעט היינט נאָך נישט, איז גאָר נישט ראָזנבלומס שולד:

— סאַמועל טוט אַלץ וואָס נאָר מעגלעך. זיי זאָלן צוריק גיין אַרבעטן — האָט מאָריץ געזאָגט.

— נאָר פאַרוואָס דען שטייט נאָך היינט אויך די פאַבריק? — דערמאָנט זיך לייב חיים באַלד ווידער.

— פרעגט זיי, כ'בעט אייך, פאַרוואָס ס'גליסט זיך זיי נאָכנישט צו גיין אַרבעטן — זאָגט ראָזנבלום אויך שוין אביסל אָנגעכמורעט, וויסנדיק, אַז מאָריץ איז אויף זיין זייט.

— אַזוי קלוג זענען זיי שוין? — פרעגט דער נישט פיפיקער לייב חיים וואָלבערג.

— פאַרהאַנען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס מאַכן זיי קלוג, וואָס בונטעווען — זאָגט ראָזנבלום.

און אַז וואָלבערג קוקט אים אָן, גלייך ווי ער וואָלט אים אַ שטייגער דערציילט, אַז גענז קאָנען רעדן, רופט זיך אָן מאָריץ וואָלבערג מיט אַזאַ שטילן גיפט:

— חיה רבקהס זונדל, דער בחור, איז אויך איינער פון זייערע חכמים...

— יאָ — באַשטעטיקט ראָזנבלום - ער טאַקע איז דאָס געווען דער ערשטער, וואָס האָט קעגן מיר אַ מויל געעפנט, אַרויסגעשטעלט פאָדערונגען...

און ער גיט באַלד צו:

— ווען נישט ער דעמאָלט, וואָלט אפשר צו דעם אַלעם

נישט געקומען און די ארבעט וואָלט נישט איבערגעריסן געוואָרן.

דאָ געפינט מאַריץ אַ געלעגנהייט זיך נוקם צו זיין אָן דער שטיפשוועסטער — בנימינס מוטער — מיט וועלכער ער האָט אַלטע ירושה־חשבונות נאָך פון מיידלוויין און ער גיט אַ „שמיד דאָס אייזן, ווי לאַנג ס'איז הייס".

— „ער" האָט אין הימען צו גראָטן, דער ת.א באַרטעק— זאָגט מאַריץ וועגן בנימינען.

לייב־חיים פאַרבייסט אַ ליפּ און רעדט שוין גאָרנישט.

די זיצונג ווערט געשלאָסן מיט דעם באַשלוס, אַז אויב די ארבעטער וועלן נאָר קומען, זאָל מען זיי צולאָזן אַרבעטן.

אינדערפרי דעם דריטן טאָג, ווען די ארבעטער זענען געקומען אין פאַבריק און געוואָלט זיך זעצן אַרבעטן, האָט זיי דער סטרוזש געהייסן אַרויסגיין אין קאַנטאָר, און דאָרטן האָט זיי פעלדבערג צוזויסנגעטון, אַז נעכטן ביז פאַרנאַכט האָבן זיי געהאַט צייט צו קומען ארבעטן -- היינט איז שוין נאָכן טער־מין, ער האָט אַ באַפעל נישט צו לאָזן עמיצן ד' פאַבריק. איבריקנס, זאָלן זיי וואַרטן ביז דער הער ראָזנבלום וועט קומען.

דער הער ראָזנבלום איז זייער שפּעט .. קומען אין קאַנ־טאָר. ס'זענען געווען פאַרזאַמלט אַלע שטיקערס מיט די פעד־לערס. זיי זענען געזעסן אין קאָרידאָר, לעבן קאַנטאָר, אויף די שטיגן, געקוקט דעם נאָכאַנאַנד אַרויף און אַראָפּגייענדיקן פעלדבערג תחנונימדיק אין די אויגן, ער זאָל פאַר זיי־ערטוועגן אַ גוט וואָרט רעדן... קריידע אין דער אַלטער פּראָפּער האָבן דערווייל צייט געהאַט צו דערמאַנען, אַז נעכטן וואָלט מען זיי יאָ צוגעלאָזט צו דער אַרבעט און ראָזנבלום האָט נאָך געהאַט צוגעזאָגט עפּעס נאָכצוגעבן אויך, — און שולדיק אין דעם, וואָס זיי זענען נעכטן נישט געקומען אַרבעטן, איז נאָר יואל פאָנטשער. ער מיטן קראַנקן פוס — ער קאָן נאָך סיי ווי נישט אַרבעטן, וואָס אַרט דאָס אים? וואָלט ער געוואָלט, אַנדערע זאָלן אויך נאָכנישט אַרבעטן...

קריידע האָט אויסגערעדט ספּעציעל אויף פּאַנטשערן, פּראָ־פּעסאָר ווידער — גאָר אויף בנימינען...

נישט [אַזוי לייכט איז עס אָנגעקומען, מ׳זאָל זיי אַריינ־לאָזן אַרבעטן, ווי ביז אַהער. קריידע און פּראָפּער, וואָס האָבן זיך געפילט אַביסל תּקיף, ווייל זיי זענען געווען די איינציקע, וואָס האָבן נישט איבערגעריסן די אַרבעט, זיי זענען עס געווען די שתּדלנים... אַלע האָבן זיך פאַרענטפערט; יעדער באַזונדער האָט איבערגעחזרט, אַז ער איז נישט שולדיק און דעם גאַנצן „בייגל״ אַרויפגעוואָרפן אויף פּאַנטשערן. און אַז פּראָפּער האָט דערמאָנט אויך בנימינס נאָמען (בנימין איז נאָך נישט דאָ גע־ווען), איז ער אין דער מינוט איינשטימיק אויך צוגערעכנט געוואָרן צו די העצער, אַשטייגער ווי וועגן דעם איז גאָר קיין קלער נישט, אַלע ווייסן דאָך, אַז ס׳איז אַזוי...

ביים צוריק צונעמען די אַרבעטער איז אין קאָנטאָר לעבן ראָזנבלומען געזעסן מאָריץ וואָלבערג אין די טונקעלע ברילן: אים, מאָריצן, האָט לייב־חיים אהער געשיקט, אום ער זאָל אין זיין נאָמען דערביי זיין, ביים פאַרטראָגן זיך מיט די אַרבעטער כדי עס זאָל צוגיין מיט יושר.

ראָזנבלום האָט אונטערגעהאַנדלט מיט יעדן שטיקער באַ־זונדער. איינציקווייז אַריינגערופן איינעם נאָך איינעם אין אַ באַזונדער חדר, וואו ער מיט מאָריצן זענען געזעסן ביים טיש ווי צוויי ריכטער, וואָס אין זייער האַנט ליגט לעבן און טויט.

קיין גרויסע אַמפּערייען האָט ראָזנבלום מיט קיינעם פון זיי נישט געהאַט. יעדער באַזונדער איז איינגעגאַנגען אויף ראָזנבלומס שפּאָגל נייע באַדינגונגען, אַבי מ׳זאָל אים שוין צוריקלאָזן צו דער מאַשין. ס׳האָט זיך שוין געבענקט נאָך דעם דרייען די קאָלבע; מ׳האָט שוין ליב געהאַט דעם יאָך, ווי אַ צום פלאָקן צוגעוואוינטער הונט האָט שוין ליב די קייט.

און סוף כּל סוף זענען נאָך דעם זעלבן טאָג די מאַשי־נען ווידער געגאַנגען. די פאַבריק האָט ווידער אויפגעלעבט, די מאַשינעס — גערוישט, געטומלט און געבראַזגעט, ווי קיינ־מאָל גאָרנישט, ווי יענע וואָך און פאַר יענע וואָך.

אָבער נישט אַלע מאשינעס זענען ווידער געגאַנגען. אַ קליינער טייל שטיקערס זענען מער נישט צוגעלאָזט געוואָרן צו דער ארבעט: בינשטאָק, וואָס צוליב אים האָט זיך די גאנצע „חתונה" אָנגעהויבן, צוליב זיין געגנבעטע פעקל גארן; פאָנטשער און בנימין זענען אויך נישט צוריק גענומען געוואָרן, ווייל — זיי זענען בונטאָווּשטשיקעס...

אזוי איז דער בונט איינגעשטילט געוואָרן, שטיל און רויק, אַלץ לויט ראָזנבלומס פלאַן, און אָן דער פאָליציי, חיים לייב חיים האָט פארלאנגט:

— „גאָר אָן סקאנדאלן".

## לב

א וואָך און אַ וואָך איז אוועק. בנימין האָט זיך אַרומ־געדרייט ליידיק. ער האָט נישט געקריגן אין ערגעץ קיין אַר־בעט, ווייל מ'האָט אים נישט געוואָלט אַרויסגעבן אין קאַנטאָר די „רעקאָמענדאַציע", וועלכע מען מוז האָבן, אום צו קאָנען קריגן ערגעץ אַ מאַשין.

און נישט אַרויסגעקריגן די „רעקאָמענדאַציע" האָט ער, ווייל ראָזנבוים האָט אים געהייסן נאָך דאַנקען גאָט, וואָס ער איז נישט איבערגעגעבן געוואָרן אין דער פּאָליציי הענט.

בנימין איז דעם ווינטער שוין געווען פריי פון מיליטער, און הגם אַלס ע"טערער זון, וואָס דערנערט די מוטער, האָט אים געגאָלטן אָן „אולגע" און אים איז לייכט אָנגעקומען דאָס באַ־פרייט ווערן — האָט פונדעסטוועגן די מאַמע נאָכאַנאַנד גע־קרעכצט, אַז דאָס באַפרייען אים האָט זי געקאָסט, איצט איז נישטאָ א פּרוטה אין שטוב, מלכהן רעדט מען שידוכים, און ער בנימין, גייט גאָר אַרום ליידיק, אָן אַרבעט.

פּאָנטשערן איז עפּעס יאָ געלונגען צו באַקומען אַרבעט אויך ער האָט נישט געקריגן פון ראָזנבלומען קיין „רעקאָ־מענדאַציע". איז אים טאַקע דאָס באַקומען אַרבעט אָנגעקומען מיט גרינגע וועגים; נישט געקאָנט אָנקומען אין קיין לייטישער פאַבריק און לסוף — אַדאַנק דער יידישע זיינער, וואָס איז אַהינגעגאַנגען ווייגען — זיך געפּילט גליקלעך, אַז ר'איז אריינ־געפאַלן אין יאַנקל גינגאָלדס פאַבריק, וואָס אַזוי די מאַשינען

ווי די אויסצאָלונגען זענען דאָרט נישט רעיעל; ווינטער פרירן די שטיקערס, זיצנדיק ביי די מאַשינען, און די גאַנצע פירונג דאָרט ליגט אין די הענט פון גינגאָלדס ווייב, וואָס טראָגט א קופקע ווי א רביצין, איז פרום ווי א בעסטיע, און די פאַבריק ווערט אָנגערופן אויף איר כשרן נאָמען:

— פעסע די ראָצערינס פאַבריק — אַזוי רופט מען זי.

איצט, אַז פאַנטשער האָט שוין אויך באַקומען אַרבעט — האָט זיך בנימין אַרומגעדרייט איינער אַליין; זיצן אין דערהיים האָט ער נישט קיין געדולד געהאַט — ס'איז געווען איבער די כחות צו צוהערן דער מאַמעס קרעכצן:

— שיין דערלעבט זיך נעבעך...

אָדער אַז מלכּה איז אמאָל נישט אין דערהיים געווען, האָט די מאַמע צוזאַמענגעבונדן בנימינס נישט קאָנען אַרבעט מיטן נישט קאָנען קריגן א חתן פאַר מלכּהן:

— נאָר איבער דיר וועט דיין שוועסטער פאַרזיצן ביז אין גראָען צאָפּ אַריין...

און אָט, בלויז נאָר אום נישט צו הערן דער מאַמעס אָכצעניש און קרעכצעניש, האָט זיך בנימין גאַנצע טעג, ביז האַלבער נאַכט, אַרומגעדרייט אין די גאַסן.

ס'איז געווען אינמיטן ווינטער, דער פראָסט האָט געגנומען מיט יעדן טאָג שטאַרקער און ברענעדיקער, די שיך זענען אים געוואָרן צעריסן און ער האָט נישט געהאַט קיין געלט צו לאָזן זיי פאַרריכטן. פון פעטער לייב־חיים איז די מאַמע שטענדיק אַהיימגעקומען אָנגעלאָדנט אויף בנימינען, אַז ער האָט דאָרט די פאַבריק צעבונטעוועט און מ'האָט אים געמוזט אָפּשאַפן, און ווען נישט דער פעטער לייב־חיים וואָלט צוריקגעהאַלטן ראָזנבלומען, וואָלט ער היינט געזעסן אין תּפיסה. אָדער נאָר געווען אויפן וועג קיין סיביר און ס'וואָלט געווען א בזיון פאַר דער גאַנצער משפּחה, און פאַר זיין שוועסטער צו קריגן א חתן, ביי איר „גרויסן" נדן משטיינס־געזאָגט, וואָלט אַודאַי געווען א מעלה צו האָבן א ברודער א תּפיסהניק...

און בנימין איז געווען אַזוי אויפן געמיט, אַז ער וואָלט

שוין בעסער געוואָלט זיצן אין תּפיסה איידער אויסצוהערן דער מאמעס באקלאָגן אים.

ישראל־נח, מוז זיין, האָט נישט גערעדט אויף בנימינען קיין שלעכטס. ער איז צו אים געווען ווי פריער קאלט, נאָר פאָרט פריינטלעך, און מוסר געזאָגט בנימינען האָט די מאמע כמעט קיין מאָל נישט אין ישראל־נחס געגנוואָרט.

און אזוי עסנדיק טאָג ביי טאָג אין דערהיים אומזיסטיק ברויט, וואָס איז אים געבליבן שטעקן אין האלז, און ארומ־דרייענדיק זיך אין די גאסן אויף דער ביטערער קעלט, איז בנימין פאר קעלט און לאנגווייליקייט פארקראָכן איינמאָל אין א פארנאכט אין שטאָטישן בית־המדרש. ס'איז געווען צווישן „מנחה־מעריב". אין בית־המדרש איז געווען ווארעם און ליכ־טיק. ביי די טישן זענען געזעסן באלעבאטים און האָבן גע־לערנט, גאָר ווי אמאָל דאָרט אין שטעטל. בנימינען האָט דאָס געחידושט, אין עפּעס האָט זיך אין אים אינעווייניק פארבענקט נאָך יענער צייט...

ער איז געזעסן אויף א באנק, פאררוקט אין א ווינקל. די ווארעמקייט האָט אים אדורכגענומען די ביינער, און ס'האָט זיך אים געוואָלט איינדרימלען. דורך די האלב־פארמאכטע אויגן־לעפּלעך האָט ער דערבליקט צווישן דעם עולם לערנערס — הערש קופּערס פאָטער. ער האָט איצט גוט אויסגעזען, דער אלטער, כמעט יינגער ווי דעמאָלט, און בכלל האָט ער שוין מער נישט אויסגעזען ווי דעמאָלט יענער שוויינגדיקער פאר מורא־שחורערטער, פארדאגהטער ייד, וואָס פלעגט ברענגען דעם זון דאָס טעפּל קאווע אין פאבריק און די פּעדלערס האָבן פון אים אָפּגעלאכט, רופנדיק אים „גוטער־ייד" — „און פון וואָס — האָט בנימין געטראכט — איז עס דעם ייד פּלוצלינג גוט געוואָרן"? מן הסתּם פון דעם זונס רייכקייט, פאלט אים אויך עפּעס צו; דער זון לאָזט נישט פאלן דעם אלטן טאטן. און ער, וואָס האָט זיין מוטער די אלמנה פון אים — וואָס האָט זי, א חוץ טרערן און זיפצן? אין ווי אַן אויסגעטראכ־טער שיינער חלום האָט אים אין עלנט זיינעם אויסגעזען די

ליכטיקע לערע פון די ביכלעך, וואָס מיט די דינטשיקע פּליספּאַפּיר בלעטלעך, וואָס ער האָט אזוי הייליק געגלויבט אין זיי. זיינע חברים, די אַרבעטער, וועמעס טובה ער האָט געמיינט צוזאמען מיט זיין אייגענער טובה — האָבן אים פאַרראַטן.

און איצט — אַך, צו וואָסער שטאַנד ער איז געקומען!...

און טאָג האָט זיך גערוקט נאָך טאָג, און וואָך — נאָך וואָך אין זיין עלנטער לאַגע איז גאָרנישט געקומען קיין שום ענדערונג. ער האָט ווייטער געגעסן אין דערהיים אומזיסטיק ברויט; נישט געוואָלט אויסזאָגן, אַז די שיך זענען אים צעריסן... ער האָט געטראַכט פון איבערגעבן זיך פרייוויליק, מ'זאָל אים צוגעמען פאַר אַ זעלנער. און פון זעלבסט-מאָרד האָט ער געטראַכט, איז עטלעכע מאָל געווען שוין גאָר גאָר נאָענט דאָס אויסצופירן, נאָר עפּעס אין אים אינעווייניק האָט אים שטענדיק צוריק געהאַלטן פון וואַרפן זיך פון דער פאַבריק אין טייך.

איין מאָל אין א פאַרנאַכט — אַ שניי האָט געפלאַטערט אין דער לופט, דער שניי איז געפאַלן אויפן פּנים און צעגאַנגען אַרום מויל פון דער פאַרע — בנימין איז אַרומגעקראָכן ביים איים איינגאַנג אין פאַרק נעבן נישט לאַנג צוריק אויסגעבויטן שטאָטישן טעאַטער — איז אים מיט אמאָל אָנגעקומען אקעגן טעמערל, מיט איינעם אַ פיינגעקליידטן יינגנמאַן. ס'איז געווען אַזוי פּלוצלונג און אומגעריכט דאָס באַגעגעניש, אַז נישט ער — בנימין — האָט צייט געהאַט צו גריסן און נישט זי, מוז זיין, האָט אים גאָר באמערקט.

בנימין האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק און זיי נאָכגעקוקט. דאָס טעאטער איז געווען באַלויכטן, און זיי זענען א הין אַריינגעגאַנגען, אין דער אָפענע טיר. דער וואָס איז מיט איר געגאַנגען האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער איינגאַנגטיר, זי פריער אַריינגעלאָזט, און הינטער איר איז ער אויך אַריין.

בנימין איז ווייטער געגאנגען. ער האָט זיך נישט גע-

חאָלט די מי געבן צו טראַכטן, צי דער וואָס איז איצט אַריינ־געגאַנגען מיט טעמערלען אין טעאַטער איז נישט אַמאָל איר אייגענער ברודער פייוול, אָדער ווי ער רופט זיך איצט — פעליקס? ניין, ער האָט דערפֿון נישט געטראַכט. ס׳איז אים לפֿנים געווען גאַנץ גלייכגילטיק. ער איז אַריינגעגאַנגען אין פּאַרק. ס׳איז שוין גאָר טונקל. בנימין האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, און שטיל, זענען אים טרערן פֿון די אויגן גערונען, גערונען איבער די באַקן און צו די ליפּן. זיי זענען געווען וואַרים די טרערן, און האָבן גע־האַט אַ געזאַלצענעם טעם.

פֿון יענעם אָוונט אָן איז בנימין געוואָרן נאָך אומעטי־קער. דער ווײ פֿון זיין האַרץ האָט זיך אים אויפֿן פּנים גע־לייגט, און דער צער האָט אים פֿון די אויגן אַרויסגעקוקט.

ער האָט נישט געטראַכט פֿון טעמערלען. ער האָט בלויז עפּעס איינמאָל אַ טראַכט געטאָן, אַז מיט עטלעכע חדשים צו־ריק האָט זי אים צוגעזאָגט צו טרעפֿן זיך מיט אים יעדן שבת־צונאַכטס, ער האָט זי איין אָדער צוויי מאָל אָפּגעוואַרט, זי איז נישט געקומען און דערנאָך — דערנאָך האָט זיך גע־מאַכט דער „שטרייק" אין דער פֿאַבריק, און זיין לעבן איז פֿאַרדרייט געוואָרן. ער האָט נישט געטראַכט פֿון טעמערלען. ער האָט בכלל פֿון גאָרנישט געטראַכט. ער האָט נאָר געפֿילט אַז אויב צו זיין ליידיק־גיין וועט נישט גיך אַ סוף בעמען, אויב ער וועט נישט קריגן אַרבעט — גייט ער אונטער.

די מאַמע האָט אים מער נישט געזאָגט קיין מוסר און נישט געקרעכצט אויף זיין נישט אַרבעטן. איצט האָט זי אים גאָר געטרייסט, אַז ס׳איז נאָך נישט סוף וועלט. ער וועט נאָך קריגן אַרבעט, און וואָס צו עסן איז נאָך אויך ברוך־השם אין שטוב פֿאַרהאַנען.

בנימין אָבער איז געווען אינגאַנצן אויסגעשעפּט און קיין פֿרייע מינע האָט זיך מער אויף זיין פּנים נישט געוויזן.

דערנאָך איז געווען איינמאָל — נאָך אַן ערך 4 חדשים

לידיק גיין — איז בנימין אמאָל אין אָוונט אַהיימגעקומען, איז אין דערהיים געזעסן ישראל־נח און געגעסן נאַכט־עסן, און אַבע איז אויך פּונקט אויבן געזעסן, האָט די מאַמע מיט אַ שיינעדיק פּנים דערלאַנגט בנימינען אַ פּאַפּירל, איז דאָס פּאַפּירל געווען אַ „רעקאָמענדאַציע״ פון וואָלבערגס־פאַבריק, אויסגעשריבן אויף בנימינס נאָמען.

די מאַמע האָט דערציילט, אַז נישט לייכט איז איר אָנגעקומען ארויסצוקריגן פון ראָזנבלומען דעם דאָזיקן רעקאָמענדאַציע־בריוו. זי האָט דערמאָנט מיט אַ זיפץ איר שטיף־ברודער מאָריץ, אַז איין גאָט זאָל איר צו הילף זיין, וואָס פאַרא שנאת־חנם דער דאָזיקער מענטש טראָגט אויף איר.

אַלע זענען שטיל געוואָרן, און ס'איז זיך געווען משער צו זיין, אַז געוויס טרערן האָט דאָרט די מאַמע געמוזט פאַרגיסן, איידער זי האָט דעם צעטל אַרויסגעקריגן.

די מאַמע האָט פאַרזיכטיק ווי אַן אוצר געהאַלטן אין האַנט דאָס גוטע פּאַפּירל — און זיך אָנגערופן:

— קינדער מיינע, ס'איז פּאַרט גוט צו האָבן אַ ברודער, אַן אָנגעזעענעם מענטש, ווי לייב חיים למשל... אַבע האָט אויך אָנגעקוקט דעם ווייסן בויגן פּאַפּיר אויבן מיט דער פירמע „Wolberg et Rosenblum״ און אונטן צום סוף געשטעמפּלט מיט דעם פירמע־שטעמפּל, און ער האָט געזאָגט:

— נו, דאַרפסט שוין נישט זאָרגן, בנימין, איצט וועסטו שוין אומעטום קריגן אַרבעט.

און אזוי איז טאַקע געווען, איינער פון די גרעסטע פאַבריקאַנטן — אראָנסאָן — האָט אין נייצוגעבויטן פליגל פון דער געביידע, וואָס דאָרט אין קעלער שטייען די דאַמף־מאַשינען און ארבעטן אויס טייל־שפּיצן און אַפּליקאַציע, געלאָזט ברענגען עטלעכע האַנט־מאַשינען. בנימין איז אַהינגעגאַנגען אין קאַנטאָר, פאָרגעשטעלט זיין רעקאָמענדאַציע פון וואָלבערגס פאַבריק, און ער איז באַלד צוגענומען געוואָרן אַלס

שטיקער אויף איינער פון די נייע מאַשינען, וואָס ווערן איצט אויפגעשטעלט.

און ווי נאָר די מאַשין איז פאַרטיק געוואָרן, האָט בנימין זיך גענומען אַרבעטן, און ס'לעבן איז אים ווידער אַוועק פון פריער: פול אַרבעט און צוריק געקראָגן יוגנט־מוט.

## סוף פון ערשטן טייל

שמעון האָראָנטשיק

# אין געדריש פון מאשינען

ראָמאַן אין 2 טיילן

פאַרלאַג „קולטור-ליגע", וואַרשע

## א

דעם לעצטן שבת־צו־נאַכט, וואָס פאַר פורים, קומט פאָר דער טראַדיציאָנעלער שטיקער־באַל. יעדער פאַבריקאַנט מאַכט דעמאָלט פאַר זיינע אַרבעטער אַ באַל; ווער אין קאַנטאָר, וואָס ווערט דערצו אויסגערוימט, ווער אין אַ געדונגענעם טאַנץ־זאַל, און אַ קליין פאַבריקאַנטל — אויך ביי זיך אין שטוב.

אַראָנסאָן האָט דעם באַל פאַר זיינע שטיקער געלאָזט איינאָרדנען אין גרויסן פלעט־חדר, דאָרט וואו אין די וואָכן־טעג זיצן שיקסעס אין ווייסע פארטוכער און פרעסן די אויסגעציקלטע שטיקעריי־שטרייפן אָדער פאַרפאַקן די שטרייפן־שפיצן און איינזאַצן מיט שפילקעלעך און קלעפן־אויף דעם באַנדעראָל, וואָס טראָגט אויף זיך די פירמע. אָנטיילגענומען אין דעם באַל האָבן נישט נאָר שטיקער אַליין, נאָר פון די מיידלעך פעדלערקעס, ביז — ביז אדאָלף קאַרלין, אַראָנסאָנס געשעפטס־פירער. און אויפן באַל האָט דער הער אַראָנסאָן געהאַלטן פאַר די אַרבעטער אַ רעדע — אַ זייער בילדלעכע רעדע, אין וועלכער ער האָט סך־הכל געזאָגט, אַז די פאַבריק דאָס איז זיין קאָטש, די שטיקערס — פערד, קאַרלין דער געשעפטספירער — דער אָנטרייבער. און דער פריץ, וואָס זיצט אין קאָטש און ווערט געשלעפט פון די פערד — איז ער אַליין... מאַקסימיליאַן אַראָנסאָן.

די שטיקער האָבן דעם פאַבריקאַנט, אַלס דאַנק פאַרן באַל, נאָך זיין רעדע, געהויבן אין דער הויך און געשריגן דריי מאָל „הורא".

דערנאָך, אַז ס'איז געוואָרן שפּעט ביינאַכט, האָט דער הער אַראָנסאָן אָנגעטון דעם פוטער און אַהיימגעגאַנגען, איבער־לאָזנדיק די אַרבעטער זיך נאָך ווייַלן. נאָר אין קעשענע פון פוטער האָט דער הער אַראָנסאָן געפונען ליגן אַ שטיקל פּאַפּיר, וואָס עמעץ, מוז זיין, האָט אַהין אַריינגעלייגט, ווען דער פוטער איז געהאָנגען אין דער פּלעט-שטוב — און אין דעם שטיקל פּאַפּיר איז געווען אָנגעשריבן מיט בלייפעדער אויף יידיש אָט וואָס:

„הער אַראָנסאָן! אייערע שטיקער זענען נישט קיין
פערד — — אַ פערד זענט איר אַליין, אַן אומנוצלעך
קאַפּריזנע פערד זענט איר..."

דעם הער אַראָנסאָן האָט דאָס דאָזיקע אונטערגעוואָרפענע בריוול אַ סך בייז בלוט פאַרשאַפט. אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך דער דאָזיקער אינהאַלט אים אין קאָפּ געבאָמבלט, און אין דער פרי, ביים ערשטן פרישטיק, וואָס ווערט אָפּגעהאַלטן אין בעט, האָט ער אַזש דער פרוי דערפון דערציילט:

— לעאָנאָראַ — האָט ער געזאָגט — מיינע לויטע די זינד שאָן צו פרעך.

ביי דעם הער אַראָנסאָן איז אויסגעקומען, אַז דאָס בריוול איז די ערשטע שוואַלב, וואָס זאָגט אָן דעם בונט, וואָס וועט מאָרגן־איבערמאָרגן אויסברעכן ביי אים אין פאַבריק, און זיין פרוי, די יופּקע פון האַמבורג, האָט זיך דערשראָקן פון דעם מאַנס שלעכטע נביאות, און האַלטנדיק די האַנט אויפן פלאַ־טערדיקן הארץ, האָט זי געשטאַמלט:

— אַבער מאַקס, דאָס איז דאָך אונמעגליך...

און נאָך דעמזעלבן טאָג האָט אַראָנסאָן געלאָזט צוזאַמענ־רופן אַלע זיינע אַרבעטער אין קאַנטאָר און זיי אויפגעפאָדערט אַרויסצוגעבן דעם „פרעכן שורקע", וואָס האָט אַזאַ שמוציקן אַנאָנים אונטערגעוואָרפן אין קעשענע פון זיין פוטער.

די אַרבעטער האָבן געשוויגן, נישט פאַרשטאַנען, וואָס דער פאַבריקאַנט וויל פון זיי האָבן. זיי האָבן געהאָרכט, וואָס ער האָט צו זיי גערעדט, געצויגן די פּלייצעס, און צוריקגעגאַנגען אַרבעטן, יעדער צו זיין מאַשין. נאָר דער עלטערער פון די צוויי ברידער כאַשקעס — הערש לייב — וועלכער געהערט צו א געהיים קרייזל פון דער פויל־שער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — ער אפּנים האָט יאָ א שייכות געהאַט צו דעם דאָזיקן אָנאָנים בריוול. וואָרום ווען זיי, די צוויי ברידער, זענען צוזאַמען מיט די איבעריקע שטיקער צוריקגעגאַנגען פון קאַנטאָר, האָט דער ייִנגערער ברודער — מאָטל — א ציפּ געטון דעם עלטערן ביים אַרבל און א מורמל געטון:

— אָבער, ווי די פּאָר ווערטער באַדזשען אים.

און דערויף דער עלטערער מיט א שמייכל:

— זאָל עס אים קרענקען, דעם בלוט-זויגער.

— און די האַנטשריפט, וועט כאָטש קיינער נישט דערקענען? — פרעגט דער ייִנגערער א ביסל אומרואיק.

— אָ, ניין — ענטפעט דער עלטערער — קיינער דאָ האָט מיך נאָך נישט געזען שרייבן...

---

אין אַראָנסאָנס פאַבריק איז די אַרבעטס-צייט א ביסל מער נאָרמירט, ווי ערגעץ אנדערש. דאָ אַרבעט מען נישט אין אָוונט ווי לאַנג איינער וויל, נאָר באַשטימטע שעהן — פון זעקס אינדערפרי ביז אַכט אין אָוונט, און הגם שטיקערס אַרבעטן נישט אויפן טאָג, נאָר פון „שטיק" און זיי וואָלטן געדאַרפט זיין צופרידן, וואָס לענגער צו אַרבעטן — איז עס אָבער אין אמתן נישט אַזוי; וואָלט מען זיי געלאָזט אַרבעטן ווי לאַנג איינער וויל, וואָלטן זיי טאַקע געאַרבעט, ווי אומעטום — ביז האַלבער נאַכט און נאָך לענגער. אַזוי אָבער ווי א פערטל אויף ניין מוז די פאַבריק שוין זיין געשלאָסן און לענגער אַרבעטן, איז נישט דערלויבט — זענען די שטיקערס אויך צופרידן; מען איז צופרידן, וואָס מ׳גייט אַהיים, ווען די געוועלבער זענען נאָך אָפן

און אין די גאַסן איז נאָך די געוויינטלעכע באַוועגונג, אָדער ווי מ'רופט דאָס אויף פאַבריק לשון: „ווען גאָט שלאָפט נאָך נישט".

מיט פאָנטשערן טרעפט זיך בנימין אויך ווייטער. ביי פאָנטשערן אין פאַבריק קומט זיך צוזאַמען עטלעכע מאָל אין וואָך דאָס קרייזל, צו וועלכן בנימין געהערט אויך.

דאָס קרייזל האָט די מעגלעכקייט זיך צוזאַמענצוקומען ערשט שפּעט אין אָוונט, ווען פאָנטשערס שכנים זענען שוין אהיימגעגאַנגען און מ'דאַרף שוין נישט מורא צו האָבן פאַר א פרעמד אויג אָדער אויער...

אין גאַנצן זאַל איז דעמאָלט שוין פינסטער, נאָר בלויז ביי פאָנטשערס מאַשין אַליין ברענען נאָך פעסע דער ראָצערינס רויכערדיקע לאָמפּן און שיקן אַרום פליענדיקע סאַזשע, ווי שוואַרצע-שניי גרייפּעלעך וואָלטן געפלויגן. אַזש דער אויסגע-אַרבעטער שטאָף, די שטיקערײ־שטרייפן, וואָס זענען פייכט פון דער שיטערער זייף, קלעפּן אין זיך אָן די פליענדיקע סאַזשע-פלאָקנס; ווערן די אויסגעאַרבעטע בלעטלעך, „ראָזעטן" און פיין-געלעכערטע „שטעגלס", איינגעריסט שוואַרץ, ווי טרויער-לענטעס — נאָר שאָדן שאָדט דאָס נישט: אין קאָכעדיקן קעסל, ווען די „פלאַכטעס" ווערן געקאָכט, אום פון זיי די נאַטירלעכע רויע געלקייט ארויסצוציען — דאָרט ווערט אַלץ ריין, ווייס, בלויז די „יויך" וואָס בלייבט אין קעסל, ווערט פון די דאָזיקע פאַריסטע „שטרייפן" א ביסל טריבער ווי געוויינטלעך, און די דינסטן וואָס קויפן דאָס שאַרפע וואַסער דער מיט די דילן צו שאָרעווען, ווילן זיי דאָס טונקעלע וואַסער נישט אַזוי גערן קויפן.

ווען דאָס קרייזל קומט זיך צוזאַמען, זיצט נאָך פאָנטשער און אַרבעט געשמאַק און די פעדלערס זיינע זיצן נאָך ביים טישל און ציען איין פעדעם. די קרייזל-חברים, עטלעכע שטי-קערס פון פאַרשידענע פאַבריקן — אַלץ בחורים — זיי פאַר-דריסט, וואָס פאָנטשער לאָזט זיי אַזוי לאַנג וואַרטן. זיי שושקען זיך מיט פאַריבל, אַז דעם גאַנצן טאָג, ווען מ'דאַרף אַרבעטן

און די צייט איז צו אַרבעטן — דרייט זיך פּאַנטשער אַרום לײדיק, און בײנאַכט, װען אַלע גײען אַהיים, הײבט זיך בײ אים ערשט אָן דער אַרבעטס־טאָג.

סוף כּל סוף שיקט פּאַנטשער אַהיים די פּעדלערס, לעשט אויס אַלע לאָמפּן, איבערלאָזנדיק ברענען נאָר דעם אײנעם, װאָס שטײט אויפן פּעדל־טישל. דאָס קרײזל זעצט זיך אַרום, און פּאַנ־טשער נעמט מיט זײ לערנען. ער לײענט זײ פּאַר אומלעגאַלע בראָשורן, רעדט פאַר זײ אויך אײגנס, װעגן סאָציאַליזם, אָדער ער קלערט זײ אויף, פאַרטיפט אין זײ דאָס קלאַסן־באַװאוסטזײן.

בנימין רעכנט זיך פאַרן ערשטן אין קרײזל. אַסך מאָל האָט ער שוין פאַרטרעטן פּאַנטשערן, װען יענער האָט צוליב עפּעס אַ סיבה נישט געקאָנט אַמאָל בלײבן ביז שפּעט אין דער נאַכט בײם קרײזל.

בנימין װײסט שוין איצט, װאָס אַזױנס עס איז סאָציאַליזם, און פאַר װאָס די פרעדיקער פון קאָמונע זענען דורכגעפאַלן מיט זײער קאָמוניזם־אידײע, װײל דאָס איז אַן אוטאָפּיע... אויך באַ־קונינס טעאָריע קאָן נישט אויסגעפירט װערן, װײל זי באַזירט נישט אויפן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, די פּאַריזער קאָמונע איז פון ערשטן טאָג אָן געװען פאַרמשפּט, און װאָלט נישט די בעסטיע טיער זי אומגעבראַכט, װאָלט זי אויך נישט געקאָנט עקזיסטירן, הגם די קאָמונאַרן זענען געװען מוטיקע און אײדעלע קעמפער.

און ראָבערט אָװען און סען סימאָן און פוריע און פּרודאָן— זײ אַלע זענען געװען אוטאָפּיסטן... און עקאָנאָמישער קאַמף אָן פּאָליטישן, קאָן גאָרנישט געמאָלט זײן — דער אַרבעטער־קלאַס, דער שאַפער פון אַלצדינג, מוז קריגן די דעה איבער דעם לעבן; ער, דער אַרבעטער־קלאַס, איז דער פּראָדוצירער, אָן אים „שטײען אַלע רעדער שטיל" — װי עס זינגט זיך אינם אַרבעטער־ליד:

װאָס װאָלט די װעלט געװען אָן אַרבעטער? — אַ װיסטע־ניש, אַ מדבר.

בנימינס קרײזל האָט צום ערשט געהערט צו דער „פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטײ"; װאָס אײגנטלעך די דאָזיקע פּאַרטײ װיל, װאָס איר פּראָגראַם איז — האָט קײנער פון קרײזל נישט

געגוי געוואוסט, אפילו פאַנטשער אליין אויך נישט. נאָר דערנאָך איז אמאָל געקומען צו פאָרן איינער א פרעמדער בחור, א ליט־וואק אין א שווארץ העמדל. האָט ער בייגעוואוינט א קרייזל־זיצונג, און האָט דערקלערט די פּראָגראַם פון דער „פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי", אַז זי פאַרקריכט אַזש אין דער סאַמע געדיכטער טיפעניש פון פוילישן נאַציאָנאַליזם. דערנאָך האָט ער ברייט אַנטוויקלט די פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי, צו וועלכער ער געהערט, דאָס איז א פאַרייניקונג פון די יידישע אַרבעטער פון רוסלאַנד, ליטע און פוילן, אונטער דער פאָן פון אַ יידישער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע. און כאָטש דער צוזאַמענפאָר פון דער רוסישער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי האָט זיך נאָך אָפּגעזאָגט אָנצוערקענען די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע — לעבט זי פאָרט, עקזיסטירט, אַנטוויקלט זיך, און נעמט אַרונטער אונטער איר פאָן אַלץ גרעסערע מאַסן אַרבעטער, יידישע אַר־בעטער.

בנימין ווייסט שוין איצט, צו וועלכער פּאַרטיי ער געהערט, וואָס איר פּראָגראַם איז, און אַז קאַרל מאַרקס איז דער באַגרינ־דער, דער טעאָרעטיקער פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, און אַז דעם סאָציאַליזם קאָן מען נישט דערנענטערן מיט קיין גוואַלט־מיטלען, מיט טעראָר, נאָר ווען די צייט וועט קומען — ביי דער קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל, אַדאַנק דער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק — וועט דער סאָציאַליזם אָנקומען, ווי אַ זומערדיקער פרימאָרגן וועט ער אָנקומען! נאָר קודם מוזן די אַרבעטער זיין גרייט אים אויפצונעמען, מוזן זיין באַוואוסטזיניק, און דערווייל זיך אויסקעמפן דעם מינימום — אַן אכט שעהדיקן אַרבעטסטאָג און בעסערע באַדינגונגען.

דער איינער פון גאַנצן קרייזל, וואָס איז אויך ווייטער גע־בליבן ביי דער „פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי", איז גדליה שעראַדזער — אַ קליינער דאַרער בחור און אַ גרויסער העזהניק— ער אַרבעט אין שכנות פון בנימינען. דער דאָזיקער גדליה שע־ראַדזער, ער אַטאַקירט שטענדיק בנימינען מיט זיינע חברים, וואו נאָר ער טרעפט עמיצן פון זיי: „נאַציאָנאַליסטן" רופט ער זיי,

קרומע מוחות, שאָוויניסטן" און ער, גדליה, איז זיינע פריעריקע חברים א שונא אויף ס'לעבן. ער ווייסט אַפילו, וואו זייער קרייזל קומט זיך צוזאַמען, און ער קלויבט זיך ארויסצורופן פאַנטשערן אויף א דיספוט. פאַנטשער לאַכט דערפון און ער רופט אים: מינדעריעריק יינגל, וואָס ווייסט נאָך אַפילו נישט דעם אַלף-בית פון סאָציאַליזם.

אין גינגאָלדס פאַבריק, וואו פאַנטשער אַרבעט, איז אינגאַנצן נישטאָ קיין פאַבריק-סטרוזש. עפּעס איז יאָ דאָ א סטרוזש נאָר ער האָט צו טון, בלויז מיטן מיסטקאַסטן און רינשטאָק, און צו דער פאַבריק האָט ער קיין שום אָנגעהער נישט; קומט אויס, אַז ווער פון די שטיקערס עס גייט אַהיים דער לעצטער — דער שליסט צו און נעמט מיט זיך דעם שליסל מיט — איז דערפאַר טאַקע זייער באַקוועם דאָרט אָפּצוהאַלטן די קרייזלעך, און קיינער זאָל גאָרנישט וויסן.

אַז מ'גייט אַהיים פון „קרייזל", איז שוין שפּעט ביינאַכט אין עק גאַס גייט אַרויף און אַראָפּ דער „סטראַזשניק", א באַוואָפנטער מיט שווערד און רעוואָלווער ביי דער זייט; צי קאָן ער גאָר וויסן, אָט דער צאַרישער דינער, אַז דאָ, הינטער זיין נאָז, ווערט געשאַרפט אַ געווער קעגן צאַריזם, קעגן דער זעלבסטהערשונג, וועלכע ער באַשיצט? ניין, דאָס ווייסט ער נישט, דאָס קאָן ער גאָרנישט וויסן; צי קאָן אים דען גאָר איינפאַלן, אַז אָט די עטלעכע יידישע אַרבעטער, וואָס גייען פאַרביי אים פון אַ פאַבריק — זענען סאָציאַליסטן, אונטערגראָבער פון זעלבסטהערשערישן טראָן?... און דערפאַר, וואָס ער ווייסט דאָס נישט, פילסטו בעתן פאַרבייגיין אַזאַ היימלעכקייט אין האַרץ, אַזש אַ פריילעכקייט, און ס'וואָלט זיך דיר געוואָלט לאַכן אויפן קול, — נאָר קיינער טוט דאָס נישט. מ'גייט פאַרביי אַרטיק, געלאַסן, ווי עס פּאַסט פאַר באַוואוסטזיניקע אַרבעטער.

ווען מ'צעשיידט זיך, גיט מען זיך די הענט מיט א שטומען פעסטן דריק, און יעדער גייט זיך זיין וועג.

---

ישראל־נח איז שוין אויך אַביסל אַנדערש, ווי ער איז געווען. ער אינטערעסירט זיך שוין אויך אַביסל מיט אַרבעטער־פראַגן, לייענט אַמאָל אדורך אַ בראָשור אָדער אַ פראָקלאַמאַציע. דאָך האַלט ער זיך נאָך ביי דאָס זייניקע, אַז דאָס גאַנצע יידישע פאָלק ליידט מער, ווי דער אַרבעטער־קלאַס, און אַז אין דער אויסלייזונג פון פאָלק ליגט שוין אויך די אויסלייזונג פון יידישן אַרבעטער.

— אין ארץ־ישראל — זאָגט ישראל־נח — וועט קיינמאָל נישט הערשן אזא פינסטערע רעאַקציע, ווי אין רוסלאַנד — יידן זענען נישט קיין קאַצאַפּעס און די יידישע בורזשואזיע און אפילו דער יידישער קלער זענען נישט אַזוי קאַמפּסלוסטיק, ווי ביי די גויים...

בנימין שמייכלט און ענטפערט דערויף גאָרנישט. „די יידישע בורזשואזיע און דער יידישער קלער זענען נישט קאמפּס־לוסטיק" — אַז זיי ליגן געפּענטעט און קאָרטשען זיך אונטער דער בייטש פון דעספּאָטיזם זענען זיי געוויס נישט קאַמפּסלוס־טיק — זאָל מען זיי נאָר אַביסל לויז לאָזן פון די קייטן פון צאַריזם, אָ, האָ! וועלן זיי באַלד באַווייזן זייערע ציין און נעגל, גאָרנישט אַנדערש ווי ביי אַנדערע פעלקער.

אין דער היים ביי בנימינען פירט זיך אַלץ ווי געוויינט־לעך. מלכהן רעדט מען שידוכים, און זי וואָלט שוין לאַנג אַ כלה געוואָרן. נאָר די מאַמע קאָן נישט צוזאָגן נדן, ווייל זי ווייסט נישט, פון וואנען זי וועט האָבן צו סילוקן.

די מאַמע האָט אַ גרונט מורא צו האָבן, אַז איצט, ווען איר רייכער ברודער לייב־חיים איז ברוגז אויף איר, ווייל איר זון, בנימין, האָט ביי אים צעבונטעוועט די פאַבריק, וועט ער זיך מער נישט וועלן „צובייגן", מלכה זאָל קאָנען אַ כלה ווערן.

אַנומלט, ווען בנימין איז אַהיימגעקומען מיטאָג עסן, האָט אים די מאַמע געבעטן היינט אביסל פריער אַהיימצוקומען פון דער ארבעט, וואָרום עמעץ וועט קומען „אָנקוקן" מלכהן.

אין אָוונט איז טאקע געקומען אַ מוטער מיט אַ זון. דאָס איז געווען א בחור אין לאַנגע מלבושים און מיט אַ העל

פלאַקס־בערדל — אַ שטיקער, אַ נישט גוטער בעל־מלאכה. בנימין קען אים פון דער ווייטנס. ער ווייסט, אַז ער אַרבעט ביי עפּעס די ראָצערין אין פאַבריק, אַ שטאָק העכער פון כאַני־טשערן, ער הייסט זעליק, און מ׳רופט אים „דער משוגענער זעליק", צוליב זיינע מאָדנע גרימאַסן און ווייל ער רעדט כאַפּעדיק, נישט קלאָר.

מלכה איז אַפּנים זיי אָנגעשטאַנען. דעם בחורס מוטער האָט צו איר גערעדט פריינטלעך, זי טיטולירט „טאָכטערלע" און געוואונקען צום זון, ער זאָל אויך עפּעס רעדן. נאָר אַז ס׳איז געקומען צו אַ שמועס מכּוח נדן און די מאַמע האָט גערעדט עפּעס האַלבע ווערטער, נישט אהין נישט אהער — זענען די יידענע און דער זון מיט אַמאָל געוואָרן קאַלט און קאַרג אויף אַ וואָרט. זיי האָבן זיך גיך געזעגנט, צוזאָגנדיק פאַר יוצא וועגן נאָך אַמאָל צו קומען, און דער מאַמעס האָפענונג איז ווידער צערונען געוואָרן.

דערנאָך, עטלעכע וואָכן נאָך דעם, איז עפּעס איינער אַ באַלעבאַטיש זונדל, וואָס די מוטער זיינע האָט עטלעכע מאָשי־נעס — געוואָרן אַן איינגייער אין שטוב, תחילת כּלומרשט ער זוכט וועמען אַהיימצוגעבן „פּלאַכטעס" צום פאַרריכטן, און שפּע־טער שוין גלאַט אַזוי, אַביסל שמועסן... ס׳איז געוועזן קלאָר, אַז דאָס קומט ער צוליב מלכהן, און די מאַמע האָט ווידער גע־נומען האָפן.

ער, דער דאָזיקער בחור, איז אַ צייט געקומען עטלעכע מאָל אין וואָך און טיילמאָל אויך טעגלעך, יעדן אָוונט, געוואָרן אין שטוב אַלץ היימישער, און די מאַמע האָט דערלויבט, ער זאָל מיט מלכהן אַראָפּגיין אַביסל שפּאַצירן.

נאָר איינמאָל אין אָוונט איז מלכה צוריקגעקומען פון אַזאַ שפּאַציר רויט און צעפלאַמט, האָט געהאַט טרערן אין די אויגן, און פאַרטרויט דער מאַמען, אַז יענער האָט זי באַליי־דיקט, זיך באַגאַנגען מיט איר, ווי מיט עפּעס אַ שיקסע פון דער גאַס אַראָפּ, און ער האָט דווקא חשק געהאַט, זי זאָל מיט אים גיין איצט אין אָוונט אינם וועלדל, וואָס נעבן פאַרק... און

ס'האָט שוין אַזוי געהאַלטן, אַז זי האָט אים איבערגעלאָזט און איז אַנטלאָפן.

בנימין האָט פון דעם אַלעם גאָרנישט געוואוסט. נאָר עט-לעכע אָוונטן שפּעטער, אין אַ שבת-צו-נאַכט, ווען דאָס געזינט איז געזעסן אַרום טיש און געגעסן נאַכטעסן — איז דער דאָ-זיקער פּאַצעט ווידער אַריינגעקומען, ווי זיין שטייגער, מיט אַ האַלב-היימישן „גוטנאָוונט". דעמאָלט האָט ישראל-נח — ער האָט אַפּנים געוואוסט — זיך דערהויבן פון טיש, צוגעגאַנגען, געעפנט די טיר, און יענעם אָן צערעמאָניעס באַפוילן זיך אָפּ-טראָגן, נאָר גיך, נאָר שוין!

די מאַמע איז נאָכדעם געזעסן ביים טיש שטום, ווי די וואַנט, און זי האָט נישט געוואוסט, צי עס דאַרף איר הנאה טון, אָדער זי דאַרף באַדויערן. נאָר גיכער איז זי נוטה גע-ווען צו האָבן עגמת-נפש, פאַרוואָס ישראל-נח האָט יענעם פאַר-טריבן פון שטוב — אַזוי האָט איר פאַראומערט, פאַרשוויגן פּנים דערציילט.

## ב

הגם בנימין איז געווען פאבריק־אַרבעטער נישט פון היינט, און האָט, דאַכט זיך, שוין גוט געקענט די שאָטן־זייטן פון דער אַרבעט — האָט ער פונדעסטוועגן געוואוסט בלויז נאָר דאָס, אַז די אַרבעט ווערט שלעכט באַצאָלט און די פאַבריקאַנטן באַרייסן מיט אָפּצאָגן, און דעריבער — אום עפּעס מער צו פאַרדינען — מוז מען אַרבעטן אַ לאַנגן אַרבעטס־טאָג. אַז די דאָזיקע קאַטאָרגע נאָגט אויס דאָס בלוט פונם מענטשן, און יאָריעריעך פאַלט אַוועק אַ גרויסער פּראָצענט שטיקערס פון שווינדזוכט און בלוט־שטורצן — דאָס האָט בנימין געוואוסט בלויז פון הערן דערציילן. און אין דעם סאָציאַליסטישן־קרייזל האָט ער דאָס אזוי נאָכגערעדט, אלס באַווייז פון דער שלעכטער לאַגע פון די אַרבעטער — לשם פּראָפּאַגאַנדע, זיי אַזוי אַרום צו אַגיטירן פארן סאָציאַליזם. — זען מיט די אייגענע אויגן אַן אַוועקגעפאַלענעם פון אַ בלוט־שטורץ איז בנימינען דאָס ערשטע מאָל אויסגעקומען ביי אַראָנסאָנען אין פאַבריק. גראָד אין דער פאבריק, וואו די ריינלעכקייט, גרוימקייט און הויכקייט פון די חדרים איז געווען אַ ביסל בעסער, ווי אַנדערשוואו, און דער אַרבעטס־טאָג איז אויך נישט געווען אַזא אומגעהייער לאַנגער.

אָט דאָ, אין אַראָנסאָנס פאַבריק, איז בנימינען באַלד די

ערשטע פּאָר וואָכן אויסגעקומען בייצוואוינען די שוידערלעכע סצענע. דער קרבן פונם בלוט־שטורעם איז געווען אַ ייִנג אפשר קוים ניינצן־יעריק בחורל — אַ שטיקער מיט אַ קלאָר פּנימל, מיט רויטע בעקלעך און גראָע אָפענע אויגן, וועלכער האָט געאַרבעט אויף איינער פון די נייע מאַשינען אין שכנותדיקן זאַל פון בנימינען, און וואָס אין פאַבריק האָט נאָך כמעט קיינער נישט געוואוסט, ווי ער הייסט; זעלטן ווער האָט נאָר געוואוסט, אַז ער איז אַ יתום, אָן אַ פאָטער, געקומען אהער פון אַ שטעטל, אַז די וואָס פעדלען ביי אים זענען זיינע אייגענע ברידער און שוועסטער, און אַז ער איז ביי דער מוטער דער אלמנה — דער עלטסטער זון, דער פּרנסה געבער.

ס'איז געווען אַרום האַלבן טאָג, די לעצטע וואָך פאַר פּסח. אַלע מאַשינען זענען געגאַנגען, יעדער שטיקער איז געזעסן ביי דער מאַשין, געאַרבעט מיט התמדה, און קיין געשפּרעכן פון איין מאַשין צו דער צווייטער — דאָס איבערשרייען זיך אויף אַ קול צווישן שכנים — איז אויך נישט געווען צו הערן.

ס'איז די לעצטע טעג פון „זמן", שטיקערס זענען להוט אַריינצוכאַפּן נאָך אַ „שפּאַן", פאַרדינען נאָך עטלעכע רובל אויף יום־טוב. דער קאָפּ קאָמבינירט, טראַכט, רעכנט, ווי אַרום אויסצושפּאַנען וואָס פריער און נאָכאַמאָל אויפשפּאַנען — „אַריינכאַפּן" נאָך אַ שפּאַן, כאָטש אַ קליינעם שפּאַן, שיטערע מוסטערן, ווייניק שטיק, אַבי האָבן נאָך איין שפּאַן צו דער אויסצאָלונג.

ווידער די פּעדלערינס — האָט זיך אויך יעדע אירע זאָרגן די לעצטע טעג פאַר פּסח: צי וועט די מאָדיסטקע דאָס זומערהיטעלע מאַכן, און די שניידערין זאָל נישט פאַרפירן און איבערלאָזן פאַרטיק צו מאַכן דאָס קליידל אויף נאָך יום־טוב — און צו זיצן דאָרט איר אויפן קאַרק; יאָגן, זי זאָל עס דווקא פאַרטיק מאַכן — דרויף איז נישטאָ קיין צייט... איטלעכער אין פאַבריק האָט זיך דעמאָלט זיין זאָרג. און יעדער איז געזעסן שטיל און געאַרבעט.

דרויסן איז געווען אַ זוניק וואַרעמער טאָג, ווי עס טרעפט

פאַר פסח — ביי טייל מאַשינען זענען אָפן געווען די פענסטער, און די זון האָט זיך אַהין אַריינגעריסן מיט איר גאַנצער לייט־זעליקייט; ביי טייל ווידער — איז געווען אַראָפּגעלאָזט די ראָ־לעטן וואָס פון גראָבער זאַק־לייוונט — די שטראַ׳ן זאָ׳ן חלילה נישט אַריינדרינגען; פאַרהאַנגען אַזעלכע, וואָס קאָנען נישט פאַר־טראָגן די זון, די שטראַלן שאָדן צו די אויגן, מאַכן קאַליע די ראיה, שטעכן אין פנים, רופן אַרויס אַ שווייס אויפן לייב — פאַריאָגט מען זיי, די מילדע פ׳יילינג־זון שטראַלן, מ׳גיט זיי נישט קיין צוטריט דורך די אַראָפּגעלאָזטע גראָבע ראָלעטן; מ׳האָט ליב דאָס זיצן אין דער טונקל, עס אַרבעט זיך געשמאַ־קער. —

איז עס געווען אַ שיינער פאַר פסח טאָג. ס׳האָט זיך גע־פילט דער נאָענטער יום־טוב, די פרייע טעג און זומער־לעב וואָס קומט באַלד... ס׳איז געווען שטיל, און מער ווי דעם ריט־מישן טעמפּ פון די בראַזגעדיקע מאַשינען האָט מען גאָרנישט געהערט; ס׳האָט געקאָנט דעמאָלט זיין אַ זייגער צוועלף און אפשר — האַלב איינס — אַז מיט אַמאָל האָבן זיך דערטראָגן יאָמער קולות, אַ געוויין, ווי אַז מ׳באַקלאָגט עמעצן ביי יציאת־נשמה. איז געוואָרן אַ געלויף אַרויס, שטיקערס, פעדלערס, האָבן גיך פאַרלאָזט די מאַשינען און פעדל־טישלעך, געלאָפן אַ קוק טון, וואָס איז געשען.

בנימין איז אַרויסגעלאָפן צוזאמען מיט אַלע: דרויסן, אין הויז, איז געשטאַנען אַ מיידל, געיאָמערט, געשריגן, און זיך געהאַקט דעם קאָפּ אָן דער וואַנט.

בנימין האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר — אַ הויך דאָס מיידל איז גאָרנישט געווען צו זען — ער האָט זי מיט אויפגעריסענע אויגן אָנגעקוקט. דערווייל האָט ער באַ־מערקט, ווי דער עולם איילט פאַרביי דעם יאָמערדיקן מיידל אין דער אָפענער טיר פונם שכנותדיקן מאַשינען־חדר. בנימין איז אויך אַריין אהין, אַרום איין מאַשין זענען אַלע שטיין גע־

בליבן און זיך געדריקט איינס ס׳אַנדערע, געפּרובט זיך מאַכן אַ רונג מיט די עלעבויגנס, און אַז מ׳האָט זיך ענדלעך דורכ־געקריגן ביז פּאַרנט אַפּער און געבליבן שטיין, האָט מען דער־זען ליגן אויף דער ערד אַ בחור מיט אַרויפגעשאַרצטע אַרבל, ווי ביי דער אַרבעט. ער איז געלעגן אויף דער ערד מיט אַ געל פּנים און פאַרמאַכטע אויגן, די רויטע פלאַמען אויף די באַקן מיטן בלוילעכן אָפּגלאַנץ האָבן נאָך קוים געזען זיך, ווי די מערב־האָריזאָנט־רויטקייט אין אַ האַרבסטיקן פאַרנאַכט, און פון מויל האָט זיך אים נאָך געצויגן אַ שנירל בלוט.

ס׳איז געקומען צו לויפן מיט אַ ווילדן אימפּעט אַ יידענע— די מוטער, — מיט אַן אַראָפּגעפּאַלן טיכל, וואָס האָט זיך איר באָכגעשלעפּט פון אַקסל — נאָך איר עטלעכע קינדער, קליינע און גרעסערע, אַלע מיט געשרייען און געוויין.

דער עולם אַרום האָט זיך צעטיילט אין צוויי העלפטן, געמאַכט אַ פרייען דורכגאַנג פאַר דער משפחה. ס׳איז געקומען אָנצולויפן אַלץ מער מענטשן פון גאַנצן הויז. אויף די גע־וואַלדן איז אָנגעקומען פון קאַנטאָר קאַרלין דער געשעפטס־פי־רער, לייזעראָוויטש דער בוכהאַלטער און קיווקע, וואָס איז דעם פאַבריקאַנטס אַ קרוב און איז געהילפס־בוכהאַלטער — און אַז אַלע אַרום זענען געשטאַנען און שווייגנדיק צוגעהערט דער מוטערס און די קינדערס האַרצרייסנדיקע געשרייען און קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, האָט עמעץ אַ זאָג געטאָן הויך:

שטייען אַרום און קוקן, ווי די בהמות, לאָזן אַ מענטשן אויסגיין און ראַטעווען נישט!

האָבן זיך עטלעכע אַ לאָז געטון אַראָפּ אויפן הויף מיט די קאַווע־קענדלעך נאָך וואַסער צום פּלומפּ, אַנדערע האָבן דעם פאַרחלשטן דערהויבן פון דער ערד. דער עולם אַרום איז אַ ביסל אָפּגעטרעטן, זיך צערוקט. מ׳האָט אים גענומען אויף די הענט, אַרויסגעטראָגן אין הויז, און אַז מ׳איז געקומען אַ שטאָק נידעריקער, האָט מען אים גענומען אַריינטראָגן אין קאַנטאָר, כדי דער דאָקטאָר, נאָך וועלכן מ׳האָט געשיקט, זאָל אים דאָרט

דערראַטעוועז, און דערנאָך וועט מען אים אוועקנעמען אַהיים אָדער אין שפּיטאָל אַריין.

אין דער געעפנטער קאַנטאָר טיר, וואו מ׳האָט אָנגעהויבן אַריינטראָגן די אומהיימלעכע משא, איז געשטאַנען דער פאַב־ריקאַנט אַראָנסאָן, מיט די אויסגעשטעלטע ביסטרע אויגן. און נישט דערלויבט אַהין אַריינטראָגן:

— היער ניכט! — האָט ער שטרענג אויסגערופן.

דער עולם מיטן געהלשטן אויף די הענט איז שטיין גע־בליבן.

קיווקע, וועלכער איז קענטיק געווען גערירט פון דעם טראַגישן געשעעניש, — דערויף האָט עדות געזאָגט זיין פּנים־בלאַסקייט, — האָט זיך נישט דרייסט אָנגערופן:

— אָנקל, נאָר אויף אַ פּאָר מינוט, דער דאָקטאָר, וועט נאָר אונטערזוכן, וועלן זיי אים אַוועקטראָגן.

— היער ניכט — האָט אַראָנסאָן איבערגעחזרט, — דאָ איז נישט קיין קראַנקן־הויז — און ער איז אַריינגעגאַנגען און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

— אין דער פלעט־שטוב אפשר? — האָט לייזעראָוויטש דער בוכהאַלטער געלאָזט פאַלן אַ וואָרט און אָנגעקוקט קאַר־לינען, צי ער איז מסכים.

קאַרלין האָט בלויז אַ צי געטון מיט די פּלייצעס, גאָר־נישט געזאָגט, און אַלע דריי זענען זיי אַריינגעגאַנגען צוריק אין קאַנטאָר.

איצט, אַז די קאַנטאָר־לייט זענען שוין נישטאָ געווען, האָבן שוין אַלע געפּילדערט:

— אין דער פלעט־שטוב...

— אין דער פלעט־שטוב לאָמיר אים דערווייל אַראָפּ־טראָגן...

דער עולם, וואָס איז נאָך געשטאַנען ווי אַ שטיין פאַר־גליווערט פון אַראָנסאָנס אָפּזאָג, האָט זיך אַ ריר געטאָן, גענו־מען אַראָפּגיין; דאָס קליינוואַרג, פּעדלערס, איז פאַרגעלאָזן, פאַר זיי איז דאָס קודם־כל געווען אַ שטיקל געטועכץ, אַן אי־

בערדייס אין דעם מאַנאַטאַנעם פֿאַבריק־לעבן. די מוטער, ברי־דערלעך און שוועסטער האָבן זיך פֿריש צעלאָזט אין א געוויין, און מ׳איז געגאַנגען אַראָפּ פֿון די שטיגן.

אָבער אונטן אין דער פּלעט־שטוב, האָבן די שיקסעס נישט קיין חשק געהאט צו לאָזן אַריינטראָגן דעם געהלשטן. דאָ זענען די שטיקערס שוין נישט געווען אַזעלכע שטילע, געוואָלט מיט כּוח זיך אַריינרייסן, אָבער די שיקסעס זענען אַלע אַרויסגעקו־מען, פֿאַרשליסנדיק הינטער זיך די טיר. זיי האָבן זיך פֿאַר־ענטפֿערט, אַז זיי קאָנען נישט אַריינלאָזן, וואָרום דרינען ליגט אַסך סחורה צום פּלעטן, און אויב עס וועט דערנאָך עפּעס פֿעלן אָדער נאָר בלויז פֿאַרשמוצט ווערן, זענען זיי, די פּלעטערינס פֿאַראַנטוואָרטלעך.

ס׳איז נישט געווען וואָס צו מאַכן.

מ׳האָט קוים געפּועלט אַרויסצוקריגן אַ קויבער אַ גרויסן, וואָס דערין טראָגט מען אָפּ אין קאַנטאָר די פֿאַרטיקע סחורה, די געפּלעטע און פֿאַרפּאַקטע; אַ געררוימער פּירקאַנטיקער קוי־בער, ווי אַ קאַסטן, מיט און ביידע זייטן אויערן, אָנצונעמען. מ׳האָט פֿאָרזיכטיק אהין אַריינגעלייגט דעם קראַנקן, וואָס פֿון מויל האָט זיך אים ווידער אָנגעהויבן ציען אַראָפּ לינקס אַ רויט שנירל בלוט. צוויי האָבן אָנגענומען ביי די אויערן, אַנ־דערע צוויי זענען געגאַנגען פֿון ביידע זייטן — און אַזוי איז מען אַוועק שטילשווייגנדיק איבער די באַלעבטע גאסן, צום יידישן שפּיטאָל.

די זון, די פֿאַר־פּסחדיקע וואַרעמע זון, איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן, זיך באַהאַלטן הינטער אַ כמארע, ווי זי וואָלט זיך גע־שעמט צו באַלויכטן אָט די טרויעריקע פּראָצעסיע... פֿאָרזיכטיק האָט מען געטראָגן דעם קויבער, נידעריק צו דער ערד, זיך געהיטן נישט אַ טרייסל צו טון. די נאָכגייער זענען אויך גע־ווען שטיל, מיט פֿאַר־מרה־שחורהטע פּנימער.

בנימין איז געגאַנגען צווישן אַלע. ערשט האָט ער באַנו־מען, ריכטיק דערפֿילט דעם תּהום פֿון בלוט און טרערן, אין וועלכן ער געפֿינט זיך. ער מיט אָט די אַלע, וואָס גייען לעבן

אים. דאָ איז שוין נישט געווען עפּעס ארויסגעלייענט פון אַ ביכל, נאָר דאָס סאמע נאַקעטע, גרויזאַמע פאַבריק־לעבן. זיי, די פאַבריקאַנטן, פאַר זיי איז די פאַבריק אַ גאָלד־גראָבן, אַ שמאַלץ־גרוב, פון וואָס זיי ווערן יאָר יערלעך רייכער. און פאַר אונז אַרבעטער איז די פאַבריק דער מולך, דער אָפּגאָט, צו וועמען מיר זענען מקריב אונזערע לייבער, פאַר די מאָגערע ברעקלעך ברויט, וואָס ער ווארפט אונז צו; ער, דער „מולך" פרעסט אונזערע לונגען און זויפט אויס אונזער בלוט.

און אַ טיפער טיפער האַס האָט אין אים זיך געשלענגלט אַ האַס צו יענע, וואָס פּראָפיטירן פון דעם אַרבעטערס בלוט, וואָס טוען זיך אָן וואַילטאָג, פוצן אויס זייערע ווייבער און טעכטער מיט די טראָפּנס מענטשן־בלוט.

און געווען איז דאָס אַ האַס פארדעקט פון אויבן מיט אַ שטילער רויקייט, ווי די לאַווע, וואָס זיצט אין בויך פון דער ערד, אין דער טיפסטער טיף, און אַז זי וועט — און זי וועט זיכער — אמאָל אויסברעכן, וועט זי פאַרציקן, פארניכטן אַלץ, אָן שום רחמנות, זיך נוקם זיין פאר אַלע דורות אומשולדיקע קרבנות, קרבנות פון מענטשס אומרעכט.

8

די רעוואָלוציאָנערע אידעען זענען אַלץ טיפער אַריינגע־דרונגען אין דער באַפעלקערונג; דאָ און דאָרט האָט זי זיך באַוויזן ביי אַזעלכע שיכטן, וואָס ס'איז גאָר אוממעגלעך געווען צו פאַרשטיין, ווי דאָס קומט צו זיי; פונקט ווי אַ קוואַל, וואָס באַ־ווייזט זיך פּלוצלינג שפּרודלדיק אויף אַן אָרט, וואו מ'ריכט זיך גאָרנישט, אָדער ווי די ערב־פרילינג קרייזלעך, וואָס שפּראָצן אַרויס אפילו פון שפּאַלטן צווישן שטיינער. — אין פאַבריק, וואו אַלע נייעסן פון שטאָט דרינגען אַריין בליצשנעל, האָט מען דערציילט, אַז ביים רייכן באַנקיר ליליענטאַלס טאָכטער, צוריקקומענדיק פון דער שווייץ, וואו זי שטודירט, האָט מען אויף דער גרענעץ געפונען צווישן באַגאַזש רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור — האָט מען זי איינגעזעצט אין טורמע, און קובע דער גימנאַזיסט, וואָס האָט סטאַנציע ביי דער מאמעס אַ קרובה — האָט אָנגעהויבן זיך טרעפן מיט בנימינען און אַזוי הינטן אַרום, דורך כּלומרשט סתּם שמועסן, אים אָנרעדן צו אומלעגאַלע אידעען, נישטדערמאָנענדיק גאָר, אַז בנימינען ווייסט, אַז עס עקזיס־טירט אַ געהיים שילער־קרייזל.

מ'האָט באַשיינפּערלעך געזען, ווי די רעוואָלוציאָנערע ריי־ען וואַקסן.

די אַרבעטער־באַוועגונג איז דעמאָלט שוין געווען מער

חייניקער ארויס פון די „מויזנלעכער". ס'האָבן עקזיסטירט עס-לעכע קרייזלעך, און ס'זענען צוגעקומען נאָך.

אראָנסאָנס פאַבריק איז געווען די פעסטונג פון דער „פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי". דאָרט האָבן אָנגעפירט די ברידער כאַשקעס און גדליה שעראַדזער. זיי האָבן דאָרט געפירט די קרייזלעך... בנימין ווידער האָט אָנגעפירט מיט א „קרייז" אין וואָלבערגס פאַבריק, ווייל דאָרט האָט ער געהאַט אָנהענגער פון דער צייט, ווען ער האָט דאָרט געאַרבעט, און צוזאמען מיט פאָנטשערן האָבן זיי אנטוויקלט א שטאַרקע טעטיקייט.

אין שטאָט האָט מען איצט שוין נישט גערעדט מיט אזא צאָרן און שרעק פון די „אחדות־ייִנגען", און ס'האָבן זיך שוין געפונען אזעלכע, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט „זיי" צו פאַר-טיידיקן, אז אַלץ וואָלט געווען גוט, אויב זיי וואָלטן זיך נאָר נישט פאַרטשעפעט מיטן קייזער...

מנשה וואָלבערג האָט זיך שוין אויך געהאַלטן פאַר א רעוואָלוציאָנער. ער האָט נאָך נישט געהערט צו קיין פאַרטיי. אָבער ער האָט א סך געפּלוידע־ט, געשׂ־ט מיט פלומרשט רע-וואָלוציאָנערע פלאַפלערייען אין דערהיים פאַר די זייניקע... איינ-מאָל, שבת ביים טיש, איז צוליב מנשהן געקומען צו א סקאַנ-דאַל — מנשה האָט געכאַפּט פון פאָטער די אָרנטלעכע פאָר פעטש, ווייל ער האָט געזאָגט, אז גאָט און דער קייזער זענען צוויי נישט נויטיקע פערזענלעכקייטן, אָן וועלכע מ'קאָן זיך גאַנץ גוט באַגיין — און דער שבת-טיש איז געווען א געשטערטער.

אָבער דערנאָך, ווען מנשה איז אַריין אין א קרייזל פון דער „פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי", האָט ער אביסל אויפ-געהערט אזוי צו פלוישן, נאָר ער איז ארומגעגאַנגען אין איין כעס און געזוכט צו פאַרטשעפען די, וואָס זענען נישט מיט אים אין איין פאַרטיי.

די קרייזלעך, אזוי פון דער „פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי" ווי פון דער „יידישער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אַרבע-טער-אָרגאַניזאציע", האָבן די גרעסטע מי געלייגט אויף אגיטאציע, געזוכט זיך אויסצוברייטן, צוצוקריגן אַלץ מער חברים — האָט

זיך איינמאָל געטראָפן, אַז צווישן די „אויפגעשיפטע" האָט זיך געפונען אויך אַבאַ, בנימינס קרוב, און דורך אָט דעם אַבאַ תּם איז שיער ארויסגעקומען אַ צרה.

ער, אַבאַ, איז אַ פּראָסטער נפש, „אַזוי ווי דו קוקסט אים אָן, אַזוי איז ער". אַז מ'האָט אָנגעהויבן מיט אים איינצוקנעלן דאָס, וואָס עס דאַרף צו זיין דער „אלף בית" פון יעדן באַוואוסטזיניקן אַרבעטער, האָט דאָס אַבאַ אויפגענומען אויף זיין פּשוטן שטייגער, און אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען פונם קרייזל, איז דעם ערשטן בעסטן באַקאַנטן, צי אפילו נישט באַקאַנטן שטיקער, וואָס ער האָט באַגעגנט, האָט ער פאַר אים אַרויסגעשיט די תורה, וואָס מ'האָט אָקאָרשט אין אים אַריינגעקנעלט, אַז די פאַבריקאַנטן זענען בלוטזייגערס און אַז די רבנים זענען נאָר אום צו פאַרפינסטערן דאָס קלאַסן-באַוואוסטזיין פון אַרבעטער.

יענער געוויינטלעך איז אויך נישט שטום, און זעענדיק אַז דעם יינג פירט מען אַראָפּ פון גוטן וועג, האָט ער גענומען אַבאַן פאַרקערט אויפווייזן, אַז דער רמב"ם איז נאָך אפשר אויך געווען אַזוי קלוג, ווי די יינגען די לאָבוסעס, און פונדעסטוועגן איז ער געווען אַ ייד...

— הע, — האָט ער זיך אויף אַבאָן אָנגעזעצט — דער רמב"ם איז, דאַכט זיך, געווען אַ שטיקל ייד, כ'מיין עפּעס אַזוי ? כאָטש ר'איז געווען שני-למלך, און משה מאָנטעפיאָרע אין דער באַראָן הערש, זיי אַלע זענען אויך עפּעס נישט געווען אַזעלכע פּראָסטע נאַראָנים, און פאָרט זענען זיי געווען פרומע יידן...

אין ער האָט נאָך דערביי אַבאָן גוט אויסגעשייגעצט, פאַרוואָס ער רעדט נאָך אַזעלכע מעשיות.

דערהערט אַזעלכע דבורים, איז אַבאַ מיט אָט דעם פזמון געקומען צולויפן צו בנימינען, פאַרוואָס ער פירט אים אַראָפּ פון רעכטפאַרטיקן וועג. האָט בנימין ווידער געמוזט אַוועקזעצן זיך אויסבייקנעלן מיט אַבאַן, און אים קלאָר מאַכן, אַז פון רמב"ם ביז היינט איז שוין אַוועק שיינע הונדערטער יאָרן, און פון

דעמאָלט אָן אין די חעלט שוין היפשלעך געגאנגען פּאָראויס... און נאָך, געניי און גרינגלעך אָפּגעשלאָגן יענעמס אַרגומענטן. און אין אַבאָן צוריק איינגעפּלאַנצט אַ קערנדל קלאַסנבאַוואוסזיין.

אבאָ אָבער איז ווידער געלאָפן אין גאס און ווידער פאַר עמעצן, ווי אַ גראַמאָפאָן, אַרויסגעבעבעט אַלץ וואָס ער האָט אָקאָרשט געהערט, האָט מען אים, פאַרשטייט זיך, ווידער אָפּ-געוועגדט, און אַבאָ איז ווידער געקומען צו בנימינען מיט א בארג בייזע פּרעטענציעס.

ס'איז אַזוי ווייט געקומען, אַז שלמה, אַבאָס שוועסטערס מאַן, אויך א שטיקער, וואָס האָט ליב געהאַט דעם טרונק און מ'האָט אים דערפאַר גערופן „נעפער", האָט געסטראַשעט, אַז ער וועט בנימינען איבערגעבן צו דער פּאָליציי. מ'האָט געמוזט אָפּהאַקן מיט אבאָן.

---

דער פעטער לייב חיים איז שרעקלעך אין כעס געווען. ער האָט געגלויבט, אַז די גאַנצע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין שטאָט, שטאַמט נאָר פון בנימינען, בלויז נאָר פון אים. ער, בנימין הייסט עס, האָט הי פאַרזייט דעם שרעקלעכן זאָמען, די רעוואָלוציע, ווען נישט ער, וואָלט הי געווען א גאָטספאָרכטיקע יידישע שטאָט, פול מיט דרך־ארץ און יידישקייט, ווי אמאָל...

צוליב בנימינען איז דער פעטער לייב־חיים אין כעס אויך אויף זיין שוועסטער, בנימינס מוטער, וואָס זי האָט דערצויגן אַזא זון, און צוליב דעם איז שוין אויך געקומען צו א גע-ווערטל צווישן דער אָרעמער שוועסטער און רייכן ברודער.

זי, די מאַמע, וויפיל זי באַפאַלט נישט די קינדער ביי זיך אין דערהיים, ווערט זי אָבער שרעקלעך אויפגעבראַכט, ווען אַן אַנדערער דערוועגט זיך צו באַליידיקן אירס אַ קינד. האָט צמאָל לייב־חיים אַ זאָג געטאָן:

איך שעם זיך אויסצוזאָגן, אַז דיין בנאָק איז גאָר מייבער א קרוב; צי האָבן אַזא יינג אין דער משפחה איז אַ חרפּה און אַ בושה.

— שעמסט דיך נאָך מער, ווי מיט אַ משומד? — פרעגט די מאַמע פּאַרביסן, מיט דעם באַהאַלטענעם שטאָך, אַז דעם משומד לעאָפּאָלד עפּראָס, וואָס רעכנט זיך מיט איר און מיט לייב חיימען שטיקלעך קרובים — אים מיידט לייב חיים גאָרנישט אַזוי אויס און איז מיט אים אין גוטע באַציִונגען.

— יאָ! — שרייט לייב־חיים אויס — נאָך מער ווי מיט אַ משומד שעם איך זיך מיט אים! אַ משומד איז בלויז קעגן גאָט, און אחדות־ייִנגען זענען קעגן קייזער אויך.

און אַז די מאַמע שווייגט פּאַרביסן און קוקט אים אין די אויגן אַריין, גיט ער צו אויפגערעגט:

— לעאָפּאָלד האָט זיך געשמדט נישט מיטן גוטן ווילן, מ'האָט אים כמעט געצוווּנגען צו שמדן זיך — ער איז אַן אָרנטלע־כער רעיע'לער מענטש און אין גאָט גלויבט ער פאָרט; איז אויף אַן אַנדער אַרט... און דער וואָס גלויבט אינגאַנצן נישט, איז גלייך צו אַ בהמה, ערגער פון אַ געצנדינער.

אַזוי ווייט האָט געגרייכט לייב חיימס האַס צו די „אחדות־ייִנגען", אַז ער האָט אַוש פאַרטיידיקט דעם משומד עפּראָס, וועלכער איז פון שטענדיק אָן געווען דער פלעק אין דער משפחה.

און לויט ווי די מאַמע האָט דערנאָך דערציילט אין דער היים, האָט עס זי אַזוי געקרענקט, אַז זי האָט בשעת מעשה אין זינען געהאַט: „קאָנסטו נאָך פון מנשהן אויך דערלעבן אַזאַ נחת, ווי דו האָסט פון עפּראָסן".

און ס'איז דערנאָך געווען אַ מעשה, וואָס האָט די גאַנצע משפּחה פאַרוואונדערט: ווען לעאָפּאָלד עפּראָסעס טאָכטער האָט זיך דאָס לעבן גענומען, דורך סם, ווייל לילי ענטאַלס זון האָט מיט איר, אַלס קריסטין, נישט געוואָלט התונה האָבן — האָט דער פעטער לייב חיים דערלויבט זיין טאָכטער טעמעריל מיט־צוגיין אויף דעם „פּאָגזשעב", וואָס פאַראויס האָט מען געטראָגן דעם צלם...

און פאַר וואָס דער שטאַרק פרומער לייב חיים וואָל־בערג האָט דאָס דערלויבט, איז געווען נישט צו פאַרשטיין.

ס'איז געווען אַ חידוש ביי דער גאַנצער משפּחה, און מ'האָט לאַנג גערעדט דערפון.

און די מאמע האָט אויסגעטייטשט, אַז דאָס האָט ער געטון נאָר איר להכעיס, צו ווייזן, אַז אים איז טאַקע אַ משומד געבליבן, ווי אַן אחדות-ייִנגל.

נאָר אויב די גאַנצע משפּחה האָט געהאַסט בנימינען, איז אָבער, ווייזט אויס, טעמערל געווען אַן אויסנאַם: זי האָט דווקא איצט געגומען זיך טרעפן מיט בנימינען וועגן אַן ענין.

דאָס איז געווען נישט גאָר קיין געוויינלעכער ענין, און איז באַשטאַנען דערין, וואָס טעמערל און אַ טייל אירע חברטעס, מיידלעך פון איר שטאַנד, האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַ ביבליאָ-טעק פאַר אַרבעטער...

פון גרינדן אַן עפנטלעכע ביבליאָטעק האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד. דאָ האָט זיך נאָר געקאָנט האַנדלען וועגן עפּעס ערגעץ אַ געהיים ביבליאָטעקל. און הגם בנימין און זיינע חברים האָבן געהאַלטן, אַז סתּם לייענען ביכער דאַרף דעם אַרבע-טער אין איצטיקן מאָמענט נישט אזוי שטאַרק אינטערעסירן: די קנאַפּע צייט וואָס אים בלייבט דאַרף ער קודם פאַרווענדן אויף צו לייענען וועגן זיינע קלאַסן-אינטערעסן — האָט בנימין פונדעסטוועגן נישט אינגאַנצן אָוועקגעמאַכט דעם ענין, און צו דעם צוועק — וועגן גרינדן די ביבליאָטעק — האָט ער זיך עטלעכע מאָל געטראָפן מיט טעמערלען.

די טרעפונגען זענען געווען ריין זאַכלעכע און גערעדט האָט מען הויפּטזעכלעך וועגן דעם ביבליאָטעק-ענין: וואָס פאַר ביכער צו קויפן און ווי אזוי איינצואָרדנען, נישט צו ציען אויף זיך דעם פאַרדאַכט מצד דער פּאָליציי. נאָר פונדעסטוועגן איז אַ פּאָר מאָל אויך באַרירט געוואָרן דער דעמאָלט אזוי פּאָפּולע-רער ענין — די אַרבעטער-פראַגע. טעמערל איז כמעט אין אַלעם איינשטימיק געווען מיט בנימינען; און ס'האָט זיך באַלד אזוי געמאַכט, אַז דער ביבליאָטעק-ענין איז ווי אַביסל אָפּגערוקט געוואָרן, און די טרעפונגען האָבן אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון פּראָפּאַגאַנדע-שמועסן...

...איינמאָל, בשעת א שמועס וועגן די מענטשן פון איר קלאַס, אַרויסזאָגנדיק איר אייגנשטימיקייט, אַז זיי זענען פּאַראַזיטן, וויל טעמערל אילוסטרירן זייער פאַרדאָרבנקייט. און זי דערציילט, ווי איר שװאָגער דוד פישמאַן, אָט דער פּאַרטאַראַראַמטער סוחר, מאַכט אָפּט מיט איר אַזעלכע נישט שיינע חכמות... אַנומלטן איז זי אַהינגעקומען און די שוועסטער — פישמאַנס ווייב — נישט אינדערהיים געטראָפן, איז ער תחילת געווען צו איר מאָדנע פּוטערדיק ווייך, נאָר באַלד האָט ער זיך אַזוי אָרדינער צו איר צוגעטשעפּעט, אַז זי האָט שוין באַלד אויף אַן אמת מורא געקריגן... —

טעמערל האָט אפשר די דאָזיקע מעשה גלאַט אַזוי דערציילט. אין דער פינסטער איז אפילו נישט געווען צו באַמערקן, צי זי איז דערביי רויט געוואָרן. זיי זענען דעמאָלט געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ אין דער אַלעיע, און די פּלעמלעך פון די גאַס-לאָמפּן האָבן שוואַך צוגעלויכטן. אָבער בנימינען האָט די דערציילונג אַרויסגעבראַכט פון דער רואיקייט. אין װעלכער ער האָט זיך מי געגעבן צו האַלטן זיך אין טעמערלס געגנוואַרט.—

די גאַנצע נאַכט דערנאָך איז ער שלעכט געשלאָפן און געזען אַזעלכע משונהדיקע חלומות.

זיי האָבן זיך אַזוי א צייט אַוועק געטראָפן, צוויי און דריי מאָל אין דער וואָך. בנימין האָט זיך אַלץ געהאַלטן שטרענג זאַכלעך; פאַרטריבן פון זיין האַרץ יעדעס אַנדער געפיל און געקוקט אויף איר, ווי אויף אַ מענטש, א חבר, און נישט מער אָבער אין דער טיפסטער טיף פון זיין האַרץ האָט אַלץ נאָך געוואַכט צו איר דאָס געפיל, וועלכעס ער האָט זיך באַמיט צו דערדריקן, און וויפיל ער האָט נישט מיט זיך אַליין געקעמפט, איינצוורעדן זיך, אַז ס'איז אַ בושה פאַר אַ באַוואוסטזיניקן אַרבעטער נאָכצוגעבן דעם ראָמאַנטישן סענטימענט און קוקן אויף אַ מיידל אַנדערש ווי אויף יעדן אַנדערן מענטש — אָבער דאָס געפיל פון האַרץ צו פאַרטרייבן האָט זיך אים נישט איינגעגעבן.

און קענטיג, אַז אויך זי טעמערל, איז נישט געווען אַ־גערלעך און אויסערלעך גלייך. דעריבער אפשר האָט אַזוי אָפּט

טעראָפּן, אַז זיי זענען געווען אויפגערעגט און כמעט להכעיס־דיק איינער צום אַנדערן.

די דאָזיקע להכעיסקייט האָט זיך צום מייגסטן אַרויסגעוויזן בעתן אַרומרעדן דעם ביבליאָטעק־ענין, וואָסערע ביכער ס'זענען צום ווילכטיקסטן...

טעמערל האָט געהאַלטן, אַז דאָס ווילכטיקסטע זענען פּויליש און רוסישע ביכער, יידישע — האָט זי בלויז טאָלערירט ווי איינער גיט נאָך, כאָטש ער האַלט, אַז דאָס איז נישט אַזוי ווילכטיק.

בנימין האָט געזאָגט:

— דו, טעמערל, ווי אויך דיינע חברטעס, וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אין דער פרעמד־שפּראַכיקער שול און געוואוינט געוואָרן מיט דער אומנאָרמאַלקייט פון אינדערהיים — יידיש, אין שול — רוסיש און אין גאַס צווישן זיך — פּויליש. און זיי, די דאָזיקע מיידלעך, זענען אַזוי אָנגעשטאָפּט מיט די שפּראַכן, ווי אַ שראַנק, וואָס איז אָנגעשטעלט מיט סאַמע פּוסטע ליידיקע פּודעלעך, און וואָס ביי זיי איז אַ שפּראַך בלויז נאָר אַ מיטל זיך די צונג צו שאַרפן און מער גאָרנישט — אָט זיי קאָנען לייכט מוותר זיין אויף אַזעלכע זאַכן, ווי יידישע שפּראַך. אַנדערש אָבער דער יידישער אַרבעטער — וואָס האָט באַקומען זיין דערציונג אין יידיש, וואָס דער מאַמעס וויג־ליד האָט אים געקלינגען אין יידיש און וואָס באַקומט זיין אַנטוויקלונג אויך אין יידיש — ביי אים איז די שפּראַך נישט עפּעס מיידלשע פּאָזע אָדער קאַפּריז — נאָר ביין פון זיין ביין און פלייש פון זיין פלייש — אָט וואָס זיין שפּראַך איז ביי אים!

ס'איז דעמאָלט געווען אַ העפּטיקער שמועס, און דער סוף פון דעם שמועס איז געווען, אַז טעמערל האָט אָנגעהויבן צו לייענען יידישע ביכער.

און נאָך דעם מאָל האָבן זיי זיך מער נישט איבערגעוואַרפן. די ביבליאָטעק איז טאַקע נישט צושטאַנד געקומען, נאָר דערפאַר איז טעמערל געוואָרן אַ הייסע לייענערין פון אומ־

לעגאלע ביכלעך, מיט דער צייט איז זי אריין אין א קרייזל, און שפעטער, אליין געגרינדעט א קרייזל צווישן אירע חברטעס.

*

דעמאָלט, אין איינעם פון יענע אָוונטן, ווען בנימין איז אמאָל פארנאכט צוריקגעגאנגען פון א טרעפונג מיט טעמערלען, ווען ער איז צוגעקומען צו זייער וואוינונג, האָט ער באמערקט ווי עמעץ דרייט זיך הינטער זייערע פענצטער. בנימין האָט געוואָלט וויסן, ווער דאָס איז, און ווען ער איז נענטער צוגעקומען, האָט ער זיך באגעגנט מיט א פאָר ברענענדיקע אויגן, ווי די אויגן פון א בייזן הונט אין דער פינצטער. זיי זענען אויף אים אָנגעשטעלט געווען, די אויגן, אים דורכגעשפיצט אין דער אָוונטשטילקייט, אזש בנימינען איז אן אונהיימלעכקייט אַדורך די ביינער, און ווען יענער איז אָפּגעגאנגען, האָט בנימין ערשט דערקאָנט אין אים — א זשאנדארם, איינגעהילט אין א רעגנמאנטל.

מ'האָט בנימינען באָכגעשפירט.

## ד

דאָס טאָן אין דער באַוועגונג האָט בנימינען אַ סך צייט צוגענומען. בנימין, דער שטענדיק פלייסיקער אַרבעטער, איז געוואָרן אָפּגעלאָזן, די מאַשין איז אים טיילמאָל געשטאַנען ליידיק גאַנצע שעהן און אַמאָל האַלבע טעג, ווייל ער האָט באַגעדאַרפט זיין אין גאַס צוליב אַלגעמיינע אינטערעסן; אין קאַנטאָר האָט מען אים שוין עטלעכע מאָל געוואָרנט, אַז אויב ער וועט זיך נישט נעמען פלייסיק צו דער אַרבעט, וועט מען אים קינדיקן, וואָרום ער ליפערט צו ווייניק „שטיק" און דאָס וואָס מ'האָט אים פאָרט נאָך נישט געקינדיקט, איז געווען אפשר דערפאַר, ווייל ער איז אַ גוטער אַרבעטער, ליפערט רעיעלע סחורה, און מ'קאָן אים אָנפאַרטרויען אַזעלכע מוסטערן, וואָס נישט יעדער איינער וועט זיי מאַכן.

בנימינס פאַרדינסטן זענען געווען גאָר, גאָר קליינע. ס'האָט זיך געמאַכט: ישראל־נח האָט זיך צעקאַלעטשעט אַ האַנט ביי דער מאַשין. ער האָט עטלעכע וואָכן נישט געקאָנט אַרבעטן, און ס'האָט נאָך געקאָסט „וויזיטן" ביים דאָקטאָר און פעלדשער... מלכה'ס פאַרדינסטן פון אויסבעסערן „פלאַכטעס" זענען אויך געווען קליין; האָט אין שטוב זיך ווידער אַריינגעכאַפּט נויט, די אמתע נויט.

זין יענער צייט האָט איינמאָל געטראָפן, ווען מ'איז

אהיימגעקומען מיטאָג־עסן, איז נישט געווען וואָס אויפצוגעבן; די מאַמע האָט נישט געהאַט פאַרוואָס צו קויפן אויף־מיטאָג — אַלע זענען געזעסן אַרום טיש הונגעריקע און ס'איז נישט געווען וואָס צו דערלאַנגען.

דער מאַמען האָט דאָס אַזוי אָנגענומען ביים האַרץ, אַז זי האָט באַקומען ספּאַזמעס, הויך קוויטשיק געלאַכט און געוויינט, און ווייל דאָס איז נישט געווען דער מאַמעס נאַטור, האָבן זיך די קינדער דערשראָקן און אָנגעהויבן וויינען און שרייען. אויף די געשרייען זענען געקומען אָנצולויפן שכנטעס, און משער זייענדיק זיך, וואָס די סיבה איז פון דער מאַמעס ספּאַזמעס — האָט איין שכנטע אַריינגעבראַכט אַן אָנגעהויבן לעבל ברויט און עס אַנידערגעלייגט אויפן טיש.

זייער שלעכטע וואָכן זענען דעמאָלט געווען.

ישראל נח, אַרומדרייענדיק זיך מיט אַ באַנדאַזשירטער האַנט, האָט געליטן, צוקוקנדיק דער מאַמעס קוואַל, דאָס נישט פאַרגינען זיך צו עסן אַ שטיקל ברויט, פאַרזאָרגט, אַז עס וועט פעלן די קינדער — און אַזוי ווי העלפן, האָט ער איצט פאָרט נישט געקאָנט — איז אים דאָס פּנים געוואָרן גראָ, ווי אַש, און די אויגן אויך פאַרצערט, ווי ביי אַ קראַנקן פויגל.

ער איז ס'מערסטע געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ אין שטוב, און געשוויגן, נישט געזיפצט, נישט געקרעכצט, נישט מוסר געזאָגט בנימינען, פאַר וואָס ער פאַרדינט אַזוי ווייניק, נאָר שווייגנדיק געגאַנגען און געברומט אַ ניגונדל אָן ווערטער.

און סימעלע האָט עפּטערס „פאַרגעסן" אין דערהיים די צוויי שטיקלעך ברויט, וואָס מ'האָט פאַר אירעטוועגן אָנגעגרייט מיטצונעמען אין שול, כדי די מאַמע זאָל אויפעסן די שטיקלעך ברויט. די מאַמע האָט אָבער די שטיקלעך ברויט נישט געגעסן, נאָר זיי אוועקגעטראָגן סימעלען אין שול.

ס'האָט זיך געצויגן אַ וואָך נאָך אַ וואָך, און ישראל־נח האָט אַלץ נאָך נישט געקאָנט אַרבעטן. יעדעס מאָל האָט מען געמיינט, אַז אָט אָט גייט ער אַרבעטן, ס'האָט זיך אָבער ווידער געמאַכט ווייטער אין דער האַנט און דאָס גיין אַרבעטן.

האָט ווידער געשוווּס ווערן אָפּגעלייגט — און בנימין האָט אַלץ ווייניק פאַרדינט.

צוזעענדיק די נויט, האָט בנימין זיך עפּטערס פאַרגעני־מען אַוועקצולייגן אויף אַ צייט אַלע אַנדערע אינטערעסן און ווי לאַנג ישראל־נה קאָן נישט אַרבעטן, זאָל ער, בנימין, זיך אָנעמ־טאָן פלייסיק צו דער אַרבעט. און ער האָט זיך טאַקע נישט איינמאָל אָנעם־געטאָן, מיט ברען אָפּגעאַרבעט אַ האַלבן טאָג, אַ טאָג און טיילמאָל — מער. אָבער סוף כּל סוף זענען דאָך די אַלגעמיינע אַרבעטער־אינטערעסן, אויך אַזוי וויכטיק, ווי די היימישע. דאָ ליידט נויט איין משפּחה, אָבער אין דער גרויסער וועלט און אפילו דאָ אין שטאָט זענען פאַרהאַנען צענדליקער און אפשר הונדערטער משפחות, וואָס לעבן אין נויט...

און בכלל איז דאָך די נויט פון זיין היים אויך נאָר אַ פּראָדוקט פונם אַרבעטערס רעכטלאָזיקייט; צי דען אַז אַן אַר־בעטער קאָן אַמאָל נישט אַרבעטן עטלעכע וואָכן, ווייל ער האָט זיך פאַרוווּנדעט די האַנט ביי די פאַרזשאַווערטע „בויערערס" — דאַרף ער דערפאַר הונגערן? — עס איז דאָך שליסלעך איין רינג פון דער קייט אומרעכטן, קעגן וועלכע מיר קעמפן. אָט אַזוי האָט זיך געטראַכט, בנימין, און אַ חוץ דעם איז גלאַט שווער געווען אַלץ פון זיך אָפּצוריקן, אויף וועמען איבערצו־לאָזן די גוזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז נישטאָ, פאַנטשערן איז צו פּראַקטישער אַרבעט עפּעס גאָרנישט צו געברויכן.

און גראָד דעמאָלסט, ווען דער מאַמעס האַרץ איז געווען אַזוי פאַרביטערט אין פאַרפינצטערט, האָט זיך פּלוצלינג, פּונקט ווי אַ זון שטראַל אין אַ גראָען אַ שיין־טאָג — אַ האָפנונג שטראַל באַוויזן.

ס'האָט זיך דערטראָגן אַ נייעס פון יענעם שטעטל, וואו בנימינס עלטערן האָבן אַמאָל געוווינט, אַז צווישן אַלטע פּאַ־פּירן, וואָס עמעץ האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט — זענען געפונען געוואָרן צוויי אָדער מער וועקסלען, אויף אַ היפּשער סומע,

חאָט בנימינס פאָטער האָט געבאָרגט א יידן פון זלאָטשעוו און וואָס די מאמע האָט גאָרנישט געוואוסט פון דעם.

פונקט ווי א היימלעכע שטוב, א ווארעמער טרונק און א ווייך בעט פאר א האלב פארפראָרענעם עלנטן אורח, וועלכער האָט זיך שוין מיאש געווען צוצוקומען צו א מענטשלעכן ישוב — אזוי איז אָט די בשורה געווען פאר דער מאמעס געמיט; ווי פרישער טוי אויף א פארטריקנט פעלד, איז זי אויף איר הארץ געפאלן, ווי א באלזאם. די מאמע האָט נישט געזוימט און גלייך וועגן דעם אָנגעפרעגט בריוולעך ביים פעטער יאָסל, וואָס וווינט דאָרט אין שטעטל, און וואָס זיין ווייב חנה איז דעם פאר־שטאָרבענעם טאטנס שוועסטער.

ס'האָט אביסל געדויערט, איז אָנגעקומען אן ענטפער פונם פעטער יאָכל, אז דאָס נייעס וועגן די געפונענע וועקסלען, איז טאקע אמת; דער וואָס איז אויף זיי אונטערגעשריבן לעבט און איז פארמעגלעך, און די וועקסלען געפינען זיך איצט אין זי־כערע הענט — ביים שטעטלדיקן רב.

ב׳יץ שנעל האָט זיך צעטראָגן דאָס נייעס וועגן חיה־רבקהס אויפריכטעניש איבער דער גאנצער גרויסער משפחה... ס'זענען געקומען ווייטע עלטער־מאמעס און פארגעסענע גליד־געשוועסטער־קינדער, זיך נאָכפרעגן, צי ס'איז טאקע אמת, און ווינטשן מזל־טוב...

די מאמע האָט אויפגעלעבט, ווי א פארטריקנטע פלאנץ, אז זי באקומט א שליק־רעגן, די קנייטשן אויף איר פאר דער־צייט געעלטערטן פנים האָבן זיך אביסל אויסגעגלעט, און די אויגן האָבן באקומען א רואיקן גוטמוטיקן גלאנץ. זי האָט אָנ־געהויבן מער צו קוקן אויף מלכהס הילוך; זיכער געווען, אז איצט וועט איר קינד שוין ענדלעך קומען צו שידוך. די מא־מע האָט געחלומט אויף דער וואָר, און נאָר זעלטן האָט זיך געהערט אירס א דער לייכטערונגס־קרעכצל, ווי פון איינעם וואָס האָט א שווערע, שווערע משא אביסל פון די פלייצעס אראָפ־געקריגן, און איצט רוט ער זיך אָפּ.

— האגז.

דער רייכער פעטער לייב חיים איז אויך צוריק שלום-
געוואָרן מיט דער שוועסטער, ער האָט מיט אַמאָל פאַרגעסן, אַז
„חיה רבקהס זונדל" האָט צעבונטעוועט די אַרבעטער אין זיין
פאַבריק — ער איז אַרויפגעקומען, געוואָר וווערן צי ס'איז
אמת דאָס נייעס, און אַז די כאַלע האָט מיט אַ שיינענדיק פנים
געזאָגט, אַז יאָ, ס'איז טאַקע אמת, איז אים ליכטיק געוואָרן די
צרה: „הייסט עס דאָך — האָט פון זיין פנים געקאָנט אַראָפּ-
לייענען — אַז מלכה וועט שוין האָבן אַ נדן, אָן דעם, איך
זאָל גאָר דאַרפן אַן עפן צו טאָן דעם טייסטער".

אָבער וואָס לענגער עס האָט געדויערט און קיין ווייטער-
דיקע נאַכריכטן וועגן דעם וועקסל-ענין האָבן זיך נישט גע-
לאָזט הערן — איז די מאַמע ווידער נערוועז געוואָרן, אַ גרויס
אומגעדולד האָט זי אַרומגעכאַפּט. זי האָט געשריבן עטלעכע
בריוו מיט אָנפראַגעס צו שוואָגער יאָסל, און אַז זי האָט אַזוי
גיך נישט באַקומען קיין תשובה, האָט דאָס זי אַריינגעוואָרפן
אין אַ געפערלעכער אומרואיקייט. ביי נאַכט האָט זי נישט גע-
קאָנט קיין אויג צוטאָן און נישט אין בעט איינצוליגן. שטענ-
דיק האָבן איר געפלאַמט די שפּיץ-באַקן, און ביי טאָג האָט זי
זיך אַרומגעדרייט ווי אַ פאַרחושטע.

ענדלעך, אַמאָל אין אַ פאַרמיטאָג, איז דער פעטער יאָסל
געקומען צופאָרן, און ווען די מאַמע האָט זיך גאָרנישט גע-
געריכט, האָט ער זיך באַוויזן אין שטוב.

אַז די מאַמע האָט אים דערזען אַריינקומען, האָט איר
אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן, אַז נאָר אין חלשות צו פאַלן.
ווען זי איז צוריק אַביסל געקומען צו זיך, האָט זי מיט
אַנגסטן געקוקט אים אין מויל, וואָס ער וועט זאָגן. איר האַרץ
נעבעך האָט געפּילט, אַז עפּעס איז דאָ נישט ביים גלייכן. ער
אָבער, דער פעטער יאָסל מיטן קאָזע-בערדל, האָט קודם אַרויס-
גענומען פון וואַליזקע דעם טלית-זאַק און אוועק אין בית-מדרש
דאַווענען.

גאָכן דאַווענען און אָנבייסן האָט דער פעטער יאָסל גענו-
מען אויספרעגן, ווי עס גייט מיט דער פרנסה און צו די קינ-

דער פירן זיך בדרך־הישר; ישראל־נחן, וואָס האָט זיך נאָך ארומגעדרייט מיט דער באַנדאַזשירטער האַנט, האָט דער פע־טער יאָסל דערווייל אָוועקגעלייגט אַ פּאַרציע מוסר, אַז אויב מ׳איז שוין אַפילו געשטראָפט צו זיין אַ בעל־מלאכה, איז נאָכ־נישט געדרונגען, אַז מ׳דאַרף זיין אַ הפקר־יונג, מ׳קאָן למשל יעדן אָוונט אַריינקוקן אין אַ ספר און שבת — אודאי; דערויף טאַ־קע איז דאָך דער שבת! און קאָן מען נישט קיין לשון־קודש, איז מען יוצא אויך מיט עברי־טייטש, פאַרהאַנען אַ „קו־הישר״ אַ „חיי־אָדם״ און אַ טייטש־חומש איז אויך נישט קיין טריפה־פסול.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן אָנבייסן און מוסר זאָגן — און וועגן די וועקסלען נישט קיין וואָרט נאָך — האָט דער פעטער יאָסל געענוי זיך דערקינדיקט, וואו עס וואוינט דער פעטער חיים־לייב וואָלבערג, ער איז אהין אַוועק, זיך דאָרט היפּשלעך געזוימט, צוריקגעקומען איז ער צוזאַמען מיטן פעטער לייב־היים, און דאָ, איצט ערשט, איז די מאַמע געוואָר געוואָרן דעם גאַנצן כוד פון די געפונענע וועקסלען און אויך פאַרוואָס דער פעטער יאָסל האָט זיך מטריח געווען אזא מהלך און גע־קומען צו פאָרן.

לויט דעם פעטער יאָסלס רייד קומט אויס, אַז די וועקס־לען, זענען טאַקע כשרע וועקסלען — נאָר וואָס דען? — לויט ווי מ׳איז דערגאַנגען ריכטיק, זענען דאָס נישט קיין הלואה־וועקסלען, אויף וועלכע שמואל עליו השלום — בנימינס, ישראל־נחס מלכה׳ס און סימעלעס פאָטער — האָט געבאָרגט געלט נאָר טובה־וועקסלען: דער אונטערגעשריבענער האָט שמואלן אַ טובה געטאָן און געגעבן זיין אונטערשריפט, כדי ער עליו השלום זאָל די וועקסלען קאָנען דיסקאָנטירן און קריגן געלט.

איי, ווי קומען ווידער די וועקסלען צו דעם, ביי וועמען זיי זענען געפונען געוואָרן? — איז ווידער עפּעס אַ מעשה מיט אַ שלישית...

נישט אַזוי לייכט איז די דאָזיקע שפּאָגל נייע מעשה אַריינגעדרונגען אין דער מאַמעס אויערן, נישט אַזוי גיך איז

די מאַמע באַשטאַנען דערויף, אַז אַזוי איז עס טאַקע. אַ גאַנצן טאָג האָט געדויערט דער מאַמעס געזעגנשטעלן זיך, אַזש דער פעטער לייב־חיים, וואָס האָט נאַיוו ווי דער שטייגער געקוקט יאָטלען אין מויל־אַריין און ווי אַ יידענע איבער דער הייליקער חתונה צוגעשאָקלט צו זיין יעדן וואָרט — האָט זיך שוין נישט געקאָנט איינהאַלטן און זיך אָנגערופן מיט אַ פּאַריבל:

— איך הויב שוין גאָרנישט אָן דיך צו דערקענען, חיה־רבקה — וואָלסטו טאַקע געוואָלט פון יענעם מוציא זיין געלט, וואָס דיר קומט נישט? — און לסוף איז געבליבן, מ'זאָל טע־לעגראַפירן נאָך יענעם, וואָס איז אונטערגעשריבן אויף די וועקסלען, ער זאָל קומען — די מאַמע וויל מיט אים אַליין רעדן.

צוויי טעג זענען אַוועק, איז געקומען צופאָרן אַ ייד מיט אַ גראָער ברייטער באָרד, אַ געלאַסענער, מיט שטילע־רואיקע באַוועגונגען, און מיטן אָנבליק פון אַ פאַרמעגלעכן יידן, נישט קיין בטלן.

אַ גאַנצן טאָג האָט דער ייד דאָ פאַרבראַכט. צום ערשט האָט דער פעטער לייב־חיים, אַלס דער מאַמעס ברודער — אַליין גערעדט מיט אים, דערנאָך איז דער ייד געזעסן אין שטוב מיט ביידע פעטערס און מיט דער מאַמען. דער ייד האָט דערציילט פאַרשידענע וועלט־נייעסן, פון ביסמאַרקן און פון דייטשן קייזער, דעם חכם מחכם, פון דער מלכה וויקטאָריע. און פון מאָנ־טעפיאָרען, אַז ווען די ענגלישע מלכה האָט געשיקט נאָך אים איר גאָלדענע קאָטש, ער זאָל קומען צופאָרן צו אַ מלוכה־באַראַטונג, אויב עס איז געווען שבת, האָט ער אין קאָטש בלויז זיין שווערד אַריינגעלייגט און אַליין איז ער געגאַנגען צו פוס, נישט געוואָלט מחלל זיין דעם שבת... און פון בער־לינער זאָאָלאָגישן גאָרטן האָט ער דערציילט, פון די פאַרשי־דענע מינים חיות, וואָס געפונען זיך דאָרט.

וואָס שייך די וועקסלען, איז נישט קיין סך דערפון גע־רעדט געוואָרן. די מאַמע האָט געזען, אַז זי האָט דאָ צוטאָן מיט אַן ערלעכן מענטש, אַ פאַרמעגלעכן, וועלכער וועט זיך

בשום אופן נישט אונטערשטעלן צו באַרויבן אַן אַלמנה מיט יתומים, זי האָט אים געגלויבט, אַז דאָס איז בלויז טובה-ה'עקס-לען, און זי האָט זיך אויפגעשריבן...

אין אָוונט האָט זיך דער ייד געזעגנט און צוזאַמען מיטן פעטער יאָסל אַוועק צו דער באַן.

נאָך דערנאָך, דעם זעלבן אָוונט — בנימין איז שפּעט אַהיימגעקומען — ווען ער האָט זיך ווי תמיד געלייגט שלאָפן אין פאָדער חדר און אין בעט מיט ישראל-נחן, נאָך איידער ער איז איינגעשלאָפן, ווען די אויגן האָבן זיך אים גענומען קלעפּן — איז ער פּלוצלינג פאַרציטערט געוואָרן פון א שטיל-געוויין, וואָס האָט זיך געטראָגן פון צווייטן חדר, וואו די מאַמע שלאָפט.

דאָס געוויין איז געווען א שטילס, אַ דערדריקטס, א גע-וויין, וואָס קומט פון דער סאַמע האַרץ-טיפעניש.

לאַנג, לאַנג האָט זיך דאָס געוויין געהערט אין דער נאַכט פינסטערניש, ביז בנימין האָט באַנומען, פון וועמען דאָס געוויין קומט, און אַז ער האָט ענדלעך באַנומען, ווער עס וויינט, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס באַוויינט די מאַמע די האָפענונג, וואָס האָט איר די לעצטע צייט צוגעלויכטן, און איז איצט מיט איינמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן, ווי א ליכטל, לאָזנדיק זי אין דער האָפנונגסלאָזער פינסטערניש...

## ה

כמעט גינגאָלדס פאבריק איז היפשלעך גרויס — אַסך מאַשינען — נאָר קיין אָרדנונג איז דאָרט נישטאָ, לחלוטין נישט קיין אָרדנונג.

די אייגנטלעכע פירערין פון דער פאַבריק איז גינגאָלדס ווייב פעסע, אָדער פעסע די ראָצערין — א יודענע א קורצזיכטיקע, וואָס—אפנים, נאָך פון די קינדער-יאָרן איז איר געבליבן דער פעלער — שניפן מיט דער נאָז.

די אייגענע האָר טראָגט זי נישט פעסע, חלילה! אַפילו נישט קיין שייטל, נאָר א קופקעלע אַזעלכעס — א קופקעלע מיט קרעלעכלעך און ציטער-שפילקעס זיצט איר אויפן קעפל.

און פרום איז דאָס — ממש גאָט אַליין! נאָר ערלעך, זעט איר, נישט דוקא. אז מ'קומט אין קאַנטאָר וועגן געלט, וועט פעסע הונדערט מאָל אָנרופן דעם אַרבעטער „זונעלע" און „קרוינעלע", איידער איין מאָל א ריר-טאָן מיטן דאַמען-פינגער, באַצאָלן וואָס עס קומט.

אין גאַס, אַז די דאָזיקע פאַרבריקאַנטקע טראָגט זיך פאַרביי, איילט ערגעץ וואו, שלעפט זיך איר נאָך דער איילן-לאַנגער „שלעפ" פון אָפגעטראָגענעם, נישט איבעריק ריינעם קלייד. ציט ער זיך דער שלעפ, און קערט דעם שטויב פון ברוק.

מ׳דערציילט, אז ס׳האָט זיך געמאַכט איינמאָל אַ תהילת הינטער, דער פראָסט האָט גראָד גענומען, האָט זיך פעסע גינגאָלד געשטעלט שמועסן מיט עמעצן אין גאס און אַזוי שטייענדיק איז איר דער שטענדיק נאסער שלומפער פון קלייד געפראָרן געוואָרן, נישט פון אָרט אוועק צירירן זיך! כאָטש שטיי דאָ אַזוי לאַנג, ביז דער פראָסט וועט נאָכלאָזן.

איר מאַן יאנקל — אַ ייד מיט אַ בויך, מיט אַ גראָער חסידישער באָרד און אויגן אָן ברעמען — איז א שלעכטער ייד, אַ נישט פארגינער. די אַרבעטער גלויבן, אז ווען זיי בעמען געלט און ער איז דערביי און קוקט מיט זיינע קאַלביקע אויגן, גייט זיי דאָס געלט נישט גוט אויס. אין פאַבריק רופט מען אים „דער רשע״, און די שטיקערס דאַנקען גאָט, וואָס ער מישט זיך ווייניק, האָט אַ דעה ביי זיין ווייב, דער טויגערקע, בלויז נאָר איבער דעם קידוש-בעכער און איבער דער שבת-צונאַכטיקער בשמים-ביקס.

אין די פאַבריקאַנטן-קרייזן דערציילט מען זיך אָן פון יאַנקל גינגאָלד קאָמישע מעשיות, ווי אַזוי ער רעדט צום דירעקטאָר פון דער באַנק, ווען ער קומט צאָלן אַ וועקסל און ס׳איז פונקט אַ פּאָר מינוט נאָך דער באַנק-צייט, ווי אַזוי רב יאַנקל גיט דעם דירעקטאָר צו פאַרשטיין, אַז ער מעג נאָך צונעמען פון אים דאָס געלט, וועט ער אַ פּאָר מינוט שפּעטער אהיימגיין עסן מיטאָג, כ׳לעבן, מ׳וועט דאָרט אין זיבען האָבן, אים איבערלאָזן זיין חלק מיטאָג, חלילה נישט פאַרטיילן...

מאָריץ וואָלבערג ווייסט אַ מעשה, וועלכע ער דערציילט ביי יעדער געלעגנהייט — ווי זייענדיק צוזאמען אין ביזשני אויפן יאריד, האָט ר׳ יאנקל גינגאָלד אין א פרייטאָג נאָכמיטאָג אָנגעטראָפן אין אַ הינטער גאס אַ קאַצאַפּ מיט אַ גרויסער באָרד, און אָננעמענדיק דעם קאצאפ פאַר א ייד, זיך צוגעטשעפּעט דווקא, ער זאָל אים ווייזן, וואו דאָ געפינט זיך די מקוה...

אָט אַזעלכע זענען עס פעסע די ראָצערין און איר מאַן יאַנקל גינגאָלד.

און אָט אַזוי, אין פאַרשלומפּערטן קלייד און מיט איר

מאַן יאַנקל אינם יומטובדיקן סאַמעט־היטל ביי דער זייט, פירט זיך פעסע די נאָז־שניפּערין איר פאַבריק, גאָרנישט היינט מאָ־דיש (זי האָט פיינט היינטוועלטישקייט!) נאָר אדרבא — פאַר־צייטיש, גאָר פאַרצייטיש, נאָך ווי אַמאָל אין מלך סאָביעסקיס צייטן, און אַפּנים, אַז וואָס צו באַקלאָגן זיך האָט זי נישט: אירע צוויי אויסגעגעבענע טעכטער — ביילע די שיינבערגן און עלקע די פישלזאָן — יידענעס אין שייטלען — זענען שוין ברוך־השם אויך פאַבריקאַנטקעס. און דער בן־יחיד וועלוול, ער טראָגט זיך שוין אַביסל היינט־וועלטיק: אַ געפּאַסט שניטרעקל, קראַגן, שניפּס, איז חבר מיט פעליקס ווײַלבערג, און האָט בשתיקה עסקים מיט מיידלעך.

אַזוי לעבט זיך פעסע די ראָצערין, געניסט זיך איר נישט מאָגער שטיקער עולם־הזה און האָפט אויף אַ פעט חלקל עולם הבא, און די איינציקע בקשה, וואָס פעסע האָט צום רבונו־של עולם און להבדיל צו אירע טעכטער, איז — זיי זאָלן קינדלען, האָבן קינדער; גרויסע דורות דאַרף זי — אַסך פאַבריקאַנטן זאָל פון איר יאַנקלס דיך אַרויסקומען, מיט איר בשותפות, פאַרשטייט זיך.

---

ס'האָט זיך געמאַכט, די אַרבעטער דאָרט האָבן אַ לאַנגע צייט נישט געקריגן אויסגעצאָלט; ס'איז אָנגעשוואומען יום־טוב, אַ זומערדיקער יום־טוב — שבועות איז עס געווען — ר׳ יאַנקל גינגאָלד איז נישט הי, געפאָרן צום רבין; געגנוי פון נאָך פּסח און איז נאָך נישט געווען קיין אויסצאָלונג.

ערב שבועות נאָכמיטאָג, נאָך דער אַרבעט, וואָס ווערט לכבוד יום־טוב געווייגטלעך פרי געענדיקט — זענען די אַר־בעטער אַרויפגעגאַנגען אין קאַנטאָר וועגן געלט. אויבן האָט זיי פעסע מיט אַזאַ פריינטלעך שמייכל געגעבן אַ צוזאָג אויף עולם־הבא, ווי איר שטייגער:

— קינדערלעך — האָט זי זיי אָקעגנגעשמייכלט — נישטאָ

קיין געלט היינט — באַלד נאָך יום-טוב מערטשעם, ס'וועט ענק דעמאָלט אויך צונויץ קומען די פּאָר רובל, כ'לעבן...

די אַרבעטער אָבער זענען היינט נישט אַזוי ווייך ווי געווייינטלעך: דאָס ווייב אין דער היים וואַרט מיטן אייַנקויפן אויף יום-טוב... שטייען זיי די אַרבעטער מיט פאַרמרוקעוואַטע בייזע פּנימער, ברומענדיק...

די שטיקער — אין קאַנטאָר, די פעדלערס — אין דרויסן, הינטער דער טיר, מ'וואַרט, מ'וואַרט, אפשר וועט זיך פּאָרט מאַכן עפּעס געלט. מ'טענהט איין מיט דער פאַבריקאַנטקע מע-סע, אַז אינגאַנצן אָן געלט — קאָן מען נישט אַוועקגיין, דאָס ווייב אין דער היים וועט איבער שוועל נישט לאָזן, זי אָבער מיטן נאָז-שניפּל און מיט איר געמלאכהט גוט פיסקל: — קינ-דערלעך, וואָס דרייט עץ מיר אַ קאָפּ, גייטס געזונטערהייט, באַלד נאָך יום-טוב וועט זיין געלט.

געזען, אַז ס'איז נישט צומאַכן, האָבן די שטיקערס גע-נומען צעגיין זיך מיט גאָרנישט. אין דרויסן האָבן זיי ערשט געקריגן דעם גרויסן „ברוך-הבא", יעדער פון זיינע פעדלערס פאָרן נישט אויסצאָלן זיי, און מיט דעם גוטן צוזאָג, אַז נאָך יום-טוב וועט איין פעדלער נישט קומען אַרבעטן, ווי לאַנג ס'וועט נישט זיין קיין געלט.

אַלע זענען געוועזן אָנגעלאָדנט, בייז. אַזוי די שטיקערס. ווי די פעדלערס. מ'איז געווען פאַרביטערט, וואָס מ'גייט אַהיים פראַווען יום-טוב אָן א פרוטה ביי דער נשמה. און דאָ טראָגן זיך ריח׳ות פון קוך, אַזעלכע מעדנימדיקע ריחות, אַזש עס פאַר-כאַפּט דעם אָטעם.

פאַרבייגייענדיק די אָפענע קיך-טיר, האָט מען זיך אַביסל אָפּגעשטעלט, און אַהין אַריינגעקוקט...

דרינען אויפן טיש, ביים אויסגעפּראַלטן פענצטער, שטייען די געקאָכטע פיש אויסגעלייגט אויפן פּולמיסעק צום קילן; דער קעז-קיכן שוין אָן אָפּגעבאַקענער, אויף דער פאַן, אָנגעצייכנט אין פיר קאַנטיקע חלקימלעך; וואָס די ראַ-זשינקעס קוקן זיי אַרויס פון די איבערגעפּאַקטע זיס-פעטע בייכ-

לעך — — — די קעכין, מיט אַרויפגעשאַרצטע אַרבל, שטייט בײַ דער גליענדיקער קיך, פאַרטאָן אין פאַרטיק מאַכן פרישע געקעכצן.

און דאָ שטייען עטלעכע צענדליק יונגלעך פעדלערס, מיט הונגעריקע מאָגנס, מיט בורטשנדיקע געדערים, און זיי שטייען מיט סלינע אין מויל און באַטראַכטן די אַפּעטיטלעכע מאַטראַוועס, וואָס אויפן קיך־טיש און אין אָפענעם קרעדענץ דאָרט... איז דאָך א פאַרשטענדלעכע זאַך, אז איידער נאָך די דינסט האָט זיך רעכט אומגעקוקט האָבן שוין געפעלט א פּאָר שטיק פון קאַרפּ, און דער קעזקוכן און די אנדערע גוטע זאכן זענען אויך נישט געבליבן אומבאַרירט.

די קעכין האָט באַלד אויפגעהויבן א גוואַלד אויף די „ראַ־בושניקעס”. אויף איר גערודער זענען ערשט געקומען אָנצוי־לויפן די איבעריקע פעדלערס און שטיקערס, זיך דערוויסן, וואָס איז פאָרגעקומען, און אזוי ווי אַלע זענען געווען אויפגערעגט, פאַרביטערט, ביז — פאַרשטייט זיך דאָך אַליין, אז די קעכין האָט מיטן אויפהויבן דאָס געשריי זיך נישט געטאָן קיין טובה. אַדרבא, איר אָנגרייטעכץ, פון וועלכן ס'האָט פריער געפעלט נאָר קוים עפּעס — האָט דערנאָך, ביים אָנגעלויף, נאָך אסך ערגער אָפּגעשניטן — ס'איז כמעט אַלץ צעכאַפּט געוואָרן.

נאָר קיין גרויס געברויך איז אין קאַנטאָר פון דעם נישט געמאכט געוואָרן. נאָך יום־טוב זענען אַלע געקומען אַרבעטן, ווי קיינמאָל גאָרנישט.

פאָנטשער ווייזט אויס, האָט א טעות געהאט, וואָס ער האָט מורא געהאט, אַז צוליב דעם צעכאַפּן דער פאַבריקאַנטקעס אָנגעגרייטעכץ, וועט צומאָרגנס נאָך יום־טוב פאָרקומען דאָס אייגענע, וואָס אין וואָלבערגס פאַבריק, נאָך יענעם פרייטאָג־פאַרנאכט, ווען מ'האָט אַלעמען געקינדיקט און ער האָט די אַר־בעט אָנגעוואָרן — דאָ איז אַזוי נישט געווען, גאָרנישט.

עטלעכע וואָכן שפּעטער איז עפּעס אַנדערש פאָרגעפאַלן, וואָס האָט יאָ געדאַרפט צוברענגען נאָך זיך קאָנסעקווענצן, אָבער ס'איז געווען שוין גאָר עפּעס אַנדערש, און די סכנה

אָנצוווערן די אַרבעט האָט געדראָט נאָר פּאַנטשערן, און חיי־טער קיינעם נישט. און געווען איז דאָס לפנים נישט צוליב עקאָנאָמישע טעמים און אויך נישט אַזוי ווייט צוליב פּאָליטישע, ווי צוליב ריין רעליגיעזע — פּעסע די ראָצערין און איר מאַן יאַנקל האָבן זיך אָנגענומען דעם שוכן שהקימס „קושיוודע״ — איינגעפּונען, אַז דער יידישער גאָט איז דורך פּאַנטשערן באַעולהט געוואָרן און ער דאַרף באַקומען אַ סאַטיספּאַקציע...

נאָר לאָמיר בעסער דערציילן כּסדר:

אין לאַנדסבערגס „בלייך״, וואו מען רייניקט די שמוי־קערייי „פּלאַכטעס״ פון דער רויטער בעלקייט — איז אַ קריסט־לעכער אַרבעטער דערהרגעט געוואָרן: אַריינגעפּאַלן אין קעסל און אָפּגעקאָכט געוואָרן אויף טויט...

דאָס טראַגישע געשעעניש האָט אין שטאָט געמאַכט אַ גרויסן רושם, און אַזוי ווי ס'האָבן דעמאָלט שוין עקזיסטירט אַ היפּשע צאָל „קרייזלעך״ באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, יידישע און פּוילישע, איז געבליבן, מ'זאָל דעם אומגעקומענעם באַציי־כענען אַלס קרבן פון קאַפּיטאַליזם און דערויף געהעריק רעאַגירן.

מ'האָט זיך ווי עס איז דורכגערעדט מיט די „קרייזלעך״ פון דער פּ. פּ. ס., און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו פּאַ־רייניקן ביז איבער דער לויה און צוזאַמען מיטגיין אין גע־שלאָסענע רייען נאָכן אָרון.

און ס'איז געווען אַ לויה גאָר אויף חידושים... פון אַלע געוועלבער און פון אַלע פענצטער, וואו נאָר די לויה איז פּאַרי־ביי־געגאַנגען, האָט מען נאָכגעקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן, ווי יידישע יינגען גייען מיט אָפּגעדעקטע קעפּ, הינטערן גלח, נאָך אַ טרומנע מיט אַ צלם פּאָרויס.

יידן און ווייבער האָבן די קעפּ געשאָקלט און נאָכגעקוקט דאָס בייזע וואונדער, ווי יואל פּאַנטשער, וואָס האָט זיך מער פון אַלע געוואָרפן אין די אויגן צוליב זיין לאַנגן ראָק און צעלייגט שוואַרץ בערדל, ווי ביי אַ קעסט יינגנמאַן — גייט צוזאַמען מיט נאָך יינגאַטשעס נאָך אַ גויעשן „פּאָגזשעב״ — און

נאָך איידער די לויה איז אָנגעקומען אויפן קאַטוילישן „צמענ-טאַזש״, האָט מען שוין צו בנימינס מוטער אָפּגעטראָגן די „פּאָטשט״, אַז איר זון איז נישט נאָר נאָכגעגאַנגען אָן א היטל — נאָר ער האָט נאָך געהאָלפן טראָגן דעם „פּגר״ אין דער טרומנע...

דער פעטער לייב-חיים האָט געהאַט צו שאָקלען פּאַריאוּשט מיטן קאָפּ, אַז דאָס וואָס זיין מנשה איז מיטגעגאַנגען, איז אויך נאָר בנימינס שולד, ער, בנימין האָט אים מיטגעשלעפּט:

— אַלץ דיין זינדל — האָט ער צו דער מאַמען באַ-טריבט א זאָג-געטאָן:

און יואל פּאָנטשער?

באַלד נאָך אָט דער מעשה איז פעסע די ראָצערין אַליין אַראָפּגעקומען צו פּאָנטשערס מאַשין, ער זאָל שוין די מינוט אַרויפקומען אין קאַנטאָר. אויבן האָט זי אים צווויסנגעטאָן, אַז אַזוי ווי מ׳שמועסט, אַז ער, פּאָנטשער מיט נאָך א חברה יינגען האַלטן ביים שמדן זיך, און ער האָט שוין געמאַכט דערויף די התחלה — געטראָגן פאַרן גלח דעם צלם — טאָ זאָל ער וויסן, אַז קיין משומדים וועט זי אין פאַבריק נישט האַלטן. זי וויל אים שוין באַצאָלן פאַר פערצן טעג, נאָר זאָל ער שוין גיין פון איר הויז.

פּאָנטשערס ווייב, איז געקומען בעטן, מ׳זאָל איר מאַן נישט אָפּזאָגן פון דער אַרבעט. זי האָט געהאַלטן אין איין איבעררחזרן און שווערן, אַז „אירער״ איז דאָ גאָרנישט שולדיק: ער האָט נישט געוואָלט מיטגיין אויפן באַגרעבעניש, נאָר די-יינגען האָבן אים מיט געוואַלט מיטגעשלעפּט.

די יידענע האָט גערעדט און גערעדט, געוויינט און גע-בעטן. פּאָנטשער איז לסוף ווייטער געבליבן אַרבעטן. נאָר נאָך אָט די צוויי נסיונות, וואָס פּאָנטשער האָט שוין געהאַט — פאַר-יאָרן אין וואָלבערגס פאַבריק, וואָס ער האָט דער נאָך א לאַנגע צייט נישט געקאָנט קריגן קיין אַרבעט, און איצט דאָ, וואו ער האָט שיער נישט אָנגעוואָרן די אַרבעט — און צוהערנדיק דעם ווייבס וויינען אויף איר ביזן גורל, און רחמנות האָבנדיק אויף

זיין יינגעלע, וואָס ווערט באַלד צוויי יאָר און אויפן צווייטן קינד, מיט וועלכן זי ריכט זיך באַלד אין קימפעט — האָט פּאַנטשער גענומען צו ביסלעך זיך אָפּרוקן פון דער „באוועגונג", בלייבנדיק ביים לייענען ביכער — ביז ער האָט זיך אינגאנצן אָפּגערוקט — לאָזנדיק די יינגע קרייזלעך אליין זיך שלעפּן אין זייער שווערן דערנער־וועג באַרג ארויף.

## ו

„אָט די טעמערל — טראַכט אָפּט בנימין — זי איז נאַיװ און כיטרע, קלוג און מיידלש פלאַך, און װען איר דאַכט זיך אַז זי האָט פיינט דאָס באַלעבאַטישע לעבן — שטעקט זי אין אמתן ביז איבערן קאָפּ אין בירגערלעכן געמויזעכץ".

טעמערל איז אַ סך מאָל פאַר בנימינען א רעטעניש. הגם זי געהער זיך אָן מיט אים קרובים, איז זי אָבער נישט אַזוי פּראָסט, װי די מיידלעך פון זיין סביבה. יענע באַגרייפט ער, פארשטייט ער — טעמערל איז נישט אַזוי באַגרייפלעך פאַר אים. און טיילמאָל, װען זיין שכל בלייבט שטיין פאַר אַ רעטעניש פון איר כאַראַקטער און ער קאָן דאָס נישט באַנעמען, װערט ער אין כעס אויף איר, און ער איז דעמאָלט גרייט אָפּצופּסקענען מיט א לייכט האַרץ, אַז דאָס װאָס זי גיט זיך איצט אָפּ מיט דער ארבעטער-זאַך — איז סתם פון נישט האָבן װאָס אַנדערש צו טאָן, און סוף כל סוף װעט דאָס איר נימאוס װערן און זי װעט צוריקלויפן צו איר סביבה, צו איר קלאַס און אַז בנימין נעמט זיך דעמאָלט א גריבל טאָן אין טעמערלס כאַראַקטער, באַשליסט ער אין זיך, אַז די שװעסטער פון אַ העגעבל װאָלבערג, װעלכער איז כמעט אַן אפּעריסט, פון פעליקס דעם פרויען-פאַרפירער און אפילו פון מנשהן, װאָס איז איצט

בלומרשט אַ פֿאַרברענטער פּאַרטיי־מאַן — מוז סוף כּל סוף אין זיך האָבן עפּעס פֿון די ברידערס פֿאַרדאָרבענע נייגונגען.

אָבער אין מיטן, ווען בנימין, איז שוין פּאַרטיק אַרויס־צוטראָגן זיין פּסק אויף טעמערלען און איר חנעוודיק נאַיווקייט און אָפּטמאָלדיקע גוטסקייט איז ער גרייט צו צושרייבן אויפֿן חשבון פֿון איר פֿלעגמאַטישער מוטער און אַ ביסל תּמעוואַטן פֿאָטער, און אז נאָר מחמת איר מיידלישער פֿרישקייט איז דאָס ביי איר אין אַ באַחנטע ארט — ווען בנימין איז שוין גרייט טעמערלען אָפּצומשפּטן, איז געגוג, ער זאָל זי דערזען, און זיין גאַנצער אָקאָרשט אויפגעבויטער טורם קעגן איר, צעפֿליט ווי אַ בערגל פּעדערלעך אויפֿן ווינט, און ער מוז גלייך שטאַרק קעמפן מיט זיך, נישט אַרויסצווייזן, ווי זיין האַרץ ליגט אין איר האַנט.

---

די „נאַכט פֿון חייליקן יאַן“ איז געווען אַ הערכלעכער אָוונט. אין פּאַרק האָבן געשפּילט צוויי אָרקעסטערס; די פֿייער־לעשער און „רודערער“ האָבן געשאָסן מיט קאָלירטע פֿייער־ווערק, געלאָזט בליציקע ראַקעטעס. די באַוועגונג פֿון די אומ־אויפהערלעכע שפּאַצירער איז געווען גרויס נישט דורכצו־קריגן זיך.

אויף די שטילע פּאַרק־שטעגלעך און אין די אָפּגעלעגענע פּאַרק ־ ווינקלען — אומעטום — פּאָרלעך און פּאָרלעך; זיי האָבן זיך — כּמעט פֿאַר אַלעמען אין די אויגן — געקושט, געהאַלזט. די האָניק־זיסע זומער־נאַכט האָט די מענטשן פֿון די אַלערליי צביעותדיקע מאָראַל־בענדער באַפֿרייט — אויף די ווייטע בענק באַהאַלטענע צווישן ביימער, זענען געזעסן פּאָרלעך פֿאַרטולעטע, צוזאַמענגעוואַקסענע, ווי שווארצע פֿלעקן אין דער נישט גאָר טונקעלער נאַכט, און נאָר זייער פֿון צייט צו צייט ליידנשאַפֿטלעכער שעפּטש האָט אויסגעגעבן, אַז דאָ זיצן לע־בעדיקע מענטשן.

בנימין האָט דעם אָוונט געשפּאַצירט מיט טעמערלען. דאָס

באגעגעניש איז נישט געווען אינגאנצן צופעליק: נאָך פאַרנאַכט אָנטרעפנדיק מנשהן, האָט יענער אין פאַרבייגיין צוויסנגעטאָן בנימינען: „מיין שוועסטער דאַרף דיך עפּעס״... בנימין האָט געוואָ״ט וויסן, צו וואָס זי דאַרף אים. מנשה האָט אָבער מער נישט געוווּסט, ווי אַז טעמערל האָט אים געבעטן, אַז טאָמער זעט ער בנימינען, זאָל ער אים זאָגן, אַז זי דאַרף אים, און ער קאָן זי טרעפן אין דער „שמאָלער-אַלעיע״.

דאָרט האָט בנימין זי נישט געטראָפן, וואָרום נאָך איי-דער ער איז אַהין אַוועק (בנימין האָט געמיינט, אַז זי דאַרף אים וועגן אַן אַלגעמיינעם ענין), איז זי אים אונטערגעקומען אנטקעגן.

זיי זענען געגאַנגען זאַלבע צוויי מיטן ברעג טייך, זיך דערווייטערט פונם באַלעבטן פּלאַץ, וואו מוזיק האָט געשפּילט און מענטשן האָבן געשטראָמט — זיך דערווייטערט פון פאַר-שידנפאַרביקן עולם און אַרויסגעקומען קעגן איבער דעם וועלדל אויף דער פּאַרק-לאָנקע, אויפן וועג צו שטשעלניץ — דאָס פאַר-געביגן־דערפל, וואָס אַהין פירט אַ שיינער אַלעיען-וועג, ווי אויך דאָס דאַמף-שיפל, וואָס קורסירט אַהין און צוריק אויפן טייך, וועלכער שניידט אַדורך די שטאָט.

זיי זענען געגאַנגען כמעט שווייגנדיק. די נאַכט איז גע-ווען הייך און טיף ווי סאַמעט. דער הימל געוועלבט און טונקל קוים, קוים האָט זיך געזען אַ שטערן; אויפן וואַסער האָבן קינ-דער געלאָזט אָנגעצונדענע ליכטלעך צוגעקלעפּטע צו ברעט-לעך; פון פּאַרק, וועלכער איז איצט אויסגעקומען זיי פון הינטן, האָט זיך געהערט די מוזיק, ווי אַ ווידער קול, און דאָס ווינטל וואָס האָט צו מאָל לייכט, ווי גלעטנדיקע פינגער, אַדורכגעווייעט האָט אָנגעבערענגט אומבאַשטימטע פעלד-און לאָנקע-ריחות, אַזעלכע ריחות, וואָס מאַכן טרוימענדיק דאָס געמיט און איינ-צייטיק היצן זיי אויף דאָס בלוט.

טעמערל איז היינטיקן אָוונט געווען מער ווי אַן אַנדער מאָל שווייגנדיק, ווייניק רעדנדיק. זי האָט געהאַלטען איר האַנט אין בנימינס אָרעם, און זיי זענען שטיל, ווי איבערגעלאָדנס

מיט עפּעס, וואָס זיי טראָגן אין בלוט, אין געמיט — געגאַנגען מיטן ברעג טייך אין דער מילדער נאַכט אַריין.

— בנימין — פרעגט טעמערל פּלוצלינג מיט א געהאַ־פּעוועט קול — ווער איז די, מיט וועלכער כ׳האָב דיך אַנומלטן געטראָפן גיין?

— וואו האָסטו מיך דען געטראָפן?

— דעמאָלט פאַרנאַכט, נישט ווייט פון דענקמאָל...

ער האָט זיך דערמאָנט, און אויב עס וואָלט איצט געווען בייטאָג, וואָלט טעמערל געוועזן געהאַט די מעגלעכקייט צו דער־קענען, אַז ער איז אַביסל רויט געוואָרן.

— א מיידל אַן אַרבעטערין.

— אַזוי?- זאָגט טעמערל מיט פּאַראינטערעסירונג—ווייסט, די זעט גאָרנישט אויס ווי פאַבריק־מיידל.

— יאָ — באַשטעטיקט ער — זי שטאַמט, זאָגט מען, פון אַ יורדישער משפּחה.

— און זי איז אַ שיינע — זאָגט טעמערל נאָך א ווייל טראַכטן.

— דאָס זעט דאַכט זיך, יעדער — זאָגט ער, ווי מיט אַ קאַפּיטשקעלע להכעיסקייט.

אַ ווייל גייען זיי שווייגנדיק. טעמערלס האַנט ליגט אין זיין אָרעם. פון הינטער איר לייכט בלוזקעלע אָטעמט אים א דופּטל אין פּנים, און די נאָז זיינע נעמט אויף דעם אָנגענעמען דופט מיט אַ נחת־רוח, און אינגאַנצן גייט זי האַרט נעבן אים כמעט אָנגעלענט.

און שטיל איז אַרום. בוים־לאָנקע־און טייך־שטילקייט. טיף אַראָפּ צום וועלדל צו פליען גלי־ווערמלעך, ווי קליינטשקע פונקען, און אַזוי גייענדיק, ווילט זיך גאָר נישט די ליפּן עפענען, נאָר גיין, שווייגן און חלומען פון עפּעס, עס וועבט זיך אין געמיט אָן געשטאַלט און אָן געדאַנק — הויל ליפּטיקס און פּאָרט נאָענטס און אָנגענעמס, אַזוינס וואָס רוט אין געמיט נאָר אין אַזאַ נאַכט אין די יינגע בחור־יאָרן און ביי דער זייט פון אַזאַ זעלטן מיידל.

— בנימין... — פרעגט טעמערל נאָך אַ לענגערע ווייל, און איר קול לויפט אַ פלאַטערל און עס קלינגט אויפריכטיק און אַביסל נאַיוו. — בנימין — דו ביסט מיט יענעם מיידל באַנט?

און שטילער גיט זי צו מיט דער זעלבער נאַיווקייט:
— אינטים מיין איך?...

אומבאַוואוסט פאַר זיך אַליין און אָן זיין ווילן האָט זיך אין איין רגע פון אים אָפּגעטאָן די פאַרטרוימטקייט, און ס׳האָט זיך אין אים אַ דערוועקגעטאָן דער מאַנסביל, אין קאַמף צו געווינען די באַגערטע פרוי — ער רופט זיך אָן:

— דעם אמת געזאָגט, ווייס איך נישט, וואָס צו ענט־פערן — זאָגט ער מיט דיפּלאָמאַטישער פאַרלעגנהייט — עס איז מיר שווער צו זאָגן דעם אמת, לייקענען... קאָן איך אָבער אויך נישט...

— אַהאַ! — מאַכט זי שטיל, ווי מיט אַ זיפץ, און ווי איינער זאָגט: „דאַרפסט מיר שוין מער גאָרנישט דערציילן".
אַרום איז שטיל. פון ווייטן ווינקען צו פייערלעך פון האַלב דאָרפישע פענצטערלעך, די זומער-נאַכט שוועבט און דעקט אַלץ צו, הינטער די פיס אין גיין פילט זיך גראָז. זיי זענען שוין ווייט אויף דער לאָנקע, די געגנט אַרום איז כמעט אַ דאָרפישע. טעמערל רופט זיך אָן:

— עס איז נישט צו פאַרשטיין, בנימין, ווי לאַנג גאָר קענסטו זיך מיט יענער — און שוין — באַקענט, שוין אינטים. מיט מיר דאַכט זיך, ביסטו שוין נעבעטער באַקאַנט, און — גיט זי צו פאַמיליאַר, מיט אַזאַ חנדלדיקער קאָקעטישקייט — בין איך אפשר נישט קיין שיין מיידל? — און זי קוקט אים אָן מיט די טונקעלע אויגן, הייסע פייכטע אויגן, ווי מיט אַ נעפּל פאַרצויגן — און איר האַנט, וואָס ליגט אין זיין אָרעם, גיט אים איבער אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט.

בנימין אָבער איז דאָס מאָל עפּעס מאָדנע רואיק און ביי-זיך.

אז עס טרעט ווידער איין א שטיקלייט, זאָגט טעמערל מיט אַ אומבאַשטימטן טאָן.

— אויב דו ווילסט, בנימין, דערלויב איך דיר צו טראַכטן, אז מיין היינטיק דאַרפן דיך איז געווען אין אמתן בלויז נאָר אום אַביסל מיט דיר צו שפּאַצירן און... — אין מיטן האָט זי אָפּגעהאַקט און זיך צעלאַכט פון פארלעגנהייט.

בנימין רופט זיך לסוף אָן:

— אמת, טעמערל, מיר זענען שוין לענגער באַקאַנט, אָבער דו דאַרפסט דאָך פאַרשטיין, מיר זענען טאַקע קרובים, אָבער פּאָרט געהערן מיר אָן צו צוויי פיינטלעכע קלאַסן. צווישן אונז שטייט אַ וואַנט...

— אויב אַזוי — זאָגט זי מיט אַזאַ ענערגישן קאָפּשאָקל — וועל איך מיט איינמאָל די וואַנט צעברעכן, איינוואַרפן די וואַנט, וואָס שטייט צווישן אונז. דו זעסט, בנימין, ווי פאַר־שייט איך בין! — און זי נעמט אָן מיט ביידע הענט זיין קאָפּ און קושט אים צוויי מאָל אין פּנים.

אַ כוואַליע איז בנימינען אַ דורך. אַ רגע האָט אים גע־נומען שווינדלען פאַר די אויגן פון הייסער איבערראַשונג. איר שמעקענדיקער ריח האָט אים דאָס האַרץ פאַרשיכורט. נאָר פּאָרט איז ער געבליבן כּלומרשט רואיק.

אין אַ וויילע אַרום זאָגט טעמערל מיט אַ קאַטאָוועסדיקן פאַריבל:

— נו, בנימין, דו דאַרפסט מיר דאָך צוריק צאָלן, אָדער אפשר געפעל איך דיר אַזוי נישט?

— זי בייגט צו איר פּנים צו זיינעם, און זאָגט מיטן זעלבן קאַטאָוועס טאָן:

— ווי איך זע בנימין, האָב איך אין דיר אַ טעות גע־האַט: צעבונטעווען אַ פאַבריק, ווען קיינער וואָלט זיך נישט געוואַגט דאָס צו טאָן — האָסטו טאַקע געהאַט מוט, אַזש מיך האָט דיין מוט אַנטציקט — קושן אָבער טוסטו אַזוי שוואַך, ווי מ׳וואָלט דיך דערצו גענייט איבערגעוואַלט...

איצט ערשט האָט זיך אין בנימינען דערוועקט דאָס, וואָס

ער האָט געטראָגן אין האַרץ צו טעמערלען די גאַנצע יאָרן. ס'האָט זיך דערוועקט ווי א שרפה, וואָס הייבט אָן פון אַ פונק און גייט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער.

און ס'איז געווען יענסמאָל אַ מאָדנע זומער-נאַכט, און נאָך בנימינס ערשטן קאַלטלעכן קוש, האָט זיך טעמערל אי-בערצייגט, אַז בנימין פאַרמאָגט אין זיך גענוג הייסקייט און צערטלעכקייט, פייער און ווינטל-גלעט...

---

דאָס איז נישט קיין חלום, ביין. און קיין פראָדוקט פון בנימינס פאַנטאַזיע — אויך נישט. עס איז א פאַקט א גע-שעענער פאַקט, און פאָרגעקומען איז דאָס טאַקע אין דער „נאַכט פון הייליקן יאַן", אין יענער כישופדיקער זיסער נאַכט. בנימין און טעמערל האָבן זיך דעמאָלט געצערטלט, און ווען בנימין איז דערנאָך אַהיימגעגאַנגען, האָט ער דאָס פאָרגעקו-מענע געטראָגן אין האַרץ, ווי א ליכטיקן אוצר, און דער אָוונט האָט אָנגערעגט צו האָפן און גלויבן, אַז די צוקונפט וועט אָט דעם צויבער-טרוים ווייטער ציען.

געווען איז אָבער נישט אַזוי; נישט צומאָרגנס, נישט די נאָכקומענדיקע וואָך, און קיינמאָל נישט מער האָט זיך דאָס שוין נישט איבערגעחזרט, ווי דער זעלטנסטער חלום, וואָס פאַר-גליט און קומט שוין קיינמאָל נישט ווידער.

אַז בנימין האָט זי דערנאָך אַמאָל געטראָפן אין גאַס גיין מיט א חברטע, צי אַפילו איינע אליין, און ער האָט זי גע-גריסט, האָט זי בלויז קאַלט געענטפערט אויף זיין גרוס, ווי זי וואָלט גאָר קיינמאָל מיט אים נישט נאָענט געווען; אַפילו אַז זי רעדט איצט אַמאָל מיט אים, איז עס בלויז וועגן אל-געמיינע אינטערעסן: וועגן ליטעראַטור פאַר איר קרייזל...

און פאָרט איז זי דעמאָלט, אין יענעם אומפאַרגעסלעכן אָוונט, ווייט פון מענטשנס אויגן, מיט אים נאָענט געווען; אים געקושט. זי, טעמערל — זי — אים די ערשטע געקושט.

אין בנימינס געמיט ברענט איצט אַ פלאַם צו טעמער-

לען. זי האָט אין אים דעמאָלט אַ פייער צעצינדן, איצט פלאַ־קערט עס אין אים אָן אויפהער, און זי — זי פילט דאָס מנהסתם קוקט זיך צו מיט אַ קאַלט געמיט, ווי עס האָט גאָר־נישט קיין שייכות צו איר.

פרעגט זיך: צו וואָס אייגנטלעך האָט זי יענעם אָוונט אַזוי צוטרויליך אַזן הייס אים זיך איבערגעגעבן; צו וואָס האָט זי דאָס געטאָן? זי די נאַיווע, כיטרע, קלוג־פּלאַכע טעמערל, וואָס אַז זי גייט מיט אירע חברטעס, די צעבאַלעוועטע מיידלעך, אָדער בחורים פון איר שטאַנד, גימנאַזיסטן, סטודענטן — שענקט זי אים צו מאָל נישט קיין איבעריקן בליק?

און טיילמאָל רעגט אים אַזוי אויף איר קאַלטע, גלייכ־גילטיקע אויפפירונג, רעגט אים אַזוי אויף, נאָר צוצוגיין, אין געגנוואַרט פון אירע חברטעס, און טראַציק אַ זאָג טאָן:

— געדענקסט נאָך, טעמערל, ווי דו האָסט מיך גע־קושט — מיך צו ווען דו באַציסט זיך איצט אַזוי גלייכגיל־טיק קאַלט?

נאָר ער וועט דאָס נישט טאָן, בנימין. דאָס איז נישט אין זיין כאַראַקטער. ער ליידט און שווייגט. נאָר אָפט, גאָר אָפט עגבערט אין מוח דאָס רעטעניש מיט אַ פאַרביטערטקייט:

— צי האָט זי דאָס דעמאָלט מיך געקושט באַלד מיט דער כונה, גלייך דערנאָך צו מיר קאַלט צו ווערן, מיך אַוועק צוּוואַרפן איין מינוט שפּעטער, ווי עפּעס אומנוציקס, וואָס מ׳קאָן זיך שוין אָן דעם באַגיין?

הער ווייס?

ע

ס'איז געווען עטלעכע טעג נאָך סכּות — די טריבע צייט, ווען די אַרבעט אין פאַבריק פאַלט באַזונדער שווער, אין די פענצטער קוקט אַ גראָער האַרבסט-טאָג, נאַס און ברודיק ווי אַ שמאַטע, וואָס וואַלגערט זיך אַרום אין מיסט-קאַסטן, און אין געמיט פּלאָנטערט זיך נאָך דער אָפּשיין פון די אָקאָרשט פאַרגאַנגענע פרייע יום-טוב-טעג, וואָס אין זייער צייט זענען זיי גאָרנישט אַזוי אָנגענעם געווען, נאָר איצט בענקט זיך נאָך זיי ווי נאָך אַ פאַרלוירענעם גן-עדן. — אין אַ אָוונט, ווען בנימין איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט צום נאַכט-עסן און זיך גערירט צו טרעפן אין שטוב די געוויינלעכע האַלב-מרה-שחורהדיקע שטימונג פון אַ נאָך-סכּותדיקן אָוונט, ווען די אָנגעגרייטע עס-זאַפּאַסן האָט דער לאַנגער יום-טוב אויסגעליידיקט און קיין פּרוטה געלט ביי דער נשמה איז נאָך אויך נישטאָ — האָט ער צו זיין איבערראַשונג אָנגעטראָפן עטלעכע געסט, משפּחה-לייט. אויפן טיש, וועלכער איז עפּעס פּלוצלינג געווען צוגעדעקט מיט אַ ווייס טישטוך, איז געשטאַנען אַ העל-אָנגעצונדענער לאָמפּ, און ס'איז אויך געשטאַנען אַ טעלער איבערבלייבעכץ פון כּבוד און גלעזער מיט סימנים פון אויסגעטרונקענער טיי.

די מאַמע איז עפּעס געווען אָנגעטון אין שבתדיקן שייטל

און אין אַ בעסער קלייד, און מלכּה, מיט א רויט, אביסל פאַרשעמט פּנים, איז געזעסן אויף דער אָפּגעטראָגענער סאָפע, וועלכע איז איצט געווען איבערגעצויגן מיטן פאַראַדנעם טיש-טוך, גרינס דורכגעוועבט מיט שוואַרצע און גאָלד-פעדעם מיט טראָלדן.

אין שטוב איז דעם אָוונט געווען באַזונדערס היימלעך, וואָס אַזוי איז שוין נישט געווען זינט דעם טאַטנס טויט; עמעץ, וועלכער איז איצט שוין נישטאָ, אָבער איז פריער אַביסל דאָך געווען, וואָלט מיט אַמאָל צוריקגעבּרענגט די היימלעכע פריי-לעכקייט, וועלכע איז איבערגעריסן געוואָרן מיטן טאַטנס ייִנגן טויט, דעמאָלט, פאַר עטלעכע יאָר, דאָרט אין היים-שטעטל.

דער פעטער לייב-חיים איז געווען עפּעס גאָר אויפגעלייגט. ער האָט, ווי זיין שטייגער, הויך אויף אַ קול געהאַלטן אין אָפּלויבן עמיצן, אַז יענער איז א גביר עצום און אַן אָנגעזע-ענער מענטש... אויף בנימינען האָט דער פעטער לייב-חיים אַזש פריינטלעך א קוק געטון, ווי ער וואָלט אים געהאַט צו דערציילן אַ פריילעך נייעס. די מומע העניע, וואָס איז אויך דאָ געווען, האָט זיך אָנגערופן:

— קום נאָר אַהער, בנימין, וועסטו טרינקען לחיים.

דער פעטער לייב-חיים האָט אָנגעגאָסן אַ גלעזל ליקער פאַר בנימינען, און די מאַמע האָט אים צוגערוקט דעם גלעזערנעם טעלער זיסקייטן צום פאַרבייסן.

שפּעטער איז בנימין געזעסן אין פעדער-חדר און גע-בעסן וועטשערע, און דרינען אין צווייטן חדר איז נאָך אַלץ געשמועסט געוואָרן. מלכּה האָט אַפּנים עפּעס איינגערוימט דער מאַמען אין אויער. דער פעטער לייב-חיים האָט זיך פאַראינ-טערעסירט, וואָס זי האָט איינגערוימט. ער האָט זיך אָנגע-רופן:

— שעם דיך נישט, מלכּה, זאָג הויך.

— האָט די מאַמע אָנגעהויבן:

— זי זאָגט, אַז ער זעט אויס מיט דער באָרד, ווי אַן אַלטער.

דערויף האָט זיך לייב-חיים אָנגערופן מיט היץ:

— כ׳קאָן דיר שווערן, אַז דער יונגערמאַן האָט נאָך נישט קיין דרייסיק יאָר אַפילו, זיין פּנים דערציילט דאָס.

און אַז נאָך דעם דאָזיקן זאָג איז שטיל געוואָרן, און קיינער האָט גאָרנישט דערווידערט, נישט אויף יאָ און נישט אויף ניין, האָט ער מיט נאָך מער היץ צוגעגעבן:

— חיה-רבקה! אַזוי ווי דו קענסט מיך נישט פאַר קיין ליגנער, זאָג איך דיר בנאמנות, אַז ווי די זאַך זעט אויס, וואָלט איך אַזאַ שידוך פאַר מיין טאָכטער אויך נישט אָפּגעשטופּט.

— וואָס מיינסטו — האָט ער שוין גערעדט מיט התפעלות, ווי זיין שטייגער — אין אַמעריקע וואוינט ער, יענער? ווי ווייט איז עס דען פון הי, אַ צען מייל, צוועלף מייל. און זיין נאָמען, און זיין סחורה גייט ווייט און ברייט, לאָזט זיך הערן. פרעג אַדרבא דעם קלענסטן אָדער גרעסטן קרעמער הי אָדער אַנדערש וואו, ווער עס איז מייעראָוויטש, וועט ער דיר גלייך זאָגן און ער וועט דיר באַלד ווייזן אַ שטיק זייף פון זיין פאַבריק. אַ ראַיעלע פירמע און גוטע סחורה... וואָס קלערסטו — רעדט ער שוין כלומרשט מיט פאַראיבל — איך בין באַלד צוגעפאַלן צום שידוך, מיינסטו? אָ, ניין! אָבער ווייט ניין! כאָטש כ׳האָב שוין אַביסל געוואוסט, האָב איך פונדעסטוועגן גוט און זיך גענוי נאָכגעפרעגט, כ׳האָב נישט געשפּאָרט קיין מי און קיין צייט...

— ווילסטו אפשר וויסן — רעדט ער ווייטער מיט אַ געמאַכטער געלאַסנקייט — וואָס כ׳בין געוואָר געוואָרן? טאָ הער, חיה-רבקה, וואָס איך זאָג דיר: מאַך צו די אויגן און כאַפּ, זאָג איך דיר, פרעג גאָרנישט, קוק גאָרנישט, אומגעפרעגט כאַפּ, דאָס זאָג איך דיר נאָר, און — לאָמיר שוין כאָטש האַלטן אַ מינוט נאָכן שרייבן!...

אויף דעם פעטער לייב-חיימס דרשה האָט דער מאמען גענומען קאַפּען טרערן פון די אויגן. דער פעטער לייב-חיים האָט זיך אַביסל דערשראָקן:

— וואָסי, וואָס וויינסטו עפּעס, חיה-רבקה? — האָט ער

פאַרוואונדערט אויסגעשריגן, און ערשט די מומע הענע האָט אים באַרויקט, א שעפטש טוענדיק:

— דאָס אָרעמע האַרץ איז נעבעך איבערפולט, פליסן די טרערן.

נאָך אָט דעם אויפדערנאַכט האָט מען אין שטוב געלעבט מיט אַ פריידיקן סוד אין האַרץ, אַ ציטערדיקן סוד, וואָס דאָס האַרץ האָט מורא אים צו אַנטפּלעקן פון די ליפּן, כדי אַ פרעמד אויער זאָל נישט דערהערן און ס'זאָל נישט פאַרשאָדן, חלילה...

אָפּט, גאָר אָפּט איז געקומען דער פעטער לייב־חיים, אַריינגערופן די מאַמע אין צווייטן חדר׳ל, און דאָרט זענען זיי לאַנג געזעסן און געשמועסט עפּעס. מיט מלכהן האָט די מאַמע אויך אָפּט זיך דורכגעשמועסט, שעפּטשענדיק. מלכה איז מיט איין מאָל געוואָרן די הויפּט־פּערזאָן אין שטוב... ישראל־נת האָט צו איר גערעדט מיט דרך־ארץ, און סימעלע איז פאַר אירעטוועגן געלאָפן אין געוועלבל ברענגען פּאסטע צו פּוצן די שיך.

אין דער מאַמעס גרויסער משפּחה, וואָס וואוינט דאָ אין שטאָט, האָט מען שוין געווי געוואוסט, אז מ'רעדט חיה־רבקה׳ס טאָכטער, מלכה, אַ שידוך מיט אַ רייכן גרוש, אַ גרויסן זייפּנ־זידערס זון פון דער פּראָווינץ, און אַז ער, דער יינגער גרוש, האָט שוין אויך זיין אייגנס אַ זייף־פאַבריק, טאַקע דאָ אין שטאָט ערגעץ.

אלצדינג האָט מען שיין געווי געוואוסט, און דאָס צע־טראָגן ווייט און ברייט, און איידל פּוץ, דער מאַמעס געשוועס־טער־קינד, וואָס האָט אַ שטוב מיידן מיט געמאָלטע פּנימער, האָט אזאַ קנאהדיקן צי געטון מיטן מאָגערן פּלייצעלע:

— אַכיבע יענער מוז זיין בלינד! — אַז נישט וואָלט ער דאָך געוואוסט, אַז ס'איז הי פאַראַנען נאָך עפּעס שענערס פון מלכהלע סראָך.

* *
*

מלכהלעס כלה ווערן האָט זיך אַביסל פאַרשלעפּט. ס'איז, ווייזט אויס, נישט צוגעגאַנגען אַזוי גלאַטיק. דער מאַמעס פּנים

האָט, ווי די שעהן אין חודש טערק, אַלע ווײַלע געענדערט זיין מינע. דאָ, צוליב עפּעס א נישט פריילעך ידיעהלע פון שדכן, געוואָרן גראָ פאַרזאָרגט, און גלייך ווידער, צוליב אַ פּאַרקערטער ידיעה, פריילעך און ליכטיק געוואָרן, ווי פון דער זון באַשיינט.

ישראל־נח, וואָס איז געווען אויסגעקאָכט אין אַלע שטוב־אינטערעסן, האָט איינמאָל אָנגעטון די בעסערע מלבושים און צוועק, כלומשט איבערשפּאַצירן זיך, אין ווייטן פאָרשטאָט־קוואַרטאַל, כדי דאָרט מיט די אייגענע אויגן אָנצוקוקן דעם חתנס זייף־פאַבריק און — אים אַליין טאַקע אויך.

זענען אַזוי דורכגעגאַנגען עטלעכע וואָכן אין פיבערדיקן דערוואַרטן, דער שידוך זאָל שוין אַמאָל צושטאַנדקומען. דער שדכן, אַ נידעריק יידל מיט אַ בערדל, וואָס האָט אויסגעזען ווי פאַרשטויבט, און מיט אויערן געדיכט באַוואַקסן איבעווייניק און אויסנווייניק מיט האָר און פאַרפּאַקט מיט ברודיקע שטיקלעך וואַטע, איז אָפט געלאָפן מיט פריש צאַפּלדיקע ידיעות צו לייב־חיים וואָלבערג. לייב־חיים ווידער האָט די דאָזיקע ידיעות, אין אביסל אַ געלייטערטער פאָרם, געברענגט צו דער מאַמען. זי ווידער, די מאַמע, איז פון די דאָזיקע פאַרשידנאַרטיקע ידיעות און פון אומגעדולד, איר קינד זאָל שוין אַמאָל אויפגעריכט ווערן, און פון מורא, מ׳זאָל איר הלילה דאָס גליק פון הינטער דער האַנט נישט אויסכאַפּן, אָדער אַ בייזע עין־ערה זאָל חלילה נישט שולט זיין, איז זי אַזוי צערודערט געוואָרן, אַז זי איז שיער קראַנק געוואָרן, ארומגעגאַנגען ווי אין פיבער, שטענדיק מיט צעפּלאַמטע שפּיץ־באַקן, און אַז די צעפּלאַמטקייט איז איר אויף אַ ווייל אָפּגעפאַלן, האָט איר פנים אויסגעזען אָפּגעמאַטערט און געל, ווי וואַקס; ווי זי וואָלט פון אַ שווערער קרענק אויפגעשטאַנען.

איינמאָל איז געקומען דער פעטער לייב־חיים און לאַנג געזעסן שווייגנדיק. דערנאָך האָט ער דער מאַמען פאַרטרויט זיין מיינונג, אַז לויט ווי אים דאַכט זיך, אַרבעט עמיץ הינטן אַרום, נישט צוצולאָזן צום שידוך. אָדער, דער יינגערמאַן

דאָרט האָט אויף דער האַנט נאָך עפּעס אַ שידוך...

די מאַמע האָט ביי דער דאָזיקער שמערצלעכער ידיעה אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. זי האָט לאַנג און ביטער געוויינט, דערמאָנענדיק נאָכאַנאַנד: מיינע אָרעמע קינדער, מיינע וויסטע יתומים, נעבעך...

מלכה איז צוגעגאַנגען זי טרייסטן, געקושט איר דאַר פּנים און זיך געשוואוירן, אַז זי וואָלט יעגעם סיי ווי נישט געוואָלט, ווייל ער האָט זיך שוין מיט איין ווייב געגט, און לויט ווי מ'זאָגט, אַ פּאָר וואָכן נאָך דער חתונה קוים... די מאַמע האָט מלכהן אָפּגעשטופּט פון זיך און ווייטער געוויינט. דער פעטער לייב-חיים איז אַוועקגעגאַנגען פאַרמרהשחורהט.

אָבער אַ צוויי דריי טעג שפּעטער איז דער פעטער לייב-חיים ווידער געקומען הייטער אויפגעלייגט און אַריינגערופן די מאַמע אין צווייטן חדר, פאַרמאַכנדיק הינטער זיך די טיר. ס'האָט זיך פון דאָרט באַלד געהערט דער מאַמעס אויסטערליש פריידיק קול:

— געלויבט דער אין הימל! נאָר שמואל עליו השלום האָט זיך געמיט פאַר זיין יתומה!...

דער מאַמעס קול איז איצט געווען אַזאַ ייִנגס, אַז בנימין, וואָס איז געזעסן אין ערשטן חדר ביים מיטאָג, האָט נישט גלייך דערקאָנט, וועמעס קול דאָס איז; עס איז געווען עפּעס ענלעך צו מלכהס קול, נאָר נאָך אַ סך קלינגענדיקער און פריילעכער, אזש בנימינען האָט געוואונדערט, ווער נאָך קאָן דרינען זיך געפינען אַחוץ דער מאַמען און דעם פעטער לייב-חיים, וואָרום ער האָט אַחוץ זיי צוויי קיינעם מער נישט געזען אַהין אריינ-גיין.

נאָך דעם פעטער לייב-חיימס איצטיקן באַזוך, איז שוין די מאמע דעם גאַנצן טאָג און אויך צומאָרגנס געווען רק גוט-מיטיק געשטימט. א שמייכל האָט איר אויפן פּנים גערוט, און זי איז אַרומגעגאַנגען ווי פאַרזונקען אין אַ הערלעכן חלום.

זי איז דעם טאָג אַפילו נישט איבריק ברוגז געוואָרן, ווען בנימינס פעדלערין איז געקומען פרעגן, פאַרוואָס ער, איר

שטיקער בנימין, איז פון נעכטן אָן נישט געקומען צו דער אַרבעט, אַפילו אָט דאָס נייעס, אַז בנימין אַרבעט שוין נישט דעם צווייטן טאָג, וואָס אָן אַנדערמאָל פֿלעגט די מאַמע דער־פון האָבן גרויס עגמת נפש, היינט האָט עס זי כמעט נישט גע־אַרט גאָר.

איצט איז מלכּהס שידוך שוין געגאַנגען אויפֿן גלייכן וועג, אָן שום אָפּנייגונגען; אָבער גישט אַזוי גרינג איז עס צו־געגאַנגען ביז איצט. אַסך נעכט האָט די מאַמע פאַרברענגט אויף איר געלעגער אין זיפצן און קרעכצן. מער ווי איין מאָל, אין דער שטילער טיפער נאַכט אין פינצטערן חדר, האָבן דער מאַ־מעס באַטריבטע אויגן געבליקט ווייט, ווייט אין חושך, איבער פעלדער און שטעט, אַהין אין יענעם שטעטל, אויפֿן בית־עולם צום מאַנס קבר, ער, שמואל עליו השלום, זאָל נישט רוען און אויסבעטן פארן כסא־הכבוד א באַשערטן פאַר זיין טאָכטער...

סוף כּל סוף האָט דער שידוך שוין אַזוי ווייט געהאַלטן: מאָרגן אין אָוונט זאָלן צוזאַמענקומען ביידע צדדים ביי לייב־חיים וואָלבערג, שרייבן תנאים, ברעכן טעלער מיט מזל.

דעם טאָג פון די תנאים, ביים מיטאָגעסן, האָט די מאַמע צווייטן געטון בנימינען און ישראל־נחן, אַז היינט אין אָוונט, אם ירצה השם, וועט מלכּה מיט מזל א כּלה ווערן, און אַז דער תנאים־מאָלצייט וועט פאָרקומען ביים פעטער לייב־חיים אין שטוב.

די מאַמע האָט פאַרגעלייגט, די זין זאָלן היינט מער נישט צוריקגיין אין פאַבריק. נאָר אַזוי ווי ישראל־נח האָט געזאָגט, אַז ער האָט נאָכמיטאָג צו פאַרענדיקן אַ „שפּאָן" און אויב ער וועט נישט היינט „אויסשפּאַנען" און אָפּליפערן וועט ער די וואָך נישט קאָנען קריגן אויסגעצאָלט, האָט די מאַמע אים דערלויבט צוריקצוגיין אין פאַבריק, נאָר מיט דעם דייטלעכן אָנזאָג, פאַר־נאַכט־צייט זאָל ער אַהיימקומען, מ'דאַרף זיך ערשט אַרומוואַשן איבער־טון...

בנימין האָט באַלד נישט צוגעזאָגט צו קומען, ס'האָט גאָר נישט געהאָלפן דער מאַמעס רעדן און טענהן. ער האָט נישט

געוואָלט גיין צום פעטער לייב-חיים אין שטוב, און וויפל די מאַמע האָט נישט גערעדט, האָט זי ביי אים גאָרנישט אויס־געפועלט.

בנימין האָט דעם נאָכמיטאָג געאַרבעט, ווי יעדן אַנדערן טאָג. ווען ער איז אין אָוונט אַהיימגעקומען, איז נאָך די טיר געווען פאַרשלאָסן און אין די פענסטער איז געווען פינצטער. ערשט נאָך האַלבער נאַכט זענען זיי אַהיימגעקומען, אין דער באַגלייטונג פון דעם פעטער לייב-חיים, די מומע הענע און זייערע צוויי אויסגעצעבענע טעכטער.

אַריינקומענדיק און נאָך איידער ס'איז געמאַכט געוואָרן ליכטיק, האָבן זיך די פרויען אַרומגעכאַפּט אין אַ רעדל און דער פינצטער. דער פעטער-לייב-חיים מיטן אָנגעצונדענעם שוועבעלע אין האַנט, האָט זיי צוגעליכטן. באַלד האָט ער אָוועקגעשטעלט דאָס אָנגעצינדענע לעמפל, און זעענדיק, ווי זיין ווייב און טעכטער טאַנצן, מיטשלעפּנדיק אין רעדל חיה-רבקהן און אויך די כּלה, מלכּהן, האָט ער גענומען צופּליעסקען מיט די הענט צו זייער פריילעך טענצל.

די עלטסטע טאָכטער לאה, די פישמאַנען, מיט שוואַרצע גלאַנציקע אויגן און אַ נעזל מיט אַ הויקערל, און וואָס הגם זי האָט שוין פאַרמאָגט אַ האַלב דערוואַקסן מיידעלע, האָט זי זיך נאָך געהאַלטן, ווי זי וואָלט ערשט נעכטן פון הינטער די חופּה-שטאַנגען אַפּויר, האָט זיך אָנגערופן צו דער מומע חיה-רבקה:

— מומעשי קרוין, גענוג שוין געטרויערט און געוויינט, גענוג. איצט דאַרף מען פריילעך זיין, מלכּה ווערט מיט גאָטס הילף אויפגעריכט, — און זי איז צוגעפאַלן דער מומען אויפן האַלז, און ביידע האָבן זיך געקושט און געוויינט, און דערנאָך האָט זי דאָס זעלבע איבערגעחזרט מיט מלכּהן.

זיי זענען נישט באַלד אַהיימגעגאַנגען, דער פעטער מיט זיין משפּחה, אָט אַזוי אָנגעטוזענערהייט, אין די אויבערמלבושים האָבן זי זיך צוגעזעצט, גענומען דערמאָנען די מחותּנים פון חתנס צד, זייער פאַרנעמקייט; באַטראַכטן די מתּנות, וואָס מלכּה

האָט באַקומען „אונטערשרייב-געלט"... די מאמע האָט אַלץ אי־בערגעחזרט אויף אַ קול, ווי איינער וואָס קאָן זיך נאָך נישט צוטרויען זיין גליק:

— מיט גאָטס הילף... ס'איז דאָך נישט קיין חלום, ניין. ס'איז דאָך אַ וואָרער אמת. ס'חלומט זיך מיר דאָך נישט... מיט גאָטס הילף, איצט וועל איך שוין קאָנען זאָרגן פאר די איבע־ריקע קינדער, און פאר דעם וואָרעם — האָט זי אָנגעוויזן מיטן בליק אויף סימעלען, וואָס האָט זיך איצט ווידער פארפאַקט די ביכער און העפטן אויף מאָרגן אין דערפרי מיטצונעמען אין שול.

און זיי זענען אַזוי געזעסן און געפּלוידערט, ביז כמעט פּאַרטאָגס. ערשט ווען די מאַמע האָט פּלוצלינג און אומגעריכט אַ הייסן ווייז אַרויסגעגעבן: — שמואל, נעבעך, האָט עס נישט דערלעבט... — און זי איז זיך אַזוי הויך און הייס פּאַרגאַנגען אין וויינען, אזש מ'האָט זי געמוזט מונטערן מיט קאַלט וואַסער, ערשט דעמאָלט, ווען די מאַמע האָט זיך אַביסל צוריק באַרויקט, האָט דער פעטער לייב-חיים מיט זיין הויזגעזינט זיך געזעגנט און אַהיימגעגאַנגען שלאָפן.

## ח

— חיה־רבקהס הויז איז א ביסל אויפגעריכט געוואָרן — האָט מען געשמועסט ביים פעטער לייב־חיים און נישט נאָר ביים פעטער לייב־חיים אַליין. אין דער גאַנצער משפחה האָט מען דערפון גערעדט, און פרעמדע אפילו, שכנים און באַקאַנ־טע, האָבן באַשיינבערלעך געזען דער אַלמנהס אויפריכטעניש צוליב דער טאָכטערס רייכן שידוך.

און אין אמתן טאקע — די שטוב — וואָס האָט זיך אַזוי לאַנג געקווענלט אין דחקות, האָט מיט אַמאָל זיך דערפילט פריי־ער, לויזער; לייכטער אָפּגעאָטעמט, פונקט ווי עמעצער, וואָס אַכזריותדיקע פינגער האָבן אים דעם האלז געוואָרגן, אַזש פאַר ענגסטיקייט זענען אים די אויגן פון קאָפּ געקראָכן, און מיט אַמאָל האָט מען אים לויז געלאָזט דעם האַלז און ער קאָן פריי און לייכט אָפּעטעמען און צו די כוחות קומען.

און ס׳איז דען א וואונדער, וואָס די מאמע האָט זיך מיט אַמאָל דערפילט אַזוי לייכט און פריי, ווי זי וואָלט באַ־קומען פליגל צו פליען, און דער רוקן האָט זיך איר אויסגע־גלייכט, און אויפן פארמעט געלן פנים האָט זיך אויסגעלייגט א רואיקע גוטמוטיקייט, און די קנייטשלעך האָבן זיך גענומען

אויסגעלעטן אין ליכטיק ווערן, פונקט ווי דאָס פּנים וואָלט גע־וועזן באגאָסן מיט א מילדן זונען־שטראַל.

ס'איז דען אַ וואונדער?

אַז אָט אין דער נויט געבויגענער שטוב, וואו דער מאַמעס לעצט שטיקל צירונג איז שוין אויך געווען פאַרקויפט און די רעשט זענען געלעגן ביי פאַרשידענע פּראָצענטניקעס אלס אייביקע משכּנות פאַר גראָשנדיקע הלוואות. און אַפילו דער מאַמעס לעצט שטיקל ווערט־זאַך — דער מאַנטל מיטן פוטער־אונטערשלאַק, וואָס דער טאַטע האָט איר געלאָזט אויפבייען נאָכן אויפשטיין פון קימפּעט מיט סימעלען, איז שוין אויך נישט געווען: ישראל־נח האָט נישט געקאָנט אַרבעטן צוליב דער צעקאַ־לעטשעטער האַנט, איז דער פוטער פאַרקויפט געוואָרן אויף ברויט — אין אָט דער שטוב האָט זיך ווידער גענומען ווייזן צי־רונג: מלכּהס רייכער חתן און זיין משפּחה, וואָס זענען אָפט געקומען צעפאָרן און באַזוכט די כּלה, האָבן זי באשיט מיט מתּנות.

ס'איז כּמעט נישט געווען די וואָך, מלכּה זאָל נישט קריגן עפּעס אַ מתּנה: אַ פינגערל, אַ בראָשקע, אָדער עפּעס אַנדערש.

אַלע אין שטוב (אַ חוץ בנימין, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט איבעריק אינטערעסירט מיט דער היים.) זענען מיט אמאָל גע־וואָרן מבינים אויף איידל־שטיינער; האָבן געוואוסט, ווי עס דאַרף אויסצוזען אַן אָפּאַל, אַ רובין, אַ שמאַראַגד... פאַר אַן עין־הרע האָט די מאַמע מורא געהאַט, און דאָס לעצטע מאָל ווען דער חתן איז געווען פארבעטן אויף שבת צום פעטער לייב־חיימס טיש און ער האָט דעמאָלט געשענקט דער כּלה א פינגערל מיט אַ בריליאַנט, האָט דאָס די מאַמע אַפילו די קינ־דער נישט דערציילט, אום עס זאָל נישט ווייטער קומען. אַזוי האָט זי מורא געהאַט פאַר אַ בייז אויג, פאַר אַ באַנעמעניש, זאָפגעהיטן זאָל מען ווערן.

אין שטוב האָט גאָרנישט נישט געפעלט, און אַ מזומנ'ער גראָשן איז אויך געווען. לייב־חיים וואָלבערג האָט איצט מיטיב געווען מיט דער שוועסטערס שטוב, ווי נאָך קיינמאָל ביז איצט

— די מאַמע מיט מלכּהן זענען נאָכאַנאַנד געגאַנגען איבער די שניט־קראָמען איינקויפן דעם אויסשטייער. טיילמאָל איז די מו־מע הענע אָדער אירס אַ טאָכטער אויך מיטגעגאַנגען, און מיט די שניידערס און וועש־נייערס איז געווען גענוג צו טאָן.

און ווייל די מאַמע און מלכּה זענען געווען פאַרנומען און סרוב גאָרנישט אין דער היים געווען, איז דאָס קאָכן מיטאָג מערסטנס אויסגעפאַלן אויף סימעלען. ווען זי איז אהיים־געקומען פון שול... איז טאַקע מייסטנס, ווען בנימין און ישראל־נח זענען געקומען אויף מיטאָג — נאָכנישט פאַרטיק געווען דאָס געקעכץ, און אַז ס'איז שוין ענדלעך יאָ פאַרטיק געוואָרן, האָט מען דאָס ערשטע נישט געקאָנט נעמען אין מויל — אַזאַ געקעכץ איז דאָס געווען, אָן טעם און אָן ריח.

און סימעלען האָט פאַרדראָסן, אויב מ'האָט נישט גע־וואָלט עסן. זי האָט געלאָזט שטיין די פולע טעלער אויפן טיש נישט אָראָפּגערוימט זיי, און אַליין זיך געשטעלט ביים קוימען וויינען, און אַז די מאַמע איז נאָך איבער די שוועל געקומען, האָט זי זיך באַלד באַקלאָגט:

— די יינגען טוען מיר אויף צו להכעיס און ווילן נישט עסן, וואָס איך קאָך...

האָט די מאַמע דערנאָך פאַרגעהאַלטן די זין:

— וואָס מאָרדעוועט עך מיר דעם יתום, דעם וואָרעם — איז זי נישט קיין פאַרטיקע קעכין, זאָל זי ליבערשט זיין עפּעס אנדערש, איידער אַ גוטע קעכין.

און אָט ערשט איצט, ווען מלכּה האָט אַביסל אָפּגערוט פון בלענדן זיך די אויגן איבער די שטיקערייַ „פלאַכטעס" און פון די דאגות, און איז געגאַנגען אַביסל אָרנטלעכער אָנגעטאָן, האָבן אַלע מיטאַמאָל א דערזע געטאָן, אַז מלכּה איז טאַקע אַ זעלטן שיין און באַחנט מיידל.

דער שלאַנקער וואוקס, די איידעלע הענט מיט די דינע פינגער, דאָס לענגלעכע פּנים מיט די ליכטיקע ביר־אויגן און די זייד פיינע ברוינע האָר, פאַרפלאָכטן הינטער די קליינע רויטלעכע אויערן.

זי איז געווען אַ שיין מיידל, מלכּה, און די נאַיווע אומ־שולדיקייט, וואָס האָט איר פון די האַ״ב קינדישע אויגן אַרויס־געקוקט — אַלץ צוזאַמען, האָט דערמאָנט אָן קאָלירירקע האַלב צייטיקע שמעקעדיקע עפּל אין אַ פריצישן טאָד, אַז מ׳דערבליקט זיי אין אַ זוניקן סוף־זומער טאָג.

רוישיק און טומלדיק זענען אַדורכגעלאָפן די פּאָר וואָכן פון מלכּהס תּנאים ביז דער חתונה. ביים פעטער לייב־חיים האָבן זיך שוין געפּיטערט עופות; הינער, גענז און אינדיקעס האָבן זיך געפּאַשעט און רואיק געוואַרט אויף דעם באַשטימטן טאָג, ערב־חתונה, אונטערצושטעלן זייערע העלזער אונטער דעם שוחטס בליציקן חלף, זייער בלוט צו פאַרגיסן פאַר די מענטשנס שמחה, אונטערצוטראָגן דעם צוגעבראָוועטן גוף פאַר די פאַר־בעטענע חתונה־געסט צו זעטיקן זייער מאָגן. דערווייל האָבן זיי נאָך געלעבט, די פאַרשידענע מינים עופות, אַרומגעשפּאַצירט אין פאַרפּאַרקאַנטן שטיקל הויף, וואָס איז ספּעציעל אָפּגעטיילט, אום דאָרט צו פּאַשען עופות, געגעסן פון איין קאָריטקע, געטרינ־קען וואַסער פון איין פּענדל, זיך געליבט, ברוגז געוואָרן, גע־דזשאָבעט איינס ס׳אַנדערע און ווידער שלום געוואָרן, און נישט געקאָנט גאָר מיט זייער הינערישן מוח וויסן, באַנעמען גאָר, אַז אַזוי דעם שוחטס חלף, ווי די גרויסע טעפּ און בראָט־פּאַנען, זענען שוין גרייט און וואַרטן געדולדיק אויפצונעמען זייערע גופים.

ס׳איז געווען אַסך אַרבעט, און אַ צוויי וואָכן פאַר דער חתונה זענען אַלע נאָכמער פאַרנומען געווען. דעם חתנס דירה, אין דער פאָרנעמער גאַס אויפן ערשטן שטאָק, איז שוין פאַר־טיק געשטאַנען, גרייט אויפצונעמען דאָס ייִנגע פּאָר־פאָלק. ס׳איז געווען אַ גרויסאַרטיקע דירה — עטלעכע חדרים אַ חוץ דער קיך. גרויסע ליפּטיקע שטובן, די ווענט טאַפּעצירט, די דילן געשמירט, טייל טונקל ברוין און טייל העל ניס־קאָליר און די טירן און די פענצטער מיט גרויסע ליכטיקע שפּיגלדיקע שויבן — ווייס און ווייס, ווי אַ מילכגלאָז, און מיט אזא בלישטשל, אַזש בלוילעך. די מאַמע איז דעמאָלט געווען פאַרנומען מיט צוקלויבן

פּאַסיק מעבל. זי איז לויט דעם חתנס אָנווייזונג געלאָפן איבער די מעבל-געשעפטן, געזוכט מעבל נאָך איר גוסט נאָך, און אַלץ געקרימט מיט דער נאָז, אז אַזעלכע מעבל ווי זי מיינט איז עפּעס גאָרנישט צוזען.

און דעמאָלט, די לעצט צוויי וואָכן פאַר מלכּהס חתונה, זענען שוין אַלע געווען פאַרטאַראַמט, פאַרנומען; אַפי.ו סימעלע אויך. דעמאָלט האָט שוין קיינער זיך נישט צייט גענומען מיטאָג צו קאָכן; אַז די יינגען זענען געקומען פון פאַבריק עסן מיטאָג, איז די פּליטע געווען קאַלט, צומאָלט נאָך נישט אונטערגעהייצט. האָבן זיי זיך געמוזט באַגנוגענען לאָזן מיט וואָס עס איז און צוריק לויפן צו דער אַרבעט; ביי דער אַלגעמיינער פאַרטועניקייט האָט זיי אַפילו נישט געפּאַסט צו עמעצן א טענה צו האָבן.

און אָט אַזוי איז אָגגעשווומען מלכּהס חתונה-טאָג. ס'איז געווען חנוכּה-צייט. דרויסן איז אָנגעפאלן א היפּשער שניי. א ווייכער און ווייסער האָט ער די בלאָט׳קע ערד צוגעדעקט, ווי א זויבער זילבער-ווייסער קאָלדרע. — ס'איז געווען א ליטישע חתונה. ביים פעטער לייב-חיים זענען כמעט אַלע חדרים פול געווען מיט געסט; קוים אביסל א קלענערע חתונה, ווי ביים פעטער לייב-חיימס טאָכטער. ס'זענען געקומען פון חתנס צד מחותּנים און מחותּנטעס, נגידישע, אויסגעפּאַשעטע; דער כּלהס מוטער האָט קעגן זיי א פּנים געהאט, ווי א שאָטנדל עפּעס. און דער הויפּט-מחותּן, דעם חתנס פאָטער ר' יצחק-שאול מייעראָוויטש, האָט אויסגעזען, ווי זיין בויך וואָלט געווען אויסגעבעט מיט א פּערענע, אָדער ווי ער וואָלט אונטער די מלבושים געהאַט הענגען א קעסל-פויק. אַזא היפּשן בויך האָט ער פאַרמאָגט.

לייב-חיים וואָלבערג האָט געטענצלט אַרום די מחותּנים. עס זאָל זיי גאָרנישט פעלן, זיי זאָלן זיך גוט און היימיש פילן... מ'האָט זיך איבערגעגעבן, אז ער, וואָלבערג, האָט אַן אויג געוואָרפן אויפן חתנס יינגערן ברודער, וואָס איז מיטגעקומען אויף דער חתונה און וואָס שטודירט כעמיע אין דער

שווייך, אַז לייב-חיים האָט חשק אים צוצוכאַפּן פאַר זיין טאָכטערס וועגן, פאַר טעמערלען.

צי דאָס איז טאַקע אמת געווען, ווייסט קיינער נישט. דער פעטער לייב-חיים האָט דאָס פאַר קיינעם נישט פאַרטרויט. נאָר מ'האָט אין דער משפחה אַזוי גערעדט.

מ'האָט אָפּגעטאַנצט די חתונה ביים פעטער לייב-חיים. די מאַמע מיטן הויזגעזינט זענען אַ היין גענומען געוואָרן אויף אַלעם גרייטן. מלכּה איז ווידער באַשיט געוואָרן מיט מתּנות, און באַלד נאָך דער חתונה איז זי — איצט: פרוי מייעראָוויטש — אַריבער וואוינען מיט איר מאַן אין דער גרוימער, אויסגעמעבלירטער דירה, און די מאַמע האָט זיך געריכט צו שעפּן נחת מיטן פולן מויל און מיט ביידע הענט פול.

# ט

מיטאָג-צייט, אין פאַבריק, פונקט ווען בנימין האָט געהאַט איבערגעטאָן די שיך און אַרויסגעצויגן אויף דער טונקעלער אַרבעט־בלוזע דעם אויבעררעק — איז צו זיין מאַשין צוגעקומען אַ פרעמד יינגל, קענטיק אַ פּעדערל, און אים איבערגעגעבן א שטיקל פּאַפּיר. בנימין האָט געעפנט דאָס צעקנייטשטע פּאַפּירל. ס'איז געווען אַ בריוול מיט אַ בלייפעדער געשריבן, עטלעכע שורות, פון פאָנטשערן — ער האָט בנימינען צוויסנגעטאָן, אַז צוליב אַ זייער וויכטיקן און דרינגענדן ענין דאַרף ער זיך מיט אים זען, און ער באַשטימט, זיי זאָלן זיך טרעפן היינט פאַרנאַכט אין פאַבריק. צום סוף בריוול האָט פאָנטשער אויפמערקזאַם געמאַכט בנימינען, אַז אין פאַבריק אַריין זאָל ער צו אים נישט קומען, נאָר — אויף דעם אָנגעוויזענעם אָרט אין פּאַרק.

פאָנטשער האָט זיך דעמאָלט שוין געהאַט איינגאַנצן דערווייטערט פון דער באַוועגונג, און בנימין האָט זיך זעלטן ווען באַגעגנט מיט אים, צופעליק, און דורכגעוואָרפן צווישן זיך עטלעכע ווערטער.

בנימין האָט נישט געקאָנט זיך דערטראַכטן, וועגן וואָסער ענין דאָ קאָן זיך האַנדלען. דאָך האָט ער אין דער באַ-

שטימטער שעה, פאַרנאַכט-צייט, געלאָזט שטיין די מאַשין און אוועק אין פּאַרק.

פאָנטשער איז נאָך נישט געווען. בנימין איז לאַנג בע-באַנגען אַרויף און אַראָפּ אין דער אַלעע און געוואַרט. גאָר קיינער האָט זיך נישט געוויזן.

דער פּאַרק איז איצט אין בראָען ווינטער-פאַרנאַכט. גע-ווען פּוסט און טויט; דער אָוונט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, און אַלץ ארום האָט אויסגעזען צו דרימלען פון איינזאַמקייט.

ס'איז געווען קאַלט, און אַ ווינט האָט געקלאַפּט מיט די צווייגן פון די לעערע געפרווירענע ביימער. זעלטן האָט זיך נאָך פון אַ בוים אַ לעצט פאַרפוילט בלעטל אַראָפּגעלאָזט, זיך געדרייט אין דער לופט, שווער געפּאַלן אויפן בלאָטיקן זאַמד, און דאָרט שוין ליגן געבליבן.

ס'איז געווען פּוסט און קאַלט — אַן עלטערע דאַמע אין טרויער-קליידער, מיט אַ באַטריבט פּנים, איז לאַנגזאַם געגאַנגען איבער דער אַלעע, און מיטן שערעם וואָס זי האָט אין האַנט געהאַלטן, געשאַרט צווישן די פאַרפוילטע בלעטער; אַ נאַ-גע איינגעהילט אין אַ טוך, האָט דורכשניידנדיק דעם פּאַרק, פאַרקירצט זיך דעם וועג צום קלויסטער, און פון אַ נאַקעטן בוים ערגעץ האָט אַן איינציקע קראָ געקראַקעט, אָנזאָגנדיק אויף שניי-וועטער.

אביסל שפּעטער, ווען אין דער אַלעע האָט דער פּאַרק-סטרוזש שוין אָנגעצונדן די שיטער צעשטעלטע גאַז-לאָמפּן, איז אָנגעקומען פאָנטשער, און הינטער אים אַביסל אָפּגערוקט, איינער אַ פרעמדער, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אַביסל פון דער ווייטנס און קענטיק געוואַרט, מ'זאָל אים צורופן.

פאָנטשער האָט בנימינען אין דער גיך צוויסנגעטאָן, אַז דער חבר — באָריס הייסט ער — איז צוגעשיקט געוואָרן אַהער, כּדי דאָ אָנצופירן מיט דער באַוועגונג, און אַז ער האָט מיט זיך געבראַכט אַ בריוו אַדרעסירט צו אים, פאָנטשערן, פון יענעם חבר וואָס שיקט אַהער ליטעראַטור.

פאָנטשער האָט נאָך דערמאָנט, אַז מ'מוז דעם חבר ער-

געץ איינאָרדנען, ווייל ער האָט נישט וואו זיך אהינצוטאָן — אָפּגעזאָגט דאָס אַלץ, איז פּאָנטשער גיך אוועקגעגאַנגען, מיט אַ תּירוץ, אַז ער איז פּונקט איצט זייער פאַרנומען.

ס'איז נישט שווער אָנגעקומען צו געפינען א חדרל פאַר דעם צוגעשיקטן חברס וועגן. אין דעם יידישער געגנט, אין די אָרימע ענגע געסלעך, איז געווען גענוג בעלנים אָפּצוגעבן איינס פון זייערע שטיבלעך, אָבי דערפון עפּעס צו פאַרדינען.

שלעכט איז נאָר געווען דערמיט. וואָס דער חבר באָריס רעדט אַזוי טיף ליטוויש און דאָרט די אָרימע ווייבער האָבן נישט קיין גרויסן צוטרוי צו אַזאַ איינעם, וואָס רעדט אַנדערש ווי זיי. אָבער אויך דערויף איז געווען אַן עצה: א פּאָר קאָפּיקעס מער פאַרן שטיבל, און די באַלעבאָסטע און איר הויזגעזינט זענען געווען „טויב און בלינד“ צו אַלעם. וואָס אין שטיבל קומט פאָר, און ס'איז זיי שוין גאָרנישט אָנגעגאַנגען. וואָס זייער מיטוואוינער איז און וואָס איז זיין „טועכץ“...

און אַזוי ווי דער חבר באָריס האָט זיך נאָר געהאַט באַזעצט אין זיין שטיבל, האָט מען אים אַהערגעבראַכט זיין פּעקל, וואָס ער האָט דערווייל געהאַט ליגן ביי פּאָנטשערן אין פאַבריק (פּאָנטשער האָט מען דערציילט, איז צוליב דעם פּעקל געווען אומרואיק), און ער האָט גענומען טאָן אין דער באַוועגונג...

---

כדי צוזאַמענצובינדן אַלע קרייזלעך אין איין קערפּער, איז אויסגעקליבן געוואָרן צו איין מיטגליד פון אַ קרייזל, און אָט די אויסגעקליבענע מיטן חבר באָריס אין דער שפּיץ, האָבן געבילדעט אַן אָרט לייטונג, וועלכע פלעגט זיך צוזאַמענקומען איינמאָל אין וואָך אָדער צוויי מאָל, אויף פאַרשידענע ערטער: אין פּוסטע דירות, אין פאַבריקן נאָך דער זרבעט, אָדער ביי איינעם פון די מיטגלידער אין דער היים — נאַטירלעך, ווען דאָרט איז קיינער נישט געווען — און אין אַ ליגנד

וועטער איז מען זיך צוזאמענגעקומען אין פּאַרק ערגעץ אין אַ ווייטן ווינקל.

אין די קרייזלעך צווישן די חברים, האָט מען אָט די העכסטע אינסטאַנץ גערופן די „אָרגאַניזאַציע". ווער עס געהערט צו דער „אָרגאַניזאַציע" האָט קיינער נישט געדאַרפט וויסן; מ'האָט זיך אפשר אָנגעשטויסן, ווער עס געהערט אַהין; יעדער אין זיך געהיים, האָט מסתמא געהאַט אַ חשד אויף דעם אָדער אויף יענעם, אַז ער זיצט אין דער „אָרגאַניזאַציע"; נאָר גערעדט דערפון, פאַרן מויל געבּרענגט, האָט מען דאָס נישט — דער „אַלף בית" ביים אַריינטרעטן אין דער באַוועגונג איז געווען — קאָנספּיראַציע — הערן, זען, שווייגן, און דאָס האָט מען אָפּגעהיט.

אין דער „אָרגאַניזאַציע" האָט זיך אויך געפונען — בנימין, און פון אַ קרייזל אינטעליגענטע מיידלעך — טעמערל.

אויף די זיצונגען, אויף וועלכע ס'איז טיילמאָל באַהאַנדלט געוואָרן אַ חוץ אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען אויך פּאַך־פראַגן — איז איינמאָל אויסגעבראָכן אַ שאַרפער ווערטער־אויסטויש צווישן בנימינען און טעמערלען, אָדער ריכטיקער געזאָגט: בלויז פון טעמערלען אויף בנימינס חשבון.

אַ מאָדנע באַציונג האָט איצט געהערשט צווישן בנימינען און טעמערלען. ווער ווייסט, ווי טעמערל צו בנימינען, נאָר ער, ער האָט זי פיינט געהאַט, אָפּט שטאַרקער געהאַסט פאַר איר גלייכגילטיקער באַציונג צו אים, אָבער דאָס נאָר אַזוי לאַנג, ביז זי האָט צו אים אַ פריינטלעך וואָרט גערעדט; איר איין פריינטלעכע ווענדונג, איז גענוג געווען אין איין רגע זיין גאַנצע פיינטשאַפט צו פאַרטרייבן, דעם גאַנצן האַס צו איר, צונישט צו מאַכן.

און פאַרוואָס האָט זי זיך יעדעס מאָל אויף ס'ניי צו אים קאַלט באַצויגן? — ווער ווייסט! ווער קאָן זיי פאַרשטיין אָט די דאָזיקע אונטערגעוואַקסענע מיידלעך, ווער קאָן ריכטיק פאַרשטיין צי זיי טוען דאָס פון כאַראַקטער־טיפּקייט, צי פון פלאַכקייט, פון מיידלשער נאַרישקייט? נאָר אַ פאַקט איז, אַז נאָך יעדן מאָל,

וואָס טעמפּל האָט בנימינען אַרויסגעוויזן אַ ביסל פריינטשאַפט, האָט זי אים באַלד דערנאָך גענומען דערפאַר אָפּצאָלן מיט קאַלטער גלייכגילטיקייט, און וואָס וואַרעמער ס'איז געווען די אַרויסגעוויזענע פריינטשאַפט אַלץ קאַלטער און האַרטער איז געווען די דערנאָכדיקע גלייכגילטיקייט; אָט יענער מין גלייכגילטיקייט וואָס ס'איז שווערער מוחל צו זיין, ווי די גרעסטע שנאה.

איינמאָל אויף אַזאַ זיצונג איז אַרומגערעדט געוואָרן די באַציונג פון שטיקערס צו פעדלערס. אַרויפגעקומען אויף דעם דאָזיקן שמועס איז מען דורך דעם, וואָס דער חבר באָריס האָט פאָרגעלייגט דעם יינגסטן פון די זיצערס—זכריהן, ער זאָל מאָרגן פאַרנאַכט קומען צו אים וועגן אַן ענין. זכריה אָבער, וועלכער אַרבעט אַלס פעדלער — האָט אים דאָס נישט געקאָנט צוזאָגן, ווייל ער ווייסט נישט, צי דער שטיקער וועט אים דערלויבן אַוועקצוגיין אין מיטן אַרבעטס-טאָג. אַזוי אַרום איז געקומען צו דעם שטיקער-פעדלער שמועס.

זכריה — אַ זיבצניעריק בחור'ל, מיט אַ רויטלעך פּנים מיט בריל'ן אויף די קורצזיכטיקע אויגן, מיט דרעטלעך איבער די אויערן — איז זייער אין כעס אויף עקספּלואַטאַטאָרס בכלל, אויף שטיקערס בפרט, און אויף דעם שטיקער, ביי וועלכן ער אַרבעט איצט, איז ער אַוודאי און אַוודאי בייז, געפערלעך אין כעס, ווייל ער יאָגט אים צו ביי דער אַרבעט, טרייבט אים אונטער, ער זאָל פלינקער אַריינציִען דעם דרים אין דער נאָדל, מאַכן דאָס קניפּל, אַריינשטעקן אין אַ קלייען-קישעלע און זיך נעמען צו אַ צווייטער נאָדל; און ווייל ער, דער שטיקער זיינער דערלויבט אים נישט אין דער פרייער צייט צו לייענען ביכער, נאָר ער זאָל בעסער זוכן נאָדלען אונטער דעם פעדל-טישל און אַרום דער מאַשין — האָט זכריה איצט געפונען אַ גוטע געלעגנהייט צו שיטן פעך און שוועבל אויף אַלע שטיקערס און זיי שטעמפּלען אַלס די מיאוסטע בלוט-זויגערס, פּאַראַזיטן, וואָס זייער בעסטע פאַרגעניגן איז צו מאַרדעווען פעדלערס.

בנימינען האָט נישט אַזוי ווייט געאַרט דעם בחורל'ס אומגעריכטער כעס קעגן די שטיקערס, וועלכע זענען צום

מײַנסטן אַזוי אָרעם ווי די פּעדלערס און אַרבעטן נאָך אַ סך שווערער פון זיי — נאָר בלויז אום ריכטיק צו אינפאָרמירן דעם חבר באָריס, האָט ער געבעטן אַ וואָרט און אויפגעקלערט, אַז די אָנגעשטרענגטע באַציאונגען נעמען זיך פון דער נישט נאָרמאַלער לאַגע, וואָס דער שטיקער אַרבעט אויף „שטיק", וואָס מער ער מאַכט פאַרטיק, מער פאַרדינט ער, דער פּעדלער ווידער אַרבעט אויפן טאָג און אים איז גאָרנישט קיין הילוק, וויפיל דער שטיקער אַרבעט אויס, וויפיל ער מאַכט פאַרטיק — אַבי נאָר דער טאָג זאָל אים אַדורך...

יעדער פון די דאָ זיצער, אַפילו אַזוינער וואָס געהערט נישט צו דעם פאַך — האָט געהאַט עפּעס צו דערציילן וועגן אוממאָראַלישע מעשים, וואָס טוען זיך אָפּ אין פאַבריק צווישן די שטיקערס מיט די מיידלעך פּעדלערקעס. אין שטאָט האָבן וועגן דעם לעבן אין פאַבריק — וואָס האָט זיך אין אמתן נישט אויסגעצייכנט מיט איבעריקער צניעות — אַרומקורסירט פאַנטאַסטישע מעשיות, אַז די פאַבריק איז שיער פאַרגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ שאַנד-הויז. — איצט זענען אָט די מעשיות דאָ געקומען אויפן טיש. דער חבר באָריס האָט אַ פּאָר אויגן געעפנט און פאַרצווייפלט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, נישט געפּינעדיק קיין ווערטער זיין צאָרן אויסצודריקן אויף אַזאַ לעבן, און בנימינען און נאָך עטלעכע פון זיין פאַך, וואָס האָבן זיך דאָ געפונען — זיי האָט מען גאָרנישט געלאָזט דאָס מויל עפענען צו פאַרטיידיקן דאָס לעבן אין פאַבריק, מ'האָט זיי פאַרשריגן, נישט געלאָזט צום וואָרט קומען.

און אָט ווען בנימינען איז ענדלעך געלונגען צו קריגן אַ וואָרט ווען ער האָט שוין אָנגעהויבן צו רעדן, האָט זיך אומגעריכט טעמערל געטאָן אַרויף אָן:

— און דאָס ערגסטע איז — האָט זי געזאָגט מיט פון פעס צעהיצטע באַקן און הייסע אויגן — דאָס ערגסטע איז, וואָס אַפילו אַזעלכע, וואָס האַלטן זיך שוין פאַר באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, שטעלן זיך אויך נישט אָפּ פון צו פאַרפירן פאַבריק-מיידלעך און טרייבן זיי אַזוי אַרום צו פּראָסטיטוציע...

בנימין האָט דאָס אָנגענומען אויף זיין קאָנטע, אַז דאָס מיינט זי אים.

מעגלעך, אַז טעמערלס ווערטער וואָלטן אַ דורך אומבאַמערקט. נאָר אירע אויגן, שוואַרצע, צעבלישטשעטע זענען געווען אָנגעשטעלט אויף בנימינען, ווי צוויי גלאַנציקע שפּיזלעך, און אַז בנימין האָט אַ קוק געטאָן און זיך באַגעגנט מיט אָט דעם בליק טעמערלס, איז ער געבליבן אָפּהענטיק. די פאַרטיידיקונגס־ווערטער זענען אים אָפּגעשטאָרבן אין מויל. אין קאָפּ האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן איין איינציק וואָרט: „עטל" — ער איז רויט געוואָרן, אראָפּגעלאָזט די אויגן, און לויט דער שטילקייט אַרום האָט ער זיך משער געווען, אַז אַלע קוקן אים איצט אָן און אַז אַלע טראַכטן איצט פון אים, אין שייכות מיט דער מעשה עטל, צוליב וועלכער ער האָט אַמאָל ביי נאַכט געקריגן די ביינער געבראָכן.

אַ היפּשע ווייל איז אַזוי אָנגעשטרענגט שטיל געווען. ווען בנימין האָט דערהויבן די אויגן, האָט ער זיך באַגעגנט מיטן חבר באָריס בליק. דעם חבר באָריס גראָע שאַרפבליקנדיקע אויגן האָבן אים פאַרשנדיק אָנגעקוקט, אַזוי אז בנימין איז נאָך אַמאָל רויט געוואָרן און די אויגן אראָפּגעלאָזט. דעמאָלט האָט דער חבר באָריס עפּעס אַ זיי געטאָן צווישן די ציין, אַלץ נאָך אָנקוקנדיק בנימינען, אַ שאָקל געטאָן דעם קאָפּ און אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך אַליין: — אינטערעסאַנט... און באַלד ווידער געפרעגט מיטן געוויינלעכן טאָן:

— איז ביי וואָס זענען מיר שטיין געבליבן? — און ווי בנימינען האָט זיך געדאַכט, האָט ער מער נישט געקוקט אין זיין זייט און שוין דעם גאַנצן אָוונט כּסדר אויסגעמיטן צו רעדן צו אים.

און מערקווירדיק, אַז אין דעם פאַל האָט בנימין נישט געפילט קיין שום שנאה צו טעמערלען, פאַר איר אָנרופן זיך אויף זיין חשבון. ער האָט זי איצט אַ סך ווייניקער פייגט געהאַט, ווי אַז ער באַגעגנט זי אין גאַס, און זי גייט אים פאַר־

ביי מיט אַ קאַלטקייט און מיט אַ גלייכגילטיקן ענטפער אויף זיין גרוס.

ער האָט זיך נאָר געפילט איצט שטאַרק דערשלאָגן און טרויעריק: „זי ווייסט פון עטלעכן בלויז"... און דערנאָך, ווען זיי זענען זיך צעגאַנגען פון דער זיצונג — איינציקווייז, כדי נישט צו דערוועקן קיין חשד — אַז ער האָט באַגעגנט טעמער־לען אויף דער גאַס, און אויב זי וואָלט נאָר נישט איצט בכיוונדיק נישט געקוקט צו אים, וואָלט ער גרייט געווען מיט איר פרייגטלעך צו רעדן. זי אָבער איז דאָס מאָל עפּעס שוין אַזוי קאַלט און שטייף אים פאַרבייגעגאַנגען, אַז עס האָט אים דעם חשק אָפּגענומען צו איר צוצוגיין.

אַ צען טעג שפּעטער איז עפּעס פאָרגעקומען וואָס האָט דירעקט נישט געהאַט קיין שום שייכות צו דעם פריער פאָר־געקומענעם, נאָר פּסיכאָלאָגיש אפשר אַ גרויסע שייכות געהאַט צו יענעם — און דאָ האָט שוין בנימין אנדערש געהאַנדלט.

בנימין האָט איינמאָל געדאַרפט זיין ביים חבר באָריס. ס'איז געווען אַ וואָך צי צען טעג נאָכדעם ווי טעמערל האָט אים געהאַט באַליידיקט אויף דער זיצונג.

ווי געוויינטלעך, צוליב קאָנספּיראַציע, איז אַזאַ באַזוך פאָר־געקומען אין אָוונט און מיט דער געהעריקער פאָרזיכטיקייט, דורך אַן אומוועג, אומבאַמערקט זיך אַרויפצוכאַפּן...

אויבן אין פינצטערן פעדער־הייזל, אונטערן הוילן דאַך, וואָס מען קומט אַהין אַרויף דורך וואַקלדיקע שטיגן, איז בנימין לאַנג געשטאַנען הינטער דער פון אינעווייניק פאַרקייטלטער טיר און מ'האָט אים נישט אַזוי גיך געעפנט.

ער האָט אָנגעגעבן דעם סימן: דריי מאָל אָנגעקלאַפּט מיט דעם פאַרבויגענעם פינגער און איין מאָל מיט דער פויסט, און ס'האָט אַלץ געדויערט, ביז מ'האָט אים די טיר געעפנט.

דרינען, אין שטיבל, איז אַחוץ דעם חבר באָריס, וועלכער איז געזעסן איבער אַ טעפּל טיי און אַן אָפּגעריסענעם אָפענעם רוסישן בוך, געווען אויך טעמערל וואָלבערג, אַן מאַנטל און אָן היטעלע, געזעסן געמיטלעך, כּמעט הויזלעך.

בנימינען האָט עפּעס אַ קלאַפּ געטון אין קאָפּ ביים דער־בליקן זי דאָ זיצן, זאַלבע צוויי מיט באָריסן אין פאַר־

מאַכטן שטיפֿל. ער האָט אַ פֿרעג געטון דעם חבר באָריס (גאָר נישט קוקנדיק צו טעמערלען), פֿאַרוואָס ער האָט אים נישט באַלד געעפֿנט די טיר (און דערביי האָט שוין בנימין זיך נישט געקאָנט מער איינהאַלטן און זייטיק אַ גיכן בליק געוואָרפֿן אויף טעמערלען, וואָסער איינדרוק זיין פֿרעג מאַכט אויף איר..)

— איר האָט דאָך געדאַרפֿט דערקענען אין מיין קלאַפּן דעם סימן...

דער חבר באָריס, אין סטודענטן-רעקל, אַביסל אויפֿגעקנעפּלט ביים האלז, האָט זיך אָנגערופֿן:

— איר זענט וואויל גערעכט, חבר, נאָר עפּעס האָב איך איצט נישט גלייך דערקענט אייער אָנקלאַפּן... אפשר האָט איר צו האַסטיק געקלאַפּט.

בנימין האָט דאַרויף בלויז אַ צי געטון מיט די פּלייצעס, און אין אים האָט גענומען זידן אַ פֿאַרדראָס צו טעמערלען, סתּם פֿאַרוואָס זי איז איצט דאָ, אליין מיט אָט דעם אינטעליגענט אין דער סטודענטן-קורטקע און מיטן קאָפּ געקרייזלטע האָר.

אין דעם אָוונט האָט זיך בנימין גישט זייער טאַקטיש אויפֿגעפֿירט. ער איז כּסדר געווען בייז און אויפֿגערעגט. דערנאָך ווען ער האָט גענומען דערליידיקן דאָס, צוליב וואָס ער איז ארויפֿגעקומען, בעת זיי האָבן אַרומגערעדט, ווי אזוי בעסער צו אָרגאַניזירן דאָס פֿארשפּרייטן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור, האָט בנימין פֿאַרגעלייגט, צודרינגלעך פֿאַרגעלייגט, נישט מער און נישט ווייניקער, נאָר אַז טעמערל זאָל אויף זיך נעמען צו פֿאַרשפּרייטן ליטעראַטור אין איר פֿאַטערס פֿאַבריק. און ער האָט מאָטיווירט דעם פֿאָרשלאַג מיט אַזעלכע טעמים, אין וועלכע ס'האָט זיך פֿון זיין זייט זיכער געפֿונען אַסך מער להכעיסדיקייט פֿון אַ נישט קאָנטראָלירטן בייזן ווילן, ווי ערנסטקייט.

טעמערל האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טון, אויפֿווייזנדיק, אַז דאָס איז פֿון דער ערשטער רגע פֿאַרמשפּט דורכצופֿאַלן. זי קאָן בעסער טון אַנדערע ארבעט און מיט מער דערפֿאָלג. בנימין האָט אָבער דורכאויס געפֿאָדערט, טעמערל זאָל דאָס אונטערנע-

מען, און דער חבר באָריס, אַלס פּרעמדער, נישט באַקאַנט מיט די אָרטיקע באַדינגונגען, האָט נישט געוואוסט, מיט וועמען אייג-שטימיק צו זיין.

נאָר ווען טעמערל האָט מיט אירע ראיות שוין געהאַט דעם חבר באָריס׳ן איבערגעצייגן אויף איר זייט און האָט שוין געהאַלטן ביים נצחון, האָט בנימין זיך פּלוצלינג אָנגערופן גראָב מיט אויפרעגונג, אָבער אויך מיט ווייטאָק:

— אָט די רייכע קינדער, זיי איז נאָר לייכט אָנצופאַלן אויף יענעם, פון וואוילטאָג עמיצן באַליידיקן, פאַרוואַרפן אויס-געטראַכטע מיאוסקייטן, דאָס טוען זיי מיט הנאה... אַליין אָבער עסט מען דעם בורזשואַזן טאַטנס ברויט, מ׳ריכט זיך נישט איין די איידעלע הענטלעך, מ׳שפּאַצירט אַרום פיין אָנגעטון און מ׳שפּילט זיך אין סאָציאַליזם, מ׳האַלט מיט די מאָדע...

בנימין האָט נאָך גערעדט און גערעדט, געשיט פון זיך די ווערטער, ווי הייסע קוילן, די אויגן האָבן אים געפלאַ-קערט... טעמערל איז בלאַס געוואָרן, און דער חבר באָריס האָט אויף אים אָנגעשטעלט דאָס קלוגע טונקל-הויטיקע פּנים מיט די טיפע שטערן-ווינקלען. ער האָט מיט אינטערעס זיך צוגעהערט צו בנימינס רעדן, ווי ער וואַרפט פעך און שוועבל אויף די פאַבריקאַנטן-קינדער, וואָס טוען כּלומרשט אין דער אַרבעטער-באַוועגונג. נאָר ווען בנימינס רעדן האָט זיך ווידער איבערגע-חזרט און נאָך הייסער און נאָך פאַרביטערטער, האָט, מיז זיין, דער חבר באָריס זיך אָנגעשטויסן, אַז מיט זיין רעדן איז בנימין אויסן הויפּטזעכלעך צו טרעפן די חברטע טאַמאַרע (אַזוי האָט מען זי דאָ גערופן). ער האָט קוים קוים אַ שמייכל געטון און אָנגענומען בנימינען פאַר דער האַנט, ער זאָל זיך באַרויקן.

טעמערל האָט זיך דערווייל געהאַט אָנגעטון דעם מאַנטל און דאָס היטעלע, און זי האָט געגומען אַוועקגיין. דער חבר באָריס איז געגאַנגען זי באַגלייטן אַראָפּ פון די פינצטערע, וואַקלדיקע שטיגן, געמענדיק מיט זיך די שוועבעלעך.

ווען באָריס איז צוריק אַריינגעקומען, האָט ער זיך אָנגע-רופן צו בנימינען מיט אַ ביסל פאַריבל:

— איר זענט נישט גערעכט. חבר — אייערע ווערטער זענען טאַקע ריכטיק און טרעפלעך קעגן אַ געוויסן טייל פון די רייכע זינדלעך, חברטע טאַמארע קאָן מען אָבער צו יענעם טייל נישט צורעכענען. זי זאָגט זיך נישט אָפּ פון קיין שום אַרבעט, אויך איצט איז זי ארויפגעקומען אהער וועגן אזעלכעס, וואָס נישט יעדער איינער וואָלט זיך אונטערגענומען דאָס אויס־צופירן.

און אַזוי ווי. די לעצטע צייט איז דאָס ברענגען אַהער ליטעראַטור און פראָקלאַמאַציעס געווען שלעכט אַוועקגעשטעלט, האָט בנימין זיך אָנגעשטויסן, אַז אפשר דאָס מיינט ער, דער חבר באָריס.

שפּעטער, ווען בנימין האָט שוין געהאלטן ביים אַוועקגיין, האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט עטלעכע קלעפּ אין טיר. חבר באָריס האָט פארוואונדערט און דערשראָקן אביסל אַ קוק געטון אויף דער טיר, באלד פלינק אַ קוק געטון אויף בנימינען, ווי ער וואָלט געמיינט אים שטום צו פרעגן, ווער דאָס קאָן זיין. ער איז שטיל צוגעגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער, אַביסל זיך צוגעהערט, צולייגנדיק דאָס אויער צום שליסל־לאָך, און גע־עפנט.

טעמערל איז אריינגעקומען, זי איז עס געווען. אויף דעם חבר באָריס פארחידושטן קוק, האָט זי געזאָגט:

— איך האָב פאַרגעסן צו נעמען ביי אייך דעם אַדרעס יענעמס...

דער חבר באָריס האָט זיך אָנגעכמורעט:

— איך מוז אייך אויפמערקזאַם מאַכן, חברטע — האָט ער שטרענג גערעדט — אז איר האָט איצט גאָר נישט ריכטיק געטון. איר האָט נישט געדאַרפט צוריקקומען, נישט געטאָרט צוריקקומען. איר מוזט וויסן, אַז דורך אַזא מין האנדלונג קאָ־נען מיר לייכט פאַרשיט ווערן.

און ער האָט באלד צוגעלייגט מיט אַ שטרענגן טאָן:

איר ווילט אַבסאָלוט נישט וויסן פון קיין דיטציפלין.

— און איך — האָט טעמערל דערווידערט — האָלט דעם

ענין פאַר זייער דרינגענד נויטיק, דעריבער בין איך צוריקגעקומען. איך מוז דורכויס וויסן דעם אדרעס. איך מוז אָפּפאָרן אין דער באַשטימטער שעה און צוריקקומען אין דער באַשטימטער שעה דעם זעלבן טאָג, און איך דאַרף וויסן צו וועמען זיך דאָרט צו ווענדן.

דער חבר באָריס האָט גענומען מיט איר איינחזרן דעם אדרעס.

— וואַרט צו, חבר — האָט ער זיך געווענדעט צו בנימינען, וואָס האָט שוין גענומען אוועקגיין -- וואַרט צו אַ רגע, וועט איר אין איין וועגס צופירן די חברטע טאַמאַרע. איר זענט דאָך, דאַכט זיך, קרובים, וועט דאָס נישט דערוועקן קיין חשד.

אַראָפּקומענדיק פון חבר באָריס שטיבל, זענען זיי נישט גלייך אַהיימגעגאַנגען יעדער זיין וועג, נאָר ווי דער שטייגער איז, אז מ'קומט פון א קאָנספּיראַטיווער וואוינונג, זענען זיי אַוועק אין אַ פאַרקערטער ריכטונג, נישט וואו זיי האָבן געדאַרפט, און גענומען שפּאַצירן אביסל אין דער אַלייע, וועלכע איז איצט, צוליבן ווינטער-וועטער, געווען ליידיקלעך.

זיי זענען געגאַנגען האַרט איינער לעבן צווייטן, טעמערלס עלנבויגן האָט גערוט לעבן זיין זייט, און אים האָט זיך געדאַכט צו פאַרנעמען פון דאָרט א וואַרעמקייט.

זיי זענען געגאַנגען ארויף-צו, וואו די טעאַטער-געביידע געפינט זיך. זי, טעמערל, אָנגעטון גוט ווי א רייכע טאָכטער, און ער, געוויינטלעך, ווי אַן ארבעטער פון דער מאַשין, געגאַנגען און געשוויגן.

ווען דער שאַרף-פּראָסטיקער ווינט האָט אַ ווייע געטון פון דער זייט, וואו דאָס וועלדל ליגט, האָט זיך טעמערל אָנגערופן:

— דיר איז אַוודאי קאַלט?

אויף וואָס בנימין האָט בלויז אַ מאַך געטון מיטן קאָפּ, ווי אַז מ'טרייבט פון זיך אָפּ אַ פליג.

באַלד אַביסל האָט טעמערל ווידער געפרווט אָנצוהייבן א שמועס. זי האָט זיך פּלוצלינג אָנגערופן מיט א געלעכטער:

— מיר גייען דאָך עפּעס, ווי ברוגזע חתן-כלה.

דערויף האָט בנימין נאָר קווּב די ליפּן אַ פּאַרקרום געטון צו אַ שמייכל און ווייטער געשוויגן.

אַביסל דערנאָך, ווען זיי זענען אַ ווייל געשטאַנען ביים טייכל, וואָס איז געווען אַרום באַלויכטן פון גאַז־לאָמפּן און אויף וועלכן ס'זענען געלעגן האַלב דורכגעווייקטע און שוין צוריק פרירנדע שטיקער אייז — און זיי האָבן אָנגעהויבן פון דאָרט אוועקצוגיין אין דער שוואַך באַלויכטענער אַלעע צוריק, האָט זיך טעמערל מיט אַמאָל אָנגערופן, דאָס וואָס בנימין האָט פּונקט אין זין געהאַט:

— ביסט נאָך אַלץ ברוגז פון מיין זאָגן דעמאָלט אויף דער זיצונג? גלייב מיר, בנימין, איך האָב דאָס גאָרנישט אַזוי געמיינט, ס'האָט זיך מיר גלאַט אַזאַ כאַפּ אַרויס געגעבן.

בנימין האָט אַ קוק געטון איר אין פּנים, זיך באַגעגנט מיט אירע אויגן, וואָס האָבן אים ליכטיק אַ פינקל געטון און אין איין רגע דעם גאַנצן האַס־אייז אין זיין האַרץ צעשמאָלצן און אַ וואַרעמקייט געשפּרייט. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז מאָרגן קלערט זי אונטערצונעמען אַזאַ געפערלעכע נסיעה, צו ברענגען אומלעגאַלע ליטעראַטור, און ס'האָט אים באַנג געטון, וואָס ער האָט היינט אַזוי גערעדט אויף איר חשבון. נאָר געזאָגט האָט ער נישט דאָס, וואָס ער האָט איצט אין זינען געהאַט, געזאָגט האָט ער גאָר אַזוינס, וואָס איז נישט געווען אמת:

— איך בין באַלד נישט ברוגז געווען.

אַזוי זענען זיי נאָך אַביסל געגאַנגען, געשמועסט צווישן זיך, און צעגאַנגען זיך יעדער זיין וועגס, און אויך נאָך דעם מאָל איז אַלץ געבליבן ווי פריער. טעמערל האָט איר באַציונג צו בנימינען נישט געענדערט. ער האָט אַלץ ווייטער נישט געהאַט, ווי ער האַלט מיט איר אין דער וועלט.

## יא

— פאַרוואָס איך האָב מיך געגט מיטן ערשטן ווייב? — ווייל זי איז נישט שיין; גאָר פּשוט: זי איז מיר נישט גע־פעלן, האָב איך זי אָפּגעגט. —

דאָס זענען געווען די ערשטע ווערטער, וואָס בנימין האָט געהערט רעדן דער שוועסטערס מאַן צומאָרגנס נאָך דער חתונה, זיצנדיק אין דער געזעלשאַפט פון דעם יינגן ווייבלס מוטער און איר ברודער לייב־חיים וואָלבערג, — און באַצויגן האָבן זיך די ווערטער אויף אַ שמועס, אין וועלכן די ניי גע־באקענע שוויגער האָט זיך דערדרייסט צו פרעגן דעם איידעם פאַרוואָס ער האָט זיך געגט מיטן ערשטן ווייב באַלד, קוים עטלעכע וואָכן נאָך דער חתונה.

— ווייל זי איז נישט שיין, זי איז מיר נישט געפעלן געוואָרן, האָב איך זי אָפּגעגט — האָט דער איידעם געענטפערט קאַלט און מיט אזא שמייכעלע, ווי ער וואָלט זיך דערביי גע־טראַכט: גלויבסט מיר יאָ, גלויבסט מיר נישט — אַן עסק האָב איך.

*

מלכּהס מאַן, דער וואָס האָט זי אַריינגעפירט אינם „שמאָלץ־

גרובב" און זי באַגליקט מיט זיין פאַמיליען נאָמען מייעראָוויטש— הייסט אַנשל. ער איז אַ הויכער, ברייטפּלייצעדיקער, מיט אַביסל אַן אַראָפּגעגלאָזטן קאָפּ, טראָגט אַ קורץ-פארשוירן טונקל בערדל; נאָר דאָס משונהדיקסטע אין זיין פּנים זענען די אויגן, וועלכע זענען מאָדנע ארויסגערוקט פון די אויגנלעכער, ווי זיי וואָלטן געווען נישט ריכטיק אַריינגעשטעלט אין זייער זיץ-אָרט, און — דאָס קול זיינס, וואָס איז אויסטערליש היפּערדיק, אַזש עס איז שווער צו פאַרשטיין זיין רעדן.

צי ער איז אַ גוטער, צי ער איז א שלעכטער? — אזוי די מאַמע ווי מלכּה האָבן זיך דאָס נישט געקאָנט קלאָר מאַכן, די מאַמע האָט גלאַט גאָרנישט מער געזען, ווי מלכּהס שיינע חאַסענע, די געפּוצטע שטובן און די דינסט-שיקסע, וואָס זיצט אין קיך און איז גרייט מלכּהס מינדסטן באַפעל גלייך אויס-צופירן.

די מאַמע איז רק ארומגעגאַנגען מיט א יום-טובדיק גע-מיט, רק געהאַלטן אין איין לויבן דעם טאַטע אין הימל, וואָס האָט אויף איר טאָכטער ענדלעך רחמנות געהאַט, זי אויפגע-ריכט — און באָכאַנאַנד האָט די מאַמע געבעטן צו גאָט, אַז קיין בייז אויג זאָל אין מלכּהן שולט זיין.

און אַז מלכּה האָט זיך פאַר דער מאַמען גאָרנישט באַ-קלאָגט, גאָרנישט אַראָפּדערציילט, האָט די מאַמע אויך גאָרנישט געפרעגט, און געגלייבט, אַז דאָס פּאָרפאָלק לעבט צווישן זיך ווי אַ פּאָר טויבן, האָט איצט די מאַמע געהאַלטן פאַר איר פליכט צו לערנען מלכּהן, ווי אַזוי צו פירן די באַלעבאַטישקייט, ווי אַזוי אומצוגיין מיט דער דינסט, איר נישט צופיל דעם האַלז אויפצורייסן, האלטן זי אין דער צוים... און די דאָזיקע פליכט אירע האָט די מאַמע ערלעך אויסגעפירט.

וואָס אָנבאַלאַנגט מלכּהן, וואָלט זי תּחילת אינגאַנצן נישט געוועוסט צו זאָגן אַ מיינונג וועגן איר מאַן, צי ער איז אַ גוטער, צי נישט קיין גוטער. ער, אַנשל מייעראָוויטש, האָט נישט געהאַט די טבע הויך צו רעדן, זיך צו בייזער אָדער זיך אויפצורעגן, כאָטש ער האָט גערעדט היפּערדיק, נאָר געבייזערט

האָט ער זיך קיינמאָל נישט, ער האָט גערעדט קאַלטבלוטיק, געלאַסן, מיט אַזא שמייכעלע, וואָס אים אַליין האָט דאָס איינגאַנצן נישט ווי געטון, נאָר דעם פּאַר ווּעמען דאָס שמייכעלע איז געווען אָנגעגרייט, איז עס ביז דער זיבעטער ריפּ דערגאַנגען.

מלכּה האָט געמיינט, אַז אַלע מאַנען זענען אַזוי. דעם פֿאָטער אירן האָט זי ווייניק געקענט. ווען ער איז געשטאָרבן, איז זי נאָך געווען אַ קינד, און זי האָט שוין נישט געקאָנט געדענקען, ווי אַזוי ער פֿלעגט זיך פֿירן אין שטוב.

— „יעדער מאַן האָט זיין וואָלף־צאָן" — האָט די מאַמע אַמאָל אויפגעקלערט מלכּהן.

און אַז אַנשל האָט פֿאַרלאַנגט, אַז דאָס יינגע ווייבל זאָל אים למשל, אין אַ מיטן וואָך־טאָג שטעלן טשאָלנט מיט אַ שבתדיקן קוגל, האָט זי געטון ווי ער האָט פֿאַרלאַנגט. און אַז דאָס מיטאָג האָט אַמאָל עפּעס נישט אַזוי אויסגעקומען ביי אַנשלס צעבאַלעוועטן לעקער און ער האָט אָן שום טענה מענה געלאָזט ליגן דעם לעפֿל און אַוועק עסן אין אַ רעסטאָראַן, האָט דאָס מלכּה אויך שווייגנדיק אַראָפּגעשלונגען.

און אַז אַנשל איז אין אינטימע מאַן־ווייב אָנגעלעגנהייטן אַמאָל צוגעשטאַנען צום יינגן ווייבל, געווען גראָב, אין געגעבן איר אָנצוהערן, אַז ער האָט זי גענומען אָן אַ פּרוטה נדן, דאַרף זי אים תּמיד נאָכגעבן, תּמיד... האָט זי נאָכגעגעבן, און שאַ שטיל.

דער ערשטער ברוגז איז אַרויסגעקומען מיט עטלעכע חדשים שפּעטער.

מלכּה האָט אָנגעהויבן באַמערקן, אַז איר שיקסע טענצלט עפּעס צופֿיל אַרום איר מאַן. די שיקסע אַ פֿולע און געזונטע, פֿלעגט לעצטנס שטענדיק אַרום גיין אין אַ רויט קאָפּ טיכל, יצר־הרע־דיק פֿאַרבונדן אַרום קאָפּ, מיט אַרויסגעשאַרצטע הענט, און צום פּאַן האָט זי זיך באַצויגן שיער ווי צו אירס אַ שייגעץ, מיט זייטיקע בליקלעך; כּלומרשט אומגערן אָנרירן אים מיט איר נאַקעטן אָרעם, בשעתן דערלאַנגען צום טיש, און ער, פֿראָטעס־

טירט גאָרנישט קעגן איר אויפפירונג, אַדרבה, ער שמייכלט נאָר.

מלכּה האָט דאָס גוט באַמערקט, און אַז אָט די חנדלעך, דער שיקסעס, האָבן נישט נאָר נישט אויפגעהערט, נאָר זע־ען וואָס אַמאָל בולטער געוואָרן, האָט זי ערנסט אַ טראַכט געטון וועגן אָפּשאַפן די שיקסע פון אַר שטוב ארויס.

איז אָבער געווען, דעם טאָג ווען די שיקסע האָט שוין געדאַרפט נעמען איר פּעקל און גיין, האָט זיך ביים מיטאָג פלוצלינג אַנשל אָנגערופן, ווי זיין שטייגער, געלאַסן, נאָר אַנט־שלאָסן:

— וואָס עפּעס פעלט דיר אויין אָפּצושאַפן די שיקסע? מ'דאַרף נישט, ז'איז אַ גאַנץ גוטע שיקסע, זאָשע, מ'דארף נישט אָפּשאַפן.

און, אפשר אַלס ענטפער אויף די טרערן, וואָס זענען דעם יינגן ווייבל געקומען דערביי אין די אויגן, האָט ער אי־בערגעחזרט:

— זאָלסט נישט אָפּשאַפן, איך הייס נישט, הערסט!

מלכּה האָט געוואוסט, וואָס דאָס הייסט זיין אַריינמישן זיך, און אַז זי דאַרף איצט איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַרויסווייזן, אַז זי איז די באַלעבאָסטע און באַפעלערין אין שטוב. אָבער איר בושה איז געווען אַזוי גרויס און דאָס רחמנות צו דער מוטער אירער, וואָס זעט איצט אביסל בעסער אויס, און גלויבט אין דער טאָכטערס צופרידנקייט, איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט אויך איצט געשוויגן און די שיקסע איז ווייטער געבליבן אין שטוב.

ס'איז אַזוי ווייטער אַוועק אַ פּאָר וואָכן, מלכּה האָט אַסך געליטן. זי האָט זיך באַמיט גאָרנישט צו זען, וואָס עס טוט זיך צווישן איר מאַן און איר דינסט, זי האָט זיך באַמיט גאָר־נישט צו באַמערקן; וואָס נאָר ס'האָט זיך איר נישט געוואָרפן דייטלעך אין די אויגן, האָט זי נישט געוואָלט גאָר זען. לויט דעם מאַן־און־ווייב־לעבן, לויט דעם ווי דער מאַן איז געווען צו איר די ערשטע וואָכן נאָך דער חתונה און אפילו די אביסל

שפּעטערדיקע וואָכן און ווי אַזוי איצט, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז הינטער איר רוקן קומט פאָר עפּעס גאָר שרעקלעכס. אָבער זי האָט אַלץ געשוויגן, געשוויגן, פּונקט ווי אויף אירע ליפּן וואָלט געלעגן אַ שטיין...

די אָרעמע מלכּה האָט געזען, ווי זאָשע ווערט אָפטערס צווישן טאָג און נאַכט פאַרפאַלן פון שטוב, געהאַט אַ חשד, אַז דאָס באַזוכט זי איר מאַן אין זיין קאַנטאָר, לעבן דער זייף-פאַבריק. נאָר זי האָט גאָרנישט געפרעגט, אום נישט אַרויסצו-רייסן פון דער שיקסע קיין אָנגענעמען ענטפער.

ס'האָט זיך געשאַפן אַזאַ לאַגע, ווי אַז מ'האָט אין שטוב אַ שווער קראַנקן אויף אַ נישט היילבאַרער קרענק און מ'האָט מורא דערוועגן צו פרעגן דעם דאָקטאָר, אום נישט צו דאַרפן הערן דעם שרעקלעכן אמת.

מלכּה האָט זיך אַרומגעדרייט אין איר אייגענער שטוב, אין די אויסגעפּוצטע חדרים, ווי איינער דרייט זיך אַרום אין אַ ענגער תּפיסה-קאַמער; ניין, נישט ווי אין אַ תּפיסה-קאַמער, נאָר ווי איינער, וואָס איז פאַרמשפּט צו ליגן לעבעדיקערהייט אין אַ פינסטערן קבר, אָן לופט, אָן ליכט און אָן אָטעם. ס'האָט זיך איר אָפטערס געדאַכט, אַז אָט אָט ווערט זי דערשטיקט אין דער דאָזיקער פאַרסמטער לופט... און די גראָבע הערשע ישע באַציונג צו איר, האָט איר שוין גאָר די שיין פון טאָג פאַר-פינצטערט, זי געמאַכט בענקען נאָכן קבר און קוקן אויף די פאַרגאַנגענע מיידל-יאָרן אין דער מאַמעס שטוב, ווי אויף אַ פאַרלוירענעם גן-עדן.

— וואָס זעסטו מיר עפּעס אַזוי שלעכט אויס, מלכּה? — פרעגט די מאַמע אין קוקט איר פאַרשעריש אין די אויגן — פילסט זיך עפּעס נישט געזונט, חלילה, אָדער האָסט געהאַט עפּעס עגמת-נפש?

— גאָרנישט, מאַמעשי, כ'זע דען שלעכט אויס? — פרעגט זי צוריק — כ'ווייס גאָרנישט, איך פיל מיך, דאַכט זיך, גאַנץ נישקשה.

און לויט דעם ווי זי רויטלט זיך אַביסל ביים ענטפערן,

טראַכט די מאַמע, אַז ס'איז חלילה גאָרנישט, נישט מער, אַ יינג פּאָר פּאָלק, שמייכלט זי ווייך און פרעגט שוין גאָרנישט מער.

אָבער ווי זאָגט דאָס פאָלקסווערטל: „אַזוי לאַנג גייט דאָס קריגל צום וואַסער, ביז דאָס אויערל ברעכט זיך אָפּ". עס איז אָנגעקומען אַ טאָג, ווען ס'איז מער שוין נישט מעגלעך געווען צו מאַכן זיך נישט זען און ווייטער שווייגן. עס איז געקומען אַ טאָג, ווען אַלץ איז אַרויפגעקומען אין דער הויך; ווען מלכּה האָט געמוזט, איז געצוואונגען געווען אַרויסצוטרעטן פון איר פּאַסיוויקייט און זיך דעצידירן עפּעס צו טון.

די מעשים הינטער איר רוקן האָבן אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז אין איינעם אַ טאָג איז אויסגעקומען עפּעס א געווערטלעכץ צווישן איר און דער דינסט. און דעמאָלט האָט די שיקסע מיט חוצפּה איר דערקלערט, אַז זי איז דאָ פּונקט אַזוי פיל באַלע־באָסטע, ווי די פּאַני, און אַז דער פּאַן געהערט איר אויך אַזוי פיל אָן, און ער האָט נאָך אפשר זי ליבער, ווי זיין געזעצלעך ווייב...

דעמאָלט איז צווישן מאַן און ווייב אויסגעבראָכן אַ מח־לוקת; דאָס איז געווען מלכּהס ערשטע מחלוקת מיטן מאַן — און די שיקסע האָט, פאַרשטייט זיך, געמוזט אָפּטרעטן, פאַר־לאָזן די שטוב.

אָט דער סקאַנדאַל האָט שוין נישט געקאָנט בלייבן אַזוי גאָר שאַ שטיל, אָפּשטאַרבן צווישן די פיר ווענט. צי דער מאַ־מען איז דאָס אויך דערגאַנגען, ווי נאָר זי איז געקומען צו זיך פון דער ערשטער איבערראַשונג און שרעק, האָט זי זיך באַלד גענומען באַמיען, ווי צום גיכסטן די מחלוקה איינצושטילן און צוריקצושטעלן דעם שלום־בית.

— הער, מיין קינד — האָט די מאַמע אַריינגעשעפּטשעט אין מלכּהן, ווען זיי זענען געבליבן אַליין — ביי קיינעם מיין טאָכטער איז דאָס לעבן קיין אָפּגעמאָלטס, אומעטום אין יעדער שטוב זענען פאַרהאַנען „סענקעס" און פונדעסטוועגן, מ'לעבט, די וועלט גייט נישט אונטער.

מלכה איז פון דעם ערשטן קאַמף אַרויס אַלס זיגערין, די דינסט האָט געמוזט אָפּטרעטן, מ'האָט געמוזט אַרויסרופן טעלעגראַפיש דעם מאַנס מוטער, און ער האָט צוגעזאָגט שוין אַנדערש זיך אויפפירן. מלכה אָבער האָט מיט איר ערשט געעפנטן קלאָרן בליק באַנומען, אַז איר מאַן וועט שוין קיינ־מאָל נישט אַנדערש ווערן.

איז דאָך אַנדערש נישט געווען קיין עצה, נאָר זיך צו־גטן. נאָר אויך דאָס איז פאַר דער ייִנגער אָבער שוין האַלב צעבראָכענער פרוי שווער געווען אויסצופירן.

זי האָט זיך געריכט ווערן אַ מוטער, און דאָ איז די שוויגער איר כמעט צו די פיס געפאַלן, זי באַשיט מיט מתּנות, און אין דער היים איז אַ קראַנקע פאַרפינצטערטע מאַמע, ישראל־נח דאַרף באַלד שטיין צום פּריזיוו, סימעלע דאַרף גיין אין שול, און די מאַמע אַליין, פאַר איר וועט דער טאַטעס אַוועק־גיין זיכער זיין אַ טויט־קלאַפּ... איז זי ווייטער געבליבן בײַם מאַן און ווייטער געליטן און געשוויגן.

דעם ריס אָבער צווישן איר און דעם מאַן, איז מער שוין נישט געווען מעגלעך צו פאַרהיילן. שוין קיינמאָל נישט; דער דאָזיקער ריס איז מער נישט פאַרהיילט געוואָרן, ער איז טייל־מאָל אַביסל פאַרצויגן געוואָרן פון אויבן, ווי מיט אַ הייטל, אָבער אין גאַנצן פאַרהיילט — קיינמאָל נישט.

מלכה האָט איצט אינגאַנצן געלעבט נאָר פאַר דער מוטערס שטוב. זי האָט געזאָרגט, אַז סימעלע זאָל האָבן וואָס אָנצוטון, האָבן צו צאָלן אין שול, און דער עיקרשט האָט זי איצט גע־לעבט פאַר די ברידער. און נישט אַזוי פיל פאַר ביידע ברידער ווי פאַר ישראל־נחן.

אין אים, אין ישראל־נחן, האָט זי געזען די ריינקייט און איידלקייט, וואָס אין איר מאַן האָט זי דאָס בחינם געזוכט און נישט געפונען.

ער, ישראל־נח, מיט דער ייִנגלשער אומשולד, וואָס האָט אים פון די אויגן אַרויסגעקוקט, און מיט זיין מאַנסבילשן כאַ־ראַקטער, וואָס ער האָט פון דער סאַמע פריסטער יוגנט געאַר־

בעט פאַר דער שטוב און פאָרט געבליבן לעבנסלוסטיק און נישט פאַרטעמפּט, ער איז ביי מלכהן געוואָרן דער סימבאָל, וואָס אַזוי דאַרף איר קינד דערצויגן צו ווערן, אַזוי ווי ישראל-נח דאַרף ער צו זיין.

פון אויבן-אויף האָט זיך דער שלום-בית מלכהס ווי ס׳איז צוריק איינגעשטעלט.

## יב

נאָך דעם גרויסן אויפריר האָט זיך אַלץ צוריק איינגערואיקט. לפנים איז דער שלום־בית געווען צוריקגעשטעלט, מלכּה האָט איצט צוגענומען בלויז אַלטע דינסטן, עלטערע קריסטינס, און אַלץ האָט זיך פון אויבן אויף גענומען פירן לויטן געוויינלעכן שטייגער.

אינעווייניק אָבער, אין זיך, איז אַנשל געבליבן דער איי־גענער, וואָס ער איז געווען. און געווען איז ער אַן עגאָיסט, גאָר נישט קיין געוויינטלעכער. אייגער פון יענעם מין עגאָאיסטן, וואָס באַטראַכטן די גאַנצע וועלט, ווי אַ זאַך וואָס דאַרף זיי פאַרשאַפן פאַרגעניגן, און דאָס וואָס קאָן זיי נישט פאַרשאַפן קיין פאַרגע־ניגן, דאַרף אינגאַנצן נישט צו עקזיסטירן; און פאַר זיי עקזיס־טירט דאָס טאַקע נישט, זיי אָנערקענען דעם נישט קיינעם קיין עק־זיסטענץ־רעכט. — אָט פון דעם דאָזיקן סאָרט אַנשלס רעקרוטירט זיך אויך יענער מין זעלבסטמערדער, וואָס אויב עס גייט אים נאָר נישט אַלץ אַזוי מיט'ן פולן קאָמפאָרט — טוט ער אָפּ דער וועלט, גייט אַרויף אויפן דריטן שטאָק, און דורכן אויפגעפראַלטן פענצטער,—אראָפּגעוואָרפן זיך אויפן בלאָטיקן ברוק און געבליבן ליגן מיט אן אָפּגעגעם מוח און צעשמעטערטע אברים. און זאָל די וועלט האָבן! זאָל זי זען, וואָס איר בן יחידל, (זיי האַלטן

זיך פאַר אַזעלכע!) האָט איר אָפּגעטון, ווייל זי האָט אויפגעהערט אים פאַרגעניגן צו פאַרשאַפן...

אונזער העלד האָט נאָך דערווייל נישט געהאַלטן ביים באַגיין זעלבסטמאָרד, נאָך ווייט נישט. ער האָט נאָך דערווייל געזויפן פונם לעבן מיט אַלע זיינע אברים; אַביסל מיטן ווייבס חיסן, און נאָך מער הינטער דעם ווייבס רוקן.

נאָך האָט ער איצט געקריגן אַ געוואוינהייט — נאָכאַנאַנד צו דערמאַנען זיין געגט ווייב:

— יוכבד — פלעגט ער דעם ווייב נישט זעלטן זאָגן ביים טיש — יוכבד האָט בעסער פאַרשטאַנען, ווי אַזוי מיר צו „דאָגאָדזשען" — און דערביי הנאה געהאַט, וואָס מלכהן קרענקט צו הערן פון זיין מויל דעם נאָמען פון זיין ערשט ווייב.

אָט אַזוי איז געווען דער אָרימער מלכהס „שמאַלץ-גרוב".

בנימין האָט תחילת נישט אַזוי קלאָר געוואוסט, צו וואָס פאַר אַ מאַן אין האנט זיין שוועסטער איז אַריינגעפאַלן. ער פלעגט בלויז אַמאָל הערן, ווי די מאַמע און ישראל-נח וואַרפן צווישן זיך אַ פאָר ווערטער וועגן מלכהן. נאָר אַזוי מ'האָט נישט געפונען פאַר נויטיק בנימינען צו דערציילן, און אַליין געפרעגט האָט ער נישט — האָט ער טאַקע כמעט גאָרנישט געוואוסט.

דערקאָנט אַביסל דעם „תכשיט"—דעם שוואָגער זיינעם, האָט בנימין ערשט דורך אַ צופאַל, פון אויבן אויף גאָר נישט אזא וויכטיקן.

עס איז געווען אַזוי: בנימינס אַ בוך איז אַמאָל געבליבן ליגן ביי מלכהן אין שטוב; בנימין איז פונקט געווען אין יענער געגנט, וואו מלכה וואוינט, ווייטלעך פון דער היים, און נאָך געדאַרפט ערגעץ גיין האָט ער דאָס בוך אויף דערווייל אַריינגעלייגט צו דער שוועסטער אין שטוב, בעטנדיק זי, אַז טאָמער וועט דאָ קומען סימעלע, אָבער עמעץ אַנדערש, זאָל זי אים דאָס בוך אהיימשיקן וואָרום ער האָט דאָס באַקומען געבאָרגט אויף עטלעכע טעג פון אַ באַקאַנטן אדורכצולייענען.

מלכה, מוז זיין, האָט פאַרגעסן וועגן דעם בוך און נישט בעדענקט דאָס אהיימצושיקן; זי איז דעמאָלט געווען אין די הויכע חדשים, און איז כסדר געווען שוואַך און געל אויפן פנים.

מאכט זיך: בנימין קומט אַריין און טרעפט אנשלען זיצן ביים טיש, ראָלן געלט, אַלס פּאַפּיר צום איינראָלן דאָס מעטאַל-געלט, נוצט ער בלעטער פון יענעם בוך...

בנימין האָט דאָס זיינע אייגענע אויגן נישט געוואָלט גלויבן, און אַז ער האָט דערהויבן זיין קול, און פּראָטעסטירט קעגן דער אָפּגעטוּענער גבלה, האָט אים יענער מיט זיין קאַלט להכעיס שמייכלע אָפּגעענטפערט:

— זע נאָר דאָס אומגליק אַביסל! וועט דיר צו דער אַרויס-געלייענטער חכמה פון ביכל צופעלן א בלעטל...

און אַז בנימין האָט דערביי דערשטוינט פון יענעמס נידער-טרעכטיקייט, אַ קוק געטון אויף דער שוועטער אין פּנים, האָט ער אין דעם בלאַסן און שטאַר פאַרגליווערטן האַלבן שמייכל, וואָס האָט אומעטיק געקלעפּט אָן אירע ליפּן — אין אָט דער איינער רגע ראַפּטים באַנומען, וואָס דאָס ווייבל ליידט זיך אָן פון אָט דעם וואָס רופט זיך איר מאַן; אין דער איין איינציקער רגע איז בנימינען ווי אַ פאַרהאַנג אַראָפּגעפאַלן פון זיינע אויגן. ער האָט מיט אַמאָל אַ דערפיל געטון, וויפיל בלוט און לעבן דער דאָזי-קער פאַרשוין צאַפּט אַזוי טאָג-טעגלעך פון זיין אומגליקלעכער שוועסטער, און בנימין האָט שוין מער גאָר נישט גערעדט.

מלכה איז איצט ארומגעגאַנגען מיט איין זאָרג בלויז, אַז דאָס קינד וואָס זי טראָגט נאָך אונטער איר האַרץ זאָל גאָר נישט זיין געראָטן אין פאָטער.

— גאָט מיינער — פלעגט זי אין דער שטיל טראַכטן און דערביי שלינגען די טרערן — אויב עס זאָל זיין געראָטן אין אים, וועט עס דאָך שוין זיין אומגליקלעך.

אָט די מורא, אַז דאָס קינד, וואָס זי טראָגט נאָך אין איר לייב, זאָל נישט חלילה געראָטן אין דעם פאַרדאָרבענעם פאָטער— האָט מלכהן געטריבן צו גיין פרעגן אַן עצה ביי איינעם פון די אָנגעזעענסטע דאָקטוירים אין שטאָט.

מלכה האָט פאַרן דאָקטאָר אַלץ אַראָפּדערציילט, די גאַנצע בושה אַוועקגעלייגט, און אַלצדינג וואָס צווישן איר און דעם מאַן דערציילט.

דער דאָקטאָר האָט גרויס מיטלייד געהאַט מיט דער אומ-גליקלעכער יונגער פרוי. ער זי אויפמערקזאַם אויסגעהערט, איר געגעבן פאַרשידענע עצות, ווי אַזוי זיך צו פירן ביז צום האָבן, און מער ווייניקער זי באַרואיקט, אז אסך, זייער אסך, כמעט דעם מענטשנס גאַנצער שפּעטערדיקער כאַראַקטער, הענגט אָפּ פון דער דערציִונג, וואָס מען קריגט פון דער סאַמער פריסטער קינדהייט.

אין דער משפּחה האָט מען פון די רייבונגען צווישן גליק-לעכן פּאָר פּאָלק קנאַפּ וואָס געוואוסט, און טעמערל איז נישט ווייניק איבערראַשט געוואָרן, הערנדיק אמאָל אין מיטן א געשפּרעך פון מלכהן אזא מין פרעג:

די אַרבעטסט, טעמערל, די שטעלסט איין דאָס לעבן, און אַלץ נאָר, אום עס זאָל דעם אַרבעטער בעסער ווערן, עס זאָל זיך אים לייכטער לעבן, און וואָס, כ'בעט דיך, האָט איר פאַר דער פרוי, וואָס מאַטערט זיך געבעך ביי אַ שלעכטן מאַן מיט קינ-דער, אָדער אַפילו אַליין?

טעמערל האָט דאָס אויפגענומען, ווי אַ נאַיווע פראַגע, דאָך איז זי געווען פאַרוואונדערט, צו הערן אַזעלכע ווערטער פון מלכהס מויל, פון דער דאָזיקער מלכה, וואָס האָט אזוי גליקלעך חתונה געהאַט. זי האָט איר געענטפערט:

דער סאָציאַליזם וועט ברענגען גליק פאַר אַלעמען. מיר שטרעבן צו אַזאַ אָרדנונג, ווו עס וועט קיין שום פאַרשקלאַפונג נישט מעגלעך זיין, נישט קיין אומרעכט קעגן אַרבעטער און נישט קיין אונטערדריקונג פון דער פרוי.

— אַזוי! — האָט מלכה אויסגערופן — אַזוי — האָט זי איבערגעחזרט פאַרטראַכט, האַלטנדיק דערביי דאָס קלענסטע פינ-גערל ביי דער ליפּ, ווי אַ קינד, ווען עס פאַרחלומט זיך, און זי האָט טעמערלען אָפּגעמאָסטן מיט אַ באַגייסטערטן בליק.

און פון דעמאָלט אָן האָט מלכה גענומען שוין אַביסל אַנ-דערש קוקן אויך אויף בנימינען. זי האָט אָנגעהויבן צו קוקן אויף אים מיט דרך־ארץ, און אז די מאַמע פלעגט זיך, ווי געוויינטלעך באַקלאָגן אויף בנימינען אַז:

— דער יינג ווערט פאַרפאַלן אויף גאַנצע נעכט. רק דער

קיינער שטייט אים נישט אָן, און גיי טו אים עפּעס — פּלעגט איצט מלכּה פאַרזיכטיק רעדן פאַר בנימינען אַ גוט וואָרט:

— מאַמע — פלעגט זי זאָגן — ער גייט דאָך נישט הולטיען, ער גייט דאָך נישט שיכּורן. ער אַרבעט פאַר אַ גרויסער זאַך, מאַמע. ביז זיי וועלן דאָס אויסקעמפן, וועט נאָך אַוודאי אַ סך בלוט און טרערן פאַרגאָסן ווערן. אָבער נאָכדעם מאַמעשי וועט שוין פאַר אַלע מענטשן זיין גוט און ליכטיק אויף דער וועלט.

## יג

טעמערל איז געפֿאָרן ברענגען ליטעראַטור פֿאַר דער אָר־טיקער באַוועגונג; איין מאָל געפֿאָרן, שפּעטער נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל — און אַז ס'איז איר יעדעס מאָל געלונגען דאָס ברענגען, איז זי ביסלעכווייז אַזוי דערפֿון פֿאַרכאַפּט געוואָרן, אַז ס'איז געוואָרן איר הויפּט־אַרבעט אין דער פּאַרטיי. זי איז געוואָרן די שטענדיקע ליטעראַטור־ברענגערין.

טעמערל איז א חוץ שיין — אַ שלאַנק ציגיינער מיידל מיט האַלב געקרויזלטע פּעך שוואַרצע האָר און צוויי אויגן, ווי די שטערן, וואָס שיינען אַראָפּ פֿונם טונקל אָליווען־פּנים — אַ חוץ שיין, איז טעמערל אויך אינטעליגענט און שאַרפֿזיניק, צום פֿאָרן פּוצט זי זיך אויס, ווי זי וואָלט געפֿאָרן אויף אַ באַל. נעמט מיט אויפֿן וועג שאָקאָלאַד צום בייסן, שמעק־וואַסער, און אַ חוץ דעם אַלעם — אַ מיידלשן ראָמאַן, אַריינצוקוקן כּלומרשט.

אין דעם ביכל, וואָס זי נעמט מיט, קומט איר מייסטנס גאָרנישט אויס אַריינצוקוקן. זי האָט שוין אַזוי אויפֿגעפּאַסט, די פּיפּיקע טעמערל, אַז אויפֿן וועג האָט זי שטענדיק געשלאָסן באַקאַנטשאַפֿט מיט עפּעס אַ פּוסטן אויסגעפּוצטן בחור, דעם באַנצן וועג געפֿירט מיט אים זאָרגלאָזע ליידיקע שמועסלעך מיידל־בחורדיקע; הויך אויפֿן קול, מיט נישט־וואו־נישט־ווען אַ

לאַך אַרויס — און אַזוי דעם גאַנצן וועג, אַז קיין זשאַנדאַר האָלט גאָרנישט איינגעפאַלן אַ טראַכט צו טאָן, אַז אָט דאָס זאָרגלאָזע שיינע לאַכעדיקע מיידל, וואָס איז, דאַכט זיך באַשאַפן געוואָרן בלויז צום פאַרבריינגען מיט אַ בחור און צום פלירט — זאָל גאָר האָבן אַפילו די ווייטסטע שייכות צו רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור; אַז אין איר פּיין לעדערן טשעמאָדאַנטשיקל ליגט נישט קיין באַטיסטענע טאַשנטיכלעך, אַנזיכטס-קאַרטן און פּערפום — נאָר גאָר פאַרבאָטענע בראָשורן און פּראָקלאַמאַציעס.

זי האָט געהאַט אַ כח די טעמערל.

דאָס פירן ליטעראַטור איז איצט צוגעגאַנגען אין גרויסן מאַסשטאַב — אַ הין און צוריק — אין ביידע זייטן: אַרויף צו האָט זי געפירט „סחורה", וואָס איז געקומען פון אויסלאַנד, געשמוקלט דורך דער גרענעץ, וואָס ליגט אינגאַנצן עטלעכע עטלעכע קילאָמעטער פון שטאָט, — ווידער צוריק האָט זי געברענגט ביכלעך און „בלעטלעך" פאַרן אָרטיקן פּאַרטיי-געברויך.

זענען טעמערלען די דאָזיקע געפערלעכע נסיעות שטענדיק גוט אַ דורך, דער חבר באָריס האָט אויף איר געקוקט, ווי אויף אַ מלאך פון הימל, וואָס קאָן באַווייזן אויף דעם געביט פון פירן און ברענגען ליטעראַטור — ממש נסים.

— חברטע — פלעגט ער איר אַמאָל זאָגן — ווען מיר וועלן זיגן, וועט מען אייך באַצירן מיט דעם מעדאַל פון דער רעוואָלוציע, פאַר אייערע פאַרדינסטן...

און טעמערל פלעגט דערויף ענטפערן מיט אַ באַגייסטערט בלישטשל אין די ליכטיקע אויגן:

— ניין, חבר — שוין דער זיג אַליין וועט זיין מיין מעדאַל.

טעמערלס נסיעות האָבן אַזוי אָנגעהאַלטן פון מיטן ווינטער ביז טיף אין פרילינג. די פּאַרטיי האָט זיך געשטאַרקט, צוגעקריגן בלוט און כחות, נאָר סוף מאַי, איינמאָל אין אַ אָוונט, ווען טעמערל איז צוריק געקומען פון אַ נסיעה, און חי שטענדיק, גלייך פון וואָקזאַל מיטן טשעמאָדאַנטשיקל אַרויף

צום חבר באָריס, — זענען פּאָליציי, זשאַנדאַרמען און ציווילע, באַפאַלן דאָס שטיבל, געמאַכט אַ געהעריקע און גענויע רע-וויזיע, צוגענומען דאָס פעקל ליטעראַטור און אַלע, וואָס האָבן זיך געפונען אין שטיבל, אוועקגעפירט מיט זיך.

חבר באָריס איז זינט דעמאָלט פאַרפאַלן געוואָרן פון שטאָטישן האָריזאָנט, אוועקגעקומען, ווי א שטיין אין וואַסער; אָפּגעזעסן אַ צייט אין דער שטאָטישער תפיסה, און דערנאָך פאַר-שיקט געוואָרן ערגעץ. נאָר מיט טעמערלען איז נישט געווען דער פאַל. דעם פאָטער אירן, דעם רייכן לייב-חיים וואָלבערג, איז באַלד געלונגען אָנצוקניפּן באַציונגען מיט די „הויכע פענ-סטער". ער איז גערופן געוואָרן צום אָדון צו פאַרענטפערן זיך ווי אַרום זיין טאָכטער האָט זיך געקאָנט געפינען דאָרט אויבן אין שטיבל ביי אַ נישט איינגעמאָלדענעם בונטאָווטשיק (אַז זי האָט געפירט פאַרבאָטענע ליטעראַטור, איז עפּעס גאָר פאַרגעסן געוואָרן, דער גאַנצער חטא איז נאָר באַשטאַנען דערין, וואָס מ'האָט זי געטראָפן אין חבר באָריס שטיבל).

וואָלבערג האָט שוין געפונען עפּעס אַ תירוץ, מיט וואָס צו פאַרענטפערן זיין טאָכטער און צו באַווייזן איר אומשול-דיקייט.

זיין פאַרענטפערונג איז גנעדיק אויפגענומען געוואָרן. ער האָט נאָר נאָך געדאַרפט אויסהאָרכן אַ פאָרציע מוסר פון אים דעם אדון מיט די שטרענגלעך, אַליין. דער „זשאַנדאַרמסקע" האָט פאַרמאָגט אַ גראָע רבנישע באָרד, און גערעדט האָט ער צו וואָלבערגן מכוח דערציִען קינדער, אַז אויף קינדער דאַרף מען היינטיקע צייטן גוט אַכטונג געבן, וואָרום די נעץ פון די בונטאָווטשיקעס איז אומעטום אויסגעשפּרייט, און צום מיינסטן פאַרמעסטן זיי זיך צו פאַנגען יינגע אומדערפאַרענע מיידלעך...

לייב-חיים האָט דעם אָדונס דרשה אויסגעהערט שווייגנדיק בלויז צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ; דאָס הייסט: „גאָלדענע ווערטער רעדסטו, געאַכפּערטער פריץ".

און נאָך דעם זעלבן טאָג איז טעמערל שוין צוריק אין דער היים געווען.

ווען טעמערל איז אַהיימגעקומען פון דער תּפיסה, האָט איר דער פֿאָטער ערשט געמאַכט אַ גאָר גרויסן „קבלת־פּנים", אַ סקאַנדאַל מיט געשרייען, מיט האַקן אָן דער ערד געשיר, מיט קללות און חרמות אויף אַלע בונטאָווטשיקעס בכלל און יידישע בפרט; און זיין טאָכטער — פֿאַר איר האָט ער שוין גאָרנישט פֿאַרמאָגט קיין ווערטער, נאָר בלויז געשרייען און האַקן אין דער ערד, אַלץ וואָס איז אים נאָר אין די הענט געקומען.

אויפֿן חשבון פון די יידישע „אחדות־יינגען" האָט וואָל־בערג געברומט מיט אַ דערשטיקט קול, מ'זאָל דרויסן נישט הערן:

— יידן, פֿרעמדע, איינגעבעטענע, טאָרן זיך נישט בונ־טעווען קעגן דעם באַלעבאָס, אַז אַן אורח בונטעוועט זיך, ווייזט מען אים די טיר.

עס האָבן וואָלבערגן נישט אַזוי פֿיל געקרענקט די היפּ־שע הונדערטערס, וואָס ער האָט באַצאָלט פֿאַרן באַפֿרייען זיין טאָכטער; וועגן געלט וואָלט ער גאָרנישט געמאַכט קיין סקאַנ־דאַל אַזעלכן — אים איז גלאַט געווען אַ בושה וואָס זיין טאָכ־טער איז געזעסן אין תּפיסה, וואו עס זיצן גזלנים און רוצחים, און דעם זשאַנדאַרמסקעס מוסר־דרשה האָט ער אויך נאָך אין האַרץ געטראָגן, און אַז ער האָט זיך נאָך אַ דערמאַן געטאָן, אַז זיין טאָכטער איז אונטערן חשד, אַז זי גייט קעגן קייזער, האָט די הויט געציטערט אויף אים.

צומאָרגנס, אַז וואָלבערג האָט זיך שוין געהאַט אַביסל באַרואיקט, האָט ער איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל אָפּגעשאַפֿט פֿון שטוב אַרויס די יידישע צייטונג, וואָס לויט טעמערלס בקשה האָט ער זי געהאַט באַשטעלט. איצט האָט ער אָנגעזאָגט דעם בריוו־טרעגער, ער זאָל אים די צייטונג מער נישט ברענגען.

— וואַרף זי אַוועק, טו מיט איר וואָס דו ווילסט. מיר ברענג זי מער נישט, איך וויל דאָס מער נישט האָבן אין מיין שטוב — אַזוי אומגעפֿער האָט וואָלבערג אָנגעזאָגט דעם בריוו־טרעגער מיט די גרויסע בלאָנדע וואָנסעס, ער זאָל אים מער

נישט ברענגען די יידישע צייטונג, וואָס ער האָט זי אויסגע־שריבן פון סאמע פעטערבורג, און זי האָט נאָך געהאט צו קומען ביז כוף יאָר.

אָפגעפּאַרטיקט זיך מיט דער יידישער צייטונג, האָט לייב־חיים געגעבן דורכגעפירט אַ רעוויזיע אין דער גאַנצער וואוינונג און אויך אין טעמערלס צימער, און אַלע יידישע ביכער, וואָס ער האָט נאָר געפונען — אריינגעוואָרפן אין אויוון, אונטערגע־צונדן, און פאַרברענט אויף אַש.

— אַ״ע צרות שטאַמען פון די זשאַרגאָן־ביכער האָט לייב־חיים אונטערגעברומט.

## יד

חבר באָריס איז געזעסן פאַרשפאַרט. טעמערל האָט זיך געמוזט אויף אַ צייט אָפּרוקן אַביסל פון דער אַרבעט, די באַוועגונג איז געבליבן אָן אַ פירער, איבערגעלעבט אַ קריזיס. מ'האָט געשמועסט פון אַרעסטן, וואָס דאַרפן נאָך פאָרקומען. שוואַך־האַרציקע האָבן אָנגעהויבן צו ביסלעך זיך אָפּרוקן — ס'איז געווען אַ ווייטאָק צוצוקוקן, ווי די יינגע אַרבעטער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז דורך אַזוי פיל מי און מסירת־נפש אויפגעבויט געוואָרן, ווערט אַלץ שוואַכער. פונקט ווי אַ מאמע, וואָס מוז צוקוקן, ווי איר איינציק קינד ליגט קראַנק: זי זיצט ביים בעטל, קוקט דאָס צו און העלפן קאָן זי נישט, סיידן געדולדיק וואַרטן, ביז דער קריזיס וועט אַריבערגיין און איר קינד וועט ווידער קומען צו די כוחות.

די צווייטע פאַרטיי, די פּ. פּ. ס. האָט זיך דערווייל אויף דעם סמך געשטאַרקט. זייער אַראָפּגעבראָכענער פאָרשטייער — „פיליפּ" האָט ער געהייסן — וואָס רעדט יידיש ווי אַ גר — האָט געאַרבעט מעשים, אָפּצורייסן וואָס מער חברים און זיי אַריבערציִען צו זיך.

טייל חברים זענען שוין טאַקע איבערגעלאָפן. פון די בריידער כאַשקעס דער יינגערער, מאָטל, איז דורך איין נאַכט צו־

ריק געוואָרן אַ פאַרברענטער פּ. פּ. סניק, און גדליה שעראַדזער מיטן פויגלשן פּנים, האָט געאַרבעט אַקוראַט ווי אַ סוביעקט, וואָס רייסט אַרויס מיט גוטן און מיט בייזן די קונים פון באַלעבאָס קאָנקורענט און שלעפּט זיי צו די פּאָלעס אַריבער צו זיך אין קרעמל.

דער דאָזיקער גדליה שעראַדזער, זעענדיק, אַז באַריש איז אַרעסטירט און קיין צווייטער אויף זיין אָרט איז נאָך נישטאָ, האָט ער אָנגעבן מעשים און סוף כּל סוף אויסגעפּירט, אַז אויף שבת נאָכמיטאָג איז ערגעץ, הינטער דער שטאָט פאָרגעקומען אַ עפנטלעכער דיספּוט.

ווייט פון שטאָט, נעבן אַ וואַלד האָט זיך אָנגעקליבן היפּשלעך חברים פוןביידע פּאַרטייען; יעדער געוויינטלעך, איז זיך געקומען מיט אַ פּאַרטיקער מיינונג וועגן זיין פּאַרטיי און גרייט אויסצופייפן דעם רעדנער פון דער קעגנערישער פּאַרטיי. ס׳זענען אָבער אויך געווען אַזעלכע, וואָס זענען נישט געקומען מיט גרייטן, נאָר מיט אַן אמתער כּוונה צו דערגיין דאָ, וועלכע פּאַרטיי ס׳איז די סאַמע ריכטיקסטע — און אָט אויף דעם הייפּל טאַקע האָבן זיך פאַרמאָסטן ביידע צדדים.

תּחילת איז דער דיספּוט צוגעגאַנגען אין אָרדנונג. איינער האָט גערעדט, דערנאָך האָט אים אַ צווייטער פון דער קעגן פּאַרטיי אָפּאָנירט, און דעם עולם איז געשטאַנען און געהאָרכט. נאָר דערנאָך האָבן זיך די געמיטן אַביסל צעקאָכט איינער האָט גערעדט און די אַרומיקע האָבן געמאַכט צווישן־רופן אים אַריינגערעדט אין מיטן, ביז אַלע האָבן גענומען רעדן, שרייען און טענהן איינער קעגן צווייטן. ס׳איז געוואָרן אַ טומל... גדליה שעראַדזער האָט זיך געכאַפּט שלאָגן זכריהן. זכריה ווידער האָט געהאַט אָננעמער די זייניקע. מנשה וואָלבערג האָט אויך עפּעס געאַרבעט מיטן מויל, סתּם געפּלוידערט און געשטראָשעט מיט דער פויסט יעדן איינציקן, וואָס איז נישט אין דער פּאַרטיי, וואָס ער... אין מיטן געטומל האָט עמעץ אַ געשריי געטאָן „פּאָליציי קומט״! — איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע. מ׳האָט אין איין

רגע פאַרגעסן אַלע פּאַרטיי־חשבונות, גיך ווי א ווינט, האָט זיך דער עולם אַ צעיאָג געטאָן איבער אַלע וועגן און שטעגן, מיט דער נשמה אויפן שפּיץ נאָז, וואו נאָר די אויגן האָבן עמעצן געטראָגן.

אזוי האָט זיך געענדיקט די „גרויסע" דיסקוסיע, און דער עולם איז אהיימגעלאָפן מיט דעם זעלבן, וואָס ר'איז גע־קומען נאָר נאָך מיט אַביסל שרעק — און נאָך געדאַנקט גאָט, װאָס די שרעק איז געווען אַן אומזיסטע.



אַרום יענער צייט, סוף זומער, איז בנימינס שוועסטער מלכה געלעגן געוואָרן מיט א יינגל. די מאַמע האָט זיך זייער געפרייט מיטן ערשטן אייניקל, און די משפּחה האָט זיך געריכט אויף אַ גרויסער סעודה.

און די סעודה איז טאַקע געווען אַ ברייטע, געמאַכט מיט דער פולער האַנט. די גאַנצע גרויסע משפּחה איז געווען אויפן ברית, נאָר באַזונדער דעם פעטער לייב־חיימס הויז־געזונט, זיי האָבן זיך באַזונדער צעהוליעט. זיי האָבן זיך דאָ געשפּירט באַ־זונדערס באַעגנט, ווייל אַזוי מלכהס כלה ווערן, ווי אויך די חתונה איז פאָרגעקומען אין פעטער לייב־חיימס שטוב און אדאַנק זיין מי און געלט.

האָבן זיי זיך טאַקע איצטער זיך צעהוליעט.

מלכה, אַפּנים, איז נישט געווען אַזוי אַנטציקט פון דער טומלדיקער הוליאַנקע. זי האָט דערנאָך עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד באַקלאָגט, אַז די שמחה האָט איר דעם קאָפּ און די נערוון קראַנק געמאַכט. זי האָט דאָס געזאָגט מיט אַ טריב פּנים. אויפן געמיט איז איר געווען נישט גאָר הייטער.

בנימין איז נישט געווען אויף דער סעודה. נאָר ווען ער איז געקומען פון דער אַרבעט אויף מיטאָג און אין דער היים איז געווען פאַרשלאָסן די טיר, איז ער געצוואונגען גע־ווען גיין צו מלכהן נעמען ביי דער מוטער דעם שליסל פון

דער שטוב. נו, האָט ער דאָרט אויפן הויף געהערט דעם טומל און דאָס פּלעסקען פון די סעודה-געסט, אַזש הינטער די פענצטער זענען געשטאַנען בייגעריקט און אַרויפגעקוקט.

שטייענדיק דאָ, האָט זיך בנימין דערמאָנט דעם פאַרשטאַרטן שמייכל אויף דער שוועסטערס פּנים, דעמאָלט, ווען איר מאַן האָט געראָלט די פּעקלעך געלט אין די אַרויסגעריסענע בלעטער פון זיין בוך — און אַ עקל האָט אים אָנגענומען צו די אַלע, וואָס הוליען איצט אויבן.

שטייענדיק אין דער צעפּענער טיר, וואַרטנדיק אויף דעם שליסל, האָט בנימין דערבליקט די אַרום-טיש-זיצערס... אַנשלס פאָטער מיטן דריי גאָרדיקן בויך, וואָס איז געקומען עקסטרע צופאָרן; דער רב אויבן אָן, דערנעבן דער בעל-ברית — אַנשל, אָנגעטאָן האַלב חסידיש...

עמעץ פון טיש האָט באַמערקט בנימינען שטיין פון דער ווייטנס. דער פעטער לייב-חיים האָט אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט, אין די אַרבעטס-בגדים און אַנשל האָט הויך אַרויף געטאָן:

— וואָס שטייסטו דאָרט, בנימין? — קום אַהער און זעץ דיך צום טיש!

און ער האָט גלייך אַ געשריי געטאָן, אַ פּנים פאַר בנימינס וועגן:

— סאַרווער!..

בנימינען האָט זיך ווידער אַמאָל אַ שטעלגעטאָן פאַר די אויגן דער שוועסטערס פּנים דעמאָלט, מיטן פאַרטריבטן פאַרצאָגטן שמייכל — ער האָט זיך אָוועקגעדרייט און ס'איז אים בלויז געוווען אַ חידוש ווי אַזוי ישראל-נח קאָן זיך דאָ געפונען אין זיך נאָך אַליין אויך באַטייליקן אין דער הוליאַנקע.

## טו

דער עלטערער דור אַרבעטער, צוקוקנדיק זיך, ווי די יונ־גע גייען אוועק צו די „ציצעליסטן״ „מאכן פּאַרטיעס״, טראָגן זיך אַרום מיט סודות און פֿאַרקאָכן אַ וועלט — האָט זיך אין די אַלטע אַ דערוועקגעטאָן אַ חשק אויך עפּעס אויפֿצוטאָן — האָבן זיי זיך, די בערדיקע שטיקערס, מיט אַמאָל אַרומגעזען, אַז ס'איז עפּעס נישט קיין תּכלית נישט אַזוי צוצוקוקן, ווי שטי־קערס פֿאַלן אַוועק ביי דער אַרבעט אויף בלוט־שטורצן, גייען אַרום און שפּייען אויס די לונגען ברעקלעכווייז און שטאַרבן אַוועק שאַ, שטיל.

— ניין — האָבן זיי זיך געזאָגט — אַזוי קאָן ווייטער נישט גיין, מ'מוז עפּעס אָנהויבן צו טאָן...

און איינמאָל אין אַ שבת, צוזאַמענטרעפֿנדיק זיך עטלע־כע עלטערע אַרבעטער ביים בעט פֿון אַ קראַנקן חבר — איז אויף דער גיך דאָ באַשלאָסן געוואָרן, צו גרינדן אַ חברה מיט אַ הילפֿס־קאַסע.

איבערגעגעבן אויספֿירן אָט די זאַך האָט מען דעם אָנ־געזעענסטן שטיקער — כאַסקל פּומס. אויף אַ שבת צו־נאַכט זענען פֿאַרבעטן געוואָרן — צו אייניקע פֿון זיי, וואָס האָט אַ באַקוועמערע דירה — אַלע אָנגעזעענע באַלעבאַטישע אַרבע־

טער און אויך עטלעכע פאַבריקאַנטן, וואָס זיי האָט מען ספּעציעל איינגעלאַדן בייצוואוינען די גרינדונג פון דער חברה, כדי זיי זאָלן מיט זייערע טייסטערס לייגן דעם „גרונדשטיין״ פון דער הילפס־קאַסע.

די פאַרבעטענע פאַבריקאַנטן האָבן אַבנים נישט געפונען פאַר נויטיק צו קומען, נאָר אום זיי זאָלן פאָרט וויסן, וואָס דאָרט צווישן די אַרבעטער איז גערעדט געוואָרן, איז אַהין געקומען — שוין אומגעבעטענערהייט — דער אויפזעער פון ראָזנבלומס פאַבריק, פעלדבערג, און דער דייטש העמפּל, דער אויפזעער פון אַראָנסאָנס פאַבריק.

יענעם שבת צו־נאַכטס איז געגרינדעט געוואָרן די חברה אונטערן נאָמען „אחים רחמנים״, מיט אַ וואָכנטלעכן אָפּצאָל, וואָס יעדער פון די פאַרשריבענע מיטגלידער האָט זיך מתחייב געווען צו צאָלן רעגולער.

ס׳איז פאָרגעקומען ביים גרינדן אביסל מחלוקות, צוליב־כבודים, ערן־אמטן — אַדורכגעפירט געוואָרן איז אָבער פאָרט; די חברה „אחים־רחמנים״ איז אין אַ מזלדיקער שעה געגרינדעט געוואָרן. איבער דער וואָך דערנאָך האָט די נייע חברה שוין געהאַט אַ דירה אויך; ס׳הייסט נישט קיין גאַנצע דירה, נאָר געדונגען ביי איינעם, טאַקע פון די מיטגלידער, יענער האָט זיך מתחייב געווען אָפּצוטרעטן, יעדן שבת זיין שטוב פאַר דער חברה און אַליין דעם טאָג צו וואוינען מיט בני־בית אין קעכל.

מ׳האָט אַהין אַריינגעשטעלט אַן אָרון־קודש, געקריגן ערגעץ געבאָרגט אַ ספר־תורה, און שבת זענען די שטיקערס געקומען דאַחענען שוין אין זייער אייגענער רחבותדיקער באַלעבאַטישקייט: „די פעטע״ עליות, אויפגעגאַשט אַליין צווישן זיך: „דעם שבת — איך דעם צווייטן — דו״... און נאָכמיטאָג שבת איז מען זיך צוזאמענגעקומען הערן אַ שטיקל חומש פון דעם ליטווישן מלמד מיט זיין פיינעם ניגון, און נאָך דעם, טרינקען אַ גלעזל ביר בחברותא.

דער אייגנטלעכער צוועק, צוליב וועלכן די חברה איז

געגרינדעטע געהאָרן — די הילפס־קאַסע — איז אָבער נישט אײנגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן. מ׳האָט געזעצט אַ גבאי, דער גבאי הידער האָט זיך אײנגעשאַפט אַן אינקאַסענט — אַ שווינדזיכ־טיקן שטיקער, אַן אינוואַליד. דער אינקאַסענט האָט בעקריגן אין האַנט אַרײַן אַן אויסגעשריבן בוך מיט נעמען און געגומען גײן איבער די פאַבריקן אײַנקאַסירן געלט.

די ערשטע און צווייטע וואָך האָט יעדער געגעבן דעם זעקסער מיט חשק. די דריטע און פערטע וואָך האָט מען אויך נאָכגעגעבן, די פינפטע און די זעקסטע — איז אויך נאָך עפּעס געלט אײַנגעפלאָסן. נאָר וואָס ווײַטער אַרײַן — אַלץ ווי־ניקער; ביז — דער עולם האָט אויפגעהערט צו ווערן צאָלן.

חײמל „טויט־שמעק״ — דער אינקאַסענט — איז וואָך בײַ וואָך אַרומגעגאַנגען איבער די פאַבריקן, צוגעקומען צו די מאַ־שינען, און געמוזט אָװעקגײן מיט גאָרנישט. מ׳האָט זיך נישט אײנגאַנצן אָפּגעזאָגט פון צאָלן — דאָס נישט: אַדרבא. מיט אַ גאַנץ ווײכן טאָן אים איבערגעבעטן:

— חײמשי קרוין, הײַנט נישט, כ׳בעט דיך, הײַנט האָב איך נישט — אַזוי יעדע וואָך דאָס אײגענע, און ווי ווײַך דער טאָן איז נישט געווען, איז דערפון צום אינקאַסענט אין זאמל־פּאַטשײלע גאָרנישט צוגעקומען.

געלט האָט די חברה „אחים־רחמנים״ געדאַרפט האָבן וואָס אמאָל מער: מ׳האָט געדאַרפט לאָזן שרײַבן אַ ספר־תורה; מ׳קאָן דאָך נישט אײביק לעבן מיט אַ געבאָרגטער; מ׳האָט געדאַרפט צאָלן דעם מלמד דעם ליטוואַק; דירה־געלט האָט מען אויך גע־דאַרפט געבן; דער אינקאַסענט פאַר זײַן טרחה האָט אויך גע־מוזט עפּעס קריגן, און קײן פּרוטה איז נישטאָ, די קאַסע איז פּוסט, נישטאָ מיט וואָס אָנצוהײבן עפּעס.

האָט מען געטראַכט און געטראַכט, אין דער וואָכנס בײַ דער מאַשין, יעדער פאַר זיך, און שבת אין דער חברה — בחברותא... און ,סוף דערטראַכט, אַז קודם־כל זאָל מען לאָזן שרײַבן די ספר־תורה, מאַכן אַ „התחלת־הספר״ מיט פאַרקויפן

אותיות: ס׳האָט שוין איינפליסן געלט אויף אַלעם, מ׳דאַרף נאָר קודם אָנהויבן.

אויף „אָנהויבן" דאַרף מען אָבער אויך אַביסל געלט, און קיין געלט איז נישט געווען, גאָרנישט! האָט מען ווידער עפּעס דערטראַכט: צוויי עלטערע אָנגעזעענע שניקערס האָבן זיך אַי־בערגעטאָן אין די שבתדיקע איבערציערס, פיין באַלעבאַטיש די בערד אויסגעקעמט, און גענומען גיין איבער די קאַנטאָרן, דער עיקרשט צו די פאַבריקאַנטן, וועלכע זענען אַמאָל אליין געזעסן ביי דער מאַשין און געאַרבעט אַלס שטיקער; אויף זיי האָט מען געלייגט גרויסע האָפענונגען איבערהויפּט אויף הערש קופער.

— נו, אונזער הערש וועט זיך דאָ זיכער אַ ווייז געבן — האָט מען זיך געוואַרעמט אייגער דעם אַנדערן, בפרט נאָך הערשס חברים, וואָס האָבן אַמאָל געאַרבעט מיט אים אין איין פאַבריק, אָדער אין שכנות.

נאָר קיין גרויס געלט איז פונדעסטוועגן נישט צונויפגעקליבן געוואָרן — בחינם זיך די בערד אויסגעגלעט, בחינם זיך איבערגעטאָן אין די שבתדיקע בגדים און נישט געאַרבעט אַ האַלבן טאָג, און נישט פאַרדינט — פון דער האָפענונג אויף אַ „וואַזשנער סומע" איז מקוים געוואָרן קוים אַ קליין טאָרבעלע מינץ, אַזוי פיל וואָס אַ פּעדלער פאַרדינט איבער דער נאַכט...

און דאָס איז געווען אַלץ!

צו קבלת־שבת אין דער חברה האָבן די צוויי אַרומגייערס זיך באַקלאָגט, אַז מ׳האָט זיי אין ערגעץ נישט צו פריינטלעך אויפגענומען, יעדער פון די געבער האָט עס געטאָן אַבי יוצא צו זיין, מ׳זאָל זיך פון אים אָפּטשעפּען, ווי מ׳וואַרפט צו אַ הונט אַ ביין... הערש קופער האָט אויך נישט געגעבן מער, ווי אַן אַנדערער, און פריינטלעכער אויך נישט.

ער, הערש קופער, איז איצט שוין געווען אַן אָנגעזעענער פאַבריקאַנט, האָט געהאַלטן אין מויערן אַ גרויס הויז. ער האָט זיך שוין מער נישט געדאַרפט חנדלען צו די שטיקערס,

אָנהאלטן באַקאַנטשאַפט מיט זיינע אַמאָליקע פּאַך-חברים; האָט שוין אודאי געשעמט זיך, אַז ס'האָט אים עמעץ דערמאָנט זיין אַמאָליק אַרבעטן אין פאַבריק. ער האָט זיך שוין נישט גערופן „הערש", נאָר הערמאַן, און די פירמע „הערמאַן קופּער" האָט געגאָלטן אַלס סאָלידע פירמע, און נישט געדאַרפט זיך יאָגן נאָך קיינעמס סימפּאַטיעס, און נאָך די שטיקערס סימפּאַטיעס, צום ווינציקסטנס.

און אַז די צווייי אַרבעטער, די נדבות-קלייבער, האָבן איבערגעגעבן, אַז קופּער האָט זיי צו מאָל נישט אויפגענומען אין קאַנטאָר, נאָר אַרויסגעשיקט זיי אין קאָרידאָר די פּאָר קאָפּיקעס דורך אַ סוביעקטל, איז מיט אַמאָל דאָ געבוירן געוואָרן צו אים אַ שנאה, אַ שטאַרקע שנאה. מ'האָט גענומען אָפּלאַכן פון זיין ענערגישן פּנים, וואָס זעט לעצטנס אויס אַ ביסל געל. מ'האָט דאָ אָפּגעפּסקנט, אַז דאָס וואָס קופּער זעט אויס געל, איז נאָר פון עגמת-נפש און פון וואָס קאָן ער דאָס האָבן עגמת-נפש וואָס זאָל זיך אים אַזש אָפּגעשלאָגן אויפן פּנים — איז דאָך נישט אַנדערש. נאָר אַז ער שטייט מן-הסתם שלעכט האַלט שמאָל, גייט באַנקראָטירן. און ס'האָבן זיך שוין געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט דערוועגן עפּעס צו דערציילן...

קריידע למשל, איציק קריידע מיט דער לאַנגער בלאַסער נאָז, וועלכער אַרבעט אין ראָזנבלומס פאַבריק און איז באַקאַנט פאַר אַ חניפהניק, האָט איצט דערציילט, אַז ער האָט, דאַכט זיך, עפּעס געהערט, אַז מיטן מויערן דאָס הויז האָט זיך קופּער מיאוס איינגעלייגט... דאָס הויז האָט איצט אים, און נישט ער— דאָס הויז. ער האָט נישט קיין געלט אויסצופּאַרטיקן.

האָט ער נישט געדאַרפט שפּרינגען צו הויך — האָט בערל פ... (אַ מיאוסער צונאָמען) געזאָגט מיט נקמה, ווי גלייך קופּער וואָלט שוין טאַקע געווען באַנקראָטירט, און ער בערל, מיטן אויסגעקראָכענעם געלן בערדל און רויטע אַרומגעלאָמטע וועטע אויגן, האַלט ביים געבן קופּערן אַ נדבה.

און קלמן זשאַרלעק מיט די אַראָפּהענגנדיקע באַקן, ווי די ליידיקע טאָרבעס, האָט זיך אַ ווענד געטאָן צום איינגעדאַרטן שוואַרצבאַוואַקסענעם מאירל קאַלב:

— ער'עט נאָך ווערן נאָך ווערן דיין מאַשין-שכן, קופּער
זע, מאירל, זאָג איך גוט?

און מאירל קאַלב האָט זיך געשמאָלצן פון נחת:

— יאָ, קאַלמע קרוין! און מיר'עט דער איבערשטער העלפן כ'על פּטור ווערן די פאַבריק. ס'קען נאָך געשען. ביי גאָט ברוך הוא איז אַלץ מעגלעך.

אַזוי האָט מען זיך געקילט דאָס האַרץ אין דער חברה „אַחים רחמנים" און אָפּגעלאַכט פון קופּערן, אָפּגעלאַכט מיט גאַל, ווייל ער קערט זיך אָפּ פון די אַלטע קאַמעראַדן און וויל זיי מער נישט קענען.

דערפאַר אָבער דער „התחלת-הספר", וואָס איז פאָרגעקומען עטלעכע וואָכן שפּעטער אין אַ שבת-צונאַכטס, איז געווען מיטן גאַנצן קנאַק, מיט לעקעך און בראָנפן און מיט קלעזמאָרים אַפילו, און ס'איז געפאַלן געלט, נאָך מער ווי מ'האָט זיך געריכט.

אויף דעם „התחלת-הספר" זענען שוין יאָ געקומען די איינגעלאַדענע פאַבריקאַנטן. זיי האָבן זיך געלאָזט מכבד זיין מיט לעקעך און בראָנפן; האָבן געקויפט אותיות צו שרייבן, געקויפט און ווידער געקויפט, געטרונקען בראָנפן, געגעסן לעקעך, „געשריבן" אַן אות אויף פאַרמעט, און געלאָזט זיך צושפּילן פון די קלעזמאָרים.

הערש קופּער איז אויך געקומען, געקויפט אַן אות צום שרייבן מיטן סופרס האַנט, געטרונקען צו אַלע לחיים, און מנדר געווען היפּשע נדרים.

און כאָטש קופּער איז איצט שוין געווען קורץ געקליידעט, וואָס דאָס איז נישט לויטן גוסט פון די אַלטע בערדיקע אַרבעטער, אָבער ער האָט זיך אַזוי לייטיש אויפגעפירט, אַזוי נישט געלומפּט זיך, אַז מ'האָט אים שוין אַלץ מוחל געווען, און מ'האָט נאָר געזוכט מיטלען, ווי אַזוי אים דאָ וואָס לענגער אויפצוהאַלטן, ער זאָל וואָס לענגער די שמחה באַשיינען.

דער „התחלת-הספר" איז געווען ברייט איינגעאָרדנט. די קלעזמאָרים האָבן געאַרבעט מיט די אינסטרומענטן אויף וואָס

די וועלט שטייט. די פענצטער זענען געווען ברייט אויפגעפּראַלט די בליצלאָמפּן האָבן געפלאַקערט; די אָנגעצינדענע ליכט האָבן געשמאָלצן, די היץ איז געווען נישט צום אויסהאַלטן, און די הוראַס לכּבוד די פאַבריקאַנטן און די געזאַנגען האָבן חייט אָפּגעשאַלט. פאָרן הויז דאָרט, וואו דאָס איז פאָרגעקומען, און הינטער די פענצטער איז געווען א גרויס געדראַנג. ס׳זענען געווען אַ סך בעלנים צו געניסן אַביסל מוזיק, ווייסע חברהניקעס האָבן „געטשאַטעט“ זיך ארייצוכאַפּן, כּדי צו „צושניפּן“ אַ שטיקל לעקעך.

און אַזעלכע, וואָס זענען שוין געווען מיט איין פוס אין דער פּאַרטיי, האָבן אַביסל שעמעוודיק זיך אַריינגעגנבעט, געלעכצט, מ׳זאָל זיי גוט אויפנעמען, און אין הארץ מן־הסתם באַדויערט, פאַרוואָס זיי געהערן נישט צו אָט דער חברה, וואָרום דאָ איז פּאָרט פרייליכער, ווי אין דער פּאַרטיי, און ווייניקער סכּנה אויך.

יאָ, ס׳איז אויף אָט דעם „התחלת־הספר“ לעבעדיק און רוישיק צוגעגאנגען. טעוול קנאָפּ איז דאָ געווען פון די טאָנגעבער, פון די כּבוד דערלאַנגער און גימפּל, דער געשטיבלטער גימפּל, איז געווען דער ממונה איבער דער טיר: אויף זיין באַפעל איז עמעץ געוואָרן אַריינגעלאָזט, אָדער צוריק אַרויסגעגעשטופּט.

די חברה „אחים־רחמנים“ האָט זיך מיט אָט דער הולאַנקע אַ סך חברים איינגעשאַפט. דער „התחלת־הספר“ האָט זיך געלאָזט הערן אין שטאָט, אַפילו אין נישט שטיקער־קרייזן — און דער אַלטער בערשטנבינדער, דער פאָטער פון די צוויי ברידער כאַשקעס, וואָס איינער פון זיי איז איצט, נאָכן חבורים בּאָריס ארעסט, צוריק געלאָפן צו די פּ. פּ. ס. — האָט זיי דעם אָוונט אויפגעוויזן באַשיינפּערלעך, ווי זיי בלאָנזשען און ווייסן אליין נישט, וואָס פאַר זיי איז גוט.

— נו, הערש לייב און מאָטל, זעט׳ס אַליין: די אַלטע, וואָס עץ לאַכטס פון זיי אָפּ — מאַכן א באַל, פאַבריקאַנטן קומען זיך פרייען מיט זיי, און מ׳טרינקט דאָס ביסל בראָנפן

און מ׳עסט לעקעך — און די „ברודער״, די אַכדעסניקעס, וואָס? — אַז ס׳וועט איינער פון ענק אין די תפיסה פגרן פון הונגער וועלן זיי דיר אַפילו קיין ברעקל ברויט נישט אַריינשיקן. זיי זענען דאָך פענטאַקעס, האָבן נעבעך אַליין נישט וואָס אין מויל אַריינצולייגן...



יענעם זומער האָט עס געטראָפן, אַז בנימין איז אַריין אין אַ שטיקל פּלאָנטער. ס׳איז אייגנטלעך נישט געווען קיין פּלאָנטער נאָר אַ גאַנץ געוויינטלעכע נאַטירלעכע באַציונג מיט אַ מיידל...

בנימין איז נישט געווען געמאכט פון שטרוי, נאָר אַ מענטש פון בלוט און פלייש, נערוון און לעבן; אַ טעמפּראַמענט-פולער בחור, צוויי־און־צוואַנציק יאָר אַלט, און ס׳איז גאָרנישט קיין אויסטערלישע סיבה, אַז ער האָט זיך פאַרדרייט מיט אַ מיידל.

דאָס איז געווען יענץ מיידל, וועגן וועלכער טעמערל האָט דעמאָלט, אין דער „נאַכט פון הייליגן יאַן״ באַמערקט בנימינען, אַז זי איז אַ שיינע.

זי איז אין אמתן אפשר גאָרנישט געווען אַזוי שיין. אָט דאָס מיידל פון יורדישער משפחה, וואָס האָט זיך גערופן מיט דעם פּאַר א פאבריק־מיידל אויסטערלישן נאָמען געניא — איר שיינקייט האָט זיך אפשר מער געהאַלטן מיט דער הילף פון די פאַרשידענע פּודערלעך פון דער פּרויען־קאָסמעטיק. אָבער איבגאַנצן גענומען איר אויסגעפוצטקייט און שיק — זענען געווען אַזוי נישט צוגעפּאַסט צו איר פּעדלער־פּאַך. מ׳האָט דערציילט, אַז ווען דער פאבריקאַנט אַראָנסאָן האָט זי אַמאָל באַגעגנט אויף די שטיגן ארויפגיין צו איר אַרבעט, האָט ער איר מיט דעם גאַנצן ביסל גראַציע, וואָס איז אים נאָך געבליבן פון די יינגע יאָרן, דעם וועג אָפּטרעטן, און ער איז געווען טשעקאַווע זיך נאָכפרעגן, ווער זי איז און וואו זי גייט. ס׳איז אים

געווען שווער צוגלויבן, אַז „דיזעס פרוילײן" זיצט טאַקע ביי אַ טישל און פעדלט.

בנימין איז איצט שוין טאַקע נישט געווען דער, וואָס מיט עטלעכע יאָר צוריק, פון יענטל קאָזאַקס טאַנץ-קעלער. ער איז היינט געווען וועלטן חיים פון יענעם שטייגער לעבן. ער איז אָבער געווען אַ בחור, אַ מאַנסביל שוין נישט קיין יינגעלע, און אַזוי-אַזוי... זיי זענען צווישן זיך נאָענט געוואָרן.

דאָס איז נישט געווען טעמערל, וואָס שפּילט מיט בנימינען קאַץ-מויז שפּיל אין גייסטיק-אינטעלעקטועלן זין איז זי אודאי מיילן ווייט אָפּגעשטאַנען פון טעמערלען; דאָס איז אויך נישט געווען עטל, פּראָפּערס טאָכטער, וועלכע האָט געצילט אים אויס-ציכאַפּן זיך פאַר אַ מאַן פאַר א פאַרדינער — זי האָט פון בנימינען גאָרנישט געפאָדערט און גאָרנישט פאַרלאַנגט; גאָר נישט מער, ווי אביסל נאָענטקייט צו איר; ווי דער הונט, וואָס איז געטריי זיין באַלעבאָס, וועלכער גיט אים אפילו נישט צום עסן און נישט קיין ווינקל צום שלאָפן; אָט אַזעלכע איז זי גע-ווען. זי האָט נאָר געדאַרפט וויסן, אַז ער איז איר אמאָל אביסל נאָענט, הגם ער שפּאַצירט מיט איר זעלטן ווען, כמעט קיינמאָל נישט. נאָר דאָס באַוואוסטזיין אַז עס פאַרהאַנען מינוטן, ווען ער א ז יאָ איר'ר, פאַקטיש אירער, דאָס איז פאַר איר גענוג געווען.

און אָט דאָס מיידל האָט דאָך געהאַט בחורים און גע-קאָנט האָבן נאָך מער, וויפיל נאָר זי וואָלט געוואָלט.

די באַציונגען צווישן בנימינען און דעם מיידל וואָלטן אפשר מיט דער צייט אויך אינערלעך נענטער געוואָרן, זיך פאַר-טיפט. עס זענען אָבער געווען עטלעכע סיבות, וואָס האָבן נישט צוגעלאָזט צו דער דערנענטערונג; און נישט אַזוי ווייט די אר-בעט אין דער באַוועגונג — וואָס האָט בנימינען נישט קיין סך אָפּגעלאָזט פון זיך; און נישט אַזוי ווייט טעמערל איז געווען די סיבה (הגם טעמערלס ווערן, וואָס האָט אין אים גערוט, וואָלט אפשר קיינמאָל די דאָזיקע נאָענטקייט צו אַ צווייטער, נישט געלאָזט טיף זיך פאַרוואָרצלען אין אים). — נאָר ווען בנימין

איז געהאָר געוואָרן, אַז אָט די געניע, וואָס וואַרנט פאַר זיך אין אַ שטיבל (זי איז געווען אַ יתומה) שענקט אַמאָל עמעצן איר ליבע, נישט דירעקט פאַר געלט, ווי פאַר ווערט־זאַכן... אָט דאָס איז געווען, לויט ווי בנימינען האָט געדאַכט, די הויפּט סיבה, וועלכע האָט אים געהאַלטן אין דער געהעריקער ווייט־קייט פון איר.

ס'איז געווען אַ קאַפּריז פון גורל, אַז טעמערל, פאַר וועמען בנימין וואָלט אַלץ און טיילמאָל אויך זיין לעבן צו די פיסגעלייגט — טעמערל האָט מיט אים געשפּילט אַ שפּיל, און אָט דאָס מיידל, די געניע וועלכע וואָלט בכח געווען צו ברענ־גען פאַר זיינעטוועגן דעם זעלבן קרבן, וואָס ער פאַר טע־מערלען — אָט זי האָט אים, אַ חוץ אין באַזונדערע מינוטן אַמאָל — צומיינסטן געלאָזן קאַלט.

און טאַקע נאָר זי, געניען האָט בנימין אַזוי דרייסט און פריי געקאָנט אַ פרעג טאָן, צי ס'איז אמת, דאָס וואָס מ'רעט וועגן איר... און ווידער — טאַקע נאָר זי, אָט די אים אַזוי אונטערטעניק איבערגעגעבענע, האָט זיך פאַר אים אָפנהאַר־ציק מודה געווען, כאָטש גאָרנישט לייכט איז עס איר געווען.

— נאָר צייט איך האָב דיך דערקענט — שוין נישט מער... האָט זי אַ שעפּטש געטאָן.

— און פריער?... — און ער האָט אין איר זיינע פאַר־שערישע אויגן אַריינגעשטאָכן.

— פריער... — האָט זי זיך מודה געווען מיט עכט צניעותדיק אַראָפּגעלאָזטע אויגן... — פריער...

און דער „יאָ" האָט געקלעפּט אויף אירע ליפּן, נישט אים אַרויסצוברענגען, און אויך נישט צו דערשטיקן אים.

— טאָ איז צווישן אונדז אַלץ אויס — האָט בנימין אין זיך באַשלאָסן. זיין מיינע איז געווען אַ ערנסטע און שטרענגע. ער האָט זיך באַמיט נישט צו באַמערקן אירע טרערן־פולע אויגן און פאַרצאָגט געמיט.

נאָר „אַלץ אויס", ווי בנימין האָט באַשלאָסן אין זיך די

פרשטע מינוט, ווען די באשטעטיקונג פון זיין חשד איז ארומ
פון איר מויל — אלץ אויס — איז צווישן זיי געוואָרן נאָך
נישט אזוי גיך. בנימין איז נאָך הייטער טיילמאָל מיט איר נאָ
ענט געווען. נאָר אינגערלעך נאָענט — נישט קיינמאָל נישט
צווישן זיי איז געשטאַנען א וואַנט.

סעמערל!

## טו

ס'איז געשען אָט וואָס:

אויפן וואָקזאַל, נאָכן אָנקומען פון אַ צוג, האָט אויסגעבראָכן עפּעס אַ סכסוך צווישן אַ ייִד אַ פּאַסאַזשיר און אַ רוסישן זשאַנדאַרם, און אַז דאָס געווערטלעכץ צווישן זיי איז געוואָרן אַלץ העפטיקער, האָט דער זשאַנדאַרם אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער, אויסגעשאָסן אינעם ייִד, און אים אַוועקגעלייגט אויפן אָרט.

נאָך דעם איז דער דערהרגעטער אַ פּאָר שעה געלעגן אויפן פּעראָן אין אַ קאַלוזשע בלוט, שטייף, טויט. פון שטאָט האָבן געשטראָמט מאַסן מענטשן, ייִדן און קריסטן, אָנקוקן דאָס בייזע וואונדער, און די אויפרעגונג צווישן דער באַפעלקערונג איז געווען גרויס.

שושקענדיק האָט מען זיך וועגן דעם איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן: נישט הויך גערעדט, אַ זשאַנדאַרם אָדער אַ שפּיצעל זאָל נישט דערהערן און מאַכן דערפון אַ געברויך, — און אויך אַזוי שטיל האָט דאָס דער הערער אויפגענומען, פאַר מורא אפילו נישט הויך קיין קרעכץ געטון. נאָר אינעווייניק ביי יעדן איינציקן האָט דער אכזריותדיקער מאָרד געקאָכט און געזידט אין די געבליטן און שטיל און נישט אָפּגעשמועסטער-

הייט האָט מען זיך געגרייט אויסצודריקן דעם שטומען פּראָ־טעסט און צאָרן קעגן די מערדער, דורכן איינאָרדנען דעם הרוג׳ס לויה און באַגלייטן אים צו דער אייביקער רו.

אויך די רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך געגרייט אָנטיילצונעמען אין דער לויה פונ׳ם אומשולדיקן קרבן, וואָס איז געפאַלן דורך דער קויל פון אַ דיינער פינם זעלבסטהערשערישן רעזשים... די פּאַרטיי, צו וועלכער בנימין געהערט, די יידישע סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי, האָט יענעם אָוונט אָפּגעהאַלטן אַן עקסטרע זיצונג. איינשטימיק איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצושטעלן די מאַשינעס און אָנטיילצונעמען אין דער לויה. אַ מיינונגס־פאַרשידנהייט האָט נאָר אַרויסגערופן דער פאָרשלאַג, צי מ׳זאָל אויפן קבר אַרויסטרעטן מיט עטלעכע ווערטער צום עולם; טייל האָבן געזאָגט, אַז נישט: נישטאָ איצט די כוחות. באָריס זיצט, קיין צווייטער, וואָס זאָל אים פאַרטרעטן, איז נישטאָ. די פּאַרטיי הי לעבט איצט איבער אַ קריזיס, און אַזאַ עפנטלעכער אַרויסטריט וועט נאָר ברענגען צו אַרעסטן, און די פּאַרטיי וועט דורך דעם נאָך מער אָפּגעשוואַכט ווערן.

די מערהייט אָבער, און אויך טעמערל, האָבן צוליב די זעלבע טעמים, וואָס יענע זענען געווען קעגן — געטענהט פאַרקערט, אַז דעריבער טאַקע, וואָס מ׳האַלט די פּאַרטיי שוין באַלד פאַר אָפּגעשטאָרבן, דאַרף זי יאָ אונטערנעמען עפּעס, און ווייזן, אַז זי לעבט און עקזיסטירט.

פאָנטשער, וועלכן מ׳האָט היינט ספּעציעל איינגעלאַדן אויף דער זיצונג, האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט פון עפנטלעך רעדן אויף דער לויה. „איך — האָט ער געטענהט — בין נישט קיין מאַסן־רעדנער״... און בכלל פילט ער זיך עפּעס נישט מיט אַלעמען... אַהין־אַהער, פאָנטשער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון צו רעדן פאַרן עולם. ער איז אפילו נישט אויסגעווען אויף דער גאַנצער זיצונג און אַוועקגעגאַנגען; אויך טאַקע צוליב דעם טעם, ווייל ער פילט זיך עפּעס נישט ווי ס׳געהער צו זיין.

— — — איז נישט אַנדערש, נאָר — בנימין זאָל רעדן.

יאָ, קיין אַנדער ברירה איז טאַקע נישטאָ. בנימין דאַרף זיך אַביסל „אונטערגאַרטלען". דאָס הייסט: אַדורכטראַכטן פריער, וואָס ער זאָל רעדן, און די חברים וועלן שוין זאָרגן דערפאַר, מ'זאָל אים לאָזן רעדן.

— איך ווייס נישט, צי ס'וועט מיר געלונגען רעדן פאַר אַ מאַסע, און נאָך פאַר אַזאַ מאַסע: יידן און ווייבער...

— איך וועל דיר זאָגן — רופט זיך טעמערל אָן — דו דאַרפסט דיר די זאַך נישט פאָרשטעלן אַזוי אומגעהייער, וועט עס דיר שוין געלונגען — און זי נעמט גלייך אים אויפווייזן די פשוטקייט פון דער גאַנצער זאַך.

— אַן אומ־עכט — גיט אים טעמערל די זאַך צו פאַר־שטיין — אַן אומרעכט איז דאָך געשען: אַ בחי־מדיקע בלוט־פאַרגיסונג. און פאַרוואָס דערלויבן זיך די זשאַנדאַרן אויף אַזעלכעס, — ווייל זיי זענען איבערצייגט, אַז עס וועט זיי אַדורכגיין אומבאַשטראָפט — נו, פרעג איך דיך, צי דאַרף עק־זיסטירן אַ רעגירונג, וואָס אירע דינער פאַרגיסן מיט איר הסכמה דאָס בלוט פון דער רואיקער באַפעלקערונג? — אָט דאָס חעסטו דעם עולם יידן און ווייבער קלאָר מאַכן.

— און פאַרוואָס טאַקע זאָלסט דו נישט רעדן? — פרעגט בנימין אָפּ — איך בין זיכער, אַז דו וועסט דאָס בעסער מאַכן פון מיר.

— איך — זאָגט טעמערל רואיק, און ס'איז צו דערקע־נען, לויט איר טאָן, אַז זי האָט שוין אויך געטראַכט דערוועגן— איך איז אַזוי: ערשטנס, אַ מיידל זאָל רעדן אויף אַ לויה פאַר יידן מיט בערד, און צווייטנס — מ'קען מיך דאָ צו פיל. די סענסאַציע וואָלט טאַקע געווען גרעסער, ווען איך וואָלט גערעדט, אָבער די ווירקונג וועט זיין גרעסער, ווען דו וועסט רעדן.

און דער וואַרשעווער סטאָליער מיט די שוואַרצע וואָנסעס, אָנגעטון אין אַ שוואַרץ העמדל, פאַרבונדן מיט אַ טונקל גע־פלאָכטן שנירל, ווי אַ חסידישע גאַרטל; וואָס לויט ווי ער זאָגט, טראָגט ער שטענדיק ביי זיך אַ געלאָדענעם „שפּייער" אין דער הויזנקעשענע, און וואָס ער האָט די זכיה געהאַט

אריינגענומען צו ווערן אין דער העכסטער אינסטאַנץ, אין דער „אָרגאַניזאַציע", נישט אין זיין אייגענעם זכות, — נאָר ווייל ער האָט מיט זיך געברענגט אַ בריוו פון די וואַרשעווער חברים, אַז ער איז אַ טיכטיקער חבר — גיט ער זיך אַרוף אָן צו בנימינען אויף וואַרשעוער אַרט:

— יאָך וועל אייך זאָגן, חבר, איר זאָלט זיי אַ וואַליע אַנידערגעבן אַ רעדע, אַז אין די קישקעס זאָל עס זיי אַ דריי געבן, און זאָלן זיי וויסן, די גראָבע בייכער, אַז אַ נאַש בראָט קאָן עפּענען אַ געמבע.

און אַז בנימין האָט זיך נאָך אַלץ אַביסל געוואַקלט, צי ער זאָל דאָס אונטערנעמען, האָט זכריה מיטן ערלעכן ייִנגלשן פּנים אויך אים צוגערעדט, זיך צו באַשליסן אויף יאָ:

— איין מאָל מוז דאָך זיין „דאָס ערשטע מאָל", ווער דאָס זיין איצטיקעס מאָל — מאָרגן.

און אַזוי איז דאָס באַשלאָסן געוואָרן.

---

דער קערפּער פון אומשולדיק דערהרגעטן ייד איז פון וואָקזאַל איבערגעפירט געוואָרן אין מתים-שטיבל ביים שטאָטישן שפּיטאָל. דאָרט האָבן דאָקטוירים, אָנגעטוענע אין ווייסע קיטלען און מיט מעסערס אין די הענט, זיך געפּאָרעט איבער דעם טויטן גוף... דערנאָך איז ער אַרויסגעגעבן געוואָרן דער יידי-שער קהלה צום באַגראָבן.

איז דאָס געווען אַ לויה, נו, נו!...

אומבאַפוילן, נישט צוזאַמענגערעדט, פון זיך אַליין, זענען אַלע געוועלבער, אַפילו קריסטלעכע, פאַרמאַכט געוואָרן, ווערק-שטעלן האָבן גערוט, און די פאַבריקן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף איבער דער לויה.

דער גאַנצער דער־דריקטער האַס צום דעספּאָטישן צאַר מיט זיינע בלוטיקע משרתים האָט זיך אויסגעדריקט און אָט דער ריזיקער לויה פון אומבאַקאַנטן הרוג. אַ שטומער פּראָ-טעסט, אָן ווערטער, האָט אין דער לופט געפלאָטערט, און דער

יונקעפיקער עולם יידן און קריסטן, ווייבער און קינדער, האָט זיך געשפאַרט און געזידלט דורך אלע גאַסן און פלעצער, ווי דאָס וואַסער פון אַ טייך, וואָס איז אַרויס פון זיינע ברעגעס און פארגיסט און צעשפרייט זיך ווייט און ברייט.

אויפן בית-הקברות האָבן זיך די עטלעכע סטראַזשניקעס, וואָס זענען מיטגעשיקט געוואָרן צו היטן די אָרדנונג, נישט געקאָנט קיין עצה געבן, איינצוצוימען אָט די ריזיקע מענטשן-מאַסע. מ'האָט זיך געשטופט און געשפאַרט; קינדער האָט מען קוים מיטן לעבן אַרויסגעשלעפּט פון צווישן די פיס; ווייבער און אַלטע שוואַכע לייט האָט אין גרויס געדרענגעניש אָטעם פארפעלט, און מ'האָט זיי פאַרחלשטערהייט מיט שוועריקייט אַרויסגעקריגן פון צווישן דער מאַסע.

— — — דער ערשטער האָט מספּיד געווען דער שטאָטישער דיין, אַ פרומער ייד, נאָר אַ גרויסער בטלן, מיט ציטערנדיקע פּאות און מיט רויטלעכע אויגן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף מאַמר חז"ל, אַז דער טויט פון צדיקים איז מכפר אויף זייער דור.. און דאָ, אַרום אָט דעם מאמר, האָט ער זיך נאָכאַנאַנד געדרייט, געריעדט, געריעדט, געבלאָנדזשעט אַ צייט אָן דעם מאמר, ווידער אים צוריקגעכאַפּט, און ווידער ס'אייגענע, ווי אין אַ פאַרכישופטער ראָד, נישט געקאָנט זיך פון מאמר אַרויספּלאָנטערן.

„— — — דער טויט פון צדיקים איז מכפר אויף זייער דור, און אַזוי ווי דער דאָזיקער פרעמדער ייד איז געשטאָרבן אַ מיתת צדיקים, געהרגעט געוואָרן דורך אַ מענטשנס האַנט, אַוועקגעגאַנגען מיט אַ מיתה חטיפה, ווי די „עשרה הרוגי מלכות" און אַז ער איז גאָר אַוועקגעגאַנגען מיט אַזאַ טויט, איז ער שוין במילא אַ צדיק. דער טויט אַליין האָט אים געלייטערט, געמאַכט אים פאַר אַ צדיק. — „על כן בעט איך דיך — האָט זיך דער דיין צעשאָקלט — בעט איך דיך, זאָלסטו זיך מיען פאַרן כלל-ישראל, ס'זאָל זיין פון היינט אָן שלום און פרנסה, און יידישע קינדער זאָלן ניצול ווערן, און מ'זאָל מער נישט הערן פון קיין שלעכטס — — —

און דער עולם מאַנסלייט און ווייבער האָבן געוויינט, גע־יאָמערט, געשנייצט די נעז און געבעטן מחילה ביי דעם אומ־באַקאַנטן הרוג.

גאָך דעם דיין האָט גלייך בנימין גענומען רעדן.

די ערשטע מינוטן איז געוואָרן א שטיקל טומל. אַזוי ווי בנימין איז געווען איבערגעטון אין לאַנגע מלבושים — שפּיאָנען זאָלן אים נישט דערקענען — האָט מען געמיינט, אַז דאָס האָט זיך פאַרגלוסט עפּעס אַ בית-מדרשניק מספיד צו זיין דעם הרוג. איז געוואָרן אַ געשריי, ווי צווישן אַ סטאַדע גענז: „מ׳דאַרף נישט!... געגוג, געגוג, מ׳דאַרף שוין נישט... — אַנדערע ווידער האָבן געשריגן פאַרקערט:

— לאָזטס אים רעדן, שטערטס נישט...

אין אָנהייב האָט בנימין גערעדט שטייענדיק און צוליב דעם געטומל האָט מען נישט געהערט אַ וואָרט, וואָס ער רעדט — און ס׳איז פּאַר אים געווען אַ גליק, וואָס מ׳האָט אים נישט געהערט, וואָרום תחילת האָט ער טאַקע אַליין נישט געוואוסט, וואָס ער רעדט. אַלץ וואָס ער האָט זיך אָנגעגרייט אין קאָפּ, איז אים אין איין רגע, ווען ער האָט געדאַרפט דאָס באַנוצן — אַוועקגעקומען, פאַרלוירן געוואָרן פון קאָפּ, אויסגעטריקנט גע־וואָרן.

איינציקווייז איז אַרום שטיל געוואָרן, אַלע זענען גע־בליבן שטיין אויף די ערטער. עמעץ, אַ חבר מן הסתם, האָט בנימינען אַ שעפּטשע געטון אין אויער אַריין: „זעץ דיך אַראָפּ אויף דרערד, די שפּיאָנען זאָלן דיך נישט ארויסזען". — ער האָט אַזוי געטון. אַרום אים האָבן זיך געשטעלט די דערויף באַשטימטע חברים, און בנימין האָט איצט שוין גערעדט קלאָר, זיכער, און אַלץ דרייסטער...

— ...אומבאַקאַנטער הרוג — האָט בנימין אַ וויין געטון מיט דער האַנט צום אָרון, אין וועלכן ס׳איז געלעגן דער מת — קרבן פון אומגערעכטיקייט און רציחה! קיין פּרנסה זאָלסטו פאַר אונז אויסבעטן אין הימל, און נישט קיין בקשה־קוויטלעך שיקן מיר, יידישע אַרבעטער, מיט דיר מיט — מיר קוקן אויף

דיין טויטן צעקאַלעטשעטן גוף און — נקמה שווערן מיר! נקמה נעמען פון דיינע מערדער! נישט איין איינציקער זשאַנדאַרם איז דיין מערדער, נאָר אַלע די צאַרישע משרתים, די סאַטראַפּן, זייער אַלעמענס הענט האָבן דיין בלוט פאַרגאָסן. נאָר אויך צו זייער אומבאַגרעניצטער ממשלה וועט אַ סוף קומען; אויך זייער סוף וועט אַזעלכער זיין.

דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו די ארומיקע:

— נישט פון אייך, קרעמערלעך, קאָנען מיר פאַרלאַנגען, איר זאָלט זיך נוקם זיין פאַר דעם אומשולדיקן בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן פאַר אייערע אויגן, און פאַר דעם בלוט, וואָס ווערט טאָג טעגלעך פאַרגאָסן אין גרויסן רוסלאַנד — איר, וואָס אייער קאָפּ און האַרץ איז אַזוי קליין, אַזוי אומדערבאַרעמדיק קליין און ענג, אַז מער ווי דאגות וועגן די גראָשנדיקע פּדיונותלעך — געפינט זיך דאָרט גאָרנישט, איז נישטאָ דאָרט קיין אָרט פאַר גאָרנישט מער — נישט איר זענט פעיק צו טראַכטן פון נקמה! — אָט וואָס מיר זאָגן אייך, מיר יידישע אַרבעטער: — זאָל נאָר אייער האַרץ אויף איין רגע כאָטש אַ ציטער טון פון דעם אומרעכט, פון דער רציחה, וואָס דאָ איז אָפּגעטון געוואָרן; און פון אָט דער איין מינוטיקער אומצופרידנקייט וועט געבוירן ווערן דער, וואָס וועט פאַרמאָגן אַ הייס האַרץ, אַ שטאָלענעם ווילן, און אַ פעסטע האַנט, און ער וועט זיך נוקם זיין; פון צווישן אייערע קינדער וועט דער דאָזיקער אויפשטיין; אייערס אַ זון וועט דאָס זיין; ער וועט נקמה נעמען, און ער וועט זיגן.

— — — און זאָלן זיך אייערע ליפּן נישט פאַרקרומען אין אַ חוזק שמייכל: „אָט דער, דער יינג, אָדער אפילו טויזנטער יינגען — זיי פאַרמעסטן זיך אומצוּוואַרפן די זעלבסטהערשערישע פעסטונג? — אויב איר טראַכט אַזוי, קאָן איך אייך נאָר באַדויערן: ווי קליין און ווי פאַרגרעבט איר זענט שוין!

— — — איר ווייסט, וועמען אָט די „יינגען", ווי איר רופט אונז — צי ווייסט איר, וועמען מיר האָבן פאַר העלפער אין אונזער הייליקן קאַמף? — ניין, איר ווייסט נישט? —

טאָ הערט: מיליאָנען זענען מיר, און העלפער האָבן מיר: די געשיכטע פון דער ליידנדיקער מענטשהייט...

— — — זאָגט מיר! וואו זענען זיי, די אלע דעספאָטן פון דער געשיכטע, וואָס זענען געשטאָרבן מיט דער זיכערקייט, אז מיט זייער שווערד און פויסט האָבן זיי פאר זייערע גאַנצער און קינדס קינדער אָן אייביקן בנין געשטעלט? וואו זענען זיי, די בארימטע דעספאָטן, וואו זענען זייערע אייביקע ווערק? — זיי האָבן צו מיינסטן נאָך ביי זייער לעבן געזען די מפלה, ווי זייער דורך בלוט, טרערן און רציחה געבויטע פעסטונג צעפאַלט, צעשיט זיך און באגראָבט זיי אַליין אונטער אירע חורבות; די געשיכטע מיט איר שטרענגער אייזערנער גערעכטיקייט, די גע-רעכטיקייט, וואָס שלימערט אין יעדן מענטשנס געוויסן — האָט זיי פארמשפט, און זיי גייען אונטער.

— — — יאָ, מיר, אויף טויט און אויף לעבן האָבן מיר געשוואָרן א קאַמף דער טיראַניי, דעם צאַר און זיינע משרתים, טויזנטער אונזערע וועלן אומקומען, טויזנטער וועלן פארפוילט ווערן אין די תפיסות, אין די קאזעמאַטן און אין סיביר — מיר ווייסן דאָס, און — פאָרט רואיק שטעלן מיר אונטער אונזער קאָפּ; נאָך אונז וועלן קומען אַנדערע, און נאָך זיי — נאָך אַנדערע, און מיר, די מחנה, וואָס איר רופט אונז „מילבן" — מיר, די מילבן, וועלן דעם שווערן שוואַרצן פעלז איבערגראָבן, און זיגן וועלן מיר!...

אזוי האָט בנימין גערעדט איבערן קערפער פונם אומבאַ-קאַנטן הרוג.

## יז

נאָך דער לויה זענען פֿאָרגעקומען אַרעסטן. בינטלעך סטראַזשניקעס און זשאַנדאַרן האָבן אָפּגעהאַרט די צוריקגייער פֿון דער לויה, אַרויסגעכאַפּט פֿון צווישן זיי די, וואָס האָבן אין זייערע אויגן אויסגעזען פֿאַרדעכטיק, אַז זיי האָבן דאָס דאָרט איינגעאָרדנט די רעוואָלוציאָנערע רעדע — און די פֿאַרהאַלטענע ערגעץ אַוועקגעפֿירט.

ווי געוויינטלעך, זענען פֿאַרנומען געוואָרן בלויז אומשולדיקע, גראָד אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געוואוסט פֿון גאָרנישט צו זאָגן. — בנימינען האָבן די חברים געעצהט, ער זאָל עטלעכע טעג, ביז וואַנען ס'וועט נישט רואיק ווערן, נישט ווייזן זיך אין גאַס און נישט אַהיימגיין עטלעכע נעכט שלאָפֿן.

אין קאַנטאָר האָט מען געזאָגט, אַז בנימין איז קראַנק און ער קאָן נישט קומען צו דער אַרבעט; אַהיים ווידער, דער מאַמען, האָט מען צוגעזאָגט, אַז בנימין איז ערגעץ אַוועקגעפֿאָרן אויף עטלעכע טעג...

בנימין האָט לאַנג געקלערט, וואו ער וועט זיך קאָנען געפֿינען צום זיכערסטן, און נישט האָבנדיק שוין קיין אַנדער ברירה, איז ער אַוועק זיך אויפֿהאַלטן עטלעכע טעג אינעם שטיבל, וואו עס וואוינט די אויסגעפּוצטע פּעדלערין גענייא.

דאָס מיידל איז געווען אויפן זיבעטן הימל, וואָס בנימין האָט זיך צו איר אריינגעצויגן אויף עטלעכע טעג. און פאַרשטייענדיק פון זיך אליין, אַז עס איז נישט לייטיש, זיי זאָלן ביידע נעכטיקן אין דעם איינציקן שטיבל, איז זי די עטלעכע אָוונטן געגאנגען שלאָפן ערגעץ צו אירס אַ קרובה.

אָט דאָ, אין דעם שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען אויפן העכסטן שטאָק פון א גרויס און ענג באַזעצט הויז — האָט בנימין געלעבט עטלעכע טעג אין שטילקייט און אבסאָלוטער איינזאמקייט. דאָס רוב טאָג געגאנגען שווייגנדיק ארויף און אַראָפ, און געטראַכט.

ער האָט געטראכט; בעסער געזאָגט: עס האָט זיך אים געטראַכט, פון זיין שטיקל לעבן, וואָס איז שוין אָפּגעפלאָסן. ער איז איצט צווייאונצוואַנציק יאָר אַלט. כמעט א דריטל לעבן שוין אָפּגעפלאָסן. און מיט וואָס איז עס אוועק? ער האָט נישט באַדויערט זיין אָפּגעלאָפן שטיקל לעבן. ניין! און דאָס איצטיקע לעבן, פון די לעצטע עטלעכע יאָר — אַוודאי נישט. איצט האָט ער פאַר זיך אַ ציל: קאַמף! אויב ער האָט יאָ אביסל באַדויערט, איז עס — די ערשטע יאָרן, פון יענטל קאָזאַקס טאַנץ-קעלער, זיין חברן זיך מיט די וואוילע יינגען, מיט פּיניע דעם קצבס, מיטן פארפירן דינסטמיידלעך... איצט האָט ער קלאָר געזען, אז ער איז דעמאָלט געווען אַוועק אויף אַ געפערלעך גליטשיקן וועג, און נאָך אביסל לענגער ווען דאָס וואָלט אַזוי אָנגעהאַלטן, וואָלט ער פאַרזונקען געוואָרן אין תהום פון שמוץ.

און איצט, איז ער איצט שוין אינגאַנצן ארויס פון דעם שמוץ? ער האָט זיך ארומגעקוקט איבערן שטיבל: די פּיל קליידער און מענטל, די פארשידענע היט, וואָס געפינען זיך דאָ, פון אַלע סעזאָנען אין יאָר; די פלאַקאָנען פון פּערפום, ליידיקע און נאָך נישט ליידיקע; די פאַרשידענע קאָסטבאַרע צאַצקעס, צעשטעלטע אויפן טואַלעט-טישל -- צי האָט דאָס מיידל געקויפט די אַלע זאַכן פונם געלט, וואָס זי האָט זיך אויסגעאַרבעט אין פאַבריקביים פעדל-טישל? דאָס פאַרדינסט פון

אַ פעדלערין געניגט קוים אויפן קאַרגן עסן און אויף אַ ביליק קליידל דורכן יאָר אַמאָל.

און ווידער האָט זיך אין בנימינען באַזעצט דער חשד. אַז נאָך היינט האַנדלט זי מיט ליבע, אַז נאָך היינט גיט זי אָפּ איר קערפּער פאַר מתנות, און אפשר, פאַר געלט אויך; איבע־ריקנס, דער חילוק איז אַ קליינער.

און נאָך פאַרדעכטיקער האָבן זיינע אויגן זיך אַרומגע־קוקט... ער האָט צופעליק געפונען ערגעץ אין שענקל ליגן פאַרפּאַקט אין פּליס־פּאַפּיר דעם מיידלס אַ פּעקל אָפּגעשמעקטע פאָטאָגראַפיעס, מיט אַ זיס צעשמייכלט פּנימל, מיט אָפּגעדעקטע ציינדלעך און באַקעטן האַלז...

און ס'האָט זיך אים דערמאָנט, ווי זי האָט דעמאָלס געזאָגט, ווען ער האָט איר פאַרגעהאַלטן, וואָס מ'רעדט וועגן איר...

— „צייט איך האָב דיך דערקענט — שוין נישט" — האָט זי דעמאָלט געזאָגט.

ער האָט לאַנג וועגן דעם נאָכגעטראַכט, און ס'איז ביי אים געבליבן, אַז אייגנטלעך, האָט ער גאָרנישט צו איר, זי איז אַזעלכע און שוין! — גישט מער — ער מוז אָפּהאַקן מיט איר, איינגאַנצן זיך אָפּרייסן פון איר; האָט ער זיך שוין יאָ אַמאָל אַרויסגעריסן פון שמוץ, מוז ער איצט נאָך די לעצטע אָנשטרענגונג מאַכן, איינגאַנצן אַרויס און בלייבן שטיין טרוקן.

אין אָט דער רגע איז ער זיכער געווען, אַז ער וועט מיט איר מער נישט צו טון האָבן.

און אַזוי ווי אַלץ, וואָס בנימין האָט באַשלאָסן, אָדער זיך פאַרגענומען אויסצופירן, איז געווען מיט טעמפּעראַמענט, מיט היץ — איז אים איצט אויך שוין צו לאַנג געוואָרן דאָס זיצן דאָ. ס'האָט אים שוין געבריט דאָס אָרט. נישט אַנדערש, נאָר שוין פון דאַנען אַרויסצוּלויפן.

צי האָט ער דען געקאָנט וויסן, פאַרשטיין גאָר, אַז אָט דאָס מיידל, ליגנדיק איצט אויפן געלעגער ביי איר אָרימער קרובה, האָט זי מיט אָפּשיי געטראַכט, אַז איר בעטל וועט

איצט באנוצט פון בנימינען, ווענען זי פארגעטערט. פארוואָס פארגעטערט זי אים? ווייל ער איז אַ קלוגער (מיאוס איז ער אויך נישט, נאָר דערפון האָט זי כמעט נישט געטראַכט), שטעלט זיך איין דאָס לעבן, און שטרעבט צו פארבעסערן די וועלט; ס'זאָל נישט זיין מער רייך און אָרים; און ער רעדט דאָך אַזוי שיין וועגן דעם, אַז דער אַרבעטער איז אַלצדינג, און זיי, די רייכע, די לעביונגען, זענען בלוט-זויגער, לעבן אויפן חשבון פון אַנדערע...

ווער קאָן דען אַלץ אויסרעכענען, פארוואָס אָט דאָס מיידל, וועלכע פלעגט זיך נישט אָפזאָגן פון צו עסן אַ „קאָלאַציע" מיט אַ פרעמדן מאַנסביל אין אַ באַזונדער חדרל אין אַ האָטעל, פארוואָס זי האָט פאַרגעטערט בנימינען; שווער צו דערגרונטעווען, וואָס עס טוט זיך אין דער נשמה פון אַזאַ, פאָרט נישט אינגאַנצן פארדאָרבן מיידל, וועלכע ווייסט, אַז זי זינקט אין שמוץ און זוכט מיט אַלע כוחות אַן אָנהאַלט, דעם דאָזיקן שמוץ אַזוי שטאַרק נישט צו פילן; און וואָס נאָך יעדן מאָל אָפגעבן זיך עמעצן, נעמט זי זיך פאָר: „מער וועל איך דאָס נישט טון", און יעדעס מאָל זינקט זי ווידער, נישט קאָנענדיק באַשטיין דעם יצר-הרע פון קויפן זיך אַ שיין קליידל אָדער עפּעס ענלעכס, אַ סך מאָל נאָך מיט דער דירעקטער כוונה כדי בנימינען צו געפעלן.

— — — ס'זענען אַזוי אדורך עטלעכע טעג. בנימין האָט זיך אַלץ נאָך דאָ אַרומגעדרייט. די מינוט איז אים שוין צו לאַנג געווען. נאָר ער האָט געדאַרפט האָרכן דעם באַפעל פון דער אָרגאַניזאַציע און נישט פאַרלאָזן זיין באַהעלטעניש, ווי לאַנג מ'וועט אים נישט צווויסנטון.

דאָס מיידל איז געקומען אין אָוונט פון דער אַרבעט, געמאַכט פאַר זיי ביידן נאַכט-עסן, אים געגרייט דאָס געלעגער, געזאָגט „גוטענאַכט" און אַוועקגעגאַנגען שלאָפן צו איר קרובה; אינדערפרי איז זי געקומען אים מאַכן אָנבייסן, און ווידער מיטאָגצייט — מיטאָג.

און וויפיל בנימין האָט נישט דערקעגן געהאַט, מיט דער

טענה, אַז ער קאָן זיך דאָס אַליין מאַכן — זי פלעגן פלומרשט איינשטימען: „גוט, מער וועל איך נישט קומען״, און פאָרט פלעגט זי ווייטער קומען, מיט אַ פאַרשולדיקטער מינע, צי ער איז נישט אין כעס, וואָס זי האַלט נישט וואָרט, און שטענדיק פלעגט זי זאָגן עפּעס אַ תירוץ: דאָ — איז די גראָד פאַרבײַגעגאַנגען, אָן אַנדערש מאָל ווידער, איז זי אַרויפגעקומען, ווייל זי דאַרף דאָ עפּעס נעמען, אַזוי אַז ער האָט נישט געהאַט דאָס האַרץ אין כּעס צו ווערן. און זי איז געקומען דריימאָל טעגלעך, אום אים צו מאַכן עסן און זען, עס זאָל אים דאָ גאָרנישט פעלן.

די עטלעכע טעג האָט בנימין זעלטן געזען אַ מענטש. איין מאָל אין טאָג, פאַרנאַכט-צייט אין דער טונקל-שעה, פלעגט קומען אַ חבר, פאָרזיכטיק אָנקלאַפּן אין טיר, פלעגט ברענגען בנימינען אַ בוך צום לייענען, דערציילן, וואָס עס הערט זיך אין גאַס... אויך אַזוי פאָרזיכטיק און שטיל אַוועקגיין, און ווידער פלעגט בנימין בלייבן איינער אַליין.

איינמאָל אין אָוונט, פאַרן שליסן די טויערן, איז טעמערל אַרויפגעקומען.

בנימין האָט זי אויפגענומען רויק, געלאַסן, ווי יעדן אַנדערן חבר; ער האָט איצטיק מאָל גאָרנישט געפילט דעם געהיימען פלאַטער, וואָס ער פלעגט געוויינטלעך פילן בשעתן באַגעגנען זי.

פון געוואוינהייט האָט זי אויסגעטון דאָס היטעלע און עס אַנידערגעלייגט אויף אַ בענקל. טעמערל האָט בנימינען דערציילט, וואָס פאַראַ גרויסן רושם זיין רעדע האָט געמאַכט אין שטאָט...

— דער טאַטע — האָט זי דערציילט און געקוקט דערביי אויף בנימינען מיט פריינטלעכע אויגן, דער טאַטע האָט צומאָרגנס נאָך גערעדט דערפון, ער זאָגט, אַז דאָס מוזן די „אַחדות-לייט״ האָבן אַראָפּגעבראַכט זייערס איינעם פון וואַרשע, וואָרום אַ היגער, זאָגט ער, וואָלט גאָרנישט געקאָנט אַזוי רעדן און ער וואָלט מורא געהאַט אויך.

— אין ווייסטו, בּנימין — זאָגט זי נאָך אַ ווייל, מיט צוזאַמענגעצויגענע בּרעמען — דער מנשה אונזערער איז דאָך עפּעס אַ גאָרנישט טאַקע: נאָך איין רגע, און ער וואָלט אויסגעפּלוידערט, אַז דו בּיסט דאָס געווען דער רעדנער. ערשט האָבּ איך אים מתרה געווען. איצט וועט ער שוין נישט פּלאַפּלען.

און זי נעמט זיך בּאַלד צו פאַרגלעטן איר בּרודער, אַז אייגנטלעך איז ער גאָרנישט אַזעלכער.

מיינסט, אַז מנשה וואָלט דאָס געטון פון בּייזוויליקייט; ער אליין געהערט דאָך אויך צו אַ פּאַרטיי, צו די פּ. פּ. ס. — נאָר גאָרנישט, אַזאַ פּלוידערמויל האָט ער שוין דער מנשה. ער איז טיילמאָל לייכטזיניק ווי אַ קינד.

...אַבּיסל שפּעטער גיט זיך טעמערל אַ קוק אַרום איבּערן שטיבּל און רופט זיך אָן מיט אַזאַ, כמעט „גוט יידישן”, טאָן:

— איך פאַרשטיי נישט, בּנימין, ווי דו קומסט דאָ אַריין. ווער האָט דיך דאָ אַרויפגעפירט? צי דו ווייסט כאָטש, בּנימין, וואו דו געפינסט זיך?

און זעענדיק, אַז בּנימין מאַכט פון אירע רייד קיין שום וועזן נישט, גיט זי צו מיט אַ בּאַהאַלטענעם עקל:

— איז בּיי דיר רעכט זיך צו געפינען אין אַ פּראָסטיטוטקעס שטיבּל, דו שלאָפסט דאָך אין איר בּעט אויך... — און אפשר... — זי האָט נישט געענדיקט דעם זאַץ און בּלויז נאָר אַ ציי געטון לייכט די נאָז, אַזש אונטער די בּרעמען האָבּן זיך איר צעלייגט אויף אַ רגע קנייטשלעך.

— ניין — האָט בּנימין דערגענצט דאָס, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט נישט דערעדט - דו מיינסט דאָך אוודאי צו זאָגן: „און אפשר שלאָפסטו גאָר מיט איר צוזאַמען”... — זאָג איך דיר: ניין. זי גייט אוועק שלאָפן. איך האָבּ איר נישט געדאַרפט ערשט זאָגן, זי זאָל אַזוי טון. זי האָט דאָס אליין פאַרשטאַנען. זי ווייסט מן הסתם, אַז דיין קלאַס, די בּירגערלעכע „זיטלעכע” לייט, וואָלטן מיר נאָכגעשפּיגן, אַז איך וואָס האָבּ זיי מוסר געזאָגט, שלאָף מיט אַ פּראָסטיטוטקע; זיי, די לייט דיינע, וואָס האָבּן ליבּ, אַז פון אויבּנאויף זאָל אַלץ

זיין שאַ שטיל; דער עקלדיקסטער זומפּ אונטן און אויבן — צוגעדעקט מיט אַ גרין גראָז, מיט אַ צניעותדיק ווייס פאַר־חענגל — האָט זי געהאַט אַזויפיל מאַקס, מיר אָפּגעטרעטן איר שטיבל און אַליין איז זי אַוועקגעגאַנגען שלאָפן צו אירס אַ קרובה.

טעמערל האָט, קענטיק, געוואָלט אוועקקערעווען דאָס גע־שפּרעך. בנימין אָבער האָט שוין געזאָדן פון אויפרעגונג. די אויגן האָבן אים געברענט:

— צי ווייסטו כאָטש — האָט ער ווייטער אָנגעהויבן — פאַרוואָס אַזאַ מיידל ווערט אַ פּראָסטיטוטקע (איך זאָג נישט, אַז זי איז עס טאַקע, איך האַלט מיך נאָר ביי דיין אויסדרוק)? אָט הער: צוליב דעם זעלבן טעם, וואָס יעדעס יאָר שטאַרבט אַוועק אַ היפּשער פּראָצענט אַרבעטער־שטיקערס פון בלוט־שטורצן און שווינדזוכט — צוליב דעם אייגענעם טאַקע ווערן די שענערע מיידלעך פּעדלערינס — פּראָסטיטוטקעס און דער איינציקער מאָטיוו פון אָט די אַלע אומגליקן איז — געלט!

— זעסטו, טעמערל, שווער, זייער שווער איז אַ דורכצו־צולעבן אַ לעבן אָן איין שטראַל תענוג, און דאָ פאַרקויקט מען זיך אָן די פאַבריקאַנטן, זייער גוט לעבן דינט אַלס מוסטער, אַלס פאַרפיר־ליכטל — אַרבעט מען נאָך מער, יאָגט מען, וואָס מער צו פאַרדינען, יאָגט מען אַזוי לאַנג, ביז מ׳פאַלט ביי דער מאַשין, ווי אַן איבערגעהאָרעוועט פערד. און אַזוי אויך די מיידלעך פּעדלערינס — זיי זעען די פאַבריקאַנטן־טעכטער אויס־געפּוצטע, אָפּגעשמעקטע, חלשט מען זיי נאָכצוטון, געלט דרויף איז נישטאָ, אָבער בעלנים אויף אַ יינגן מיידל־גוף זענען אין יענע קרייזן, פון וועלכע דו קומסט, דווקא יאָ דאָ — אָט וואָס עס איז...

— און די אַרבעטער אין פאַבריק — פרעגט טעמערל צוריק און קוקט בנימינען אין די אויגן — און די אַרבעטער אַליין רירן זיך גאָר נישט צו צום מיידל־גוף, זיי לאָזן די מיידלעך גאָר צו רו? — און טעמערל שמייכלט דערביי אַזוי,

אז בנימינען רעגט דאָס אַביסל אויף, ער פאַרשטייט, אז זי מיינט דאָס אים, פון אמאָל נאָך: — „עטל"...

אַוודאי זיי אויך! — זאָגט ער שוין רואיקער אָבער הער, טעמערל — פון אייגענער איבערצייגונג רעד איך דאָס: אויס-נאָמען זענען פאַראַנען, אָבער געוויינטלעך וועט א יינג אומבאַ-רירט פאַבריק-מיידל נישט צו לאָזן צו זיך דעם געוויינטלעכן אַרבעטער אויף צום ערשטן מאָל... דערנאָך ערשט, ווען זי האָט שוין נישט וואָס אָנצוווערן, גיט זי זיך אָפּ ווען עס איז פאַר געצאָלט אָדער פאַר א הבטחה חתונה צו האָבן מיט איר...

טעמערל, ווייזט אויס, איז דאָס מאָל געקומען צו בנימינען נישט אום צופירן אזא שאַרפן שמועס, זי איז איצט, קענטיק, געווען אין א גאָר אנדערער שטימונג, אירע ליפּן זענען געווען רויט און פייכט, ווי צוויי אָפּענע רויזן, אירע אויגן האָבן גע-לויכטן, און אינגאַנצן האָט זי געאָטעמט מיט א וואַרעמקייט. נאָר אָט דער דאָזיקער שמועס, מוז זיין, האָט איר די גוטע שטימונג קאַליע געמאַכט. זי איז נאָך אַביסל געזעסן, אָנגעטאָן דאָס היטעלע, און אַוועקגעגאַנגען.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט די פאַרטיי דערלויבט בנימינען אַהיימצוגיין. די מאַמע האָט ווי פאַר יוצא וועגן געפרעגט, וואו ער איז געווען די עטלעכע טעג. בנימין האָט געענטפערט: „כ'בין נישט הי געווען".

— אַזוי גאָר — האָט זיך די מאַמע כלומרשט בעהידושט — דו פאָרסט גאָר אַרום, וואָס, געשעפטן מאַכסטו, מסחרסט?

און אַז בנימין האָט דערויף גאָר נישט געענטפערט, האָט די מאַמע אויך מער נישט גערעדט דערפון:

נאָר מלכּה און ישראל-נח, מוז זיין האָבן יאָ געוואוסט דעם אמת, פאַרוואָס בנימין איז נישט אהיימגעקומען. זיי האָבן גאָרנישט גערעדט, זיך נישט וויסן געמאַכט, אַז זיי ווייסן עפּעס, נאָר אין זייערע דרך-ארץ בליקן און שטילער אַכטונג, וואָס זיי האָבן איצט צו אים ארויסגעוויזן, האָט בנימין פאַרשטאַנען, אַז די זאַך איז זיי קלאָר, און ער האָט אויך גאָרנישט גערעדט, זיך גאָרנישט וויסן געמאַכט.

## יח

ווען מלכהס קינד איז געוואָרן עטלעכע חדשים, איז מלכה מיט אַמאָל קראַנק געוואָרן, און מ'האָט נישט געוואוסט וואָס איר פעלט.

מ'האָט גערופן אַ דאָקטאָר. דער דאָקטאָר איז געקומען איין מאָל, אַ צווייט מאָל, דערנאָך שוין טעגלעך, נאָר קיין בע־סערונג איז אַלץ נישט געווען צו זען.

באַלד האָט זיך די קרענק גאָר גענומען פאַרערגערן. מלכה האָט זיך ערשט געלייגט אין בעט אויף גוט. רק ס'האָט איר ווי געטון אין האַלז; אַראָפּנעמען האָט זי גאָרנישט גע־קענט: ס'האָט זי נאָכאַנאַנד געאיבלט אין דער קעל, און זי האָט כסדר געבראָכן, ארויסברענגענדיק בשעת מעשה אַזעלכע משונהדיקע איבל־טענער:

— אַ—או, אַ—או...

איצט, אַז די קרענק האָט שוין אָנגענומען אַזאַ שאַרפע פאָרם, האָט מען זיך דערשראָקן שוין אויף אַן אמת. די מא־מע איז פון צערודערטקייט אַזש געוואָרן אומבאַהאָלפן און מער נישט געטון, ווי געוויינט און די הענט געבראָכן. נאָר מלכת האָט זיך עפּעס דערמאנט אָן יענעם חשובן דאָקטאָר, ביי וועמען זי איז געווען דעמאָלט, ווען זי האָט זיך געריכט אין־

קימפּעט — דער דאָקטאָר איז געקומען, אַ היפּשע ווייל געזעסן בײַם בעט, און נאָכגעפאָרשט דעם גאַנג פון דער קרענק. דאָס צווייטע מאָל, ווען ער איז ווידער געקומען, האָט ער מלכּהן עפּעס געפרעגט אין דער שטיל, און וואָס זי האָט געענטפערט, רויטלענדיק זיך (זי האָט זיך אַלץ נאָך גערויטלט); באַלד האָט דער דאָקטאָר דעם גאַנצן שמועס אַוועקגעלאָזט. און גאָר גע־נומען זיך נאָך נאָכפרעגן, ווען מלכּהס מאַן קומט אַהיים, ווען מ׳קאָן אים טרעפן. מ׳האָט אים געענטפערט, נישט אָן חידוש, פאַרשטייט זיך.

פאַרנאַכט צייט, ווען אַנשל איז, ווי געוויינטלעך, געווען אין שטוב, געזעסן איבערן געשעפטס־בוך, איז געקומען דער דאָקטאָר מיטן עלעגאַנט פאַרשווירענעם בערדל און פּענסנע — און אַריינגערופן דעם הער מייעראָוויטש אין אַ באַזונדער חדר. מלכּהס מוטער האָט זיך געשטעלט פון דרויסן, הינטער דער טיר, צושפּאַרנדיק איר אויער צום שפּאַלט פון דער טיר — האָט זי מיטן אָנגעשטרענגטן בליק — גלייך ווי אָט דער בליק וואָלט איר געקאָנט דערין העלפן — געחלשט אויפצוכאַפּן, וואָס זיי רעדן דרינען.

איר האָט זיך געדאַכט צו פאַרנעמען, אַז דער דאָקטאָר רעדט עפּעס שטרענג און אַז אַנשל פּרוּווט זיך עפּעס צו פאַר־טיידיקן, נאָר וואָס און ווען האָט זי נישט באַנומען.

אַז זיי זענען לסוף אַרויסגעקומען, האָט אַנשל אויסגעזען אַביסל צערודערט. ער האָט מיט זיין אויסזען דערמאָנט אַ חדר־יינגל, וואָס איז אָקאָרשט אַפּער פון אונטער דעם רבינס קאַנ־טשיק, נאָר אַרויסקומענדיק צווישן מענטשן, באַמיט ער זיך צו פאַרבאָרגן זיין אָפּגעשמיסנקייט, און שטעלט אָן אַ מינע, ווי קיינמאָל גאָרנישט.

אויך דער דאָקטאָר האָט אויסגעזען בלאַסלעך, ווי אַן עלטערער מענטש נאָך אַן אויפרעגונג. בײַם געזעגנען זיך האָט דער דאָקטאָר צומאָל קיין קוק נישט געטון אין אַנשלס זייט, ווי ער וואָלט גאָרנישט געווען דאָ.

— פאַרוואָס האָט מען פּונקט אים אַריינגערופן? — פרעגט אַנשל ברוגזדיק נאָכן דאָקטאָרס אַרויסגיין.

— מ׳זאָגט, אַז ער איז אַ גוטער דאָקטאָר — ענטפערט מלכּהס מוטער מיט אַ דרך־ארץ־טאָן, ווי זי רעדט געוויינלעך צום איידעם. און נאָך אַ קורץ טראַכטן פרעגט זי פאָרזיכטיק:

— כ׳בעט דיך, אַנשל, צו וואָס האָט ער דיך אַריינגערופן, זאָלסט מיר לעבן, וואָס האָט ער צו דיר? — און זי עסט זיך איין מיטן בליק אין איידעמס פּנים.

— וואָס זאָל ער דען האָבן צו מיר, וואָס? — מעסט אַנשל אָפּ די שוויגער מיט אַ בליק — פּונקט דעם מנוול האָט מען מיר געמוזט אַריינברענגען — וואָס ער וויל אַלץ! מיין גאַנץ פאַרמעגן וועט פאַר אים צו ווייניק זיין.

נאָך אַזאַ ענטפער איז שוין די שוויגער נישט דרייסט געווען מער דאָס מויל צו עפענען.

אַנשל האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט איבערן געשעפטס־בוך. נאָר צערודערט איז ער, קענטיק, נאָך אַלץ געווען. ער איז נישט אויסגעזעסן איבערן בוך די געהעריקע צייט, ווי יעדן טאָג, ער איז באַלד אַוועקגעגאַנגען פון שטוב.

צומאָרגנס האָט אַנשל זיך נאָכגעפרעגט ביים ווייב, ווי זי פילט זיך, און הערנדיק, אַז אַלץ א׳ז אין איין שטאַנד, האָט ער מיט אַמאָל צוויסן געטון, אַז ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן צום רבין, פרעגן אַן עצה, צי ס׳איז נישט צמאָל גלייך צו פאָרן קיין אויסלאַנד צו אַ פּראָפעסאָר.

— ס׳וואָלט אפשר טאַקע נישט קרום געווען — האָט די שוויגער צוגעשטימט.

אַנשל האָט זיך באַלד גענומען פאַרפּאַקן, און מיטן מיטאָג צוג איז ער אַוועקגעפאָרן.

נאָך מיטאָג איז געקומען דער דאָקטאָר. ער האָט געפרעגט וואו אַנשל איז, און צי ער פאָרט היינט מיט דער פרוי צום פּראָפעסאָר אין אויסלאַנד. נאָר דערהערנדיק, אַז ער איז גאָר געפאָרן צו אַ „גוטן ייד" זיך שואל־עצה זיין וועגן דער ווייבס

קרענק, האָט דער דאָקטאָר מיט גרויס צאָרן אויסגעשריגן צום קראַנקן חייבל:

— אייער מאַן איז אַ נידערטרעכטיקער מענטש. ער האָט זיך ערגעץ איינגעשאַפט אַ שמוציקע קרענק, און אָנגעשטעקט דערמיט דאָס ווייב, אויך קראַנק געמאַכט...

איצט איז מיט איין מאָל קלאָר געוואָרן, וואָס מלכהס קרענק איז — — — און די מאַמע האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

---

ס'זענען אַדורך אַ פּאָר טעג, און אַנשל האָט זיך נישט געוויזן צוריק. ס'זענען אַוועק נאָך עטלעכע טעג. מ'איז אין שטוב געוואָרן אומרויק. דער „ברוך־הבא", דאָס גאַנצע ביטער אַנגעלייגטע האַרץ, וואָס די מאַמע האָט געהאַלטן אָנגעגרייט צו „באַווילקאָמען" דערמיט דעם ליכטיקן איידעם, איז אין איר פאַרשטאַרט און אָפּגעקילט געוואָרן; אין די שעהן, ווען ס'קומט אַ צוג, זענען אַלע געזעסן נערוועזע, די אויגן אָנגעשטעלט אויף דער טיר, און אין איין אָנשטרענגונג און דערוואַרטונג.

דער דאָקטאָר איז דערווייל געקומען טאָג־טעגלעך, און טיילמאָל, אפילו צוויי מאָל טעגלעך. ער האָט געהאָפט, עס וועט אים אפשר געלונגען מלכהן אויסצוקורירן און מ'וועט נישט דאַרפן פאָרן מיט איר צו אַ ספּעציאַליסט.

און ס'האָט זיך געצויגן טאָג נאָך טאָג. מ'האָט אויסגעקוקט דעם איידעלן אַנשל, ווי עפּעס אַ ליכטיקן גאַסט, און אַז די האָפענונג האָט יעדעס מאָל ווידער אָפּגענאַרט, זענען אַלע טרויעריק געוואָרן. מלכה אפילו האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, און די מאַמע האָט אַזוי טריב אַ זאָג געטון:

— היינט האָב איך שוין זיכער געמיינט, אַז ער וועט קומען. ס'האַרץ האָט מיר עפּעס געזאָגט. כ'בין זיכער געווען..

נאָר אַנשל האָט אַלץ נישט געלאָזט הערן פון זיך.

זענען אַזוי אַוועק נאָך עטלעכע טעג. מ'איז שוין כמעט צוגעוואוינט געוואָרן מיטן בחינמדיקן וואַרטן, מיטן קוקן אויף

דער טיר. ס׳האָט שוין מער נישט אויפגערעגט, מ׳איז געוואָרן טעמפּ, און נאָר מעכאַניש האָבן אין די באַשטימטע צוג־שעה׳ען די אויגן געקוקט אויף דער טיר, צי זי גיט זיך נישט פּלוצ־לינג אַן עפן, „ער" באַווייזט זיך, און דער געלט־מאַנגל און דאָס רעכנען זיך מיט דער פּרוטה פאַר דער קראַנקערס וועגן— וועט אויפהערן.

מלכהן איז צוביסלעך בעסער געוואָרן. דער דאָקטאָר האָט שוין צוגעזאָגט, אַז אויב די קרענק וועט זיך ווייטער אַזוי גלייך פירן, וועט זי בקרוב קאָנען צוריק זויגן דאָס קינד — קומט זיך אַמאָל מיטאָגצייט אַריינצוגיין דער פעטער לייב־חיים מיט דער פען־שוואַרצער באָרד, אין וועלכער עס ווייסלען זיך עט־לעכע זילבער פעדעם — שטעלט אַוועק אין אַ ווינקל דעם שטעקן מיטן בורשטינענעם קאָפּ, זעצט זיך אַנידער, און פאַר־פירט מיט דער מאַמען סתם אַ שמועס, ווי אום גלאַט צו שמו־עסן, צו באַהאַלטן אין זיך עפּעס אַ נישט ניחאדיקע בשורה און דערווייל קלערן, ווי אַזוי דאָס אַרויסצופּאַקן.

די מאַמע, מוז זיין, האָט זיך עפּעס אָנגעשטויסן, צוליב זיין מאָדנער האַלטונג, און געקוקט מיט אומרואיקייט אים אין מויל. ער האָט אַזוי אַ ווייל געשמועסט וועגן וועטער און וועגן מלכהס קינד... און מיט אַמאָל רופט ער זיך אָן:

— און וואָס, למשל, וואָלט עץ געזאָגט, ווען ס׳וואָלטס געוואָר געוואָרן, אַז אַנשל איז אַנטלאָפן פון ווייב? כ׳מיין נאָר אַזוי...

— מנא — האָט די מאַמע אַ מאַך געטון מיט די ליפּן און זי האָט אפשר אַליין נישט געוואוסט, צי איר וואָלט פון אַזא מין ידיעה לייכטער געוואָרן אויפן געמיט, צי גאָר נאָך שווערער...

מלכה האָט גאָרנישט געזאָגט, נאָר שטום אָנגעקוקט די מאַמע.

— אויב אַזוי — האָט לייב־חיים ווייטער גערעדט, קענ־טיק, מיט געמאַכטן קוראַזש — וועל איך דיר חיה־רבקה מגלה סוד זיין, אַז דיין איידעם איז טאַקע אַוועק קיין אַמעריקע. אָט

האָט ער דער מאַמען דערלאַנגט אַ פּאַפּיר — נאַ, לייען און איבערצייג דיך.

דאָס איז געווען אַ בריוו פון האַמבורג, וואָס אַנשל האָט געשיקט צו לייב־חיים וואָלבערג פאַרן אויפזעצן זיך אויף דער שיף צו פאָרן קיין אַמעריקע; ער איז, אַפּנים, געווען אין אַ ווייכער שטימונג, האָט ער געשריבן צום פעטער לייב־חיים, אום נישט צו איבערשרעקן דאָס ווייב, אים צוויסן געטון, אַז ער פאָרט קיין אַמעריקע, ווייל דאָ, אין מדינת פוילן, איז קיין לעבן נישט, און ער בעט אים, אַלס קרוב, אַכטונג צו געבן, זיין ווייב, מלכה תחיה, זאָל דאָ אַלץ פאַרקויפן, מאַכן צו געלט. די בעלי־חובות דאַרף זי גאָר נישט צאָלן, אַ גראָשן נישט. זי זאָל טענהן איינס, אַז זי ווייסט פון גאָרנישט. זי האָט נישט גענו־מען קיין סחורה, און איז קיינעם נישט שולדיק...

— נו — רופט זיך אָן דער פעטער לייב־חיים צו דער מאַמען — איצט גלויבסטו שוין?

— יאָ — זאָגט די מאַמע אַרויס אָן אָטעם, — איצט גלויב איך שוין, איצט זע איך שוין. — זי לאָזט אַראָפּ די הענט אוממעטיק אויף די צווי קניען, אויף יעדער קני איין עלנבויגן, און פּלוצלינג צעפלאַמען זיך איר די אויגן און די ליפּן נעמען איר ציטערן...

— רבונו של עולם — שרייט זי אויס היסטעריש — אַז אַזעלכעס קאָן געשען! אז אַזעלכעס לאָזטו צו אויף דער וועלט!... און... גוואַלד!... — האָט די מאַמע מיט אַמאָל אַ געשריי געטון, ווי אַז אַ קול וואָלט זי דורכגעלעכערט, און זי איז געבליבן זיצן מיט פאַרגלייזטע אויגן אין חלשות.

מלכה איז פון אָט דער וויסטער בשורה נישט אַזוי־שרעקלעך איבערראַשט געוואָרן. זי האָט בלויז שטיל געוויינט.

---

מיט טרערן האָט מען קנאַפּ געקאָנט די לאַגע פאַרגרינ־גערן. אין שטוב האָט זיך געפונען אַ יונגע שוואַכע מוטער, מיט אַ עטלעכע חדשימדיק קינד... נאָך עטלעכע טעג האָבן אַנ־

געהויבן קומען בעלי־חובות: חלב־יידן, וואָס אַנשל האָט פון זיי געקויפט פעט־מאַטעריאַלן צו מאַכן זייף, און אַנדערע. די פּראַקטישע מאַמע איז דאָס מאָל אַרומגעגאַנגען אָן אַ קאָפּ; מלכּה האָט נאָר געבעטן, זיי זאָלן וואָס גיכער נעמען דאָס זייעריקע און אַוועקגיין. — גערט — האָט זי זיך ביי זיי געבעטן — האָב איך נישט, נאָר אַ פאַבריק מיט סחורה איז יאָ דאָ — און אַזוי ווי לייב־חיים וואָלבערג האָט נישט צו פיל צייט געהאַט דאָ אַריינצוקוקן. — האָבן טאַקע די בעלי־חובות זיך אָנעמגעטון צו דער מלאכה, צום „אָפּנעמען זיך פאַרן חוב" — אַזוי אַז אין משך פון איין וואָך איז געווען צעכאַפּט די פאַבריק זייף און די מאַטעריאַלן צו מאַכן זייף, אַז ס'איז מער נישט געבליבן, ווי הוילע ווענט און איינגעמויערטע קעסלען.

די מאַמע האָט שוין אַזוי געהאַט דעם מוט פאַרלוירן, אַז זי האָט זיך אויפגעפירט עפּעס, ווי אַ באַליידיקט קינד:

— איז ער יאָ אַוועק — האָט זי גערעדט מיט ברענענדיקער שנאה — — טאָ זאָל אים אַלץ נאָכגיין אין דער ערד אַריין, די גאַנצע פאַבריק; דער גאָט, וואָס האָט מיין קינד געהאָלפן ביז „אים", דער גאָט לעבט נאָך...

און די דערשלאָגענע מלכּה האָט אויף אַלץ צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

...ווייטער בלייבן וואוינען אין דער גרויסער דירה האָט מלכּה נישט געקאָנט און נישט געוואָלט. די הויזווירטן — אַן אַלטע דייטשקע, אַן אַלמנה נאָך אַ רוסישן פּולקאָווניק, האָט אָבער גאָרנישט געוואָלט זיך צוהערן צו דער מאַמעס תּחנונים און טרערן. זי האָט אַנדערש נישט געוואָלט, נאָר מ'זאָל איר נאָכקומען לויטן קאָנטראַקט, וואָס איז געמאַכט אויף דריי יאָר: אויסוואוינען דעם טערמין אָדער באַצאָלן. נאָר דאָ איז דער פעטער לייב־חיים געפאַלן אויף אַ פּלאַן: ער האָט צוזאַמענגעפירט די מאַמע מיט איר לאַנגאָניקן שונא—דעם שטיפבּרודער מאָריץ.

— מאָריץ — האָט לייב־חיים צו פאַרשטיין געגעבן —

מאָריץ האָט א געשליפן צינגל. ער רעדט ווי אַן אַדוואָקאַט רוסיש און דייטש...

מאָריץ האָט זיך געלאָזט איבערבעטן. ער איז צוריפגעגאַנגען צו דער דייטשקע, צעשמועסט זיך מיט איר, און טאַקע אויסגעפועלט מער ווי די מאמע. מ׳איז ווי עס איז אַדורכגעקומען... דער גרעסטער טייל מעבל איז פאַרקויפט געוואָרן, א קליינער טייל—איבערגעלאָזט. אין א אָוונט האָט בנימין, ישראל-נח מיט אבאָן צו הילף די רעשט מעבל אַריבערגעטראָגן, מלכה מיטן קינד האָט זיך איבערגעצויגן צוריק צו דער מאַמען אין דער אָרעמער דירה, מלכה איז געוואָרן אַן עגונה, און איידל פוץ, דער מאַמעס געשוועסטער קינד, די קנאהניצע, האָט געהאָט צו טריאומפירן:

— טעכטערלעך, אָבער וואָס האָט ענקער מאַמע נביאות געזאָגט, באַלד איינגעהויב נאָך דער גליקלעכער חתונה.

## יט

מיט מלכּהס אַהיימקומען האָט זיך אין שטוב צוריק באַזעצט די נויט. ס׳האָט זיך צוריק אָנגעהויבן דאָס אַלטע גראָעלעבן, אַביסל באַפּוצט נאָר מיט דעם איבערבלייבעכץ פון מלכּהס מעבל, וואָס איז צעשטעלט געוואָרן צווישן דער מאַמעס אָפּגעטראָגענער שטוב־ווירטשאַפט... די האַלב קראַנקע און אויסגעמוטשעטע מלכּה... און איר קינד וואָס האָט שטענדיק געוויינט... די מוטער האָט עס נישט געטאָרט אַליין זויגן און אויף צו צונעמען אַן אם זענען נישט געווען קיין מיטלען — האָט מען עס געגעבן פון א פלעשל, איז דאָס קינד נישט צופרידן געווען פון אַזאַ מין נערונג, האָט עס רק געוויינט. רק געשריגן.

שפּעטער אַריין איז געקומען צופאָרן אנשלס מוטער. זי האָט מלכּהן געטרייסט, אַז אַזעלכע זאכן טרעפן זיך. זי האָט זיך פאַרענטפערט, פאַ״ וואָס זי איז נישט געקומען ביז היינט ווייל דער מאַן אירער פילט זיך עפּעס נישט ווי עס געהער צו זיין; האָט באשטימט פאַר מלכּהן מיטן קינד אַ וועכנטלעכע פּענסיע אויף ביז אַנשל וועט צוריקקומען, ביז דאָס „משוגעת״ וועט אים פון קאָפּ אַרויס און ער וועט זיך דערמאָנען אין ווייב און קינד.

וואָס שייך צו דער אייגנטלעכער סיבה, פאַר וואָס אַנשל איז אוועק — האָט זי דערפון אַפילו הערן נישט געוואָלט: ניין, אויף איר זון קאָן זי אַזעלכעס נישט גלייבן. נישט אַנדערש — דער דאָקטאָר האָט אויף אים אויסגעטראַכט אַ שקר־בלבול...

מלכה האָט אַפילו רעגולער יעדע וואָך געקריגן צוגעשיקט די באַשטימטע סומע, די נויט אין שטוב איז אַ ביסל געלינדערט געוואָרן, דער אומעט אָבער און די מורא־שחורה זענען גאָרנישט גרינגער געוואָרן.

אַפי.ו אויף בנימינען און ישרא־נחן האָט די מורא־שחורה פון שטוב געווירקט. אַפילו בנימינען זענען שיר געקומען די טרערן אין די אויגן, צוקוקנדיק ווי די מאַמע גייט אַרויף און אַראָפּ מיטן אייניקל אויף די הענט צוזינגענדיק אים מיט אַ פול אָנגעזאַפּט קול, וואָס האָט ווי אַ מעסער דאָס האַרץ געשניטן.

און מלכה האָט דער מאַמען מיטן קינד נאָכגעקוקט, זיי באַגלייט מיט די אויגן, מיט אַ פאַרצאָגטן בליק.

אַ צרה זאָגט די וועלט, קומט זעלטן איינע אַליין, נישט מיטברענגנדיק מיט זיך נאָך עפּעס — דאָ איז דער „נאָך עפּעס״ געווען מאָריץ וואָלבערג, דער מאַמעס שטיפברודער; מאָריץ דער „אויפגעקלערטער״, מיטן געלן פאַרשווירענעם בערדל און שוואַרצע ברילן, וועלכע האָבן הינטער זייערע טונקעלער גלעזער באַהאַלטן זיינע אויגן, די „שפּיגעלעך פון דעם מענטשנס נשמה״.

מאָריץ, וואָס איז מיט דער מאַמען נאָך פון זינט איר חתונה געווען שונאים צוליב עפּעס אַ ירושה — איז איצט געוואָרן אין שטוב אַ שטאַם־גאַסט, אַ שטענדיקער איינגייער: אין אַלעם האָט ער זיין נאָז אַריינגעשטעקט, אומעטום געקראָכן מיט זיינע „וואוילע״ עצות...

ס'האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, אַז מלכה האָט מיטן מאַן אין אַמעריקע געוועקסלט בריוו. געטאָן האָט זי דאָס אַביסל לויטן ווונטש פון דער מוטער און פון דער שוויגער, און

אביסל אויך פון אייגענער צעבראָכנקייט. האָבן עלפי שכל מלכהס בריוו צום מאַן געדאַרפט זיין פּריינטלעכע: זיי זאָלן אים פאַרלאָקן, דערוועקן אין אים אַ בענקעניש צו דער פאַרלאָזטער היים. און כּדי די בריוו זאָלן טאַקע זיין געשריבן אַזוי, אַז זיי זאָלן אים טרעפן אינם ריכטיקן פּינטעלע, אין דער סטרונע פון זיין האַרץ — האָט מען לויט זיין אייגענעם פאָרשלאַג, באַשטימט אַלס צוזאַמענשטעלער פון די בריוו — מאָריצן. ער מאָריץ, דער קאַפּטשיק, דער קענער, ער וועט שוין אייגמאָל דאָס גוט מאַכן.

איז אָבער מאָריצעס „גאַנג" געווען אַזעלכער, אַז די בריוו, וואָס ער האָט צוזאַמענגעשטעלט, זענען געווען פּונקט דער היפּוך פון דעם, וואָס זיי האָבן געדאַרפט זיין. אַנשטאָט דער־האַלטנדיק אין אַמעריקע אַזאַ בריוו פון ווייב, האָט ער געענט־פערט מיט אַ להכעיס בריוו, אַזוי ווי זיין איידעלע טבע האָט אים דיקטירט.

ליידנדיק אין אַמעריקע גרויסע און האַרטע צרות, צו וועלכע ער איז נישט געוואוינט געווען פון דער היים — האָט אַנשטאָט דעם ווייב געשריבן, למשל, אַזאַ בריוו:

„ליבע פרוי, איצט אַז איך איבערלייג מיך, זע איך, אַז איך האָב קעגן דיר שלעכט געהאַנדלט, און קיין אַמעריקע האָב איך אויך נישט געדאַרפט פאָרן. איך אַרבעט דאָ זייער שווער. איך פאָר אַרום מיט אַ וועגעלע, כּ'פּיר אַרום צו פאַרקויפן קלייניקייטן... איך אַרבעט טאַקע שווער, נאָר איך האָף, אַז איך וועל זיך פאָרט צו עפּעס דערשלאָגן. איך וועל אַראָפּנעמען דיך מיטן ליבן קינד, און מיר וועלן מאַכן אַ לעבן"...

איז על פּי שכל, האָט די פרוי אים געדאַרפט צוריק שרייבן אַזוי, אַז עס זאָל זיך אים פאַרגליסטן אַהיימצוקומען — איז אָבער מאָריצס לאָגיק געווען אַן אַנדערע: אַביסל אים די גאַל מאַכן, זאָל ער וויסן, וואָס ער האָט געטאָן.

האָט מאָריץ אויפגעזעצט אַזאַ בריוו:

„...אַזוי, ליבער מאַן, ביסט שוין צו מזל געוואָרן אַ פּעד־לער און פאָרסט אַרום מיט אַ „באַסקעט" (מאָריץ האָט ליב צו ווייזן, אַז ער קען אַלע שפּראַכן, דערונטער ענגליש) אָבער

איך מיין מאן — מיר פעלט דאָ גאָרנישט. איך גיי מיר עט-לעכע מאָל אין וואָך אין טעאַטער"... און אַזוי ווייטער אין דעם טאָן אַלץ.

און אזא מויל-ווערק פאַרמאָגט דער דאַזיקער מאָריץ, אז— ווי די מאַמע פלעגט זאָגן — אַ גאנצן פולק זעלנער קאָן ער איבערדברן, האָט ער אַזוי לאנג איינגעקנעלט מיט די צוויי פרויען און אַזוי לאַנג אין זיי אַרייגערעדט, אַז אזוי און נאָר אַזוי איז ריכטיק, ביז ער האָט אויסגעפירט: מלכה האָט דעם בריוו איבערגעשריבן מיט איר האנטשריפט און אַוועקגעשיקט צום מאַן.

קומט פון אַנשלען ענטפער אויף דעם בריוו, אויך שוין אויף אַזא להכעיס אַרט...

„ליבע פרוי, דיין בריוו האָב איך געליינט מיט פיל פאַר-געניגן. נאָר באַלד שרייבן דיר ענטפער האָב איך ליידער נישט געקאָנט, ווייל איך האָב מיך געאיילט גיין אין טעאטער מיט אַ מיידל. איך האָב דאָ עטלעכע מיידלעך. נאָר די הויפט זע-נען צוויי, אַ בלאָנדינקע און א בראָנעטקע. די בלאָנדינקע קושט הייסער, נאָר די בראָנעטקע האָט אויך אירע מעלות"...

אין שטוב איז נאָך אַזא „ליב-הארציקן" בריוו געוואָרן תשעה-באָב, פיל טרערן זענען פאַרגאָסן געוואָרן, קללות האָבן געפלאַטערט אין לופט, און מאָריץ האָט טריאומפירט:

— אַהאַ! נו, ווייס איך שוין וואָס איך טו?...

---

יענע צייט האָט ישראל-נח שוין אויך אָנטייל גענומען אין דער באַוועגונג. ער איז געווען אַ גוטער און ענערגישער חבר, נאָר אַ צוריקגעהאַלטענער, און זיך געהיטן מיט זיין אָנגע-הערן צו דער באַוועגונג אפילו פאַר די חברים גופא.

צוזעענדיק דער מאַמעס צעבראָכנקייט און ליידן פון דער לעצטער צייט צוליב מלכהן — האָט ישראל-נח געטאָן אַלע מעגלעכקייטן, זי זאָל זיך נישט דערוויסן, אַז ער געהערט שוין

אויך צו דער פּאַרטיי, אַז ער „שטעלט שוין אויך זיין לעבן אין קאָן" — ווי די מאַמע פּלעגט דאָס רופן.

אַ צייט איז דאָס ישראל־נחן טאַקע געראָטן: די מאַמע האָט גאָרנישט געוואוּסט און גאָרנישט זיך געמערקט. אַזוי לאַנג, ביז... ביז מאָריץ וואָלבערג האָט זיך דאָס דערוואוּסט.

מאָריץ וואָלבערג געהערט צו יענעם סאָרט מענטשן, וואָס ווילן דווקא מ׳זאָל וועגן זיי האָבן אַ מיינונג, אַז זיי ווייסן אַלץ; אַז נישט פאַרהאַנען גאָר דאָס געהיימניש, וואָס זאָל פאַר זיי נישט זיין אָפן און אַנטפּלעקט.

פון וואַנען האָט מאָריץ זיך דערוואוּסט, אַז ישראל־נח געהערט שוין אויך צו דער „חברה"? מעגלעך, אַז ער האָט געכאַפּט עפּעס אַ וואָרט פון מנשה דעם פלאַפּלער, וועלכער איז אַ היפּש ביסל געווען געראָטן אין אָט דעם פעטער זיינעם — ס׳איז אָבער אויך מעגלעך, אז מאָריץ האָט אין אמתן גאָר נישט געוואוּסט, נאָר סתּם אַ רעד געטאָן, מ׳זאָל מיינען, אַז ער ווייסט עפּעס. עפּעס געהערט, עפּעס זיך געמערקט, עפּעס אַליין צוגעטראַכט — און פאַרטיק אַ מעשה מיט וואָס צו קומען גוט יום־טוב ביטן.

איז עס געווען אַ שבת־נאָכמיטאָג. ישראל־נח זיצט ביים פענצטער, קוקט אין אַ בוך. אין צווייטן עק חדר געפינט זיך מאָריץ, ער שמועסט עפּעס מיט דער מאַמען און מיט מלכהן, גיט זיי „גוטע" עצות וועגן עפּעס, ווי זיין שטייגער. מיט אַמאָל גיט מאָריץ הינטערווייליקן אַ גיי צו צו ישראל־נחן, גיט לצנות־דיק אַזאַ לייג זיינע צוויי הענט אויף ישראל־נחס קאָפּ, ווי אַ ייִדע בענטשט אַן אייניקל, און רופט זיך אָן מיט זיין טאָן פון אַן אַלץ־ווייסער;

— שטיל טרישעקל כשרס! געהערסט דאָך אויך שוין צו דער חברה אַחדות — העי, טרישעקל? ראָזנבלום סאמועל האָט מיר געזאָגט, אַז ווען נישט זיין רחמנות צו דיין מאַמע און שוועסטער, וואָלט ער דיר געגעבן דעם לויף־פּאַס פון זיין פאַבריק, ערשט קוים כ׳האָב אים אַביסל איינגעשטילט...

ישראל־נח האָט שאַרף אַ קוק געטאָן אויף מאָריצן מיט

צעגליטע און שטרענגע אויגן, גרייט דאָס מויל צו עפענען, נאָר ער האָט זיך באַגעגנט מיט דער מאַמעס בעטנדיקן בליק, ער זאָל פאַרשווייגן. ער האָט זיך אַ רגע געוואַקלט מיט דער דעה, צי ער זאָל דאָס מאָל נאָכגעבן דער מאַמען, רויט געוואָרן, אָנגעכמורעט, און זיך צוריקגעקערט צום בוך.

מאָריץ איז נאָך אַביסל געזעסן. ער האָט, מוז זיין דערשפּירט אין דער אומפריינטלעכער שטילקייט, וואָס איז איינגעטרעטן נאָך זיין זאָג, אַז די געמיטער דאָ אין שטוב זענען איצט נישט גענייגט צו אים גוט, האָט ער ברוּם געטאָן, ווי צו זיך: „כ׳בין מיך דאָ פאַרזעסן, און ביי סאַמועלן קוקט מען מיך אויס" — און איז אַוועקגעגאַנגען.

נאָך מאָריצעס צומאַכן הינטער זיך די טיר, האָט זיך מלכה אָנגערופן אויפגערעגט:

— גאָט אין הימל! וואָס וויל דער מענטש פון אונז האָבן? איינמאָל געגאַנגען פאַר מיר צו דער דייטשקע וועגן אָפּנעמען די דירה — קאָן מען פון אים שוין גאָרנישט פּטור ווערן. וואָס האָט ער זיך אויף אונז אָנגעזעצט?!

דערויף האָט די מאַמע אַ זאָג־געטאָן:

— ווייסט נישט, מיין קינד — אז מ׳לייגט צו אַ פּלאַסטער צו אַן אומריין קעפּל — ביים צולייגן איז אַזוי גוט, דער דער פּלאַסטער גיט זיך אַ קלעפּ צו, ס׳איז אַ מחיה ווייך און גוט... אָבער ביים אַראָפּרייסן צוריק דעם צוגעקלאַפּטן פּלאַסטער איז — סכּנת נפשות!..

דער מאַמעס פאַרגלייך מאָריצן צו אַ פּלאַסטער — איז געווען אַזוי בילדלעך און געלונגען, אַזש ישראל־נח ביים פענצטער און מלכה מיטן קינד אויף די הענט האָבן זיך צעלאַכט. זעענדיק, אַז די קינדער לאַכן, האָט זיך די מאַמע אויך צעשמייכלט. די לופט איז אויף אַ מינוט געוואָרן הייטערער. ס׳האָט זיך געפילט, ווי אַן אָפּשיין פון אַ זון־שטראַל, וואָס האָט זיך צום פענצטער פאַרגנבעט און אין שטוב אריינגעקוקט.

## כ

עטלעכע וואָכן לאַנג האָבן זיך געפירט אונטערהאַנדלונגען צווישן די פאָרשטייער פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי און פאָרשטייער פון דער „יידישער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אַרבעטער פאַרטיי״, און לסוף ארום מיטן ווינטער איז פאָרגעקומען א פארשטענדיקונג איינצוואָרדנען צוזאַמען אַן עפנטלעכע דעמאָנסטראַציע.

די דעמאָנסטראַציע איז נויטיק געווען פאר ביידע פאַרטייען: קודם-כל צו באַווייזן דער עפנטלעכקייט, אז מ׳עקזיסטירט און צו געווינען סימפאטיע ביי דער באַפעלקערונג כדי צו צוקריגן נייע כוחות.

דאָס וואָס די אונטערהאַנדלונגען צווישן די צוויי סאָציאַליסטישע פאַרטייען האָבן זיך אַזוי לאַנג געצויגן, איז געווען וויל תחילת האָט די „פוילישע סאָציאַליסטישע פאַרטיי״ נישט געוואָלט באַשטיין, אַז די יידן זאָלן זיך באַטייליקן מיט אַ באַזונדערער פאָן מיט א יידישער אויפשריפט און מיט זינגען יידישע רעוואָלוציאָנערע לידער. דער פאָרשטייער פון פ. פּ. ס. דער ייד פיליפּ, האָט תחילת געטענהט, אז זיי — זיינע חברים — קאָנען נאָך פאַרשטיין, אז די דאָזיקע סאָציאלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וועלכע רופט זיך „יידישע״, געהערט צו דער רוסי־

שער „ס. ד.״ — אָבער קיין ספּעציעל יידישע קאָן גאָרנישט געמאָלט זיין, אַזוי ווי עס קאָן נישט געמאָלט זיין קיין יידיש פאָלק און דער זשאַרגאָן — קאָן נישט אָנגערופן ווערן „שפּראַך״.

נאָר ענדלעך איז מען פאָרט אַדורכגעקומען: אַ באַזונדערע פאָן מיט אַ יידישער אויפשריפט האָט מען די יידן נאָכגעגעבן, נישט מער די פאָן זאָל געטראָגן ווערן די צווייטע הינטער דער פּוילישער, און זינגען זאָל מען נאָר פּוילישע רעוואָלוציאָנערע לידער. גיין וועט צוזאַמען, כדי נישט צעברעקלען די כוחות און קאָנען שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער פּאָליציי, אויב ס׳וועט זיין נאָר אַ קליין הייפל סטראַזשניקעס.

ס׳איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן, גענוי ווי אַזוי איינצואָרדענען די דעמאָנסטראַציע: פאָרקומען זאָל זי אין אַ זונטאָג. מיטאָג-צייט זאָל מען זיך זאַמלען פאַר דער קירך. ווען דער עולם וועט אַרויסגיין פון דער קירך, זאָל דער באַשטימטער חבר אַרויסציען די פאָן, און אַזוי, צוזאַמען מיטן קירך-עולם, זאָל מען זיך אריינדרייען אין דער אַלעיע ביז צו דער טעאַטער-געביידע, דאָרט צוריק באַהאַלטן די פענער און פאַנאַנדערלאָזן דעם עולם. יעדער פאָרשטייער האָט דאָס צווויסנגעטאָן זיין אָרגאַניזאַציע, פון דער אָרגאַניזאַציע איז דאָס צעטראָגן געוואָרן איבער די קרייזלעך — און די חברים האָבן געוואַרט אויף דעם באַשטימטן זונטאָג, ווער מיט מער און ווער מיט ווייניקער מוט.

---

דער ווינטער איז געווען אַ נישט גאָר שטרענגער: מיטעלע פרעסט און נישט שטאַרקע ווינטן. דעם שבת-צונאַכט, וואָס מאָרגן האָט געדאַרפט פאָרקומען די דעמאָנסטראַציע — שפּעט אין אָוונט, איז אַ חבר געקומען נאָך בנימינען און אים מיטגערופן ערגעץ. ער האָט בנימינען געפירט אין אַ ווייטן שוואַך-באַלויכטענעם שטאָט-קוואַרטאַל. דאָרט האָט דער חבר לאַנג געזוכט און קוים געפונען עפּעס אַ הויז; טאַפּנדיק אַ ווייל

אין דער פינצטער, האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ קעלער דאָרט האָבן זיי ווידער געטאַפּט ווי די גנבים — פאַרשלאָסענע טירן, קענטיק סחורה-קאַמערן מיט אַראָפּהענגנדיקע שווערע שלעסער — ביז איין טיר, אָן אַ שלאָס, האָט זיך געלאָזט עפענען — דאָ איז געווען אַ דרעקסלער-ווערקשטעל, וואו מ'האָט איצט צוליב שבת-צונאַכט, נישט געאַרבעט, ס'האָט זיך געפילט אַ שאַרפער ריח פון פּאָליטור, האָלץ-שפּען און סתם ריח, ווי ווינטער-צייט אין א קעלער; א פאַררויכערט לעמפּל, אָנגעפּעסטיקט אין אַ דראָט האָט אַראָפּגעהאָנגען פון מיטן באַלקן. ס'האָט געדויערט, ביז די אויגן האָבן זיך צוגעוווינט עפּעס צו זען דאָ. אין אַ ווינקל זענען געזעסן אויף קלעצלעך עטלעכע מיידלעך אַ שטיק רויטער שטאָף איז געלעגן צופּאַלדעוועט ביי זיי אין שויס, און זיי האָבן זיך די אויגן געבלענדט ביי דער שוואַכער לאָמפּן-שיין, אָננייענדיק ביליקע גאָלד בענדלעך אויף די מיט קרייד אָנגעצייכנטע אותיות.

דריי מיידלעך זענען עס געווען. ווען בנימין מיט דעם חבר זענען צוגעגאַנגען באַקוקן די ארבעט, האָבן די מיידלעך דערהויבן די קעפּ. צוויי פון זיי האָט בנימין נישט געקענט. ער האָט בלויז געוואוסט, אז איינע פון זיי איז אַ פּעדלערין. די צווייטע האָט ער אינגאַנצן נישט געקענט. נאָר די דריטע — איז געווען עטל, פראָפּערס טאָכטער.

בנימין האָט זיך לעצטנס צוליב מאַנגל אין צייט, ווייניקער אָפּגעגעבן מיט די קרייזלעך. די גאַנצע פּאַרטיי-אַרבעט איז זינט באַריסעס אַרעסט געלעגן אויף אים מיט נאָך געציילטע עטלעכע חברים, א חוץ דער אַרבעט אין פאַבריק ביי דער מאַשין אויף חיונה. אזוי ווי ער האָט זיך קנאַפּ אָפּגעגעבן מיט די קרייזלעך, האָט ער נישט געקאָנט וויסן, ווער אַלץ עס באַטייליקט זיך איצט אין זיי. נאָר פונדעסטוועגן האָט אים אומאָנגענעם איבערראַשט עטלס געפינען זיך דאָ, און עס האָט אים געוווּנדערט.

ארויסקומענדיק צוריק אין גאַס, האָט בנימין געפּעגנט דעם חבר, ווער די מיידלעך זענען און צי מ'האָט נישט אַמאָל

גענומען סתם מיידלעך, וואָס קאָנען נייען און מער גאָרנישט...

דער חבר האָט דערויף געענטפערט:

— וואָס פאלט דיר איין! — דאָס זענען מיידלעך פון זכריהס קרייזל. ער טאַקע האָט זיי איבערגעגעבן צו נייען די פאָן.

בנימין האָט מער נישט גערעדט דערפון. זיי זענען איצט געגאנגען איבער דער פינצטערער אָרעמער פאָרשטאָט. בנימין האָט אַ קלער געטאָן: דער צופאל האָט אים ווידער עפּעס צוזאמענגעברענגט מיט עטלען. ער איז דערפון טרויעריק געוואָרן און וועלענדיק אפנים פארטרייבן פון זיך די נישט הייטערע געדאַנקען, האָט ער פלוצלינג אַ טראכט געטאָן:

„מאָרגן אין דער צייט, וואו וועל איך מיך געפונען?..

„מאָרגן" — האָט ער אַ זאָג געטאָן כמעט אויף אַ קול, און שטילער איבערגעחזרט אין דער טיף:

„מאָרגן"...

*     *
*

פארטאָגס, ווען בנימין און ישראל-נח האָבן זיך אָנגעטאָן, האָט בנימין אַ קוק געטאָן אין פענצטער, געזען ווי הינטער די געפרוירענע שויבן, באצירט מיט פראָסט בלומען, ווערט די פינצטערניש שיטערער, קריגט אַ בלאָלעכן קאָליר. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז היינט איז זונטאָג, און אין דער זעלבער רגע האָט ישראל-נח, וואָס איז געשטאַנען מיט דער שעפּ אין האַנט גרייט זיך צום וואַשן — ווי ער וואָלט פארשטאַנען, וואָס בנימין האָט נאָר וואָס געטראכט, אַ זאָג געטאָן:

— און אלעבעדיקן פראָסט וועלן מיר היינט אויך האָבן.

דער טאָג איז געווען אַ שטיל פראָסטיקער, ווי געוויינטלעך די לעצטע וואָכן; ס'איז געווען אַ צוויי וואָכן נאָך ניי-יאָר. שפּעטער, אין טאָג אריין, האָט זיך אַ בייזע רויטע זון צעשמייכלט איבערן איינגעפרעסטן שניי און די איינגעפרוירענע בלישטשענדיקע רינשטאָקן, וואָס חדר-יינגלעך האָבן זיי געכטן

שבת געשאַרפט גליטשנדיק זיך. קעגן א זייגער עלף האָט בנימין אָפּגעשטעלט זיין מאשין און אוועק אויפן באַשטימטן אָרט, לעבן דער קירך, אַ קוק טאָן ווי דאָרט זעט אויס, צי עס זאַמלט זיך אַן עולם.

דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס, מענטשן זע־נען געגאַנגען אייליק, צוהאַלטנדיק זיך די אויערן מיט די באַהענטשקעטע הענט, כּדי זיי אַביסל צו דערוואַרעמען.

בנימין האָט זיך באמיט גיין מיט א לאַנגזאַמען, ווי ווייט מעגלעך געלאַסענעם טריט. ער איז אַהינגעקומען, געגאַנגען פאַרביי דער קירך. ס'איז דאָרט נישט געווען צו דערקענען קיין שום באַזונדערס: דרינען האָט מען געזונגען אין כאָר, דרויסן אויפן פראָסט, האָבן געשפּאַצירט און געשטאַנען אין רעדלעך זונטאָגדיק אָנגעטוענע שקצים — אַלץ ווי געוויינטלעך יעדן זונטאָג.

בנימין איז אַריינגעגאַנגען אין דער אַלעיע און גענו־מען שפּאַצירן.

דער יינגער סטראַזשניק, וואָס איז געשטאַנען אין ראָג, האָט קענטיק גאָרנישט חושד געווען. ער איז געווען וואַרעם אָנגעטאָן, דער סטראַזשניק, אַ הויכן פוטער־קאָלנער אַרום די אויערן, די הענט — אין וואָלענע הענטשקעס, איז ער זיך געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ, קלאַפּנדיק הי־מלעך איין האַנט אָן דער צווייטער, אַפּנים נישט אַזוי ווייט פון קעלט, ווי סתּם פון צופרידנקייט פונם געזונטן ווינטער־טאָג.

טיפער אַראָפּ אין דער אַלעיע איז שוין יאָ געווען צו עפּעס באַמערקן, און וואָס ווייטער האָט עס זיך אַלץ מער געגעבן צו דערקענען: יידישע אַרבעטער, צו צוויי און דריי, האָבן דאָ היינט אין אַ אַרבעטס־טאָג, געשפּאַצירט, טייל שמועסנדיק לע־בעדיק פון אַרבעטער ענינים. און אַנדערע ווידער, ערנסטערע נישט אַזוי פיל שמועסנדיק, ווי מיט פּנימער פול דערוואַרטונג.

פאַרבייגייענדיק, איין חברותא נעבן דער צווייטער, האָט מען זיך נישט געגריסט, נאָר אַ וואונק געטאָן מיט די צעבלישטשע־טע אויגן. און ס'איז גענוג געווען, מ'האָט זיך פאַרשטאַנען.

דער וואַרשעווער — באַשטימט אַלס דער פּאָן־טרעגער — איז געגאַנגען מיט זכריהן. ער האָט געהאַלטן אין האַנט אַ נייעם דיקן שטעקן, כּלומרשט אַלס שפּאַציר־שטעקן. דאָס איז געווען דער פאָן־שטעקן, געמאַכט הויל, איין שטעקן אַריינגעלאָזט אין צווייטן אַ דיקערן. די פאָן גופא האָט ער געטראָגן צוזאַמענגעלייגט אין בוזים.

זעענדיק ווי אַלץ איז אויפן אָרט און מ׳זאַמלט זיך, מ׳שטעלט זיך צו, איז בנימין הייטער געוואָרן. דער גלויבן, וואָס האָט טיילמאָל אַביסל טונקעלער אין אים געפלאַמט, האָט זיך איצט אָנגעצונדן אין אים מיט דער גאַנצער העלקייט און אַ וואַרעמקייט האָט אין אים געכוואַליעט...

נאָר ווען ער האָט אַביסל ווייטער געטראָפן אַ פּאָרל — עטלען מיט גימפּלען, איז בנימין מיט אַמאָל באַפאַלן אַ מרה־שחורה. ער האָט דערפילט אַ קלאַפּ אין האַרץ, אַ קעלט האָט אין אים אַ ווייע געטאָן.

בנימין האָט דערנאָך זיך געטראָפן מיט זכריהן. גייענדיק מיט אים, האָט בנימין געפרעגט, ווייזנדיק מיטן בליק אויף דעם פּאָרל:

— דו קענסט זיי?

— יאָ — האָט זכריה געענטפערט — זי איז אין מיינס אַ קרייזל. אַ גאַנץ טיכטיקע חברטע, אַ באַוואוסטזיניקע. „ער" — איז דאַכט זיך איר חתן, צי נישט קיין חתן נאָך; אים קען איך נישט.

— צי ווייסטו כאָטש, אַז ער געהערט צו די „וואוילע ייִנגען" און איז אַביסל אַ פאַרדעכטיקע פּערזענלעכקייט?..

— און אַז ער איז געווען אַ „וואוילער ייִנג" — פרעגט זכריה צוריק מיט פּאַריבל — וואָס באַווייזט דאָס? — ווייניק וואוילע ייִנגען און אַפילו פּראָפעסיאָנעלע גנבים ווערן גוטע און איבערגעגעבענע חברים — און פילנדיק אַז בנימין האַלט זיי אין חשד, האָט זכריה צוגעלייגט:

מ׳דאַרף גאָרנישט באַטראַכטן — ער איז אַן אַרבעטער, זי איז אַן אַרבעטערין. מ׳קאָן גאַנץ רואיק זיין וועגן זיי. איך נעם אויף מיר די פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

און אַביסל אַ ברוגזער, איז ער אָפּגעגאַנגען פון בנימינען, צוריק צום וואַרשעווער.

ס'איז געוואָרן קירך-גאַנג. די גלאָקן האָבן גענומען קלינגען די מיטאָג-שעה. דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן אַרויספּאַקן פון דער קירך. די יידישע בחורים און מיידלעך האָבן געוואַרט אויף די טראָטואַרן, אומגעדולדיק געוואַרט אויף דער רגע ווען ס'וועט זיך דערהויבן די רויטע פאָן.

דער קירך-עולם: מענער און ווייבער, יינגע און אַלטע: זונטאָגדיק-אָנגעטאָנענע מיט די געבעט-ביכלעך אין די הענט, זענען געשטאַנען אַ ווייל פאַר דער קירך, אָפּוואַרטנדיק קרובים און שכנים — זיי האָט, קענטיק זיך גאָרנישט געחלומט פון דעם, וואָס דאָ דאַרף באַלד פאָרקומען. לאַנגזאַם איז מען זיך צעגאַנגען איבער די טראָטואַרן. פאַר דער קירך איז געוואָרן שיטערלעך. אַנדערע זענען אַרויסגעקומען, און — אויך דאָס אייגענע...

— וואָס איז דאָס? האָט שלמה קאָזשימינקער אויפגערעגט זיך אַ ווענד געטאָן צו בנימינען — „זיי" ווייזן זיך דאָך עפּעס גאָרנישט — מוזן אונז האָבן אָפּגענאַרט, צי וואָס?

בנימין האָט אַ מאַך געטאָן מיט די פּלייצעס, ס'האָט טאַקע אַ פּנים געהאַט, ווי מ'וואָלט זיי גלאַט אַהער פאַרנאַרט אויף גאָרנישט.

ווידער איז געוואָרן געדיכטלעך פאַר דער קרך, די לעצטע דאַווענער זענען אַרויסגעקומען, און ווידער האָט דער עולם גענומען פאַרנאַנדערגיין זיך. בנימין האָט זיך געטאָן אַ קוק אַרום ער האָט זיך באַגעגנט מיט וואַרשעווערס בליק: יענער האָט געהאַט אַ פּנים, נאָר די וועלט חרוב צו מאַכן פאַר כעס...

נאָר די לעצטע מינוט, ווען קיינער האָט שוין נישט גערעכט זיך, איז עפּעס געוואָרן אַ געלויף אין אַ צווייטער זייט. הארט לעבן ראָג אלעיע, וואו ס'איז איצט געווען פול מענטשן. אַלע האָבן גענומען אהינקוקן. דאָרט האָט שוין געפלאַטערט אַ רויטע פאָן מיט אַ פּוילישער אויפשריפט. דער אַרומיקער עולם

האָט אָנגעהויבן לויפן. באַלד האָט געגומען פלאַטערן נאָך אַ פאָן, מיט אַ יידישער אויפשריפט — און צוזאַמען אין רייען, ווי אַ פעסט געשלאָסענע אַרמיי, אויסגעמישט יידן און קריסטן, און מיט רויטע פלאַטערנדיקע פענער פאָרויס, האָט זיך דער צוג גע-לאָזט מאַרשירן מיטן ברייטן וועג אין דער אַלעיע.

אַ היפשע ווייל האָט דער צוג געמאַרשירט אומגעשטערט, רואיק און זיכער. ס'האָט געשאַלט אַ פוילישע רעוואָלוציאָנער-ליד, וועגן די העבקער, וואָס זויפן דאָס בלוט פון פאַריאָכטן אונטערדריקטן פאָלק... באַלד האָט גענומען שאַלן דער אַרבע-טער הימן; די יידן האָבן אים געזונגען מיט יידישע ווערטער אויף די באַלקאָנען און אין די פענצטער האָבן זיך באַוויזן פאַרמעגלעכע בירגער מיט די פרויען און קינדער און זיך צוגעקוקט...

נאָר אָט איז איילִיק, ווי פייערלעשער צו אַ שרפה געקומען אַ „סטאַרשי" מיט עטלעכע סטראַזשניקעס. זיי זענען געווען בלייך און האָבן געסאָפּעט, ווי די געגז, און ווייזט אויס, דער-זעענדיק אַז דער עולם איז פאַר זייערע כוחות צו גרויס, צו שטאַרק — זענען זיי געבליבן שטיין אַביסל אָפּגערוקט, מיט אומבאַהאָלפענע מינעס און געקוקט — סתּם זיך צוגעקוקט צו דעם, וואָס גייט דאָ פאָר פאַר זייערע אויגן.

דער דעמאָנסטרירנדער עולם ווידער, זעענדיק אַז די אָפּ-טיילונג פּאָליציי קוקט און שטערט גאָרנישט — איז מען ערשט רעכט ביי זיך פעסט געוואָרן: נאָך העכער און נאָך זיכערער האָבן גענומען שאַלן די טענער פון דער מאַרסעליעזע, נאָך שטאָלצער פלאַטערן די פענער, און דער צוג האָט גערירט אַלץ ווייטער...

נאָר מיט אַמאָל, אין מיטן בעסטן, איז עפּעס געוואָרן אַ געשטופּעניש... די סטראַזשניקעס האָבן זיך אַלאָז געטאָן אין מיטן אריין, צו די פענער, מיט אויסגעשטרעקטע פויסטן. ס'האָט זיך אַ דערהער געטאָן פערד-טריט אין גאַלאָפּ... איידער נאָך מ'האָט זיך אומגעקוקט, האָט אַן אָפּטיילונג קאַוואַלעריע מיט די בלאַנקע שווערדן אין די הענט, זיך געלאָזט גלייך אויף די

דעמאָנסטראַנטן. דער געשלאָסענער מענטשן־צוג האָט זיך אַ צע־שיט געטאָן ווי א פעסטער שטאַרקער בוים ווערט צעשפּליטערט. א קופּע מענטשן ווי מילבן, האָט זיך געקנוילט אויף דער ערד. יאָמער־געשרייען האָבן זיך אויסגעמישט מיטן גאַלאָפּ פון פערד... אין איין מינוט איז דער פּלאַץ געבליבן ליידיק פון מענטשן. אַלע זענען זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן. אחוץ די, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן דורך די סטראַזשניקעס.

בנימין איז געווען פון די, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט. ער איז געלאָפן צום ערשט איינגאַנצן אָן באַוואוסטזיין. עפּעס האָט אים דער קאָפּ געשמערצט, מוז זיין פון א קלאַפּ — בלוט איז נישט געווען. „מן הסתם א קלאַפּ פון א רימען". — ער איז געלאָפן אַרויף גאַס. א פויער אָנגעטאָן ווי א דראָזשקאזש, שטיי־ענדיק פאַר א הויז, האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, ווי ער יאָגט אים נאָך און א געשריי געטאָן:

— א קאָטשע!

אַרויפצו ווידער איז אים א סטרוזש אַקעגנגעלאָפן, איינ־געבויגן, ווי אַז מען גייט כאַפּן א הון, מיט די הענט אויסגע־שפּרייט, דער לויפנדיקער זאָל אים אריינפאַלן אין די הענט. בנימין האָט אים האַסטיק פון זיך אָפּגעשטופּט און ווייטער געלאָפן.

אזוי לויפנדיק, האָט ער דערבליקט, ווי פון א באַלקאָן אָנגעשטעלט מיט מענטשן ווינקט מען עפּעס צו אים און מען ווייזט אויף זיין קאָפּ. מעכאַניש האָט ער א לייג געטאָן די האַנט צום קאָפּ, און איצט ערשט דערגאַנגען, אַז ער איז מיטן הוילן קאָפּ.

ער האָט א קוק געטאָן צום באַלקאָן מיט א פאַרצווייפלטן בליק. מ'האָט אים פון דאָרט אַראָפּגעוואָרפן א היטל. בנימין האָט דאָס א כאַפּ געטאָן, אַרויפגעלייגט אויפן קאָפּ, נישט געקוקט גאָר, ווי עס זעט אויס און צי ס'איז אים נישט צו גרויס אָדער צו קליין. מיטן היטל אויפן קאָפּ איז ער אַריינגעלאָפן אין פּאַרק, און פון פּאַרק שוין מיט געלאַסענע טריט, אַרויסגעקומען אין א צווייטן עק

שטאָט. — אָפּגעטרעטן אין דער היים אַרומגעוואַשן זיך, אָנגעטאָן זיינס א הוט, איז ער אוועק צוריק אין פאבריק, זיך געזעצט אַרבעטן, און אהיימגעגאנגען מיטאָג-עסן צוזאמען מיט אַלע ארבעטער, ווי קיינמאָל גאָרנישט.

אָט אזוי האָט זיך אָנגעהויבן און אזוי האָט זיך אויסגעלאָזט די ערשטע דעמאָנסטראַציע.

## כא

ס'איז אװעק אַ טאָג און אַ טאָג און נאָך אַ טאָג. קײן פֿרעסטן זענען נישט פֿאָרגעקומען. דער עולם אַרבעטער האָט זיך אָנגעהױבן בארואיקן, געגלײבט, אַז פּאָליצײ טראַכט שױן מן־הסתּם גאָרנישט פֿון דער פֿאָרגעקומענער דעמאָנסטראַציע. און אַזױ װי די פֿאַרלױסטן זענען געװען נישט באַדײטנדע; די מיטגלידער פֿון דער אָרגאַניזאַציע, װי אױך דער פֿאָנטרעגער (די פֿאָן האָט ער אין די קריטישע מינוט אַװעקגעװאָרפֿן) זענען געבליבן אױף דער פֿרײ — איז מען זיכער געװען, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג, און מען קאָן שױן צוריקקערן צו דער, צוליב די דעמאָנסטראַציע־הכנות, איבערגעריסענער פּאַרטײ־אַרבעט.

אין שטאָט האָט מען אױך ביסלעכװײז אױפֿגעהערט צו רעדן פֿון דעם זונטאָגדיקן געשעעניש, פֿון די „אחדות־לײט" מיט די פֿענער...

אין אמתן איז אָבער נישט אַזױ געװען. עטלעכע טעג שפּעטער איז אָט װאָס געשען:

ביינאַכט, װען בנימין איז געלעגן אין שכנות מיט ישׂראל־נחן און פֿעסט געשלאָפֿן נאָכן טאָג־אַרבעט בײ דער מאַשין, האָט אים עמעץ גענומען האַסטיק װעקן. בנימין האָט געעפֿנט די אױגן. לעבן אים איז געשטאַנען די מאַמע, אין אײן העמד,

מיט אַן אָנגעצונדן שוועבעלע אין האַנט און מיט אַ פּלאַטער־
דיק דערשראָקן קול האָט זי איִם שעפּטשענדיק איבערגעגעבן,
אַז שוין אַ גוטע ווייל קלאַפּט עמעץ אין טיר און איר דאַכט
זיך, אַז ס'איז פּאָליצײַ, וואָרום זי האָט געהערט בשעת זייער
גיין אויף די שטיגן קלינגען שווערדן און שפּאָרן... — און
איידער נאָך אין בנימינס פאַרשלאָפענעם מוח איז רעכט אַריינ־
געדרונגען דער מאַמעס רייד, האָט ער טאַקע דערהערט, אַ גראָב
קלאַפּן אין טיר. — — —

אין אַ מינוט אַרום זענען אַלע אין שטוב געווען אויף
די פיס און ווי ס'איז אָנגעטון.

— ווער קלאַפּט? קטאָ טאַם? — האָט די מאַמע געפרעגט,
צוגייענדיק צו דער טיר און אָנהאַלטנדיק מיט איין האַנט דאָס
שלעכט פאַרקנעפּלטע קלייד און מיט דער צווייטער — בײַם
ביים האַלז, און זי האָט אינגאַנצן געציטערט אַזש.

— גיכער עפן! — איז פון יענער זייט טיר געקומען אַ
באַפעל אויף רוסיש און מיט אַ וואָרנונג, אַז אויב מ'עפנט
נישט שוין, וועלן זיי אויסברעכן די טיר.

די מאַמע האָט אויפגעשלאָסן די טיר. ס'זענען אַריינגע־
קומען, מיט אָנגעצונדענע ליכט אין די הענט, עטלעכע אָנגע־
פּעלצטע סטראַזשניקעס, אַ פּריסטאַוו מיט אַ בערדל, און אַ
זשאַנדאַרם. זיי האָבן הינטער זיך די טיר פאַרשלאָסן, געבנ־
דיק דעם שליסל דעם פּריסטאַוו אין האַנט אַריין. און גלייך,
כּמעט נישט אומקוקנדיק זיך, גענומען זוכן און נישטערן אומ־
מעטום...

— פּאַנאָווע — דערדרייסט זיך די מאַמע זיי אַ פרעג
צו טון אויף פּויליש, נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין געהאַט אַלץ
אין שטוב צעוואָרפן, צענישטערט, געזוכט אפילו ביים שלאָפנ־
דיקן קינד אין וויגל — אפשר מעג איך וויסן, וואָס אַזעלכעס
איר זוכט ביי מיר? — מיט אויפקויפן גנבות גיב איך מיך נישט
אָפּ און מיינע קינדער אויך נישט.

— מיר זוכן — זאָגט דער פּריסטאַוו, זיצנדיק ביים טיש
לעבן אָנגעצונדענעם לעמפל, ווי אַ ברייטער באַלעבאָס — מיר

זוכן פאַרשידנס; אפילו באָמבעס ריכטן מיר זיך צו געפי-
נען דאָ.

— ביי מיר איז נישטאָ קיין שום טרפה זאַכן — רעדט
די מאַמע שוין דרייסטער — ווידער וואָס דו זאָגסט, פּאַניע,
„באָמבעס" — ווייסן מיר גאָרנישט, וואָס דאָס איז.

— דאָס וועלן מיר זיך באַלד איבערצייגן — זאָגט דער
פּריסטאַוו געלאסן, מיט אַ זינגעדיקן טאָן, און די זוכונג הייבט
זיך ווידער אָן.

אָפּגעזוכט אַ שעה צוויי, אַלץ דורכגעוואָרפן און גאָרנישט
געפונען, אחוץ עטלעכע צענזורירטע ביכלעך און דער [illegible]מעס
סידור, און נאָכן אויספרעגן זיך גענוי וועגן יעדן איינציקן פון
די, וואָס געפינען זיך דאָ און אפילו וועגן מלכהס מאַן, וואו ער
איז, פאַרוואָס ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, ווען ער
איז געפאָרן און מיט וואָס ער פאַרנעמט זיך דאָרט — ווענדט
זיך דער פּריסטאַוו צו די צוויי בחורים:

— ווער פון אייך איז דער עלטערער?
— איך! זאָגט בנימין.
— ווי איז דער פאַמיליען-נאָמען?
— גריף.
— גריף? — פרעגט איבער דער פּריסטאַוו, ער קוקט
אַריין אין אַ פּאַפּיר, וואָס ער האַלט אין האַנט און פרעגט
איבער:

— ווי זאָגסטו הייסטו?
די מאַמע האָט זיך אָנגערופן:
— גריף, פּאַניע, הייסן מיר.

דער פּריסטאַוו האָט נאָכאַמאָל אַריינגעקוקט אין פּאַפּירל.
ער האָט עפּעס אַ זאָג געטון צום זשאַנדאַרם. יענער האָט אויך
אַ קוק אַריין געטון און אַ מאַך געטון מיט די פּלייצעס.

ס'האָט זיך געלאָזט משער זיין, אַז דער מסור האָט נישט
געוואוסט בנימינס פאַמיליע-נאָמען און דעריבער געפינט ער
זיך נישט אין פּריסטאַוווס פּאַפּיר.

— אַלץ איינס — גיט דער פּריסטאַוו א מורמל צום שאַנדאַרם, און ער ווענדט זיך ווידער צו בנימינען:

— און אויפן נאָמען ווי?

— בנימין.

— וואָס טאַק! — האָט זיך דעם פּריסטאַווס פּנים אויסגעלייטערט — ווענטאַמין, וואָס טאַק!

— טו זיך אָן ווענטאַמין, נאָר וואַרעם, ר׳אַרן דרויסן איז א פראָסט און קום מיט אונז.

בנימין האָט זיך אָנגעטון דאָס זעלבע, אין וואָס ער גייט צו דער ארבעט.

— פּאַניע נאַטשעלניקו — איז די מאַמע צוגעטרעטן מיט א תּחנונים פּנים — פאַר וואָס נעמסטו מיר צו מיין זון, מיין פּרויט געבער?

און פאַרוואָס האָסטו דיין זון נישט געגעבן קיין גוטע דערציונג, ער זאָל געטריי זיין דעם צאַר-אימפּעראַטאָר וואָלטן מיר אים דיר נישט צוגענומען.

— איך האָב מיין זון זייער גוט דערצויגן — פּראָטעסטירט די האַלב-אָנגעטוענע צעפּלאָקערטע מאַמע — אפשר האָבן אים שלעכטע חברים אַביסל אַראָפּגעפירט פון רעכטפאַרטיקן וועג, וועט ער זיך אויך נאָך...

נאָר באַגעגנענדיק בנימינס אַ בליק צו איר, איז זי אין מיטן שטיל געוואָרן און געשטאַנען אַ דערשלאָגענע.

נאָר אַפּנים, אַז דער צאַרישער פּריסטאַוו איז אויך נישט געווען אינגאַנצן פון שטיין, אז אויך אין אים האָט עפּעס אַ פלאַטער געטון, זעענדיק די אָרעמע פאַרצאָגטע פרוי שלינגען די טרערן; שוין ביים אַוועקגיין האָט ער אַ זאָג געטון צו דער פאַראומערטער מאַמען:

— באַרויק זיך, מוטער, מיר וועלן דיין זון נישט אויפּהענגען, מיר וועלן אים נאָר אַביסל פאַרשפּאַרן, ער זאָל האָבן צייט זיך צו באַדענקען און אַנדערש ווערן.

די דאָזיקע ווערטער, געזאָגט אין אַ וואַרעמען מענטשלעכן טאָן, האָבן גוט געווירקט אויף דער מאַמען. זי האָט זיך באַ-

רויקט; אויך מלכּה און ישׂראל־נח האָבן זיך גוט געהאַלטן, בלויז נאָר סימעלע האָט נאָך געוויינט.

די סטראַזשניקעס האָבן אַרומגערינגלט בנימינען. דער פּריסטאַוו האָט נאָך מיליטעריש אַ גרויס געטון די דאָ בלייבנ־דיקע, און זיי האָבן פאַרלאָזט די שטוב, מיטנעמענדיק מיט זיך בנימינען.

די גאַסן זענען געווען אָפּגערוימט, טויט, שפּעטנאַכטיק. דער שניי האָט געקוויטשעט אונטער די פיס. די שטערן האָבן געפינקלט שאַרף און בייז, און הילכיק האָבן אָפּגעקלאַפּט די שווערע טריט אין דער ווינטערדיקער פאַר־באַגינען שטילקייט.

נישט ווייט פון בנין, וואו דער פּאָליציי־אַרעסט געפינט זיך, האָבן זיי זיך באַגעגנט מיט נאָך אַזעלכע פּאָליציי־אָפּטיי־לונגען, וואָס האָבן אויך געפירט אַרעסטירטע. איינציקווייז האָט מען די פאַרנומענע אַריינגעפירט אין פּעדער־שטיבל. דאָרט זענען אַרום אַ טיש, ביי אַ פאַרקאָפּטשעט לעמפּל, געזעסן עטלעכע סטראַזשניקעס און געשפּילט אין קאָרטן. אויף דעם אַריינגע־פירטן אַרעסטאַנט האָבן זיי צומאָל קיין קוק געטון. דער סטרוזש נאָר, וואָס איז געלעגן אויף זיין שטרוי־געלעגער, האָט זיך אויפגעכאַפּט, ברוטאַל צוגעלאָפן צו דעם אַריינגעפירטן, גיך־גיך אים באַטאַפּט אויף בלינד אַלע קעשענעס און הינטערן וועסטל, ביים לייב און אַרום די פיס — אָפּגעטון דאָס זייניקע, האָט ער אויפגעשלאָסן אַ שווערע אייזערנע טיר, אָנגעכאַפּט זיין קרבן און אים גראָב אַריינגעשטופּט אין דער פינצטערער עפענונג, און הינטער אים צוריק די טיר פאַרשלאָסן.

אַריינפאַלנדיק אַהין, איז בנימין די ערשטע עטלעכע מי־נוט געווען צעטומלט. ס'איז געווען פינצטער, ממש אָנצוטאַפּן דעם חושך, און אַ שלעכטער ריח האָט דעם אָטעם פאַר־כאַפּט.

אָפּשטייענדיק עטלעכע מינוט, האָט ער זיך לאַנגזאַם גענומען רוקן. ער האָט געהערט הויך כראַפּן אַסך קולות פאַר־שידנטעניקע — זיך משער געווען, אַז דאָרט מוזן זיך געפונען געלעגערס, וואו מענטשן ליגן, האָט ער זיך פאָרזיכטיק אין דער

פינצטער געדרוקט אהין, ביז ער האָט אָנגעטאַפּט עפּעס ווי אַ ראַנד פון אַ גרויסן קאַסטן. ער האָט טאַקע באַלד אָנגעטאַפּט אַרויסשטאַרטשענדיקע פּיס, באָרוויסע און אין שטיוול — האָט ער אויסגעזוכט זיך אַן אָרט צווישן די שטאַרטשנדיקע פּיס און זיך צוגעזעצט.

פון צייט צו צייט האָט זיך געעפנט די טיר; עמעץ איז געוואָרן אַריינגעשטופּט, אַזוי ווי פריער בנימין. אין דער פינסטער איז נישט מעגלעך געווען צו דערקענען, ווער דאָס איז; יעדער איינער איז אַפּנים די ערשטע מינוט צעטומלט געוואָרן, אַזוי ווי בנימין, און יעדער איינער איז זיך פאַרקראָכן אין אַ ווינקל ערגעץ.

דערנאָך האָט בנימין, אַזוי זיצנדיק, אַביסל איינגעדרימלט ווען ער האָט די אויגן געעפנט, איז שוין געווען טאָג, איצט ערשט, ביים שוואַכן טאָג־ליכט, וואָס האָט אַריינגעדרונגען דורך די געקראַטעוועטע פענסטער — האָט בנימין אַ דערזע געטון, וואָסער עולם די פּאָליציי האָט איבער נאַכט דאָ צוזאַמענגעברענגט.

ס'איז — וואָס אַן אמת — דאָ געווען אַ טייל חברים אויך; ס'האָט זיך דאָ געפונען דער פאָן־טרעגער — דער וואַרשעווער סטאָליער; ס'איז דאָ געווען שלמה קאָזשימינקער, גדליה שעראַדזער און נאָך עטלעכע. דערפאַר אָבער איז דער גרעסטער טייל פאַרנומענע געווען אַזעלכע, וואָס האָבן לחלוטין קיין שום שייכות נישט געהאַט צו דער פאָרגעקומענער דעמאָנסטראַציע און נישט צו דער באַוועגונג בכלל.

אַזוי, למשל, האָט זיך דאָ געפונען צווישן נאָך אַנדערע אַזעלכע — אבאַ, בנימינס קרוב; ווי אַרום אבאָ איז אַהער אַריינגעפאַלן, איז טאַקע געבליבן אַ רעטעניש. אפשר האָט זיין נאָמען „וואָלבערג" גורם געווען, מען זאָל אים על־פּי טעות אַהער אַריינפּאַקן, אָנשטאָט מנשהן? און אפשר האָט ער כּאַ׳ עמעצן אין פאַבריק עפּעס געפלוידערט? איבעריקנס, ער איז דאָ נישט געווען דער איינציקער, געווען אין ערעסט היפּשלעך אַזעלכע אבאָס.

די טאָג-שעהען האָבן זיך געקרוקט אַלץ נאָענטער צו מיטאָג-צייט. הינטער די פענסטערלעך זענען געקומען מאַמעס און ברידער, זיך נאָכפרעגן אויף די זייערע... ס'האָט זיך פארשפרייט אַ קלאַנג, אַז באַלד וועט מען רופן אויף אַ „דאָפראָס"*) און אַז מ'פייניקט בשעתן פארהערן, די קאַמער איז געווען פול מיט פּאָליטישע, דאָס ביסל קרימינעלע האָבן זיך געפילט עלנט, גע-זעסן פאַר זיך אויף די נאַרעס, געשפילט אין „וואָשקעס" — און אין נאָך עפּעס אַ שפּיל מיט אַ כאָליעווע פון אַ שטיוול...

בנימין האָט זיך געפילט דאָ קוים אַביסל ערגער, ווי גע-ווייטלעך. נאָך ביינאַכט, גייענדיק פון דער היים צווישן די באַוואָפנטע סטראַזשניקעס, האָט ער אַ קלער איבער געטון און באַשטימט אין זיך, אַז אַרעסטירט ווערן איז גאָר נישט קיין אויסערגעוויינלעכס. אַריינטרעטנדיק אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, דאַרף מען זיך באַלד פאָרשטעלן, אַז אָן אַרעסטן און תפיסות וועט עס נישט אדורכגיין; עס האָט אים נאָר געמעגט פרייען, אַז דאָס אומפאַרמיידלעכע האָט אים געטראָפן ערשט איצט, ווען ער האָט דאָס, וואָס מ'האָט אין אים פארפלאַנצט — שוין ווייטער געפלאַנצט און עס איז אויפגעגאַנגען. איצט — מילא, קאָן ער שוין גיין אין תפיסה. דאָס קערנדל וועט שוין ווייטער שפּראָצן.

אַזוי האָבן זיך געצויגן די שעהן. פון צייט צו צייט האָט זיך צעקרעכצט די אייזערנע טיר. ס'איז אַריינגעקומען עפּעס אַ סטראַזשניק, אַריינגעקומען און גיך אַ רוף געטון:

— פאָן־טרעגער, אַהער צו מיר! — נאָר איבערצייגנדיק זיך, אַז זיין המצאה איז אים נישט געראָטן, און קיינער רופט זיך נישט אָפּ און גייט נישט צו, איז ער געשטאַנען אַ ווייל און אַרויסגעגאַנגען צוריק.

ס'איז געוואָרן מיטאָג־צייט. קיינער האָט נאָך גאָר נישט גע‌האַט געגעסן. דער עולם איז געווען טויט הונגעריק. עפּעס אַן אָפּגעריסענער שייגעץ, אַ גנב, האָט פאַרקויפט שטיקלעך

*) פארהער.

ברויט. דינע פענעצלעך אַזעלכע, ווי ברויט וואָלט געווען מיט גאָלד גלייך...

דער וואַרשעווער איז געווען נידערגעשלאָגן. אָנלענענדיק זיך מיט דער האַנט אָן דער גליטשיקער מויער, האָט ער פאַר בנימינען זיך דאָס האַרץ אַראָפּגערעדט, אַז ער האָט מורא, אַז ס'זאָל אים דאָ נישט אַמאָל ארויפשווימען נאָך אַ פּעקל חטאים, צוליב וועלכע ער האָט געמוזט אנטלויפן פון וואַרשע. אַ חוץ אַלעם, האָט ער הי געוואוינט אויף אַ פרעמדן פּאַס — — —; די אומשולדיק אַרייַנגעפאַלענע זענען אויך צום מייַנסטן געווען דערשלאָגן. אַבאָ האָט געוויינט, ווי אַ באַבע, נאָכאַנאַנד געהאַט פּרעטענציעס. ער האָט דערמאַנט עפּעס איינעם אַ שטיקער אַ „חאוילן-יינג", אַז נישט אנדערש נאָר ער האָט אים דאָס אָפּגעטון, וואָרום מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט יענער אים, אבאָן, געוואָלט אויסדינגען א פּעדלער און אַז אבאָ האָט זיך נישט געלאָזט אויסדינגען, האָט דער וואוילער-יינג אים געסטראַשעט מיטן „רויטן קאָלנער" — איז ער דעריבער זיכער, אַז נאָר דער דאָזיקער יינג און נישט קיין אַנדערער האָט אים געמסרט.

נאָך האַלבן טאָג האָט מען געפירט איינציקווייז צום „דאָפּראָס". אַ פּריסטאַוו-געהילף מיט אַ שרייבער זענען געזעסן בייַם טיש. דער שרייבער האָט אייַנגעשריבן אין אַ בוך דעם נאָמען, עלטער... דער גהילף-פּריסטאַוו האָט געפּרובט יעדן איינעם חושד צו זיין, אלס דעם פאָן-טרעגער, צוגעזאָגט שוין צו באַפרייען, נאָר מ'זאָל אַרויסגעבן דעם נאָמען פון יענעם, וואָס האָט געטראָגן די פאָן, אָדער פון דעם וואָס האָט איינגעאָרדנט די דעמאָנסטראַציע. נאָר זעענדיק, אַז ער קריגט גאָר נישט ארויס, האָט ער באַפוילן צוריקצופירן אין אַרעסט-שטיבל.

אזוי איז אומעטיק אוועק דער טאָג. ס'איז געוואָרן אָוונט. א קליין קאניצל אָן אַ גלעזל האָט באַלויכטן די קאַמער. שפּעט אין אָוונט איז אַרייַנגעקומען א „סטאַרשע" מיט א פּאַפּיר. ער האָט אויסגערופן יעדנס נאָמען, אויסשטעלנדיק אַלע אין אַ רייַע. ס'זענען אַרייַנגעקומען סטראַזשניקעס. מ'האָט אָפּגעטיילט פון דער גרויסער רייַע צו קליינע פּאַרטיעס, און אונטער א וואך

זיי איינציקווייז ארויסגעפירט. דרויסן, פאַר דער טיר, האָט שוין געוואַרט דער תּפיסה־וואָגן — גרויס ווי אַן אָמניבוס. מ׳האָט זיך אַהין אַרייַנגעזעצט. צוויי סטראַזשניקעס, מיט רעוואָלווערן אין די הענט האָבן זיך מיט אַרייַנגעזעצט, אַנדערע — פון דרויסן, הינטן, אויף די צוויי דערויף געמאַכטע בענקלעך, און צוויי פאָרנט, לעבן שמייסער, און באַגלייט אַרום מיט פּאָליצי אויף פערד, איז דער וואָגן געפאָרן איבער די גאַסן צו דער תּפיסה, וועלכע געפינט זיך הינטער דער שטאָט.

## כב

די ערשטע טעג האָט זיך בנימין געפילט זייער שלעכט אין דער איינצל-קאַמער: די טויטע שטילקייט האָט אים אין די אויערן געקלונגען; ביים דערהערן אַ ווייטן קייטן-געקלאַנג האָט ער אויפגעציטערט. נאָר צום מיינסטן האָט אים אַ ווילדע אומגעדולד אין איר מאַכט געהאַלטן. ער האָט זיך אָפט געפילט, פונקט ווי אייבער, וואָס האָט געאיילט ערגעץ צו זייער אַ וויכטיקן און גרויסן ציל — נאָר אין מיטן בעסטן איילן האָט אים עמעץ מיט כוח אַ פאַרהאַלט געטון, לאָזט אים נישט דערלויפן, נאָר באַפעלט אים: דאָ מוזטו שטיין בלייבן, ווייל אַזוי וויל איך!

די אומגעדולד האָט געוועלטיקט איבער בנימינען מיט אַזאַ קראַפט — כאָטש מיטן קאָפּ די מויער דורכצושלאָגן און אַרויסרייסן זיך פון דאַנעט. און ווייל ער איז געווען אוממעכטיק נאָכצוקומען דער אומגעדולד, איז ער געוואָרן אַפּאַטיש, נערוועז טרויעריק. צום מיינסטן האָט זיך אים גאָרנישט געגלוסט פון אָרט זיך צו רירן; איז ער געלעגן אויפן געלעגער, האָט אים פאַרפעלט חשק מיט אייגענעם ווילן אַראָפּצוקריכן, און אַז ער איז שוין געווען אויפגעשטאַנען, האָט אים נישט געגליסט זיך די האַנט צו באַוועגן, צום עסן זיך צוצורירן.

דער תּפיסה-רעזשים איז נישט געווען קיין זייער שטרענגער,

פּאָליטישע אַרעסטאַנטן איז געווען נישט פיל, און מען איז זיך מיט זיי באַגאַנגען העפלעכער, ווי מיט די קרימינעלע.

אין די קאַמערן איז געווען — נישט שטאַרק, אָבער צימלעך ליכטיק און טרוקן; די קעלט האָט זיך נישט זייער געפילט.

ס'איז אַוועק אַ וואָך און נאָך אַ וואָך. בנימין האָט זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט צום טויט-שטילן לעבן דאָ. די טאָג-טעגלעכע, כאָטש קורצע, שפּאַצירונגען אויפן גרוימען הויף, וואָס אין פאַבריק האָט ער דאָס נישט געהאַט, האָבן גוט געווירקט אויף זיין געזונט, און זיין געדאַנק האָט אייבציקווייז—אָן זיין וויסן אפילו—זיך צוגעפּאַסט צום תפיסה-לעבן.

די „צייט" אין תפיסה — נישט איינגעטיילט, חי ביים פרייען מענטש, אין טאָג און נאַכט, וואָך און חודש — נאָר אַזאַ לאַנג איינטעניק שטיק צייט, אין וועלכן עס זענען לחלוטין נישט בייטיק די טעג און נעכט, ווי סתם זיך טויטע שטיקער טאָג-ליכט און פינצטערניש; דאָס לעבן אין דער איינצל-קאַמער, ווי בכלל דאָס לעבן אין תפיסה — אַ־עם אין איינדרוקן, אַזוי פאַרן אויג, ווי פאַרן מוח — האָט זיך דער געדאַנק בנימינס צוריקגעצויגן פון דער אויסערלעכער וועלט, אַריין אין דער טיף, אין זיך, און פון דאָרט, פון זיין טיפער אינערלעכקייט, האָט דער דמיון אויסגעגראָבן לאַנג איבערגעלעבטע פּיצעלעך, ברעקעלעך; מאָמענטן און מינוטן, וואָס אויף דער פריי זענען זיי אים אַדורך נישט באַמערקט, נאָר אַפּנים געבליבן ליגן אינעווייניק אויפן דעק פון דער נשמה, אַזוי ווי קרישעלעך עסנוואַרג בלייבן אַמאָל ליגן אין דער טיף פון אַ קעשענע. — איצט האָט דער געדאַנק אָט די פאַרגעסענע „קרישעלעך" אויפגעשעפּט, און ווי אַ שפּין, וואָס ציט פעדעם פון זיך אַליין, פון איר אייגן אינגעווייד, — אַזוי האָט דער געדאַנק בנימינס אָט די פון תהום אויפגעשעפּטע קרישעלעך, איבערלעבונגען פון זיין פריסטער קינדהייט ביז דער סאַמער לעצטער צייט — באַלעבט, געשפּינען און באַוואָרעמט, און פון אָט די פאַנטאַסטישע זכרונות אין דער איינטעניקער ת.יסה-קאַלטער לאַנגווייליקייט האָבן זיך שטראַלן ליכט געצויגן.

אַ סך און פאַרשידנאַרטיק זענען זיי געווען אָט די טרוי-

מען, וואָס זענען איצט ביי בנימינען געווען וואָרע ווירקלעכקייט, און דאָס ווירקלעכע האַרטע תפיסה-לעבן איז אים פאַרבייגעגאַנגען, ווי אַ נישט אינטערעסאַנטער נאַרישער חלום, נישט באַרירנדיק אים גאָר, חי עס וואָלט נישט געווען די נאַקעטע אמתע ווירקלעכקייט, נאָר עפּעס גלאַט צוגעטראַכטעס.

מ'האָט אים איינמאָל צוריקגעפירט פון טעגלעכן שפּאַציר; די קאַמער איז געווען צוגערוימט; ער האָט פּונקט געטראָפן אַרויסגיין פון דאָרט דעם קרימינעלן, וואָס רייניקט די קאַמערן. בנימין האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפן בענקל. ס'האָט אים אין דער מינוט איצט גאָרנישט געאַרט, וואָס הינטער אים האָט זיך גלייך די טיר פאַרמאַכט, דער שלאָס האָט אַ גרילץ געטון און ער איז געבליבן ווידער פאַרשפּאַרט, ווי אַ פויגל אין שטייגל — ער איז געבליבן רואיק זיצן אויפן בענקל, אָן שום כוונה דערהויבן דעם בליק צום פענסטערל אין דער הויך — דורך די פאַרקראַטעוועטע שייבלעך האָט אַריינגעדרונגען דער שטאַרקער ווינטער-טאָג, און אַ איינציקער זון-שטראַל, ווי אַ הימלישער גענאָד, ווי דער זונס אַ פאַרשייטער, נאָר קרענקלעכער מוזיניק, האָט אַריינגעדרונגען אין פענסטערל, זיך אָפּגעשלאָגן אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט און דאָרט צעאַרט געפלאַטערט און געציטערט, ווי אַ גאָלדן פיין געוועב — און באַלד האָט זיך אויף דעם אָפּגערופן דאָס געמיט: עפּעס אַלטס, פאַרגעסנס, פון דער פריער קינדהייט; און באַלד עטלעכע מאָמענטן, און מער, און נאָך מער — — — האָבן זיך אַ צעבליץ געטון אין קאָפּ, אין האַרץ, אין דער נשמה, אין געמיט. איינס דעם צווייטן: דער קאָפּ — דעם געמיט, האָבן צוגעהאָלפן דאָס בילד אָדער בעסער געזאָגט: די בילדער צו דערגענצן — ער, בנימין — אַ קליין ייִנגעלע אַ פּינפּיעריקס אין דער פאַרמעגלעכער שטוב צווישן טאַטע מאַמע און שוועסטער; אין חדר און אין גאַס; אין פרייע טעג אָן חדר... הימלען, בערעלעך, יאָסטעלעך האָבן ווי אין אַ צויבער-זעונג זיך באַוועגט פאַר די אויגן, בעלאַכט, געשוועבט, געשפּילט זיך... און אַלץ מער און אַלץ טיפער איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן, אין אָט דעם שפּיל, ער האָט דאָס דעמאָלטדיקע איצט נאָך אַמאָל איבערגעלעבט. נאָך טיפער

נאָך שטאַרקער ווי דעמאָלט· געפּרייט זיך מיט יענע פרייד, הויך אויפן קול אַרויסגעלאַכט, און ווידער אומעטיק געוואָרן פון אַ דע-מאָלט נישט געלונגען קינדיש שפּיצל, פון אַ מפּלה ביים טאַטן אָדער ביים רבין אין חדר.

און ס׳האָבן זיך אַזוי געצויגן די קינדהייטס זכרונות, פּונקט ווי אין אַ פאַרצויבערטער פּאַנאָראַמע, און אַלץ ברייטער און אַלץ פאַרכאַפּנדיקער, ביז — ביז דער שלאָס פון טיר האָט אַ גרילץ געטון און אַ האַנט האָט אַריינגעלאַנגט די צינענע שיסל, און אין וועלכער ס׳האָט זיך געפונען די מיטאָג-פּאָרציע.

ווידער איינמאָל, אין אַ שניי-טאָג, גייענדיק איבערן קאָרי-דאָר אַראָפּ אויפן „שפּאַציר״, האָט בנימין אין גיין צופעליק אַ דערבליק געטון, ווי אין אויבערשטן קאָרידאָר פאַרביי די שטאַ-כעטן פון די שטיגן — האָט אַ פרוי אַ וועכטערין געפירט אַן אַרעסטירט מיידל, מוז זיין, צוריק פון שפּאַציר, און מיט איר פאַר-שוואונדן געוואָרן צווישן די קאַמערן אין דער פרויע-אָפּטיילונג.

בנימין האָט זי געזען געציילטע רגעס און פון הינטן בלויז, נאָר דעם מיידלס גאַנג און פּראָפיל האָבן אים געוואַלדיק דער-מאָנט — טעמערלען.

די גאַנצע שפּאַציר-צייט דערנאָך, האָט ער געטראַכט פון דער באַגעגעניש און פון דעם מיידלס ענלעכקייט צו טעמערלען. אַ בענקשאַפט-סטרונע האָט אים אין האַרץ געציטערט... נאָר דער-נאָך, זיצנדיק צוריק פאַרשפּאַרט אין קאַמער, האָט ער שוין אויף גאָר אַן אַנדער אופן געטראַכט פון טעמערלען.

ער איז זיכער געווען, איינגאַנצן זיכער געווען, אַז דאָס מיידל איז נישט טעמערל. ער האָט איצט געטראַכט פון טעמערלען, אַז ביי דער דעמאָנסטראַציע איז עפּעס גאָרנישט געווען זי צו זען, אַפילו איר ברודער מנשה, וועלכער שייכעסט זיך צו דער „פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי״ און פאַרפעלט נישט צו גע-פינען זיך אומעטום, וואו ס׳קומט נאָר עפּעס פאָר — אויך אים איז ביי דער דעמאָנסטראַציע נישט געווען צו זען.

בנימין איז איצט זיכער געווען, אַז זיי ביידע, אַזוי טעמערל ווי איר ברודער מנשה — (איבריקנס, מנשה האָט אים לחלוטין

נישט אינטערעסירט, נאָר כדי די באַשולדיקונג קעגן טעמערלען זאָל זיין שטאַרקער) האָבן זיך נישט באַטייליקט אין דער דעמאָנסטראַציע. זיי האָבן אפנים מורא געהאַט איינצושטעלן זיך.

„און טאַקע — האָט ער סאַרקאַסטיש געטראַכט — זי, טעמערל — איינמאָל איז זי שוין געווען אַריינגעפאַלן, געזעסן אַ מעת-לעת אין תפיסה, דאָס צווייטע מאָל האָט זי מסתמא שוין מורא געהאַט צו ריזיקירן. איבערהויפּט, אַז עס האָט געשמעקט מיט כאַפּן קלעפּ אויך, און אמאָל מיט אַ צופעליקער קויל, אויב די זעלנער וואָלטן געשאָסן.

„אָט אַזעלכע זענען זיי, די צעבאַלעוועטע רייכע טעכטער— האָט בנימין געטראַכט מיט עפּעס אַ זיסער גיפטיקייט — צום שפּילן זיך מיט סאָציאַליזם זענען זיי דאָ! כלומרשט העלפן דעם אַרבעטער אין זיין קאַמף, זיצנדיק דערביי ביים רייכן טאַטן, עסנדיק זיין ברויט און לעבנדיק אין וואוילטאָג...

„און אפשר זענען זיי גערעכט דערמיט, וואָס זיי האָבן מורא איינצושטעלן זייער גוף אין קאָן — האָט בנימין ווייטער געטראַכט, ווי להכעיס עמיצן — זיי, וואָס לעבן זיך אַזוי באַקוועם, וואָס אונזערס איינעם, אַן אַרבעטער, איז גאָרנישט באַקאַנט אַזאַ גוט לעבן — זיי דאַרף טאַקע אַ שאָד זיין צו ריזיקירן מיט אָט דעם באַקוועמען לעבן“...

און אַזוי ווייטער און ווייטער, האָט ער גיפטיק, סאַרקאַסטיש און אָפּשפּעטנדיק געטראַכט פון די כלומרשטע „פאַרברענטע אַרבעטער-פריינט“; די רייכע קינדער, די ריין און פיין אָנגעטועטע, מיט שמעקזייף זיך וואַשנדיקע אינטעליגענטן, וואָס אַזוי — פּריוואַט הייסט ער, לעבן זיי זיך פּונקט אַזוי ווי אַלע אַנדערע פון זייער סביבה, זיי חברן זיך מיט חברים פון זייער קלאַס, נאָר פון לאַנגווייליקייט, פון נישט האָבן וואו אַוועקצוהרגענען די פּוסט-און פּאַס-שעהן — קומט מען זיך צוזאַמען אַמאָל אין וואָך ערגעץ אויף אַ שעה מיט אַרבעטער, מ'שיט כלומרשט פעך און שוועבל אויף דעם קאָפּ פון דער בורזשואַזיע; מען ווייזט זיך פאַר נאָך לינקער, ווי די אַרבעטער אַליין זענען— נאָר נאָך דעם אַלעם גייט מען זיך צוריק אַהיים, אין דער רייכער

שטוב, מ׳זעצט זיך צו דער בורזשואַזער וועטשערע, וואָס איז געקויפט געוואָרן פאַרן געלט פון די זעלבע אַרבעטערס שווייס, מ׳שלאָפט זיך אין דעם זאָרגפעלטיק איינגעריכטעטן ווייכן בעט, ביז אין די שפעטע פאַרמיטאָג שעהען... — און מ׳רופט זיך „קעמפער״!

און פאַרווייטיקט, פאַרכעסט, פאַרביטערט, האָט בנימין פאַרענדיקט:

— אויב איר ווילט אויף אַן אמת העלפן דעם אַרבעטער פירן זיין גערעכטן קאַמף — טאָ פאַרלאָזט די רייכע שטובן און לעבט ווי ער, דעמאָלט וועלן מיר אייך גלויבן! — ער האָט די ווערטער אויסגעשריגן אויף אַ קול, אַזש דאָס פאַררויקערל אין דער טיר פון דרויסן האָט זיך אָוועקגעמאַכט, און אַ וואָך אויג פון וועכטער האָט זיך באַוויזן אין רונדיקן קוק־שייבל...

די צייט האָט זיך געצויגן גראָ און איינטעניק: דער היינטיקער טאָג ענלעך צום נעכטיקן און דער מאָרגנדיקער צום היינטיקן. אַ חוץ נאָר וואָס דער טאָג איז לענגער געוואָרן. אַז ס׳איז געווען זון, האָט זי זיך מיט יעדן טאָג אַלץ לענגער אויפגעהאַלטן אין קאַמער.

און אַזוי איינמאָל — זונטאָג איז דאָס געווען, אין טאָג פון די „זעונגען״ — האָט מען בנימינען אַריינגעפירט אין אַ חדר לעבן דער קאַנצעלאַריע. ער איז דאָרט געבליבן שטיין הינטער אַ פאַרצוימונג. באַלד האָט זיך פון יענע זייט פאַרצוימונג באַוויזן אַ מיידל מיט אַ פעקעלע אין האַנט. בנימין איז אַ ווייל געשטאַנען און געקוקט. ער האָט די ערשטע מינוט געמיינט, אַז דאָס מיידל איז געקומען נישט צו אים און אַז על פי טעות האָט מען אים אַהער אַריינגעפירט. בנימין האָט אַזוי אַ רעכטע ווײַלע זיך איינגעקוקט אין דעם מיידל, ביז ער האָט ערשט דערקענט — געניע.

דאָס מיידל געניע גאָר איז געקומען אים זען.

ס׳איז אים ווייך געוואָרן ביים האַרץ. שיער זענען אים געקומען טרערן אין די אויגן: פון אַלע נאָענטע, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אויף דער פריי, האָט נאָר זי אייגע געדענקט צו קומען אים זען, נישט די מאַמע, נישט אַ שוועסטער אָדער ברו-

דער — קיינער נישט, נאָר זי, אָט די איט ש־עמדלעכע... פאַר איבער־ראַשונג האָט ער נישט געוואוסט, וואָס זיך אָנצורופן צו איר, וואָס צו רעדן.

אויך זי איז, קענטיק, געווען צעטומלט; קאָן זיין, אַז דאָס טרעפן בנימינען — דעם העלד אירן — הינטער אַ פאַרצוימונג פון אייזערנע שטאַכעטן, האָט אויף איר שלעכט געווירקט. און ווי דער שטייגער ביי אינטעלעקטועל ווייניק אַנטוויקלטע מענטשן, האָט מען די ענדערונג באַלד פון איר פנים אַראָפגעלייענט.

זי איז געווען אַנטוישט, און אין דער מינוט האָט איר אודאי באַנג געטון, צו וואָס זי האָט גאָר אָנגעלייגט אַזוי פיל מי און פראָטעקציע צום תפיסה־באַאמטן, מ׳זאָל איר דערלויבן אַ „זעונג".

זיי האָבן אַדורכגעוואָרפן צווישן זיך אַ פּאָר ווערטער, געוויינלעכע טויטע ווערטער, — ווי ער פילט זיך, ווי זי פילט זיך. זי: אַז קיין נייעס הערט זיך נישט, אַלץ איז ווי געווען. און רעדן האָבן זיי דאָס נאָך געמוזט אין אַ פרעמדער שפּראַך, דער וועכטער זאָל פאַ־שטיין.

ערשט דערנאָך, זיצנדיק שוין צוריק אין קאַמער, און מאָרגן און איבערמאָרגן, האָט בנימין לאַנג און געניי, דאָס אַדורכגעטראַכט, ווי מ׳קאָן נאָר אַדורכטראַכטן אין תפיסה אין אַ איינצל קאַמער — פאַר וואָסער פרייז זי קאָן האָבן אויסגעפועלט די זעונג מיט אים, אַזאַ זעונג, וואָס ביי פּאָליטיש אַרעסטירטע קומט דאָס אפילו די נאָענטסטע קרובים געגנוג שווער אָן, און זי — אַ פרעמדע — האָט באַוויזן צו קריגן עס.

און עס האָבן זיך אים דערמאָנט די פלאַקאָנס פערפום אין איר שטיבל, דאָס פעקל פאָטאָגראַפיעס, וואָס ער האָט געפונען ליגן אין איר ש־נקל, פאַרפאַקט אין אָפגעשמעקט פליס פאַפיר; און די פאָטאָגראַפיע גופא — מיט די לאַכעדיקע ציינדלעך, דעקאָלטירט און מיט אַ פאַרפירעשן זיך אָנבאָטנדיקן שמייכל. און, אָן שום האס, אָן שום פאָראורטייל, נאָר מיט אינערלעכער פאַראַכטונג, וואָס האָט אויפגעשפּראָצט אין אים צו דעם מיידלס כאַראַקטערלאָזער שוואַכקייט, צו איר שטענדיקן זינדיקן, חרטה

האָבן און ווייטער זינדיקן; האָט ער פון פעקל, וואָס זי האָט פאַר־
אים איבערגעלאָזט, מיט פאַרשידענע עסנוואַרג און נאַשערייען,
נישט געקאָנט אין מויל נעמען. ער האָט דאָס אָפענע פעקל גע־
לאָזט ליגן אויף זיין טישל, און מיט צופרידנקייט האָט ער צו גע־
זען, ווי יעדן טאָג, ווען ער קומט צוריק פון שפּאַצירגאַנג און עס
רוימט דאָן דער קרימינעלער צו די קאַמער — פעלט אַלץ מער
אַרויס פון דעם פעקל, יעדן טאָג ווערט דאָס פעקל אַלץ לייכטער
ביז איין טאָג, נאָכן צוריקקומען פון שפּאַציר, איז שוין דערפון
גאָרנישט געבליבן.

דעמאָלט האָט בנימין דאָס ליידיקע העלע פּאַפּיר געוואָרפן
אין ווינקל אַריין. האָט ער זיך ערשט באַרויקט, געקאָנט זיך צו־
ריק אָפּגעבן צו די טרוימען, פון וועלכע ער איז צייט דער זעונג
אַביסל געשטערט געווען, ווייל „איר" פעקל איז אים פאַר די
אויגן געלעגן.

## כג

און ווידער האָבן זיך געשלעפּט טעג און נעכט, גערוקט זיך, געקראָכן, ווי די אָנפּיסיקע עקלדיקע בויכקריכנדיקע ווערעם, זיך געצויגן ערגעץ אַהין, גלייך זיי וואָלטן געהאַט עפּעס אַ ציל, ערגעץ וואו צו דער צייט אָנצוקומען.

אין תפיסה האָט זיך אַלץ געשלעפּט פויל, ווי געווייטלעך יעדן טאָג דאָס זעלבע מיטאָג-געקעכץ, מיטן אויסנאַם זונטאָג — אַ שטיקל פלייש צו דער פּאָרציע קאַשע, קרויט, אָדער האַרטע קלוסקעס...

עפּעס איינמאָל האָט מען בנימינען געפירט אין קאַנצעלאַריע אויף אַן אויספאָרשונג. איינער אַ ציוויל-געקליידעטער, מיט אַ פּליכעוואַטן קאָפּ, האָט אים געשטעלט אַ רייע נישט-קלוגע פראַגן. בנימין האָט כמעט אויף אַלע געשטעלטע פראַגן געענטפערט; געווייטלעך נישט אַזעלכע ענטפערס, ווי דער אויספאָרשער האָט זיך געוואונטשן צו הערן; דערנאָך האָט מען אים צוריקגעפירט אין קאַמער, אַ צוויי וואָכן שפּעטער האָט מען ווידער געפירט צום אויספאָרשן.

דאָס מאָל האָט דער אויספאָרשער געפונען פאַר נויטיק אָנצוהייבן מיט אַן איינלייטונג, אַז פאַר אים דעם אַרעסטירטן, איז ס'גלייכסטע אַליין זיך אין אַלעם מודה צו זיין, ווייל די שטראָף זיין

אַ קליינע. מיט לייקענען איז געבן קאַפּויערדיקע ענטפערס ווען ער זיך די לאַגע נאָר פאַרערגערן, ווארום סיי ווי סיי איז דער מאַכט שוין אַלץ באַוואוסט פון בנימינס חברים, וואָס האָבן אַלץ אָראָפּדערציילט און זיך טאַקע אַזוי אַרום פאַרלייכטערט דעם אורטייל.

די פראגן אליין אָבער זענען דאָס מאָל געווען נאָך פלעג־מאַטישער, ווי דאָס ערשטע מאָל. און שוין! נאָך דעם מאָל האָט מען אים שוין איבגאַנצן צו רו געלאָזט.

נאָר דער וועכטער מיטן גוטמוטיקן אַביסל גייציקן פּנים, וועלכער האָט אַמאָל אין געהיים איבערגעגעבן בנימינען אַ בריוול פון די חברים אויף דער פריי, האָט אים אנומעלט פאַרטרויט בסוד, אַז ער זיצט אַדמיניסטראַטיוו. דאָס הייסט, קיין פאַקטישע באַווייזן, מיט וואָס אים צו ברענגען פאַרן געריכט, זענען נישטאָ. איצט קאָן ער, אַמאָל מאָרגן שוין באַפרייט ווערן, און אַמאָל קאָן ער אַזוי אַוועקזיצן אָן חשבון גאָר.

נאָר אויב די איינזאַמקייט אין דער איינצלקאַמער האָט בנימינען צייטנווייז שווער געדריקט, האָט ער באַלד געהאַט די געלעגנהייט צו איבערצייגן זיך, אַז זיצן צוזאַמען מיט נאָך עמעצן, אַ נישט צוגעפּאסטן שכן, איז נאָך אַ סך ערגער.

דאָס איז געווען שוין אין צווייטן חודש, האָט מען צו־געזעצט צו בנימינען אין קאַמער איינעם אַ פאַרשוין אין בנימינס יאָרן, אָדער יינגער עפּעס. ער האָט בנימינען פאַרטרויט, אַז ער געהערט צו דער „באָיוווקע" פון אַ רעוואָלוציאָנערע אָרגאַ־ניזאַציע. צי דאָס איז אמת, צי נישט, האָט בנימין, נאַטירלעך, נישט געקאָנט וויסן, און נישט באַמיט זיך דאָס צו וויסן. נאָר אַז אָט דער יינג איז אַ מיאוס באַשעפעניש, אַן עקליקע פּער־זענלעכקייט, דאָס האָט בנימין באַלד געהאַט די מעגלעכקייט צו איבערצייגן זיך.

דער יינג האָט זיך אַריינגעריסן אין בנימינס נשמה, ווי אַ שטיק ווילד־פלייש אין מענטשלעכן גוף. ער האָט געפּלוידערט, געזוכט עצות ווי אַרויס אַריינצובאַקומען בראָנפן, גערעדט מי־אוסע רייד און געמאַכט בנימינען שמוציקע שענדלעכע פאָר־

שלאַגן, אַזוי אַז ווען מ'וואָלט נישט דעם יינג נאָך אַ וואָך צו־זאַמען זיצן אַרויסגענומען פון קאַמער, וואָלט בנימין געצוואונגען געווען זיך צו ווענדן וועגן דעם אין קאַנצעלאַריע.

געבליבן ווידער אליין, האָט בנימין לייכטער אָפּגעאָטעמט. ווידער האָט דער מח בשותפות מיטן געמיט געשפּינען פאַנטאַזיעס. ס'האָבן אָפּט, אַ שוועב געטון אין קאָפּ אַזעלכע געדאַנקען, וואָס אויף דער פריי, אין ווירוואַר פון לעבן, קאָנען זיי גאָרנישט זיך אַנטפּלעקן; לופטיקע און צאַרטע אַזעלכע, אַז קוים דעם שפּיץ מח האָבן זיי נאָר באַרירט, ווי דער פליגל־פּאָך פון אַ פייגעלע באַרירט קוים די לופט אין אַ קלאָרן זומער־פרימאָרגן.

...און די געשעענישן, ביי וואָס דער איינטעניקער לויף פון די טעג האָט זיך אויף אַ ווייל אָפּגעשטעלט און ווייטער גענומען זיין געווייגלעכן לויף — זענען געווען אויך אַזעלכע, פאַר אַ מענטשן אויף דער פריי — אומבאַדייטנדיקע, און דאָ אין טורמע־לעבן — אויסטערלישע און צו טראַכטן געבנדיקע.

איינמאָל, פאַרן טעגלעכן „שפּאַציר", האָט בנימין דער־הערט קלאַפּן אין וואַנט. ער האָט נישט פאַרשטאַנען נאָך, וואָס דאָס קלאַפּן באַדייט, נאָר אַז דאָס האָט זיך עטלעכע מאָל איי־בערגעחזרט, איז ער צוגעגאַנגען צו דער וואַנט, אַ ווייל גע־האָרכט און נישט וויסנדיק גאָר וואָס, נאָר מיינענדיק, אַז דאָס איז אַזאַ סיגנאַל, האָט ער געענטפערט מיט אָנקלאַפּן. דעמאָלט האָט זיך פון יענע זייט וואַנט געהערט איין און נאָך איין — צוויי לאַנגזאַמע קלעפּ, און גלייך נאָך — עטלעכע גיכע־גיכע; ווידער איין צו צוויי צי גאָר דריי זאַכטע קלעפּ, און ווידער נאָך עטלעכע גיכע־גיכע...

בנימין האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס יענער דאָרט מיינט, נאָר פאָרט האָט ער צוריק געקלאַפּט. אַזוי לאַנג געקלאַפּט, ביז דאָס פאַרריקערל פון יענער זייט קאַמער האָט זיך האַסטיק אָפּגערוקט, און אַ קול פון אַ בייזן תפיסה־וועכטער האָט אַריינ־גערעדט:

— פאַר דורכקלאַפּן זיך באַקומט מען קאַרצער!

עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען טאַקע עמעצן געשלעפּט

אין קאַרצער... אין מיטן טאָג האָבן מיט איין מאָל זיך דערהערט יאָמער קולות, אַזעלכע האַרצרייסנדיקע קולות, אַז די תפיסה איז אויפגעציטערט געוואָרן. בנימין — און מסתמא אויך אין אנדערע קאַמערן — האָט זיך צוגעהאָרכט... אַ סך טריט האָבן זיך גיהערט. עפּעס האָט מען עמעצן, מוז זיין, געשלעפּט ביי די פיס און הענט... אַ ציטער האָט בנימינען אָנגעכאַפּט. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס שלעפּט מען עמעצן צו דער תליה. און אַפּנים, אַז אַלע האָבן אזוי געמיינט. וואָרום באַלד האָט זיך דערהויבן אַ רעש און אַ געקלאַפּעריי. די גאַנצע טויט־פאַרשוויגענע תפיסה, האָט זיך צעבראַזגעט, צעבראַזט און צעשריגן, אזש דער אַלטער תפיסה־נאַטשאַלניק איז געקומען צולויפן און אַזאַ געשריי געטון אי־בערן קאָרידאָר, אז אין אַלע קאַמערן זאָל מען עס הערן:

— רואיק זאָל זיין! אַ קרימינעלער האָט עפּעס אָפּגעטון, פירט מען אים מיט גוואַלד אין קאַרצער!

האָט זיך ערשט די טרמע איינציקווייז איינגעשטילט.

ס'האָט שוין געהאַלטן ביים סוף ווינטער. די טעג זענען געווען היפּשלעך גרעסער, די פרעסט — קלענער. ביים שפּאַצירן גיין, אז ס'איז געווען זון, האָט אויפן תפיסה הויף געלאָזט דער שניי; אַלץ מער האָט זיך אין גאָרטן אַרויסגעזען די נאַקעטע שוואַרצע ערד, און דער פרישער שניי, וואָס פלעגט נאָך אַמאָל אָנפאַלן, איז אין אַ טאָג צוויי מער נישט געווען: די זון און די לופט האָבן אים געפרעסן, איינציקווייז פון אים דאָס חיות אַרויסגעצויגן, ביז ער איז געבליבן דין און שוואַך, ווי אַ נאַס פליס פאַפּירל.

דעמאָלט האָט בנימין אמאָל, שפּאַצירנדיק נישט ווייט פון דעם אָרט, וואו ס'געפינען זיך די ווערקשטעלן און וואו עס אַרבעטן בעלי־מלאכות, קרימינעלע אַרעסטאַנטן — אויפגעכאַפּט עטלעכע ווערטער פון אַ שמועס, און איין וואָרט פון די אויפ־געכאַפּטע איז געבליבן שטעקן אין בנימינס קאָפּ. דאָס וואָרט איז געווען — „מלחמה".

תחילת האָט בנימין געמיינט, אַז דאָס האָט זיך אים בלויז געדאַכט, אַז דאָס האָט זיך אים סתם אַזאַ וואָרט אויפגעכאַפּט.

נאָר אַ צווייט מאָל האָט ער אין קאַמער אויפגעכאַפּט אַ שטיקל שמועס צווישן צוויי „שליסערס“ אין קאָרידאָר, האָט ער ווידער דערכאַפּט דאָס וואָרט „מלחמה“.

— הייסט עס, אַז עס קומט פאָר אַ מלחמה. ווער מיט ווע־מען פירט מלחמה?

אַ צייט לאַנג איז אים דאָס וואָרט „מלחמה“ נישט אַרויס פון זין. דער דמיון האָט געאַרבעט צו דערגיין, ווער מיט וועמען עס פירט מלחמה... אפשר רוסלאַנד? — מיט וועמען, למשל, קאָן רוסלאַנד האָבן מלחמה? מן הסתם, מיטן דייטש! ניין! די השערה האָט ער באַלד אָפּגעוואָרפן. אָט דאָ נישט ווייט עטלעכע ווייאָרסט אינגאַנצן פון הי געפינט זיך די דייטשע גרענעץ; עס וואָלט זיך אפילו אין תפיסה געגעבן צו פילן, ווען דאָ הינטערן רוקן וואָלט פאָרגעקומען אַ מלחמה — ביז איינמאָל איז ער דאָס געווויר געוואָרן, פון דעם באַקאַנטן וועכטער דעם פּאָליאַק:

— רוסלאַנד פירט מלחמה מיט יאַפּאַן, שוין עטלעכע חדשים.

— רוסלאַנד — מלחמה!... מלחמה אין לאַנד!...

און נאָך דעם וויכטיקן גייעס, ווען דאָס תפיסה־לעבן האָט זיך ווייטער געפירט מיט דעם זעלבן טויט־שטייפן סדר, נישט אַ האָרעלע אַנדערש — האָט זיך בנימינס געדאַנק קאָנצענטרירט אַרום דעם וואָרט מלחמה.

— מלחמה, מענטשן-שחיטה... — בנימין איז נאָך קיינמאָל אין מלחמה נישט געווען, נישט געזען ווי דאָרט גייט צו, העכסטנס פון לייענען אַ מלחמה־באַשרייבונג האָט ער זיך געקאָנט אַביסל פאָרשטעלן.

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער סכסוך צווישן רוסלאַנד און יאַפּאַן, צוליב וועלכן די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, איז נישט אַזאַ סכסוך, וואָס איז נוגע דעם פאָלקס אינטערעסן, וואָס אָן אָט דער מלחמה זאָל זיך דאָס פאָלק נישט קאָנען באַגיין.

יאַפּאַן, וואָס ליגט ערגעץ ווייט אין אַזיען, פירט קריג מיט רוסלאַנד, אָדער רוסלאַנד מיט יאַפּאַן — מן הסתם צוליב עפּעס דאָרט אַן אַמביציע צווישן קיסרים, וועגן אַ שטיק לאַנד

געוויינלעך, וואָס דאָס איז רוסלאַנד גאָרנישט נויטיק, און מענטשן, פרידלעכע מענטשן, גייען זיך לאָזן הרגענען דערפאַר. אַט מענטשן ווי אַ סטאַדע בהמות, דער פאַסטוך מיט דער בייטש טרייבט אין שעכט-הויז — און מ׳גייט.

ס׳זענען אַזוי ווייטער אַוועק טעג און טעג. די לופט איז געוואָרן אַלץ וואַרעמער; אַז מ׳האָט דיך אַ־ויסגעפירט אויפן תפיסה-הויף „שפּאַצירן", האָסטו געשלונגען די לופט, ווי אַ באַלזאַם. די האַלבע שעה איז דיר אַוועק גיך, ווי אַ מינוטקעלע קוים... און דעמאָלט האָט איינמאָל ווידער פּאַסירט אַ זאַך, וואָס האָט בנימינס גלייכגעוויכט אַ טרייסל געטון: ווען ער איז איינמאָל צוריק געקומען פון שפּאַציר, האָט ער אונטער דעם ציגענעם טעפּל, וואָס שטייט אויפן בענקל מיט וואַסער צום טרינקען, געפונען ליגן אַ בריוול, וואָס, ווייזט אויס, דער קרימינעלער, וואָס רוימט צו די קאַמערן, האָט עס אים אונטערגעלייגט.

פון אויבן האָט זיך געפונען אַן אויפשריפט אין פּויליש, אַז נאָכן אַדורכלייענען זאָל מען דאָס צומאַרגנס צוריק לייגן אויף דעם זעלבן אָרט, וואו מ׳האָט דאָס היינט געפונען.

אינעווייניק האָבן זיך געפונען עטלעכע שורות, אין וועלכע איינער, אָן אַ נאָמען, האָט צוזיסנגעטון בנימינען, נישט אָנרופנדיק אויך זיין נאָמען, אַז אין פאַל מ׳וועט אים ווידער רופן אויף אַ פאַרהער, זאָל ער זיך ווייטער צו גאָרנישט אָנערקענען. ווארום קיין שום פאַקטישע באַווייזן קעגן אים, ווי אויך קעגן די אַלע מיט אים צוזאַמען פאַרהאַלטענע איז נישטאָ, צום געריכט קאָן מען זיי נישט איבערגעבן, זיי זיצן נאָר אַדמיניסטראַטיוו; מ׳וואָלט זיי אפשר פאַרשיקט אין סיביר, נאָר איצט צוליב דער מלחמה אין ווייטן מזרח, ווערט אַהין נישט פאַרשיקט; און איבערהויפּט, לויט ווי ס׳הערט זיך, איז איצט די פּאָליטישע אַטמאָספערע אַביסל לייכטער — איז גאַנץ מעגלעך, אַז מען זאָל זיי אין גיכן באַפרייען — אַדמיניסטראַטיוו זיצט מען געוויינטלעך נאָר דריי חדשים.

בנימין האָט אַזוי געטון, ווי אין בריוול האָט מען פאַרלאַנגט: ער האָט דאָס צומאָרגנס צוריקגעלייגט אונטערן ציגענעם טעפּל, און מ׳האָט עס טאַקע פון דאָרט צוריק צפערגענומען, און

און עס האָט װאַרשײַנלעך געװאַנדערט איבער נאָך קאַמערן. צו די אַלע, פאַר װעמען עס איז נױטיק געװען. — נאָר רואיק איז בנימין פון דעמאָלט אָן שױן נישט געװען; זײַן רו איז געװען געשטערט.

די ערשטע טעג נאָך דעם בריװל איז ער געזעסן אין אײן אומגעדולד, צי מ'װעט אים טאַקע באַפרײַען. עס האָט זיך װידער אָנגעהױבן אַזעלכע אומגעדולדיקע טעג, װי דעמאָלט בײַם אָנהײב זיצן... נאָר אױך איצט האָט ער סוף־כּל־סוף זיך אַ נעם געטון אין די הענט, מיט גװאַלט זיך באַהערשט, אָבער אינעװײניק טיף אין זיך, איז ער פונדעסטװעגן שױן רואיק נישט געװען.

טעג זענען געגאַנגען שײנע, גאָלדענע, אָנהײב־פרילינדיקע טעג. אין תּפיסה־גאָרטן האָט זיך שױן אָנגעהױבן די אַרבעט. אַז מ'האָט אַהין אַרײַנגעקוקט איבער די נידריקע שטאַכעטן, האָט זיך געזען, װי די קרימינעלע אַרעסטאַנטן אין די גראָע רעקלעך און רונדיקע היטעלעך אױף די קעפ שטײען אײַנגעבױגן איבער שפּאַדלעס און מיט חשק רודערן זײ אױף די מאַמע־ערד, אײַנבײַסנדיק זיך אין איר מיט דעם שאַרפן שפּאָדל און אױפהײבנדיק אַ שטיק פײַכטע גלאַנציקע ערד...

אַזױ פאַרבײַגײענדיק אױפן טעגלעכן שפּאַציר לעבן נידריקן דראָטענעם פּאַרקן, האָט זיך זײ מקנא געװען; מיט אַלע אבֿרים מקנא געװען. כ'װײס נישט װאָס װאָלט זיך אָפּגעגעבן, צו קאָנען אױך אַזױ שטײן אײַנגעבױגן איבער אַ שפּאָדל, גראָבן, אַרבעטן, באַװעגן זיך, און שפּירן דעם ריח פון פײַכטער ערד.

און דערנאָך, זיצנדיק פאַרשלאָסן אין קאַמער, האָבן זיך די אױגן אײַנגעגעסן מיט גיריקײט אין דעם פּיצל בלױען הימל, װאָס האָט זיך געזען הױך איבערן געקראַטעװעטן פענסטערל... טיף דאָרט אױבן פליט אַ פױגל, װי אַ שװאַרץ לענגלעך שטריכעלע זעט ער אױס; אַ שפּיץ פון אַ װײַטן נאַקעטן בױם האָט זיך געזען; אַ שטיקל רױכערנדיקער פאַבריק־קױמען... און די זון האָט אַלץ דרײסטער, אַלץ מילדער אַרײַנגעלױכטן אין פענסטערל, און ס'האָרץ האָט דערפאַר װײ געטון, אַז ס'האָט זיך שױן בעסער געװאָלט טײלמאָל, אַז ליבערשט זאָל זײַן אַ טריבערענדיקער טאָג.

ווען דער ווייטאָג נישט זיין אַזוי גרויס, אַזוי שאַרף. אָבער איז מאָקע געקומען ווידער רעגנטעג, איז נאָך ערגער געווען, האָסטו זיך שוין גאָרנישט געקאָנט דערוואַרטן אויף דער זון צוריק.

דערנאָך איז אַמאָל געווען אַ נאָכמיטאָג פון אַ טריבן טאָג. דער באַקאַנטער תּפיסה־וועכטער, דער פּ ליאַק, האָט אָפּגעפּאַסט אַ מינוט, ווען ער האָט בנימינען צוריקגעפירט פון באָד, איז אַריינגעפירט אין קאַמער, האָט ער אַזאַ גיכן שעפּטש געטון:

— אַ טייל אייערע קאַמעראַדן זענען שוין באַפרייט געוואָרן...

און נאָך דעם טאָג און צו מאָרגנס און איבערמאָרגן—נאָך די רעגנטעג איז צוריק געוואָרן וואַרעם, ליכטיק, שיין וועטער. נאָר בנימין האָט דעמאָלט שוין געברענט פון אומגעדולד, ס'האָט זיך דערוועקט די גאַנצע ליבע און לעכצעניש צו דער פרייהייט, וואָס האָט זיך אין אים אויפגעהאַלטן ביז איצט און רואיק געוואַרט. די גאַנצע ליבע צו דער פרייער וועלט, וואָס האָט אין אים גנשלומערט, האָט איצט, נאָך דעם ווי ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אַ טייל זיינע חברים זענען שוין פריי — אויסגעבראָכן מיט איר גאַנצער גוואַלט, און אַזוי ווי אַ שׂרפה כאַפּט אַרום אַ טריקענע הילצערנע געביידע מיט אַ שטרוי דאַך — אַזוי האָט דאָס לעכצעניש נאָך דער פריי, זיין גאַנץ וועזן אַרומגעכאַפּט, אַז גאָרנישט איז אים שוין נישט אימשטאַנד געווען צו באַרואיקן, נישט די שיינע טעג און נישט אַפילו די טרוימען, וואָס האָבן אַזוי לאַנג געשפּייזט זיין גייסט און אים אויפגעהאַלטן — איצט האָבן זיי נישט געוואָלט מער קומען, נישט בכּוח געווען אים צו פאַרוויגן.

יעדע רגע האָט ער זיך געריכט, אַז מ'וועט קומען אים באַפרייען; פון אַ ליאַדע שאָרך אין גרויסן לאַנגן קאָרידאָר איז ער אויפגעציטערט געוואָרן, מיינענדיק, אַז דאָס קומט מען אים אַרויסלאָזן.

נאָר אַ טאָג און אַ טאָג איז אַוועק — און גאָרנישט. קיינער איז נאָך אים נישט געקומען. דאָס טורמע־לעבן האָט זיך געפירט ווייטער אייננטעניק און גלייכגילטיק, ווי קיינמאָל גאָרנישט — און סוף כּל סוף איז בנימין געוואָרן אַפּאַטיש. עס האָט אים אַלץ אויס־

געהערט צו אינטערעסירן, צו פאַרנעמען זיין געדאנק. און האָט אַ טאָג לענגער, איז ער געוואָרן אַלץ אַפּאַטישער; אַפילו צום שפּאַצירן גיין האָט ער שוין נישט קיין לוסט געהאַט; צום עסן האָט ער זיך טיילמאָל גאָרנישט צוגערירט. ער האָט אַליין נישט געוואוסט, וואָס אים פעלט, ער האָט איצט שוין גאָרנישט געבענקט אזוי נאָך דער פריי, נאָר ער איז געווען קראַנק און פאַראומערט, אין די אויגן איז אים געלעגן אַזאַ אומעט, אַזאַ יאוש, ווי מ'זעט דאָס אַמאָל ביי אַ פויגל געפאַנגען אין שטייג.

און אזוי זענען זיך געגאַנגען טעג, גלייכגילטיקע, רעגנדיקע און שיינע טעג.

## כד

פֿאַרנאַכט, פֿאַר דער „פּאָוויערקע", האָט אַ וועכטער אַראָפּגעפֿירט בנימינען אין קאַנצעלאַריע. דאָרט האָט דער שרייבער עפּעס געשריבן אין אַ בוך, און ווען מ'האָט בנימינען צוריקגעפֿירט אין קאַמער, האָט ער שוין געוואוּסט אויף קלאָר, אַז מאָרגן ווערט ער באַפֿרייט.

ענדלעך!

און ס'איז געקומען דער מאָרגן.

ס'איז געווען אַ טאָג, ווי אַלע טעג, אַ פֿרילינג טאָג אין דער פֿרי — אַביסל קאַלט, נאָר וואָס העכער די זון האָט זיך אַרויפֿגעקריגן, איז אַלץ וואַרעמער געוואָרן. ס'איז געווען אַן אַפּריל טאָג, מיט זון, וואָס האָט נאָכנישט געגרייכט צום פֿענצטערל פֿון בנימינס קאַמער. דער בלויער הימל נאָר, וואָס האָט ווי מיט אַן אָנגעזעענעם בעזים געקערט, אָפּגעטריבן פֿון זיך די צעבראָקלטע כמאַרעס, פּינקט ווי קופּעס „גראָז" געבליבענע פֿון אַ חורבה — האָט בלוי און אַנטפּלעקט און יונג זיך געזען דורכן פֿענצטערל — אָבער בנימין האָט היינט גאָרנישט געזען, אין ערגעץ נישט געקוקט, פֿאַר גאָרנישט קיין אויגן געהאַט היינט. ער איז געזעסן מיט אויפֿגעשפּיצטע אויערן — איין שטיק וואַכעדיקע אויפֿמערקזאַמקייט; געוואַרט, מ'זאָל

אים וואָס גיכער באַפרייען, און יעדער רגע האָט ביי אים אויס־געזען אַ יאָר, אַן אייביקייט.

און טאַקע נאָר ווי אויף להכעיס האָט זיך דער היינטיקער טאָג געצויגן אַזוי פּיל, לאַנגווײַליק און איינטעניק, ווי נעכטן, ווי אייער־נעכטן. ס'האָט זיך געהערט דער געוויינלעכער גערויש פון טוישן די וואַך אין קאָרידאָר, מ'האָט אַריינגעלאַנגט די אָנבייסן פּאַרציע, און שפּעטער, ווען די טיר האָט אַ גרילץ געטאָן און ביי בנימינען איז שוין גאָר קיין שום ספק נישט געווען, אַז דאָס קומט מען אים באַפרייען, איז מען גאָר געקומען אים פירן אויפן טעגלעכן שפּאַציר.

איז ער געגאַנגען אויפן שפּאַציר; נישט געגאַנגען, ווי געוויינטלעך נאָר אומגעדולדיק געלאָפן, אַזש דער וועכטער האָט אים דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט, נישט מיט ווערטער, נאָר מיט אַזאַ שמייכל. דערנאָך האָט מען אים צוריק געפירט אין קאַמער און הינטער אים די טיר פאַרשלאָסן, ווי יעדן טאָג.

— נו, וואָס זשע? — אפשר האָט מען אין אים פאַרגעסן? אפשר איז דאָ געשען עפּעס אַ טעות?... אָדער דעם שרייבער איז עפּעס געשען. ער איז, קאָן זיין, היינט נישט געקומען אין קאַנצעלאַריע — און ער בנימין, וועט דערווייל בלייבן נאָך זיצן.

דער זון־שטראַל וואָס האָט זיך יעדן טאָג אַרום מיטאָג צייט אַזוי ציטערנדיק אַריינגעגליטשט אין פענצטערל, ווי אַ צניעותדיק מיידל אין די אָרעמס פון איר באַשערטן און האָט בנימינען כּלעגט אים יעדן טאָג אין דער צייט אָפּוואַרטן ווי אַ גאַסט, אַ טייערן אַ האַרציקן — היינט האָט ער אים גאָרנישט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט. ער האָט היינט גאָרנישט געזען פון גאָרנישט געטראַכט, נאָר — מ'זאָל אים באַפרייען, וואָס גיכער באַפרייען.

ער איז מיד געוואָרן פון לויפן אַרויף און אַראָפּ, זיך אַנידערגעזעצט אויפן איינציקן בענקל, דער קאָפּ אויף די אויפגעשטעלטע עלנבויגנס, די עלנבויגנס — אויף די קניען, און

געטראַכט, זיך דעם קאָפּ געבראָכן, און געטראַכט: וואָס איז געשען? פאַר וואָס באַפרייט מען אים נישט?

אין דרויסן האָט דער ייִנגער טאָג געלאַכט מיט פרישער זון, מיט מילדע ווינטלעך — דאָ, אין דער תּפיסה-קאַמער, איז געווען מרא-שחורהדיק טריב. נאָר אויבן, קעגן איבער דעם פענצטערל אויף דער וואַנט, האָט געציטערט דער פאַרשעמטער זון-שטראַל, לייכט געציטערט, ווי אַ גאָלדן-געוועב, דערמאָנענדיק מיט זיין היינטיקער עלנטקייט — אַן אָרימען פאַרשעמטן קרוב, וואָס קיינער שענקט אים נישט קיין אויפמערקזאַמקייט.

און ווידער האָט די טיר אַ גרילץ געטאָן: מ'האָט אַריינגעגעבן דאָס ציינענע שיסעלע מיטאָג-געקעכץ. בנימין האָט אַ לאַנגע וויילע זיך נישט צוגערירט דערצו, אָבער דער הונגער האָט געטאָן דאָס זייניקע. ער האָט לסוף עס צו זיך צוגערוקט און אויפגעגעסן.

נאָכן עסן איז ער אביסל רואיקער געוואָרן. ס'איז אים ענדלעך געלונגען אַביסל זיך צו באַהערשן: „אַזוי לאַנג געדולדיק געזעסן, און איצט זיך נאַריש מאַכן"...

מילא — האָט ער שוין רואיק געטראַכט — חעט נישט זיין היינט, וועט עס זיין מאָרגן... — און א רואיקער נאָר א מידער און אָפּגעמאַטערטער פון דער פריערדיקער אויפרעגונג, האָט ער אַזוי זיצנדיק אויפן בענקל, איינגעדרימלט.

און אָט, ווען ער איז אַזוי געזעסן פאַרזונקען אין אַ פעסטן דרימל, דעם קאָפּ אויף די הענט, האָט די טיר א גרילץ געטאָן (אין דרימל האָט זיך אים געדאַכט דאָס צו פאַרנעמען) אַ וועכטער איז געשטאַנען אין דער אָפענער טיר און גוטמוטיק בנימינען געוועקט מיט אַ פינגער:

— נעם די זאַכן און קום.

האָט בנימין נאָך מיט אַביסל אַ פאַרדרימלט פּנים רואיק אַ צום טעגלעכן תּפיסה-שפּאַציר, געוווינט אויפן אָרעם דעם שווערן אויבערראָק, וועלכן ער האָט זיך מיטגעבראַנגט פון דער היים, און געגאַנגען מיטן וועכטער.

דער וועכטער איז געגאַנגען פריער, בנימין פון הינטן,

דורכגעגאַנגען אין קאָרידאָר, נאָך איינעם; שטיגן און ווידער שטיגן, ביז זיי זענען אַרויסגעקומען אין קליינעם אינעווייניקסטן הויפל, פון דאָרט — אין גרויסן הויף, צוגעגאַנגען צום טויער. דער באַוואָפנטער זעלנער, וואָס שטייט אויף דער וואך געבן טויער, האָט געעפנט דאָס קליינע טירל. בנימין איז אַרויס, דאָס טירל האָט זיך הינטער אים גיך צוריק פאַרמאַכט, און ער איז — נאָך אַריבער דריי חדשים — געבליבן שטיין אויף דער פריי פנים אל פנים מיט דער צעלויכטענער זון, ווינטל און דער געטשוויטשעריי פון פויגל, וואָס זענען געפלויגן אַהין און צוהער אויף די דאַרע צווייגן פון די נאָך נאַקעטע ביימער — פון איין בוים צום צווייטן...

און מיט אמאָל האָט בנימין אַ דערפיל געטאָן דעם גרויסן אוצר, וואָס איז אים צוריקגעגעבן געוואָרן; מיט אַלע אברים און מיט אַלע חושים האָט ער אַ דערפיל געטאָן די ליבע פריי־הייט. אָט פונקט ווי אַ פויגל, וואָס קריגט זיך אַרויס פון דער ענגער שטייג אויף דער פריי אין דרויסן. נאָכן ערשטן פלי אַרויס בלייבט ער זיצן אויף אַ שפיץ דאַך, אָדער אויף אַ געזימס פון אַ הויז, זיצט אַ ווייל אין דער זעלבער פּאָזע, ווי ער פלעגט זיצן אין דער שטייג. ביז ער באַגרייפט ערשט, ביז אים ווערט ערשט קלאָר דאָס גרויסע גליק, די וואונדערלעכע פרייהייט, וואָס ער האָט צוריק געוואונען, און — אַ צעשפּרייט די פליגל, און ער פליט הויך ווייט און ברייט, און שלינגט, און שיכורט זיך מיט דער אקאָרשט צוריקבאַקומענער פרייער לופט...

בנימין איז געגאַנגען אין שטאָט, הינטער אים, ווי אַ בייזער חלום, איז געלעגן די תפיסה, אַ גרויסע מאַסיווע געל־גע־קאַלכטע געביידע, מיט טורמעס און פליגלען, מיט אַ סך געקראַטעוועטע פענצטערלעך, אַרומגערינגלט מיט טאָפּלטע מויערן, און פון דרויסן ביי יעדער זייט מויער און ביי יעדן ווינקל — מיט וואַך־ביידלעך, וואו עס שפּאַנען שאַרף באַוואָפנטע זעלנער — פאַר אים איז געלעגן די שטאָט, די פאַבריקן האָבן גראָד געפייפט אויף פעספער — פיר אַזייגער נאָך מיטאָג — בנימין איז שוין געווען אָנהויב שטאָט און פאַרבייגייענדיק דעם

פּאַרק, איז ער אַהין אַריין, נישט כּדי צו שפּאַצירן איצט, נאָר אום זיך דעם וועג צו פֿאַרקירצן און אַרויסקומען אין יענעם טייל שטאָט וואו ער האָט געדאַרפֿט גיין.

...אַ ציכטיקייט, אַ הערלעכער זון-יום-טוב האָט גערוט אין פּאַרק. ס'איז נאָך אַלץ געווען לער, נאַקעט, די ביימער הויל. דאַרע, נאַקעטע גופים. נישטאָ נאָך קיין גראָז, קיין בלימלעך. פֿייגל זענען געווען פֿאַרנומען מיט בויען זיך נעסטן. זיי האָבן געשוויטשערט, אייליק געפֿלויגן אין אַלע זייטן, צעטראָגנדיק די בשׂורה פֿון אויפֿגעוואַכטן פֿרילינג אין אַלע עקן וועלט.

פּויערטעס מיט אונטערגעהויבענע קליידלעך האָבן געאַרבעט אונטער דער אויפֿזיכט פֿון גערטנער: אויפֿגערודערט די ערד, געפֿלאַנצט בלומען און גלייכגעמאַכט די פֿאַרצלאַנצטע בייטן. אויף די שטעגלעך צום שפּאַצירן, איז געווען אויסגעשיט געלער זאַמד...

און אַלץ אַרום, דער גאַנצער פּאַרק מיט אַלע ביימער און קשאַקעס — האָט גערוט אין אַ מין דערוואַרטונגס-עקסטאַז, פֿאַרכישופֿט אין אַ שטילער פֿרייד פֿון מחנות, וואָס דער פֿרילינג גרייט פֿאַר זיי פֿאָר...

בנימין איז אַרויס פֿון פּאַרק, דורכגעגאַנגען עטלעכע גאַסן פֿול קרעמלעך און הענדלער. דאָ איז דער פֿרילינג נישט געווען אַזוי הערלעך. אין דער יידישער געגנט איז די ווינטער-בלאָטע נאָך נישט געווען אינגאַנצן אויסגעטריקנט — קרעמער האָבן זיך געזידלט צוליב אויסגעכאַפּטע קונים, און אַנדערע האָבן זיך געריסן מיט קונים, אַליין... ס'איז געווען אַ הוהאַ... קולות און קולות האָבן געהוזשעט, און נישט געשמאַקע ריחות פֿון אַלט-וואַרג זענען געקומען פֿון די טונקעלע עפּענונגען פֿון די הויפֿן, אַז דער פֿרילינג האָט מן הסתּם נישט געהאַט גאָר דעם מוט אַהער אַריינצודרינגען; מ'וואָלט אים מיט געוואַלט פֿון דאַנעט אַרויסגעשטופּט; די טונקעלע פּערינעס און קישענס, צעלייגטע אין די אָפֿענע פֿענצטער, זענען עס געווען די געטרייע שומרים, נישט צו לאָזן דער זון צו צוכאַפּן דעם אַלט געזעסענעם יידישן גאַס-ריח.

אין אַרבעטער-קוואַרטאַל איז גראָד געווען אַ שטיקל שׂרפה... אין אַ אַלט געדיכט באַזעצט הויז האָבן געברענט די סאַדזעס... ס׳זענען דאָ געווען פאַרזאַמלט אַ גרויסע צאָל אַרבעטער שטי־קערס, אָן רעקלעך, מיט אַרויפגעשאַרצטע העמד-אַרבל, געקו־לע־נע אַהער צולויפן גלייך פון דער מאַשין, לעשן די שׂרפה, העלפן ראַטעווען. בנימין איז אַהער געקומען פונקט אין מיטן דעם עכטן יאַריד, בשעתן ראַטעווען... ער האָט דאָ באַגעגנט באַקאַנטע, פריינט און חברים. די שוין פון פריער אַרויסגעקו־מענע פון תפיסה זענען אויך עטלעכע דאָ געווען... אַבאַ, וועל־כער האָט אַפּנים זיך געהאַלטן פאַר אַ העלד, ווייל ער איז געזעסן דריי חדשים אין תפיסה האָט ער זיך גערימט פאַר אַ בינטל קאָלעגן וואָס האָט אים אַרומגערינגלט, אויספרעגנדיק וועגן דעם לעבן אין תפיסה:

— און חזיר האָב איך דאָרט געגעסן — נישט פּיצעלעך קליינע... איבער דער באָרד איז עס מיר געראָונען, יאָ, יאָ!..

די שׂרפה האָט זיך ביסלעכווייז איינגעלאָשן. די איינ־וואוינער האָבן צוריקגעשלעפּט דאָס ביסל אָרעמקייט יעדער אין זיין דירהלע. דער אָנגעזאַמלטער עולם אַרבעטער האָט אָנגעהויבן שיטערער ווערן; מאָרגן-איבערמאָרגן איז ערב-פּסח, נישטאָ קיין צייט צו באַלמוטשען.

...ישׂראל-נח איז צוגעקומען. מ׳האָט אים געזאָגט, אַז בנימין איז שוין פריי, און ער געפינט זיך דאָ. די ברידער האָבן זיך געדריקט די הענט. ישׂראל-נח האָט וואַרעם און מיט אנערקענונג, כמעט מיט שטאָלץ, געקוקט אויף בנימינען, און געוואָר ווערנדיק, אַז בנימין איז נאָך נישט אין דער היים גע־ווען, האָט ער פאָרגעלייגט:

— מיר וועלן אפשר צוגיין אַהיים, בנימין? — און ער האָט צוגענומען פון בנימינס אָרעם דעם ווינטערדיקן איבער־ראָק.

אויפן וועג אהיימגייענדיק, זענען זיי אַלע מאָל אָפּגע־שטעלט געוואָרן דורך באַקאַנטע... דאָך האָט בנימין שוין צייט געהאַט געוואָר צו ווערן פון ישׂראל-נחן, אַז אַנשל, מלכהס מאַן,

איז שוין צוריקגעקומען פון אמעריקע. ער מאכט זיך ווידער א זייף־פאבריק. היינט געפינט ער זיך מיט ווייב און קינד בײַ זיינע עלטערן אין שטעטל, וואו זיי זענען פארבעטן אויף יום־טוב; און אז די מאמע האלט, אז אנשל איז איצט, דאכט זיך גאר אנדערש שוין...

— און די ארבעט אין פאבריק ווי גייט?

— נישט איבעריק גוט, קלערט ישראל־נח אויף, דאס רוב אונזער פראדוקציע, די שטיקערייען פון הי, גייען דאך, פֿי דו ווייסט, אין וויטן מזרח, מאנדזשוריען... און דארט קומט איצט פאר די מלחמה מיט יאפאן.

— א, יא, איך האב דאך עפעס געהערט דערפון, אז ס'איז מלחמה — האט זיך בנימין דערמאנט. ער האט לאנג זיך געשלאגן מיט דער דעה, צי ער זאל פרעגן, און ערשט נאך א לאנגן איבערלייגן זיך, האט ער א פרעג געטאן:

— און די פארטיי ארבעט — פירט אן טעמערל?

— „טעמערל"? — חידושט זיך ישראל־נח — טעמערל זיצט דאך. דו ווייסט דען נישט? עפעס א טאג צו צוויי נאך דיר האט מען זי פארנומען. זי וועט אודאי אויך די טעג באפרייט ווערן.

— זי האט זיך דאך דאכט זיך מיר, גארנישט געהאט באטייליקט אין דער דעמאנסטראציע — האט זיך בנימין גע־וואונדערט.

האט אים ערשט ישראל־נח דערציילט, אז לויט ווי די מאמע איז געווען געוואר, דעמאלט באלד נאך טעמערלס ארעסט, איז דאס אזוי געווען: א טאג איידער די דעמאנסטראציע איז פארגעקומען, צי פריער נאך, האט מנשה (דו קענסט אים דאך סאר א מויל ער האט) אין דער היים געלאזט פאלן א ווארט וועגן דער פארשטייענדיקער דעמאנסטראציע. דער פעטער לייב־חיים איז דערפאר יענעם זונטאג געזעסן אין דער היים און בעהיטן, זיי זאלן נישט ארויסגיין.

— און סיי ווי — האט ישראל־נח פארענדיקט, און זיין

טאָן האָט געקלונגען מיט אָנערקענונג פאַר טעטערלען — סיי ווי האָט מען זי אַרעסטירט.

— און דעם פאָן־טרעגער „דעם װאַרשעװער״, װעט מען אויך באַפרייען?

בנימין האָט דאָס נישט געוואוּסט, און נישט האָבנדיק װייטער װאָס צו פרעגן, האָט ער אָנגערופן:

— און װי פירט זיך די פאַרטיי־אַרבעט?

— זייער גוט! האָט ישׂראל־נח לעבעדיק אונטערגעכאַפּט — פאַרהאַנען הי אַ צוגעשיקטער חבר. מיר אַנטוויקלען דאָ אַ גרויסע טעטיקייט.

דער „מיר״, דער לעבעדיקער טאָן און די באַקאַנטע פאַרטיי־פראַזע האָט בנימינען איבעראַשט. ער האָט אַ קוק געטאָן ישׂראל־נחן אין די אויגן; זיי זענען דעמאָלט פונקט אַרויסגעקומען פון פעדער־הויז אין הויף אַריין — און ישׂראל־נחס אויגן האָט בנימין דערזען אַ העל ליכטל לייכטן, װי בײַ אַ פאַרליבטן. ער האָט גערעדט פון דער פאַרטיי, װי אַן ענטוזיאַסטישער בחור פון זיין ערשטער געליבטער.

די דאָזיקע ענדערונג אין דעם שטענדיק פאַרזיכטיקן ישׂראל־נח האָט בנימינען איבעראַשט.

סימעלע האָט זיי דערזען דורכן פענצטער. זי איז געקומען אַראָפּצולויפן, געפאַלן בנימינען אויפן האַלז. די מאַמע האָט זיך באַוויזן אין פענצטער מיט פרייד־טרערן אין די אויגן.

מ׳האָט גענומען אַרויפגיין אין שטוב. דער רירעוודיקער ישׂראל־נח איז פאַרגעלאָפן. בנימין האָט געקוקט אויף זיין רוקן אויף די אײַליקע פעסטע טריט. ישׂראל־נחס פּנים איז איצט געווען עפּעס גאָר אַנדערש, װי מיט עטלעכע חדשים צוריק, מענלעכער, די אויבעדשטער ליפּ באַוואַקסן מיט פעך שוואַרצע הערעלעך, די אויגן, די ענג צוזאַמענגעוואַקסענע ברעמען, אַלץ אין אים האָט געאָטעמט מיט ענערגיע און מיט עקשנות; אפילו די קורטקע וואָס ער האָט געטראָגן נאָך בײַנימינען פון פאַריאָרן, איז געלעגן אויף אים װי אויסגעגאָסן, נעט.

אויבן פאַר דער טיר האָט זיך ישׂראל־נח אָפּגעשטעלט.

אריינצולאָזן בריער בנימינען. פאַרבייגייענדיק האָט זיך בנימין נישט געקאָנט צוריקהאלטן, נישט א קוק צו טאָן נאָך אמאָל אין ישראל־נחס לעבעדיקע אויגן, אין די אויערן האָט אים נאָך גע־קלונגען ישראל־נחס ענערגיש הייסער זאָג וועגן דער שטאַר־קער טעטיקייט, וואָס די אַרבעטער־באַוועגונג אַנטוויקלט איצט. און בנימין האָט זיך געפרייט מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז זיין זיצן אין תפיסה איז נישט געווען אומזיסט...

**סוף**

נאָוועמבער 1926